קאַרל מאַרקס

# אויסגעוועהלטע ווערק

אין פינף בענד

## עקאנאמישע שריפטען

ערשטער בוך : דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס פון קאפּיטאַל (ענד)
צווייטער בוך : דער קרייזלויף פון קאפּיטאַל
דריטער בוך : דער פּראָצעס פון קאפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע
אַלס גאַנצע
פון „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע”

רעדאַגירט פון דר. יצחק אייזיק הורוויטש

ארויסגעגעבען פון דער קאַרל מאַרקס ליטעראַטור געזעלשאַפט
נויאָרק, 1920

# אינהאַלט:

---

### ערשטער בוך (פאָרטזעצונג)

## דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס פון קאַפּיטאַל

### פערטער טייל (פאָרטזעצונג)

## די פּראָדוקציע פון רעלאַטיווען מעהר־ווערט



### פינפטער טייל

## די פּראָדוקציע פון אבסאָלוטען און רעלאַטיווען מעהר־ווערט.

זעקסטער טייל

## דער אַרבייטס־לוין



זיבעטער טייל

## די אַנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל

אַכטער טייל

## די אַזוי גערופענע אָנפאַנגליכע אָנזאַמלונג

פון 3טען באנד „דאָס קאפּיטאַל".
אן אויסצוג פון 36טען קאפּיטעל

פ אַ ר ק אַ פּ י ט אַ ל י ס ט י ש ע ס:



דער אינהאלט אין קורצען

פון 2טען און 3טען באנד „דאָס קאפּיטאַל"

צ ו ו י י ט ע ר ב ו ך: דער קרייזלויף פון קאַפּיטאַל
ד ר י ט ע ר ב ו ך: דער פּראָצעס פון קאפּיטאַליסטי־
שער פּראָדוקציע אלס גאַנצע.



דער אינהאלט אין קורצען פון

„צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע".

# עקאָנאָמישע שריפטען

## צווייטער באַנד

שלוס פון ערשטען בוך „קאַפּיטאַל״:

דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס פון קאַפּיטאַל.

פערטער טייל (פאָרזעצונג)

# די פּראָדוקציע פון רעלאַטיווען מעהר־ווערט

זעכצעהנטער קאַפּיטעל.

## די רעוואָלוציאָנירונג פון מאַנופאַקטור, האַנט־ווערק און הויז־ארבייט דורך דער גרויסער אינדוסטריע

### 1. די אָפּשאַפונג פון דער קאָאָפּעראַציע, וואָס איז געבויט אויף האַנט־ווערק און אויף דער צוטיילונג פון דער אַרבייט.

מיר האָבען געזעהן ווי די מאַשינעס שאַפען אָפּ די קאָאָפּעראַ־ציע, וואָס איז געבויט אויף האַנט־ווערק, און די מאַנופאַקטור, וואָס איז געגרינדעט אויף דער צוטיילונג פון דער האַנט־ווערקערישער אַרבייט. אַ ביישפּיעל פון דעם ערשטען סאָרט איז די שנייד־מאַ־שין: זי פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון דער קאָאָפּעראַציע פון תבואה־שניידער. אַ שלאָגענדער ביישפּיעל פון דעם צווייטען סאָרט איז די מאַשין צו פאַבריצירען נעה־נאָדלען. לויט אַדאַם סמיטה האָבען אין זיין צייט 10 מענער דורך צוטיילונג פון דער אַרבייט געמאַכט 48,000 נאָדלען אין איין אַרבייטס־טאָג. איצט פּראָדוצירט איין איינציגע מאַשין 145,000 נעה־נאָדלען אין איין אַרבייטס־טאָג פון 11 שטונדען. איין פרוי אָדער איין מיידעל פּאַסט אויף דורכשניט־ליך אויף 4 אַזעלכע מאַשינעס און פּראָדוצירט אויף דעם אופן מיט די מאַשינעס אַרום 600,000 נאָדלען אַ טאָג און אַריבער 3,000,000 אַ וואָך. אויף וויפיעל אַן איינצעלנע אַרבייט־מאַשין פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון קאָאָפּעראַציע אָדער פון דער מאַנופאַקטור, קאָן זי אַליין ווידער ווערען דער באַזיס פון אַ האַנט־ווערקערישער פּראָדוק־ציע. אָבער אָט דער דאָזיגער צוריקקער צו האַנט־ווערקערישער פּראָדוקציע, וואָס איז געגרינדעט אויף מאַשינעס, איז נאָר אַן אי־בערגאַנג צו דער פאַבריק־פּראָדוקציע, וועלכע קומט בכלל יעדעס

מאָל, ווען אַ מעכאַנישע טרייב־קראַפט, דאַמף אָדער וואַסער, פאַר־
נעמט דעם פּלאַץ פון מענשליכע מוסקולען צו ברענגען די מאַשין
אין באַוועגונג. דאָ און דאָרט, און אויך נאָר אויף אַ ווײַלע, קאָן
די קליינע פּראָדוקציע זיין פאַרבונדען מיט מעכאַנישער טרייב־
קראַפט, דינגענדיג דעם דאַמף, אַזוי ווי אין איינינע מאַנופאַקטורען
אין בירמינגאַם, אָדער געברויכענדיג קליינע קאַלאָרישע מאַשינעס,
ווי אין געוויסע צווייגען פון דער וועבעריי א. אַז. וו. אין דער זייד־
וועבעריי אין קאָווענטרי האָט זיך סטיכיש אַנטוויקעלט דער עקס־
פּערימענט פון די קאַטעדזש־פאַבריקען [קאַטעדזש — אַ קליין הויז
צום וואוינען]. אין מיטען פון אַ רייה „קאַטעדזשעס", וואָס איז
געבויט ווי אַ קוואַדראַט, איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַן אַזוי
גערופענע „אינדזשען־הויז" פאַר דער דאַמף־מאַשין, וועלכע איז
פאַרבונדען דורך וואַלצען מיט די וועבשטולען אין די „קאַטע־
דזשעס". דעם דאַמף פלעגט מען אין אַלע פאַלען דינגען, צום ביי־
שפּיעל פאַר 2½ שילינג פער וועב־שטול. די דאָזיגע דאַמף־רענטע
האָט זיך געצאָלט פון וואָך, סיי די וועב־שטולען זיינען געלאָפען,
סיי ניט. יעדער קאַטעדזש האָט אַנטהאַלטען פון 2 ביז 6 וועב־
שטולען, וועלכע האָבען געהערט צו די אַרבייטער וואָס האָבען די
שטולען געקויפט אויף באָרג אָדער געדונגען. דער קאַמף צווישען
דער קאַטעדזש־פאַבריק און דער ריכטינער פאַבריק האָט געדויערט
איבער 12 יאָהר. ער האָט זיך געענדיגט מיט דער פאָלשטענדיגער
רואינירונג פון די 300 קאַטעדזש־פאַבריקען.

וואו די נאַטור פון דעם פּראָצעס האָט ניט געפאָדערט פון אָנהויב
אָן קיין פּראָדוקציע אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב, זיינען די ניי־אויפ־
געקומענע אינדוסטריעס, ווי צום ביישפּיעל פון מאַכען קאָנווער־
טען, שטאָלענע פעדערן א. אַז. וו. געוועהנליך דורכגעגאַנגען אַ־פרי־
הער די שטופע פון האַנט־ווערקערישער און דאַן פון מאַנופאַקטור־
פּראָדוקציע אַלס קורצע איבערגאַנג־שטופען צו דער פאַבריק־פּראָ־
דוקציע. די דאָזיגע אומוואַנדלונג קומט פאַר אַם שווערסטען דאָרט,
וואו די מאַנופאַקטורעלע פּראָדוקציע פון דעם אַרטיקעל באַשטעהט
ניט פון אַ רייה כסדר'דיגע איינער מיט'ן אַנדערן פאַרבונדענע
אַנטוויקלונג־פּראָצעסען, נאָר פון פיעל באַזונדערע פּראָצעסען. דאָס
איז, צום ביישפּיעל, געוועזן אַ גרויסע שטערונג פאַר דער שטאָל־

פעדער־פאַבריק. דאָך איז שוין אַן ערך מיט 15 יאָהר צוריק [רע־כענענדיג פון 1867, הייסט עס אין אָנפאַנג פון די 50־גער יאָהרען] ערפונען געוואָרען אַ מאַשין, וועלכע האָט געטאָן 6 באַזונדערע פּראָצעסען מיט איין מאָל. דאָס האַנט־ווערק האָט אין 1820 צוגע־שטעלט די ערשטע 12 טוץ שטאָלענע פעדערן פאַר 7 פונט סט. מיט 4 שילינג; די מאַנופאַקטור האָט זיי אין 1830 צוגעשטעלט פאַר 8 שילינג, און די פאַבריק שטעלט זיי היינט צו אַנגראָ צו 2 ביז 6 פענס אַ גראָס.

## 2. די צוריקווירקונג פון דעם פאַבריק־סיסטעם אויף דער מאַנופאַקטור און הויז־אַרבייט.

מיט דער אַנטוויקלונג פון דעם פאַבריק־סיסטעם און מיט דער רעוואָלוציע אין דער אַגריקולטור, וואָס באַגלייט זי, ווערט ניט נאָר פאַרברייטערט דער פּראָדוקציע ־ מאַסשטאַב אין אַלע אַנדערע צווייגען פון אינדוסטריע, נאָר עס ווערט אויך פאַרענדערט זיין כאַראַקטער. דער פּרינציפּ פון דער מאַשינען ־ פּראָדוקציע — פאַנאַנדערצוטיילען דעם פּראָדוק־ציאָנס־פּראָצעס אויף זיינע קאָנסטיטואירענדע פאַזען [אויף די איינצעלנע טייל־פּראָצעסען, פון וועלכע ער איז צונויפגעשטעלט] און צו לייזען די אויפגאַבען, וואָס אַנטשטעהען דורכדעם, דורך דער אָנווענדונג פון דער מעכאַניק, כעמיע אַ. אַז. וו., קורץ פון די נאַטור־וויסענשאַפטען — ווערט דער באַשטימענדער פּרינציפּ אומעטום. מאַשינעס דרינגען דעריבער אריין אין די מאַנופאַקטורען דאָ פאַר איין טייל־פּראָצעס, דאָ פאַר אַן אַנדערן. די בעסט־קריס־טאַליזירטע פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע פון דער מאַנופאַקטור, וואָס האָט געשטאַמט פון דער אַלטער צוטיילונג פון דער אַרבייט, לייזט זיך אויף אַזאַ אופן אויף און מאַכט פּלאַץ פאַר כסדר׳דיגע ענדער־רונגען. אויסער דעם קומט פאַר אַ גרינטליכע רעוואָלוציע אין דעם צוזאַמענשטעל פון דעם אַרבייטער־קאָלעקטיוו אָדער פון דעם קאָמבינירטען אַרבייטער־פּערזאָנאַל. אין געגענזאַץ צו דעם מאַנו־פאַקטור־פּעריאָד, ווערט איצט דער פּלאַן פון דער אַרבייט־צוטיי־לונג אויפגעבויט אויף דער אָנווענדונג פון פרויען־אַרבייט, פון

קינדער־ארבייט פון יעדען עלטער, פון ניט־געלערנטע ארבייטער, וואו נאָר עס לאָזט זיך; קורץ פון ביליגער ארבייט, ווי דער ענגלענ־דער רופט עס אָן אזוי כאראקטעריסטיש. דאָס איז אזוי ניט נאָר אין יעדער פּראָדוקציע, וואָס איז קאָמבינירט לויט א גרויסען מאַס־שטאַב, סיי זי ווענדט אָן מאשינעס סיי ניט, נאָר אויך אין דער אזוי־גערופענער מאָדערנער הויז־אינדוסטריע, סיי זי ווערט גע־פיהרט אין די פּריוואַטע וואוינונגען פון די ארבייטער, סיי אין קליינע ווארשטאַטען. די דאָזיגע אזוי גערופענע מאָדערנע הויז־אינדוסטריע האָט, אויסער דעם נאָמען, גאָרנישט געמיינשאַפּטלי־כעס מיט דער אַלט־מאָדישער הויז־אינדוסטריע, וועלכע האָט גע־קאָנט עקזיסטירען נאָר ביי אַן אומאָפּהענגיגער שטאָדטישער האַנט־ווערקעריי אָדער ביי א זעלבסטשטענדיגער פּויערן־ווירט־געהאט אן אייגען הויז. די הויז־אינדוסטריע איז איצט געוואָרען געהאט אן אייגען הויז, איז די הויז־אינדוסטריע איצט געוואָרען די אויסערליכע אָפּטיילונג פון דער פאבריק, פון דער מאנופאקטור אָדער פון דעם סחורה מאגאזין. א־חוץ די פאבריק־ארבייטער, מא־נופאקטור־ארבייטער און האַנט־ווערקער, וועלכע דער קאַפּיטאַל שטופּט צוזאמען אין גרויסע מאסען אין איין פּלאַץ און קאָמאנדירט איבער זיי דירעקט, באַוועגט ער נאָך דורך אומזיכטבארע פעדים אַן אנדער ארמיי, די הויז־ארבייטער, וואָס זיינען צושפּרייט אין די גרויסע שטעדט און אין די דערפער. איין ביישפּיעל: די העמ־דער־פאבריק פון די הערען טיליע אין לאָנדאָנדערי, אירלאַנד, באַשעפטיגט 1000 פאבריק־ארבייטער און 9000 הויז־ארבייטער צושפּרייטע איבערן לאַנד.

די עקספּלואטאציע פון וואָלוועלע און ניט־רייפע ארבייט־קרעפטען געהט אָן אין דער מאָדערנער מאנופאקטור, נאָך מעהר אומפארשעמט, איידער אין דער ריכטיגער פאבריק, ווייל דער טעכ־נישער באַזיס וואָס עקזיסטירט אין דער פאבריק — דאָס פארביי־טען די מוסקול־קראַפט דורך מאשינעס און די לייכטקייט פון דער ארבייט — פעהלט מעהרסטענטיילס אין דער מאנופאקטור; אין דער זעלבינגער צייט ווערט דער פרויען־קערפּער אָדער דער ניט־רייפער קערפּער פון יונגע קינדער העכסט געוויסענלאָז אונטער־וואָרפען אונטער דער ווירקונג פון גיפטיגע שטאָפען א. אז. וו. די

עקספּלואַטאַציע אין דער אַזוי־גערופענער הויז־אַרבייט איז נאָך מעהר אומפאַרשעמט, איידער אין דער מאַנופאַקטור, ווייל די ווי־דערשטאַנד־פעהיגקייט פון די אַרביימער ווערט קלענער, וואָס מעהר צואוואָרפען זיי זיינען; ווייל אַ גאַנצע רייה רויבערישע פּאַראַזי־טען דרינגען אַריין צווישען דעם איינענטליכען אַרבייט־געבער און דעם אַרבייטער; ווייל די הויז־אַרבייט מוז אומעטום קאָנקורירען מיט דער מאַשינען־פּראָדוקציע אָדער ווענינגסטענס מיט דער מאַנו־פאַקטור אין דעמזעלבינען פּראָדוקציאָנס־צווייג; ווייל די אָרימקייט באַרויבט דעם אַרבייטער פון די נויטווענדיגסטע אַרבייט־באַדינגונ־גען — פון רוים, ליכט, ווענטילאַציע א. אז. וו.; ווייל די באַשעפטי־גונג ווערט דאָ אַלץ מעהר אומרעגעלמעסיג; און ענדליך, ווייל אין די דאָזיגע לעצטע ערי מקלט פון די, וועמען די גרויסע אינדוסטריע און אַגריקולטור האָבען געמאַכט פאַר „איבעריגע", דערגרייכט די אַר־בייטער־קאָנקורענץ נויטיגערווייז איהר העכסטען פונקט.

די עקאָנאָמיזירונג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס האָט זיך סיסטעמאַטיש אויסגעבילדט דורך דער מאַשינען־פּראָדוקציע, און האָט פון אָנהויב אָן פאַרשווענדט די אַרבייט־קראַפט און באַ־רויבט די נאָרמאַלע באַדינגונגען, וואָס זיינען נויטיג פאַר דער פונקציאָנירונג פון דער אַרבייט, — ווייזט איצט אַרויס אַלץ שטאַר־קער איהר פאַרניכטענדע און מענשען־מערדערישע זייט, וואָס ווע ני־גער די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט און דער טעכנישער באַזיס פון די קאָמבינירטע אַרבייט־פּראָצעסען זיינען אַנטוויקעלט אין אַ געוויסען צווייג פון דער אינדוסטריע.

## 3. די מאָדערנע מאַנופאַקטור און די מאָדערנע הויז־אַרבייט.

דאָרטען, וואו די מאַשין איז נאָך ניט אַריינגעדרונגען און עס האַלט זיך נאָך דער מאַנופאַקטור־סיסטעם, איז די עקספּלואַטאַציע פון דעם אַרביימער ניט קלענער און זעהר אָפט אַ סך גרעסער, ווי אין דער פאַבריק. די אַרבייט איז שווער, די אַרביים־פּלעצער זיי־נען אומגעזונט, די שטונדען זיינען לאַנג, פרויען און קינדער ווע־רען אויסגעמאַטערט ביי דער אַרבייט ביז צום טויט.

אַלס קלאַסישער ביישפּיעל פון איבער־אַרבייט, פון שווערער און אומפּאַסענדער אַרבייט, און ממילא פון דער ברוטאַליזירונג פון די אַרבייטער, וואָס ווערען פאַרצערט פון קינדרווייז אָן, קאָן דיענען

די ציגעל־ און באַק־שטיין־פאַבריקאַציע אין מיטען פון דעם 19־טען יאָהרהונדערט. זומער־צייט דויערט די ארבייט פון 5 אַ־זייגער פריה ביז 8 אין אָווענט, און וואו דאָס טריקענען קומט פאַר אויף דער פרייער לופט — אָפט פון 4 אַ־זייגער אין דער פריה ביז 9 אין אָווענט. דער ארבייטס־טאָג פון 5 אַ־זייגער אין דער פריה ביז 7 אין אָווענט רעכענט זיך פאַר אַ „מעסיגען“ ארבייטס־טאָג. קינדער פון ביידע געשלעכטער אין עלטער פון 6 און אפילו פון 4 יאָהר ווערען באַשעפטיגט. זיי אַרבייטען דיזעלביגע צאָל שטונדען, ווי די דערוואַקסענע, און אָפטמאָל נאָך מעהר. די ארבייט איז שווער און די זומער־היץ פארגרעסערט נאָך די אויסגעמאַטערטקייט. אין אַ ציגעלניע אין מאָזלעי, צום ביישפּיעל, האָט אַ 24־יעהריג מיידעל געמאַכט 2000 ציגעל אַ טאָג, מיט דער הילף פון 2 ניט־דערוואַקסענע מיידלעך, וועלכע פלעגען טראָגען דעם לעהם און צונויפלעגען די ציגעל־שטיינער. די דאָזיגע מיידלעך פלעגען יעדען טאָג ארויפשלעפּען אַ מאַסע פון 10 טאָן איבער די גליטשיגע זייטען פון דער ציגעל־גרוב, וואָס איז געוועזן 30 פוס טיעף, און האָבען עס געטראָגען אַ מהלך פון 210 פוס. „עס איז אוממעגליך פאַר אַ קינד דורכצוגעהן דעם גיהנום־פייער פון אַ ציגעלניע און ניט ווערען געזונקען מאָראַליש.... די גראָבע שפּראַך, וואָס זיי קומט אויס צו הערען פון קליינווייז־אויף; די שמוציגע, אומאַנשטענדיגע און אומפארשעמטע געוועהנהייטען, צווישען וועלכע זיי וואַקסען אויף פארווילדעט און אומוויסענד, מאַכען זיי אויפ׳ן גאַנצען לעבען געזעצלאָז, פארוואָרפען, צולאָזען... דער אופן ווי זיי וואוינען צוזאַמען איז אַ שרעקליכער קוואַל פון דעמאָראַליזאַציע. יעדער „מאָלדער“ (דער וואָס פורעמט די ציגעל — אַ ריכטיג געשיקטער ארביימער און הויפּט פון אַן ארבייטער־גרופּע) באַזאָרגט זיין כּתּה, וואָס באַשטעהט פון 7 ארבייטער, מיט לאָזשי און קעסט אין זיין שטיבעל אָדער „קאָטטעדזש“. אין דעם שטיבעל שלאָפען מענער, אינגלעך און מיידלעך, סיי זיי געהערען צו זיין פאַמיליע, סיי ניט. דאָס שטיבעל באַשטעהט פון 2 צימערן, נאָר אויסנאַמסווייז פון 3, אַלע אונטען, און עס האָט וועניג ווענטילאַציע. די קערפּערס זיינען אַזוי אויסגעמאַטערט פון דער שווערער ארבייט דורכ׳ן טאָג, אַז זיי קאָנען ניט אָפּהיטען קיינע געזונדהייט־רעגלען, ניט קיין ריינליכקייט אָדער אנשטענדיגקייט. אַ סך פון די שטיבלעך זיינען מוסטערס פון אומאָרדנונג, שמוץ און שטויב.... די ערגסטע צרה פון׳ם סיסטעם, וואָס באַשעפטיגט יונגע מיידלעך פאַר אָט דער ארבייט, באַשטעהט אין דעם, וואָס עס בינדט זיי צו, בדרך כּלל, אויף זייער גאַנצען לעבען, פון קינדווייז אָן, צו אַ חברה העכסט־צולאָזענע אויסוואורפען. זיי ווערען פארגרעבטע אינגלעך

מיט מיאוס'ע מײַלער, אײדער די נאַטור האָט זײ געלערנט, אַז זײ זײנען פרויען. אַנגעטאָן אין שמוציגע שמאַטעס, די פיס נאַקעט ביז אַריבער די קני, די האָר און דאָס געזיכט אױסגעשמירט אין קויט, געוועהנען זײ זיך אײן צו באַהאַנדלען מיט פאַראַכטונג יעדען געפיהל פון אַנשטענדיגקײט. אין דער צײט פון עסען ליגען זײ אױסגעצױגען אױף די פעלדער אָדער קוקען זיך צו װי די אינגלעך באָדען זיך אין אַ דערבײאיגען קאַנאַל. װען זײ זײנען ענדליך פאַרטיג געוואָרען מיט זײער שווערען טאָג אַרבײט, טוען זײ זיך אָן זײערע בעסטע קלײדער און באַגלײטען די מענער אין די ביער־שענקען." עס איז ניט מעהר װי נאַטירליך, אַז אין דעם דאָזיגען גאַנצען קלאַס הערשט פון זײער קינדהײט אָן די גרעסטע שכרות.

אױפ'ן הינטערגרונט פון דער גרױס־אינדוסטריע, און פון איה־רע שרעקליכקײטען, איז אױפגעבױט געוואָרען די זאָגענאַנטע „הױז־אַרבײט", װעלכע קאָנקורירט מיט דער מאַשין און מאַנופאַקטור־פּראָדוקציע. די דאָזיגע „הױז־אינדוסטריע" איז פאַרשפּרײט ניט נאָר אין די פאַבריק־שטעדט, נאָר אױך אין די דערפישע געגענדען. די אַרבײט װערט מײסטענס געמאַכט פון פרויען און קינדער. דער גראַד עקספּלואַטאַציע פון דעם דאָזיגען „װאָלוועלען" עקספּלואַטאַ־ציאָנס־מאַטעריאַל װײזט זיך אַרױס פון זײער געזונט־צושטאַנד. די מעדיצינישע סטאַטיסטיקע װײזט אױף אַ שטאַרקע פאַרשפּרײ־טונג פון טובערקולאָזיס צװישען זײ. בײ דער דאָזיגער הױז־אַר־בײט װערען באַשעפטיגט קינדער פון 6 יאָהר אָן, און אַמאָל אױך אונטער 5 יאָהר. די אַרבײט־שטונדען זײנען לאַנג. װען די גע־שעפטען געהען גוט (אין „ביזי" צײט), געװערט די אַרבײט אָפּט פון 8 אַ־זײגער אין דער פריה ביז 10, 11 אָדער 12 אַ־זײגער בײ־נאַכט. די אַרבײט איז אמת'ע שקלאַפערײ.

דער באַריכט פון דער ענגלישער קאָמיסיע, װאָס האָט אונ־טערזוכט די פראַגע װעגען קינדער־אַרבײט („טשילדרענז עמפּלאָי־מענט קאָמישאָן") באַשרײבט גענוי די שרעקליכע עקספּלואַטאַציע פון די קינדער אין דער הױז־אינדוסטריע:

„די עלענדע, פאַרזונקענע עלטערן טראַכטען נאָר װי אַרױסצו־שלאָגען פון די קינדער אַזױפיעל פאַרדיענסט װי נאָר מעגליך. װען זײ װאַקסען אױס אַרט זײ נאַטירליך ניט פאַר די עלטערן װאָס אַ גראָשען איז װערט און זײ פאַרלאָזען זײ. עס איז קײן װאונדער ניט, װאָס אומװיסענהײט און פאַרדאָרבענהײט הערשט אין אַ באַ־פעלקערונג, װאָס איז אַזױ ערצױגען געוואָרען... איהר מאָראַל שטעהט אױף דער נידעריגסטער שטופע.... אַ גרױסע צאָל פון פרויען האָבען אומגעזעצליכע קינדער, און אײניגע פון זײ אין אַזאַ

ניט־רייפּען עלטער, אַז אפילו די וואָס זיינען גוט באַקאַנט מיט דער קרימינאַל־סטאַטיסטיק זיינען ערשטוינט דערפון".

דער אַרבייט־לוין אין יענע אינדוסטריע־צווייגען, וועלכער איז איבערהויפּט אַ קלעגליכער (דער מאַקסימאַל־לוין פון די קינדער אין די שטרוי־פלעכט־שולען איז אין אויסנאַם־פאַלען 3 שילינג אַ וואָך), ווערט נאָך אַרונטערגעזעצט טיעף אונטער זיין נאָמינעלען באַטרעף דורך דעם סיסטעם פון צאָלען די אַרבייטער מיט סחורה אַנשטאָט מיט מזומן געלט („טראַק־סיסטעם").

## 4. דער איבערגאַנג פון דער מאָדערנער מאַנופאַקטור און הויז־אַרבייט צו גרויס־אינדוסטריע. די פאַרשנעלערונג פון דער דאָזיגער רעוואָלוציע דורך דער אָנווענדונג פון די פאַבריק־געזעצען אויף יענע פּראָדוקציאָנס־אופנים.

די פאַרביליגונג פון דער אַרבייט־קראַפט דורך דעם פּשוט'ען מיסברויכען מיט דער אַרבייט־קראַפט פון פרויען און ניט־רייפע אַרבייטער, דורך פּשוט'ער בארויבונג פון אַלע נאָרמאַלע אַרבייט־און לעבענס־באַדינגונגען, און דורך פּשוט'ער ברוטאַליטעט פון אי־בער־אַרבייט און נאַכט־אַרבייט, שטויסט זיך לסוף אָן אויף גע־וויסע נאַטור־גרעניצען, וועלכע מען קאָן ווייטער ניט אַריבערטרע־טען; און צוזאַמען דערמיט מוז זיך אויך אָפּשטעלען די פאַרבילי־גונג פון די סחורות און בכלל די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע, וואָס איז געבויט אויף די דאָזיגע יסודות. ווי נאָר אָט דער פונקט ווערט ענדליך דערגרייכט — און עס דויערט אַ לאַנגע צייט ביז ער ווערט דערגרייכט — קומט די שטונדע פאַר דער איינפיהרונג פון מאַשינעס און פאַר דער פון איצט אָן שנעלער פאַרוואַנדלונג פון דער צוברעקעלטער הויז־אַרבייט (אָדער אויך מאַנופאַקטור) אין פאַבריק־פּראָדוקציע.

דעם קאָלאָסאַלסטען ביישפּיעל פון דער דאָזיגער באַוועגונג גיט אונז די פּראָדוקציע פון „וועריינג אַפּאַרעל" (אַלערליי קליידונג־אַרטיקלען). די דאָזיגע אינדוסטריע נעמט אַרום, לויט דער קלאַ־סיפיקאַציע פון דער „טשילדרען'ס עמפּלאָימענט קאָמישאָן", שטרוי־היט און דאַמען־היט מאַכער, קאַפּענמאַכער, שניידער, פּוצ־רינס, פרויען־קליידער־מאַכער, העמדער־מאַכער און נעהטערקעס,

פאַרסעטען און הענטשקעס־מאַכער, שוסטער און פיעלע קלענערע צווייגען, ווי די פאַבריקאַציע פון קראַוואַטען, האַלז־קראַגענס א.אז.וו. דער פרויען־פערסאָנאַל, וואָס איז געווען באַשעפטיגט אין ענגלאַנד און וויילס אין די דאָזיגע אינדוסטריעס, האָט אין יאָהר 1861 אויסגעמאַכט 586,298, פון וועלכע וועניגסטענס 115,242 זיינען אינגער פון 20 יאָהר און 16,650 אינגער פון 15 יאָהר. די צאָל פון די דאָזיגע אַרבייטערינס אין דעם פאַראייניגטען קעניג־רייך (אין יאָהר 1861) איז געווען 750,334. די צאָל פון מענער־אַרבייטער, וואָס זיינען גלייכצייטיג באַשעפטיגט ביי הוט, שיך, הענטשקעס־מאַכעריי און שניידעריי אין ענגלאַנד און וויילס, איז 437,969, פון וועלכע 14,964 זיינען אונטער 15 יאָהר, 89,285 זיינען פון 15 ביז 20 יאָהר, 333,117 עלטער פון 20 יאָהר. עס פעהלען אין דער רשימה א סך קלענערע צווייגען, וואָס געהערען אהער. ווען מיר נעמען אָבער די צאָלען, ווי זיי שטעהען, קומט אויס לויט דעם צענזוס פון 1861 פאַר ענגלאַנד און וויילס אליין א סומע פון 1,024,277 פערזאָן — אומגעפעהר אזויפיעל, וויפיעל עס זיינען פאַרנומען ביי אַקער־בוי און פיה־צוכט. מיר הויבען דערפון אָן צו פאַרשטעהן, צו וואָס די מאַשינעס העלפען אַרויס־ברענגען ווי דורך כשוף אזוינע אומגעהייערע פראָדוקט־מאַסען, און פאַרוואָס זי „מאַכט פריי" אזוינע אומגעהייערע אַרבייטער־מאַסען.

די פראָדוקציע פון „ווערינג אַפּאַרעל" ווערט געפיהרט אין מאַנופאַקטורען, וועלכע האָבען ביי זיך איינגעפיהרט צוריק צוטיי־לונג פון דער אַרבייט נאָר אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל דאָס האָט שוין פון פריהער עקזיסטירט אין דער אינדוסטריע; פון קלענערע מייסטערס, וועלכע אַרבייטען אָבער ניט ווי פריהער פאַר אינדיווידו־עלע פאַרבּרויכער, נאָר פאַר מאַנופאַקטורען און סחורה־מאַגאַזינען, אזוי אז גאַנצע שטעדט און שטרעקעס לאַנד פאַרנעמען זיך מיט אזעלכע צווייגען ווי שוסטעריי א. ד. ג. אלס ספּעציאַליטעט; און ענד־ליך ווערט די דאָזיגע פראָדוקציע געפיהרט פון אזוי גערופענע הויז־אַרבייטער, וועלכע בילדען אויס אויסערליכע אָפּטיילונגען פון מאַ־נופאַקטורען, סחורה־מאַגאַזינען און אפילו פון די קליינע מייס־טערס.

די מאַסען אַרבייט־שטאָף, רויהע מאַטעריאַלען, האַלב־פאַבריז־

קאַטען א. אז. וו. שמעלט צו די גרויסע אינדוסטריע, און די מאַסע
פון ביליגען מענשען־מאַטעריאל (וואָס איז איבערגעלאָזט געוואָרען
אויף גאָט׳ס בעראָט) באַשטעהט פון די, וואָס די גרויס־אינדוסטריע
און אַגריקולטור האָבען „פריי געמאַכט". די מאַנופאַקטורען פון
אַט דעם געביט פון פּראָדוקציע האָבען געהאַט צו פאַרדאַנקען זייער
אַנטשטעהן הויפּטזעכליך דער פאָרערונג פון די קאַפּיטאַליסטען צו
האָבען אונטער'ן האַנט אַ גרויסע אַרמיי וואָס זאָל זיך קאָנען צו־
פּאַסען צו יעדער באַוועגונג פון דער נאָכפראַגע. די דאָזיגע מאַנו־
פאַקטורען האָבען אָבער געלאָזט עקזיסטירען נעבען זיך די צוואוואָר־
פענע האַנט־ווערקערישע און הויז־פּראָדוקציע אַלס ברייטען באַזיס
פאַר זייער אייגענער פּראָדוקציע.

די גרויסע פּראָדוקציע פון מעהר־ווערט אין די דאָזיגע אַרבייט־
צווייגען, צוגלייך מיט דער שטענדיגער פאַרביליגערונג פון זייערע
אַרטיקלען, האָט זיך גענומען און נעמט זיך הויפּטזעכליך פון דעם
מינימאַלען אַרבייט־לוין, וואָס איז קוים גענוג אויף אויפצוהאַלטען
אַ טרויעריג לעבען, און וואָס איז פאַרבונדען מיט דער מאַקסימאַ־
לער אַרבייט־צייט, וואָס איז נאָר מעגליך פאַר אַ מענשען. טאַקע
אַט די ביליגקייט פון מענשען־שווייס און מענשען־בלוט, וואָס איז
פאַרוואַנדעלט אין סחורה, האָט שטענדיג פאַרגרעסערט און פאַר־
גרעסערט נאָך איצט יעדען טאָג דעם אָפּזאַץ־מאַרק, פאַר ענגלאַנד
ספּעציעל אויף דעם קאָלאָניאַל־מאַרק, וואו עס הערשט אויסער דעם
די ענגלישע געוועהנהייט און דער ענגלישער געשמאַק. ענדליך
איז געקומען צו אַ קריטישען פּונקט. דער באַזיס פון דער אַלטער
מעטאָדע — בלויז ברומאַלע עקספּלואַטאַציע פון דעם אַרבייטער־
מאַטעריאַל, באַגלייט מעהר אָדער ווייניגער פון אַ סיסטעמאַטיש־
אַנטוויקעלטער אַרבייט־צוטיילונג — איז שוין מעהר ניט געווען גע־
נוג פאַר דעם וואַקסענדען מאַרק און פאַר דער נאָך שנעלער־וואַקס־
סענדער קאָנקורענץ פון די קאַפּיטאַליסטען. עס איז געקומען די
שטונדע פון דער מאַשין. און די אַנטשיידען־רעוואָלוציאָנערע מאַ־
שין, וואָס האָט אין אַ גלייכער מאָס אַרומגעכאַפּט אַלע אומצעהלי־
גע צווייגען פון דער דאָזיגער פּראָדוקציאָנס־ספערע, ווי פּוצמאַכע־
ריי, שניידעריי, שוסטעריי, נעהעריי, הוטמאַכעריי א. אז. וו. —
איז געווען — די נעה־מאַשין.

איהר דירעקטע ווירקונג אויף די ארבייטער איז אומגעפּער דיזעלבינגע ווי פון אלע מאַשינעס, וועלכע האָבען איינגענומען נייע געשעפּט־צווייגען אין דעם פּעריאָד פון דער גרויסער אינדוסטריע. זעהר יונגע קינדער ווערען ארויסגעוואָרפען. דער לוין פון די מאַ־שין־ארבייטער שטייגט פּארהעלטניסמעסיג צו דעם לוין פון די הויז־ארבייטער, וואָס א סך זייערע געהערען צו די „אָרימסטע פון די אָרימע". דער לוין פון די האַנט־ווערקער, וואָס האָבען זיך געפּו־נען אין א בעסערער לאַגע, און מיט וועלכע די מאַשין הויבט אָן צו קאָנקורירען, פּאַלט. די נייע מאַשין־ארבייטער זיינען אויסשליס־ליך מיידלעך און יונגע פרויען. מיט דער הילף פון דער מעכאַנישער קראַפט פארניכטען זיי דעם מאָנאָפּאָל פון דער מענערשער ארבייט ביי שווערע ארבייטען און פארטרייבען פון די לייכטערע סאָרטען ארבייט מאַסען אלטע ווייבער און זעהר יונגע קינדער. די מעכטיגע קאָנקורענץ דערשלאָגט די שוואַכסטע האַנט־ארבייטער. דער שרעק־ליכער וואוקס פון הונגער־טויט אין לאָנדאָן אין משך פון די לעצטע צעהן יאָהר, געהט פּאַראַלעל מיט דער פּארשפּרייטונג פון דער מאַשין־נייהעריי. די נייע ארבייטערינס, וועלכע ארבייטען ביי דער נייה־מאַשין, וואָס זיי באַוועגען מיט א האַנט און א פוס אָדער מיט דער האַנט אליין, זיצענדיג אָדער שטעהענדיג, ווי עס קומט אויס לויט דער שווערקייט, דער גרויס און דער ספּעציאַליטעט פון דער מאַשין, גיבען אויס פיעל ארבייט־קראַפט. זייער באַשעפ־טיגונג ווערט שעדליך פאר'ן געזונט א דאנק די לאַנגע ארבייט־שטונדען, הגם אין די מעהרסטע פאַלען זיינען זיי קירצער ווי ביי דעם אלטען סיסטעם. אומעטום וואו די נייה־מאַשין ווערט איינ־געפיהרט אין ווארשטאַטען, וואָס זיינען אָהן דעם געוועזן ענג און איבערפילט, ווי ביים מאַכען שיך, קאָרסעטען, היט א. אז. וו., פּאַר־גרעסערט זי די ווירקונג, וואָס זיינען שעדליך פאר'ן געזונט. „דער איינדרוק, — זאָגט קאָמיסאַר לאָרד, — וואָס מען האָט, אריינקו־מענדיג אין די נידעריגע ארבייט־שעפּער, וואו עס ארבייטען פון 30 ביז 40 מאַשין־ארבייטער, איז אומערטרעגליך.... די היץ, וואָס נעמט זיך טיילווייז פון די גאַז־אויוועלנס אויף צו וואַרעמען די פּרעס־אייזענס, איז שרעקליך.... אפילו ווען מען ארבייט אין אזוינע ווארשטאַטען אזוי־גערופענע מעסיגע ארבייט־שטונדען, ד. ה. פון

8 א־זייגער אין דער פריה ביז 6 א־זייגער אין אָווענט, פאלען פונ־
דעסטוועגען יערען טאָג רעגעלמעסיג 3 אָדער 4 פערזאָן אין אומ־
מאכט.“

די רעוואָלוציע אין די געזעלשאפטליכע פראָדוקציאָנס־אופנים
— אָט דער נויטיגער רעזולטאט פון דער אומוואנדלונג פון די פראָ־
דוקציאָנס־מיטלען געהט דורך א גאנצען מיש־מאש פון אי־
בערגאנגס־פאָרמען. זיי, די דאָזיגע פאָרמען, בייטען זיך לויט דעם
פלאץ, וואָס די נייה־מאשין האָט פארנומען אין איינעם אָדער דעם
אנדערן אינדוסטריע־צווייג, לויט דער צייט, וואָס זי האָט אויף איהם
געווירקט, לויט דער פריהערדיגער לאגע פון די ארבייטער, לויט
דעם אויבער־געוויכט פון דער מאנופאקטורעלער, האנט־ווערקערי־
שער אָדער הויז־פראָדוקציע, לויט די דירה־געלט קאסטען פון די
ארבייט־שעפער א. אז. וו. אין דער פוצמאכעריי, צום ביישפיעל,
וואו די ארבייט איז מעהרסטענטיילס שוין געוועזן אָרגאניזירט,
הויפטזעכליך דורך איינפאכער קאָאָפעראציע, איז די נייה־מאשין
אין אָנפאנג געווען בלויז א נייער פאקטאָר פון דער מאנופאקטורע־
לער פראָדוקציע. אין דער שניידעריי, העמדער־מאכעריי, שוסטע־
ריי א. אז. וו. מישען זיך דורך אלע פאָרמען. אין איין אָרט געהט
אָן א ריכטיגע פאבריק־פראָדוקציע. אין אן אנדער אָרט באקומען
פארמיטלער [„קאָנטראקטאָרס“] דעם רויהען מאטעריאל פון אן
אויבער־קאפיטאליסט און שטעלען אוועק פון 10 ביז 50 אָדער
מעהר לוין־ארבייטער ביי נייה־מאשינען אין אלקערס אָדער שאל־
קעס. ענדליך, פונקט ווי ביי אלע סאָרטען מאשינען וואָס בילדען
ניט אויס קיין אָרגאניזירטען סיסטעם און קאָנען אָנגעווענדט ווע־
רען אין א קליינעם פאָרמאט, באנוצען האנט־ווערקער אָדער הויז־
ארבייטער, מיט דער איינענער פאמיליע אָדער צונעמענדיג עטליכע
פרעמדע ארבייטער, אויך נייה־מאשינען, וועלכע געהערען צו זיי
אליין. פאקטיש הערשט איצט אין ענגלאנד דער סיסטעם, ביי
וועלכען דער קאפיטאליסט קאָנצענטרירט א גרויסע צאָל מאשינען
אין זיינעם א פלאץ, און דערנאָך פארטיילט ער די מאשינען־פראָ־
דוקטען פאר ווייטערער בעארבייטונג צווישען דער ארמיי פון די
הויז־ארבייטער.

די פארשיידענארטיגקייט פון די איבערגאנג־פאָרמען פאר־

שטעלט פונדעסטוועגען ניט די טענדענץ צו פארוואַנדעלט ווערען אין א ריכטיגער פאבריק־פּראָדוקציע. די דאָזיגע טענדענץ ציהט איהר חיונה פון דעם כאראקטער פון דער נייה־מאשין גופא, ווייל די מעגליכקייט אָנצואווענדען זי אויף פארשיידענע אופנים טרייבט צו א פאראייניגונג פון די פריהער־אָפּגעזונדערטע געשעפט־צווייגען אין דעמזעלבען פּלאַץ און אונטער דער קאָמאַנדע פון דעמזעלבינגען קאפּיטאל; דער טענדענץ העלפט אויך מיט דאָס, וואָס די צוגרייטענדע ארבייט און איינינע אנדערע אָפּעראַציעס קאָנען אמבעסטען געטאָן ווערען אין דעם פּלאַץ וואו די מאשין שטעהט, און ענדליך העלפט איהר די אומפארמיידליכע עקספּראָפּריאַציע פון די האַנט־ווערקער און הויז־ארבייטער, וועלכע פּראָדוצירען מיט זייערע אייגענע מאשינעס. אָט דער גורל האָט זיי טיילווייז שוין איצטער געטראָפען. די שטענדיג־וואַקסענדע מאַסע פון קאפּיטאל, וואָס ווערט אריינגעלעגט אין נעה־מאשינעס, טרייבט אָן די פּראָדוקציע און פילט איבער דעם מארק מיט פּראָדוקטען, און דאָס גיט די הויז־ארבייטער א סיגנאל צו פארקויפען זייערע נייה־מאשינעס. די איבער־פּראָדוקציע גופא פון אזוינע מאשינעס צווינגט זייערע פאבריקאנטען, וועלכע נויטיגען זיך אין אַן אָפּזאַץ, צו געבען זיי אויף פּראָקאַט פאר א וועכענטליכען געצאָלט און שאַפט דערמיט א טויטליכע קאָנקורענץ פאר די קליינע איינענטימער פון מאשינעס. די ענדערונגען, וואָס קומען נאָך כסדר פאָר אין דער קאָנסטרוקציע פון די מאשינעס און זייער פארביליגונג, פארקלענערן טאָג־טעגליך דעם ווערט פון די אַלטע עקזעמפּלארען, און די לעצטע קאָנען מאַסענווייז פארקויפט ווערן, פאר שפּאָט־בילינע פּרייזען, נאָר צו גרויסע קאפּיטאליסטען, די איינציגע, וועלכע קאָנען זיי געברויכען מיט פּראָפים.

די דאַמף־מאשין, וואָס פארנעמט דעם פּלאַץ פון'ם מענשען, גיט ענדליך דאָ, ווי אין אַלע עהנליכע רעוואָלוציאָנערע פּראָצעסען, דעם לעצטען קלאַפּ. די אָנווענדונג פון דער דאַמף־קראַפט שטויסט זיך לכתחילה אָן אויף ריין־טעכנישע שטערונגען, ווי צ. ב. ש. דאָס טרייסלען פון די מאשינעס, די שווערקייט צו באהערשען זייער געשווינדקייט, דאָס שנעלע קאַליע ווערען פון די לייכטערע מאַשינעס א. אז. וו. — אַלץ אזוינע שטערונגען, וואָס די ערפאַרונג

לערנט באַלד אויס, ווי אַזוי בייצוקומען. אויב די קאָנצענטראַציע פון אַ סך אַרבייט־מאַשינעס אין די גרעסערע מאַנופאַקטורען טרייבט פון איין זייט צו דער אָנווענדונג פון דאַמף־קראַפט, פאַר־שנעלערט פון דער אַנדער זייט די קאָנקורענץ פון דאַמף מיט די מענשען־מוסקולען די קאָנצענטראַציע פון אַרבייטער און אַרבייט־מאַשינעס אין גרויסע פאַבריקען. אַזוי לעבט איצט ענגלאַנד דורך אין דעם קאָלאָסאַלען פּראָדוקציאָנס־קרייז פון „וועאַרינג אַפּאַרעל" [קליידונג־אינדוסטריע], ווי אין די מעהרסטע אַנדערע פּראָדוק־ציעס, אַן איבערקערעניש פון דעם איבערגאַנג פון דער מאַנופאַק־טור, פון'ם האַנט־ווערק און פון דער הויז־אַרבייט אין פאַבריק־פּראָדוקציע — נאָכדעם ווי יענע אַלע פאָרמען, וואָס זיינען אינגאַנ־צען פאַרענדערט און דיסאָרגאַניזירט געוואָרען אונטער דעם איינ־פלוס פון דער גרויסער אינדוסטריע, האָבען שוין פון לאַנג איינ־געפיהרט ביי זיך און אפילו איבערטריבען אַלע שרעקליכקייטען פון דעם פאַבריק־סיסטעם אָהן זיינע פּאָזיטיווע אַנטוויקלונגס־מאָ־מענטען.

אָט די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע, וואָס קומט פאַר סטיכיש, ווערט קינסטליך פאַרשנעלערט דורך דער אויסשפּרייטונג פון די פאַבריק־געזעצען אויף אַלע אינדוסטריע־צווייגען, אין וועלכע עס אַרבייטען פרויען, יונגע פערזאָנען און קינדער. די צוואַנגהאַפטע רעגולירונג פון'ם אַרבייטס־טאָג בנוגע זיין לענג, די הפסקות, דער צייט פון אָנהויבען און ענדיגען, בנוגע דעם סיסטעם פון רייהע־אַר־בייט פאַר קינדער, בנוגע דער אויסשליסונג פון אַלע קינדער אונ־טער אַ געוויסען עלטער א. אז. וו. — האָט פון איין זייט נויטיג געמאַכט צו באַנוצען מעהר מאַשינעס און צו פאַרבייטען די מוס־קולען דורך דאַמף אַלס טרייב־קראַפט; כדי ווידער פון דער אַנדער זייט צו געווינען אין פּלאַץ דאָס, וואָס עס געהט פאַרלאָרען אין צייט, ווערען אויסגעשפּרייט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס ווערען געברויכט געמיינשאַפטליך, ווי די אויוועננס, געביידעס א. אז. וו., מיט איין וואָרט, עס ווערט דורכגעפיהרט אַ גרעסערע קאָנצענטראַ־ציע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און אַ דערצו צוגעפּאַסטע גרע־סערע צונויפדרענגונג פון אַרבייטער. די הויפּט־אויסזעצונג, וואָס איז ליידענשאַפטליך ווידערהאָלט געוואָרען פון יעדער מאַנופאַק־

טור, אויף וועלכער דער פאַבריק־געזעץ האָט זיך באַצויגען, איז פאַקטיש געווען דער, אז כדי דאָס געשעפט אָנצופיהרען אויף זיין אַלטען מאַסשטאַב, איז אונטער דעם פאַבריק־געזעץ נויטיג אריינ־צולעגען גרעסערע קאַפּיטאַלען. וואָס איז שייך אָבער די צווישען־פאָרמען צווישען מאַנופאַקטור און הויז־אַרבייט און די הויז־אַרבייט אַליין, פאַרלירען זיי דעם באָדען אונטער זיך, ווי נאָר עס ווערט באַגרענעצט דער אַרבייטס־טאָג און די קינדער־אַרבייט. אומבאַ־שרענקטע עקספּלואַטאַציע פון וואָלוועלע אַרבייט־קרעפטען איז דער איינציגער באַזיס פון זייער קאָנקורענץ־פעהיגקייט.

איינע פון די גרונט־באַדינגונגען פון דער פאַבריק־פּראָדוקציע, ספּעציעל זינט זי ווערט אונטערגעוואָרפען אונטער דער רעגולירונג פון׳ם אַרבייטס־טאָג, איז צו זיין זיכער מיט׳ן נאָרמאַלען רעזול־טאַט; דאָס הייסט, צו זיין זיכער מיט דער פּראָדוקציע פון אַ באַ־שטימטען סכום סחורות אָדער מיט דער שאַפונג פון אַ באַשטימטען נוץ־אַרטיקעל אין אַ באַשטימטען משך פון צייט. די גזעצליכע הפסקות פון דעם רעגולירטען אַרבייטס־טאָג, מוז מען אָננעמען, ברענגען ניט קיין שאָדען, דורך זייער פּלוצליכער און פּעריאָדישער אָפּשטעלונג פון דער אַרבייט, דעם פּראָדוקט, וואָס געפינט זיך אין פּראָצעס פון אויסאַרבייטונג. די דאָזיגע זיכערקייט מיט׳ן רעזול־טאַט און די מעגליכקייט מפסיק צו זיין אין דער אַרבייט קאָנען נאַטירליך לייכטער דערגרייכט ווערען אין ריין־מעכאַנישע אַרביי־טען, איידער דאָרטען וואו עס שפּילען אַ ראָליע כעמישע און פיזי־שע פּראָצעסען, ווי צום ביישפּיעל אין די מאַנופאַקטורען פון טע־פּעריי, בלייכעריי, פאַרבעריי, בעקעריי און אין די מעהרסטע מע־טאַל־מאַנופאַקטורען. ביי דעם אַלטען אויסגעטראָטענעם וועג פון אומבאַשרענקטען אַרבייטס־טאָג, פון דער נאַכט־אַרבייט, פון דער פרייער פאַרשווענדונג פון מענשליכען לעבען קומט יעדע נאַטיר־ליכע שטערונג גלייך פאָר ווי אַן אייביגער „נאַטור־גרעניץ" פון דער פּראָדוקציע. קיין גיפט פאַרטיליגט ניט מיט מעהר זיכערקייט די פאַרשיידענע אינסעקטען, ווי דאָס פאַבריק־געזעץ האָט פאַרטיליגט אַזוינע „נאַטור־גרעניצען". קיינער האָט ניט געשריען העכער וועגען „אוממעגליכקייטען", ווי די הערען פון דער טעפּער־אינדוס־טריע. אין 1864 איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרען דאָס פאַב־

ריק־געזעץ, און 16 מאָנאַט שפּעטער זיינען שוין אַלע אוממעגליכ־קייטען געווען פאַרשוואונדען.

„די פאַרבעסערטע מעטאָדע צו מאַכען דעם טעפּעריי־שטאָף דורך דרוק אָנשטאָט דורך אויסדעמפונג, — וואָס איז אַרויסגערו־פען געוואָרען דורך דעם פאַבריק־געזעץ, — ווי אויך די נייע קאָנ־סטרוקציע פון די אויוועגס צום טריקענען די ניט־געברענטע כלים א. אז. וו. זיינען פּאַסירונגען פון גרויסער וויכטיגקייט אין דער קונסט פון טעפּעריי און באַצייכענען אַזאַ פּראָגרעס אין דער מלאכה, וואָס דער לעצטער יאָהרהונדערט קאָן אַזוינס ניט אויפווייזען. . . . די טעמפּעראַטור פון די אויוועגס איז פיעל פאַרקלענערט געוואָרען; דאָס שפּאָרט איין אַ היבש ביסעל קויהלען, און עס האָט אַ שנעלערע ווירקונג אויף די כלים.“ ניט קוקענדיג אויף אַלע נביאות, איז דער קאָסט־פּרייז פון די ליימענע כלים ניט געשטיגען, אַזוי אַז דער עקספּאָרט פאַר די 12 מאָנאַט פון דעצעמבער 1864 ביז דעצעמבער 1865 האָט איבערגעשטיגען אין ווערט אויף 138,628 פונט סט. דעם דורכשניט פון די פריהערדיגע 3 יאָהר.

אין דער פאַבריקאַציע פון שועבעלעך האָט מען געהאַלטען פאַר אַ נאַטור־געזעץ, אַז די אינגלעך, אפילו בעת זיי כאַפּען איבער זייער מיטאָג, מוזען טונקען די העלצלעך אין דער מישונג פון פאָס־פאָר, פון וועלכער דער גיפטיגער דאַמף איז זיי געקראָכען אין פּנים אריין. דער פאַבריק־אַקט (1864), וואָס האָט אַרויסגערופען די נויטיגקייט צו שפּאָרען צייט, האָט געצוואונגען צו ערפינען אַ טונק־מאַשין, וואָס די דאַמפען פון איהר קאָנען ניט צוקומען צו די אַרבייטער.

אַזוי באַהויפּטעט מען נאָך איצטער אין די צווייגען פון דער שפּיצען־מאַנופאַקטור, וואָס זיינען ניט אונטערגעוואָרפען דעם פאַב־ריק־געזעץ, אַז מען קאָן ניט געבען קיין רעגעלמעסיגע צייט צום עסען, מחמת דאָס טריקענען זיך פון פאַרשיידענע שפּיצען־מאַטע־ריאַלען נעמט אַ לענגערע אָדער אַ קירצערע צייט, וועלכע בייט זיך פון דריי מינוט ביז אַ שטונדע אָדער מעהר. אויף דערויף האָ־בען געענטפערט די קאָמיסאַרען פון דער „טשילדרען'ס עמפּלאָי־מענט קאָמישאָן“: „די אומשטענדען זיינען דיזעלביגע ווי אין דער מאַפּעטען־דרוקעריי. איינינגע פון די הויפּט־פאַבריקאַנטען

אין דעם דאָזיגען צווייג האָבען גע׳טענה׳ט, אַז די נאַטור פון די פאַרברויכטע מאַטעריאַלען און די פאַרשיידענאַרטיגקייט פון די פּראָצעסען, וואָס זיי דאַרפען דורכמאַכען, ערלויבען ניט קיין פּלוצלונגדיגע אָפּשטעלונג פון דער אַרבייט פאַר מאָהלצייטען, סיידען מען זאָל ליידען דערביי גרויס היזק.... דורך דעם זעקסטען פּאַראַגראַף פון דער זעקסטער סעקציע פון „פאַקטאָרי אַקטס עקסטענשאָן אַקט“ (1864) האָט מען זיי געגעבען אַן 18־מאָנאַטיגען טערמין, פון דעם דאַטום אָן, וואָס דאָס געזעץ איז פאַרעפענטליכט געוואָרען, ביז וואַנען זיי וועלען מוזען אָנהויבען אויספאָלגען די פעסטגעזעצטע הפסקות פאַר מאָלצייטען לויט די באַשטימונגען פון דעם פאַבריק־אַקט.“ באַלד נאָכדעם, ווי דאָס געזעץ איז סאַנקציאָנירט געוואָרען פון פאַרלאַמענט, האָבען די הערען פאַבריקאַנטען מיט איין מאָל געמאַכט די אַנטדעקונג: „די אומבאַקוועמליכקייטען, וואָס מיר האָבען דערוואַרט פון דער איינפיהרונג פון׳ם פאַבריק־געזעץ, האָבען זיך ניט פאַרווירקליכט. מיר געפינען ניט, אַז די פּראָדוקציע ווערט אויף וועלכען עס איז אופן געשטערט. מיר פּראָדוצירען פאַקטיש מעהר אין דערזעלביגער צייט.“ מען זעהט דערפון, אַז דער ענגלישער פאַרלאַמענט, וועלכען קיינער וועט געוויס ניט פאָרוואַרפען, אַז ער פאַרמאָגט צופיעל געניאַליטעט, איז דורך ערפאַרונג געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אַ צוואַנג־געזעץ קאָן דורך אַ פּשוט׳ען באַפעהל באַזייטיגען אַלע כלומר׳שטדיגע נאַטור־שטערונגען פון דער פּראָדוקציע קעגען באַשרענקונג און רעגולירונג פונ׳ם אַרבייטס־טאָג. ווען מען דאַרף איינפיהרען דעם פאַבריק־אַקט אין אַ געוויסען אינדוסטריע־צווייג, ווערט דעריבער געשטעלט אַ טערמין פון 6 ביז 18 מאָנאַט, און אין משך פון אָט דער צייט דאַרפען די פאַבריקאַנטען זעהן צו באַזייטיגען די טעכנישע שטערונגען. מיראַבאָ׳ס ווערטעל: „אוממעגליך? טראָגט מיר קיינמאָל ניט אונטער אָט דעם נאַרישען וואָרט!“ פּאַסט זיך ספּעציעל פאַר דער מאָדערנער טעכנאָלאָגיע. אָבער ווען דאָס פאַבריק־געזעץ מאַכט אַזוי קינסטליך צייטיג די מאַטעריעלע עלעמענטען, וואָס זיינען נויטיג פאַר דער פאַרוואַנדלונג פון מאַנופאַקטור־פּראָדוקציע אין פאַבריק־פּראָדוקציע, פאַרשנעלערט עס אויך אין דער זעלביגער צייט, דורכדעם וואָס עס מאַכט נויטיג אויסצולעגען

גרעסערע קאַפּיטאַלען, דעם אונטערגאַנג פון די קלענערע מייסטערס
און די קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל.

א־חוץ די ריין־טעכנישע שטערונגען, וועלכע קאָנען באַזייטיגט
ווערען דורך טעכנישע מיטלען, שטויסט זיך אָן די רעגולירונג פונ׳ם
אַרבייטס־טאָג אויף די אומרעגעלמעסיגע געוועהנהייטען פון די אַר־
בייטער גופא. דאָס איז ספּעציעל דער פאַל, וואו עס הערשט מעהר־
סטענס די שטיק־אַרבייט, און די פאַרשווענדונג פון צייט אין איין
טייל פון דעם טאָג אָדער פון דער וואָך קאָן גוט געמאַכט ווערען
דורך שפּעטערע איבער־אַרבייט אָדער נאַכט־אַרבייט — אַ מעטאָדע,
וועלכע פאַרטעמפּט און מאַכט גראָב דעם דערוואַקסענעם אַרבייטער
און רואינירט זיינע קאָלעגען יונגע אַרבייטער און פרויען, הגם אָט
די רעגעללאָזיגקייט אין אויסגעבען די אַרבייט־קראַפט איז אַ נאַ־
טירליכע פּשוט׳ע רעאַקציע קעגען דער לאַנגווייליגקייט פון מאָנאָ־
טאָנער שלעפּעדיגער אַרבייט, נעהמט זי זיך אָבער אויך אין אַ נאָך
אַ פיעל העכערען גראַד פון דער אַנאַרכיע אין דער פּראָדוקציע
גופא, פון דער אַנאַרכיע וועלכע שטאַמט פון איהר זייט ווידער פון
אַ ניט־איינגעצוימטער עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבייט־קראַפט
דורך קאַפּיטאַל. א־חוץ די אַלגעמיינע פּעריאָדישע ענדערונגען אין
דעם אינדוסטריעלען קרייז (ציקל) און א־חוץ די ספּעציעלע שוואַנ־
קונגען פון די מערק, וואָס קומען פאָר אין יעדען פּראָדוקציאָנס־
צווייג, קומען נאָך די אַזוי־גערופענע „סעזאָנען“, וועלכע הענגען אָפּ
סיי פון דער פּעריאָדישקייט פון די גינסטיגע תקופות פון יאָהר
פאַר נאַוויגאַציע, סיי פון דער מאָדע, אָדער פון דעם, וואָס עס
קומען פּלוצלונג אָן גרויסע באַשטעלונגען, וועלכע מוזען אויסגע־
פילט ווערען אין דער קירצעסטער צייט. די געוועהנהייט צו מאַ־
כען אַזעלכע באַשטעלונגען ווערט גרעסער מיט דער פאַרשפּרייטונג
פון אייזענבאַהנען און פונ׳ם טעלעגראַף. „די אויסשפּרייטונג פון
דעם אייזענבאַן־סיסטעם איבער׳ן גאַנצען לאַנד“, זאָגט צום ביי־
שפּיעל אַ לאָנדאָנער פאַבריקאַנט, „האָט זעהר אַנטוויקעלט די גע־
וועהנהייט צו געבען אַ קורצע צייט פאַר אויספילען אַ באַשטעלונג.
קונים קומען איצטער פון גלאַזגאָ, מאַנטשעסטער און עדינבורג אומ־
געפער איינמאָל אין 2 וואָכען אין די גרויסע מאַגאַזינען פון דער
„סיטי“, וואוהין מיר שטעלען צו די סחורות. זיי מאַכען באַשטע־

לונגען, וועלכע מוזען גלייך אויסגעפילט ווערען, אַנשטאַט צו קוי־
פען פון לאַגער, ווי זיי פלעגען פריהער טאָן. אין די פריהערדיגע
יאָהרען פלעגען מיר אַלע מאָל קאָנען אַנגרייטען אין דער שוואַ־
כערער צייט פאַר דער נאָכפּראַגע פון נעכסטען סעזאָן; איצט אָבער
קאָן קיינער ניט פאָראויסזאָגען, וואָס פאַר אַ נאָכפּראַגע עס וועט
דאַן זיין".

אין די פאַבריקען און מאַנופאַקטורען, וועלכע זיינען נאָך ניט
אונטערגעוואָרפען אונטער דעם פאַבריק־געזעץ, הערשט פעריאָדיש
די שרעקליכסטע איבער־אַרבייט אין דער צייט פון די אַזוי־גערופענע
סעזאָנען, צוליב די פּלוצלונגדיגע באַשטעלונגען. אין דער אויסער־
ליכער אָפּטיילונג פון דער פאַבריק, אין דער מאַנופאַקטור און
דעם סחורה־מאַגאַזין, ד. ה. אין דעם קרייז פון דער הויז־אַרבייט,
וואו די באַשעפטיגונג איז אין בעסטען פאַל אומרעגעלמעסיג, און
וועלכע העננט אינגאַנצען אָפּ מיט איהר רויהען מאַטעריאַל און באַ־
שטעלונגען פון דעם קאַפּריז פונ׳ם קאַפּיטאַליסט, וועמען עס בינדט
דאָ ניט קיין אויסרעכענונג וועגען אַרויסשלאָגען וואָס מעהר ווערט
פון די געביידעס, מאַשינעס א. אז. וו., און וועלכער ריזיקירט דאָ
מיט גאָרנישט אַ־חוץ מיט דעם אַרבייטער׳ס פעל — דאָ ווערט סיס־
טעמאַטיש אויסגעהאָדעוועט אַן אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמעע,
וועלכע דער קאַפּיטאַליסט קאָן שטענדיג געברויכען און וועלכע
ווערט מאַסענהאַפט פאַרשוועגדט אין משך פון איין טייל פון יאָהר
דורך דעם אוממענשליכען אַרבייט־צוואַנג, און פאַרלומפּט אין משך
פון דעם אַנדער טייל דורך אַרבייטלאָזיגקייט. „די באָסעס", זאָגט
די „טשילדרען׳ס עמפּלאָימענט קאָמישאָן", „עקספּלואַטירען די
אומרעגעלמעסיגקייט פון דער הויז־אַרבייט, וועלכע איז געוואָרען אַ
געוואָהנהייט, כדי אַרויפצושרויפען די אַרבייט־צייט, ווען עס
שפּאַרט אָן וועלכע עס איז עקסטראַ אַרבייט, ביז 11, 12 און 2
אוהר ביינאַכט, פאַקטיש „אויף אַלע שטונדען", ווי עס געהט דאָס
געוועהנליכע ווערטעל; אין די אַרבייט געהט אָן אין פלעצער, „וואו
דער געשטאַנק איז גענוג צו מאַכען אייך פאַלען פון די פיס. איהר
געהט אפשר צו ביז דער טיר און עפענט זי, אָבער עס שוידערט
אייך צו געהן ווייטער." „זיי זיינען קאָמישע לייט, אונזערע באָ־
סעס" — האָט געזאָגט איינער פון די עדות, אַ שוסטער — „זיי

מיינען, אַז עס טוט אַ אינגעל ניט קיין שאָדען צו אַרבייטען איבער די כחות איין האַלב יאָהר, אויב ער געהט אַרום כמעט ליידיג דעם אַנדער האַלב יאָהר."

פונקט ווי וועגען די „טעכנישע שטערונגען", אַזוי האָבען די פּאַראינטערעסירטע קאַפּיטאַליסטען גע'טענה'ט און טענה'ן נאָך איצט אויך וועגען די אַזוי־גערופענע „געשעפטס־געוועהנהייטען" אַז זיי זיינען באַגרעניצונגען, וואָס קומען פון דער נאַטור פון דער פּראָדוקציע. דאָס איז געווען דער ליבלינג־געשריי פון די באַוועל־לאָרדס אין אָנהויב, ווען זיי האָט אָנגעהויבען צו שרעקען דאָס פאַבריק־געזעץ. הגם זייער אינדוסטריע העננגט מעהר ווי יעדע אַנדערע אָפּ פון דעם וועלט־מאַרק, און ממילא פון דער נאַוויגאַציע, דאָך האָט די ערפאַרונג זיי געמאַכט צו ליגנער. פון דאַן אָן ווערט יעדע פּרעטענזיע, אַז „עס וועט שטערען צום געשעפט", באַהאַנדעלט פון די ענגלישע פאַבריק־אינספּעקטאָרען ווי אַ פּשוט'ער שווינדעל.

די גרינטליכע און געוויסענהאַפטע אונטערזוכונגען פון דער „טשילדרענ'ס עמפּלאָימענט קאָמישאָן" באַווייזען, אַז אין איינינע אינדוסטריען איז דער רעזולטאַט פון דער רעגולירונג פונ'ם אַר־בייטס־טאָג געווען דער, אַז די מאַסע אַרבייטער, וואָס זיי האָבען פריהער באַשעפטיגט, ווערט אין זיי מעהר גלייכמעסיג פאַרטיילט איבער'ן גאַנצען יאָהר; און אַז אָט די רעגולירונג איז געווען דער ערשטער ראַציאָנאַלער צוים אויף די מערדערישע, אומזיניגע קאַפּ־ריזען פון דער מאָדע, וועלכע פאַסען זיך איבערהויפּט ניט צו דעם סיסטעם פון דער גרויס־אינדוסטריע; אויך אַז די אַנטוויקלונג פון ים־נאַוויגאַציע אין אַלגעמיין האָט אָפּגעשאַפט דעם טעכנישען גרונט פון דער סעזאָן־אַרבייט, און אַז אַלע אַנדערע אָנגעגעבענע אומ־שטאַנדען, וואָס מען קאָן כלומר'שט ניט קאָנטראָלירען, פאַרשווינדען דורך גרעסערע פאַבריק־געביידעס, דורך צו־געקומענע מאַשינעס, דורך אַ פאַרגרעסערטער צאָל גלייכצייטיג־באַשעפטיגטע אַרבייטער און דורך דער צוריקווירקונג, וואָס אָט די אַלע ענדערונגען האָבען במילא אויף דעם סיסטעם פון גרויס־האַנ־דעל. און דאָך שטימט דער קאַפּיטאַל קיינמאָל ניט איין צו אַזוינע ענדערונגען — ווי דאָס ווערט נאָכאַנאַנד צוגעגעבען פון זיינע אייגענע פאַרטרעטער — סיידען „אונטער דעם דרוק פון אַן אַלגעמיי־

נעם אקט פון פּאַרלאַמענט", וואָס רעגולירט דעם ארבייטס־טאָג דורך געזעצליכען צוואַנג.

זיבעצעהנטער קאַפּיטעל.

# אַלגעמיינע איינפיהרונג פון פאַבריק־געזעצגעבונג אין ענגלאַנד

די פאבריק־געזעצגעבונג, די ערשטע באוואוסטזיינינע און פּלאנמעסיגע צוריקווירקונג פון דער געזעלשאפט אויף דער נאַטיר־ליך־אנטוויקעלטער געשטאַלט פון איהר פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, איז, ווי מיר האָבען געזעהן, פונקט אזא נויטווענדיגער פּראָדוקט פון דער גרויס־אינדוסטריע, ווי באוועל־גארן און דער עלעקטרישער טעלעגראַף.

אין דעם פאנאטישען קאמף פון די פאבריקאנטען אנטקעגען די פּונקטען פון דעם ענגלישען פאבריק־אקט, וועלכע האָבען ארויפ־געלעגט אויף זיי א קליינע הוצאה אויף איינריכטען מיטלען צום בא־שיצען די גלידער פון זייערע ארבייטער, באווייזט זיך גלענצענד ארויס די דאָגמא פון פריי־האנדעל, אז אין א געזעלשאפט פון קעגענגעזעצטע אינטערעסען ארבייט יעדער לטובת הכלל דורכדעם, וואָס ער זוכט נאָר זיינע פּערזענליכע נוצען. וואָס וואָלט בעסער געקאָנט כאראקטעריזירען דעם קאפיטאליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, ווי אָט די נויטווענדיגקייט ארויפצוצווינגען אויף איהם שטאאט־געזעצען, ער זאָל איינפיהרען די איינפאכסטע איינריכטונ־גען צו האַלטען ריינליכקייט און פּאַרהיטען דאָס געזונד? דער פאבריק־אקט פון 1864 האָט אין די טעפּעריי־ען אויסגעווייסט און געריינינגט איבער 200 ווערקשטאטען, וועלכע זיינען צוואַנציג יאָהר אָדער גאָר קיינמאָל ניט געריינינגט געוואָרען, אין וועלכע 27,800 ארבייטער זיינען געווען באשעפטיגט און האָבען אין דער גאנצער צייט פון זייער איבערמעסיגער טאָג־ארבייט און אָפּט נאכט־ארבייט איינגעאָטעמט א פּאַרפּעסטעטע לופט, וועלכע האָט פון א באשעפטיגונג, וואָס איז זאָנסט אין פּאַרגלייך אַן אומשעדליכע, געמאכט א באשעפטיגונג, וואָס טראָגט אין זיך קראַנקהייט און טויט. דער אקט האָט זעהר פיעל פּאַרמעהרט די מיטלען פון ווענ־טילאַציע.

אין דערזעלביגער צייט באווייזט אָט דער טייל פון'ם פאבריק־אקט זעהר קלאָר, ווי דער קאפּיטאַליסטישע־ פּראָדוקציאָנס־אופן לויט זיין עצם נאָך שליסט אויס יעדע ראַציאָנעלע פּאַרבעסערונג

איבער אַ געוויסען פּונקט. עס איז נאָכאַנאַנד באַמערקט געוואָרען, ווי די ענגלישע דאָקטאָרען דערקלערען איינשטימיג, אַז 500 קוביק־פוס לופט־רוים פאַר פּערזאָן איז אַ קוים גענינענדער מינימום, וואו די אַרבייט געהט אָן אַ לענגערע צייט. גאַנץ שעהן! אָבער דער פאַבריק־אַקט מיט אַלע זיינע צוואַנג־רעגעלען פאַרשנעלערט אינדי־רעקט די פאַרוואַנדלונג פון קלענערע ווערקשטאַטען אין פאַבריקען, און פאָלגליך גרייפט ער אינדירעקט אָן דעם אייגענטום־רעכט פון די קלענערע קאַפּיטאַליסטען און פאַרזיכערט די גרויסע מיט אַ מאָ־נאָפּאָל, און אויב דאָס געזעץ וואָלט אַרויפגעצוואונגען אין יעדען ווערקשטאַט די נויטיגע מאָס לופט פאַר יעדען אַרבייטער, וואָלט דאָס מיט איין קלאַפּ דירעקט עקספּראָפּריאירט טויזענדע קליינע קאַפּיטאַליסטען! דאָס וואָלט אָנגעגריפען דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן ביים רעכטען וואָרצעל, ד. ה. עס וואָלט אָנגע־גריפען די זעלבסט־פאַרוועַרטונג פון קאַפּיטאַל — סיי גרויס, סיי קליין — דורך דעם „פרייען" איינקויף און פאַרברויך פון דער אַר־בייט־קראַפט. דער גאַנצער פאַבריק־געזעצגעבונג געהט דעריבער אויס דער אָטעם, ווען עס קומט צו די דאָזיגע 500 קוביק־פוס לופט. די סאַניטאַרע אויטאָריטעטען, די אינדוסטריעלע אונטער־זוכונג־קאָמיסיעס, די פאַבריק־אינספּעקטאָרען ווידערהאָלען נאָכ־אַנאַנד די נויטווענדיגקייט פון די 500 קוביק־פוס און אויך די אומ־מעגליכקייט דאָס אַרויפצוצווינגען אויפ'ן קאַפּיטאַל. זיי דערקלערען פאַקטיש אויף דעם אופן, אַז שווינדזוכט און אַנדערע לונגען־קראַנק־הייטען, וואָס קומען פון דער אַרבייט, איז אַ לעבענס־באַדינגונג פאַר'ן קאַפּיטאַל.

ווי אָרים די בילדונגס־פּונקטען אין דעם פאַבריק־אַקט זיינען ניט איינגאַנצען גענומען, האָבען זיי דאָך פּראָקלאַמירט די עלעמענ־טאַרע בילדונג פאַר אַ געצוואונגענעם תנאי פון דער אַרבייט. זייער ערפאָלג האָט צום ערשטען מאָל באַוויזען די מעגליכקייט פון דער פאַרבינדונג פון בילדונג און גימנאַסטיק מיט האַנט־אַרבייט; הייסט עס, אויך פון האַנט־אַרבייט מיט בילדונג און גימנאַסטיק. די פאַבריק־אינספּעקטאָרען האָבען באַלד אויסגעפונען, אויסהערענדיג די עדות פון די שול־לעהרער, אַז הגם די פאַבריק־קינדער קריגען נאָר האַלב אַזויפיעל אונטערריכט ווי די רעגעלמעסיגע טאָג־שילער, לערנען זיי זיך אויס פּונקט אַזויפיעל און אָפט נאָך מעהר ווי יענע. „די זאַך איז איינפאַך. די, וועלכע האַלטען זיך אויף אין דער שול נאָר אַ האַלבען טאָג, זיינען שטענדיג פריש און כמעט אַלעמאָל וויליג און פעהיג אויפצונעמען די למודים. דער סיסטעם פון אַ העלפט אַרבייט און אַ העלפט שול מאַכט יעדע פון די ביידע באַ־שעפטיגונגען אַן אָפּרוה און ערהאָלונג פון דער אַנדערער, און פאַלג־

ליך איז עס מעהר צופרידענשטעלענד פאר'ן קינד, אײדער ווען מען האלט איהם נאכאנאנד ביי איין זאך פון די ביידע. א אינגעל וואס זיצט פון אין דער פריה אן אין שול, און אפילו אין א הייסען וועטער אויך, קאן בשום אופן ניט אויסמאן אזויפיעל, וויפיעל אן אנדערער, וואס קומט מונטער און פריש פון זיין ארבייט." פון דעם פאבריק־סיסטעם, ווי ראבערט אווען האט עס באוויזען מיט אלע פרטים, האט ארויסגעשפראצט דער קערן פון דער צוקינפטיגער ערציהונג, וועלכע וועט פאר אלע קינדער איבער א געוויסען עלטער פארבינדען פראדוקטיווע ארבייט מיט אונטערריכט און גימנאסטיק, ניט נאר אלס א מעטאדע ווי צו פארגרעסערן די געזעלשאפטליכע פראדוקציע, נאר אלס די איינציגע מעטאדע ווי צו פראדוצירען אלזייטיג אנטוויקעלטע מענשען.

מיר האבען געזעהן, אז די גרויס־אינדוסטריע שאפט טעכניש אפ די מאנופאקטורמעסיגע צוטיילונג פון דער ארבייט, וועלכע בינדט צו דעם מענשען אויף זיין גאנצען לעבען צו איין טייל אר־בייט, בעת אבער די קאפיטאליסטישע פארמע פון דער גרויס־אינ־דוסטריע שאפט ווידער איין יענע ארבייט־צוטיילונג נאך אויף א שרעקליכערן אופן: אין דער ריכטיגער פאבריק דורכדעם, וואס זי פארוואנדעלט דעם ארבייטער אין א זעלבסט־באוואוסטיגען אנ־האנג פון א טייל מאשין, און אומעטום אויסער דער ריכטיגער פאב־ריק—טיילווייז דורך דעם ספאראדישען געברויך פון מאשינען און מאשין־ארבייט,*) טיילווייז דורך איינפיהרונג פון פרויען, קינדער־

---

*) אומעטום וואו האנדווערקמעסיגע מאשינען, געטריבען דורך מענ־שען־קראפט, קאנקורירען דירעקט אדער אינדירעקט מיט מעהר־אנטווי־קעלטע מאשינען, וואס ווערען געטריבען דורך מעכאנישער טריב־קראפט, קומט פאר א גרויסע אומוואנדלונג בנוגע דעם ארבייטער, וואס טרייבט די מאשין. אין אנהויב האט די דאמפף־מאשין פארנומען דעם פלאץ פון דעם דאזיגען ארבייטער, איצט מוז ער פארנעמען דעם פלאץ פון דער דאמפף־מאשין. די אנשטרענגונג און די אויסגאבע פון זיין ארבייטס־קראפט איז פאלגליך אומגעהויער גרויס און ספעציעל פאר ניט־דערוואק־סענע, וועלכע זיינען פארורטיילט צו אזא מאטערניש! אזוי האט דער קאמיסאר לאנגע געפונען אין קאווענטרי און אומגעגענד אינגלעך פון 10 ביז 15 יאהר באשעפטיגט ביים דרעהען די באנד־וועבשטולען, שוין ניט צו רעדען פון די אינגערע קינדער, וועלכע האבען געמוזט דרעהען די קלענערע וועבשטולען. „עס איז אומגעוועהנליך שווערע ארבייט. דער אינגעל פארטרעט דא פשוט דעם פלאץ פון דאמפף־קראפט". („טשילדרען'ס עמפלאימענט קאמישאן, 5טער ראפארט, 1866", ז. 114, נ. 6.) דער אפי־ציעלער בעריכט רופט עס אן „סיסטעם פון שקלאפעריי"

און ניט־געלערנטער ארבייט אַלס אַ נייע גרונדלאַגע פון דער אַר־
בייט־צוטיילונג. דער ווידערשפּרוך צווישען דער מאַנופאַקטור־
מעסיגער צוטיילונג פון דער אַרבייט און דעם עצם פון דער גרויס־
אינדוסטריע לאָזט זיך געוואַלטיג פיהלען. צווישען אַנדערע ווייזט
ער זיך אַרויס אין דעם שרעקליכען פאַקט, וואָס אַ גרויסער טייל פון
די קינדער, וועלכע זיינען באַשעפטיגט אין די מאָדערנע פאַבריקען
און מאַנופאַקטורען, ווערען פון זייער פריהעסטען עלטער אָן צוגע־
שמידט צו אַן אַרבייט פון די איינפאַכסטע באַוועגונגען און יאָהרען־
לאַנג עקספּלואַטירט, ניט אויסלערנענדיג זיך קיין סאָרט אַרבייט,
וואָס וואָלט זיי שפּעטער מאַכען ניצליך אַפילו אין דערזעלביגער
מאַנופאַקטור אָדער פאַבריק.

אַזוי ווי מיט דער מאַנופאַקטור־מעסיגער צוטיילונג פון דער
אַרבייט אינעווייניג אין וואַרשטאַט, אַזוי געהט עס אויך
מיט דער צוטיילונג פון דער אַרבייט אינעווייניג אין דער
געזעלשאַפט. כל זמן האַנטווערק און מאַנופאַקטור שטע־
לען צוזאַמען די אַלגעמיינע גרונטלאַגע פון דער געזעל־
שאַפטליכער פּראָדוקציע, איז דאָס שטעלען דעם פּראָדוצענט
אונטער איין אויסשליסליכען צווייג פון פּראָדוקציע, דאָס צורייסען
די אורשפּרינגליכע פיעלפאַכיגקייט פון זיינע באַשעפטיגונגען, אַ
נויטווענדיגער אַנטוויקלונגס־מאָמענט. אויף אָט דער גרונטלאַגע גע־
פינט זיך דורך ערפאַהרונג יעדער באַזונדערער פּראָדוקציאָנס־צווייג
די טעכנישע פאָרמע, וואָס פּאַסט פאַר איהם, ער פערפאָלקאָמט זי
לאַנגזאַם, און ווי נאָר עס ווערט דערגרייכט אַ געוויסער גראַד פון
רייפקייט, קריסטאַליזירט ער זי שנעל. דאָס איינציגע וואָס רופט
דאָ און דאָרט אַרויס אַן ענדערונג, איז אַ־חוץ דעם נייעם אַרבייט־
שטאָף, וואָס דער האַנדעל שטעלט־צו, די ענדערונג אין די אַרבייט־
אינסטרומענטען, וואָס קומט אַלעמאָל פאָר. איינמאָל אָבער האָט
זיך באַקומען די ערפאַהרונגס־מעסיגע פּאַסיגע פאָרמע פון דעם אינ־
סטרומענט, ווערט ער פאַרהאַרטעוועט, ווי מען קאָן עס זעהן פון דעם
פאַקט, וואָס ער איז אָפט איבערגעגאַנגען אויף טויזענטער יאָהרען
פון איין דור צו דעם אַנדערן.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס ביז אין 18טען יאָהרהונדערט
אַריין האָבען די געווערקשאַפטען געהייסען „מיסטעריען"
[סודות], וואָס נאָר אַ געזעל, וועלכער האָט געוואונען
דעם צוטרויען דורך זיין געניטקייט אין מלאכה האָט
אין זיי געקאָנט אַריינדרינגען. אין דעם באַרימטען
„ליוור דע מעטיע" [בוך פון די מלאכות] פון עטיען בואַלאָ ווערט
פאָרגעשריבען צווישען אַנדערעס, אַז אַ געזעל, בעת ער ווערט אַריינ־
גענומען צווישען די מייסטערס, גיט אַ שבועה „זיינע ברידער, צו
ליעבען ברידערליך, צו שטיצען זיי, און קיינער זאָל ניט אויסזאָג־

בען די סודות פון זיין געווערקשאפט מיט'ן פרייען ווילען". און זאָ־
גאָר „אז אין די אינטערעסען פון אלע איבעריגע וועט ער ניט
אויפמערקזאם מאכען דעם קונה אויף די פעהלערען אין דעם פראָ־
דוקט פון אנדערע בעלי מלאכות, כדי דערמ'ט צו עמפעהלען זיין
אייגענע סחורה".

די גרויסע אינדוסטריע האָט צוריסען דעם שלייער, וואָס האָט
פארדעקט פאר די מענשען זייער אייגענעם געזעלשאפטליכען פראָ־
דוקציאָנס־פראָצעס, און וואָס האָט געמאכט סודות פון די פאר־
שיידענע נאטירליך־אָפּגעזונדערטע פראָדוקציאָנס־צווייגען, ניט נאָר
פון איינעם צו דעם אנדערן, נאָר אפילו צו די פארטרויטע אין יע־
דען צווייג גופא. זייער פרינציפ, אויפצולייזען אן און פאר זיך
יעדען פראָדוקציאָנס־צווייג אין זיינע צונויפגעשטעלטע עלעמענ־
טען, ניט אכטענדיג, וואָס עס דארף אויסגעפיהרט ווערען דורך דער
מענשליכער האנט, האָט געשאפען די גאנצע מאָדערנע וויסענשאפט
פון דער טעכנאָלאָגיע. די פארשיידענארטיגע, דאכט זיך צוזאמענ־
האנגלאָזע און פארשטיינערטע, געשטאלטען פון דעם געזעלשאפט־
ליכען פראָדוקציאָנס־פראָצעס האבען זיך אויפגעלייזט אין באַ־
וואוסטזיניג פלאנמעסיגע און סיסטעמאטישע, לויט דער באצוועק־
טער ווירקונג, אָפּגעזונדערטע אָנווענדונגען פון דער נאטור־וויסענ־
שאפט.

די טעכנאָלאָגיע האָט אויך אנטדעקט די עטליכע גרויסע גרונד־
פאָרמען פון באוועגונג, וואָס יעדע פראָדוקטיווע טעטיגקייט פון
מענשליכען קערפער נעמט אָן, טראָץ אלע פארשיידענארטיגקייטען
פון די אָנגעווענדטע אינסטרומענטען; פונקט אזוי ווי די מעכאניק
זעהט אין די העכסט־קאָמפּליצירטע מאשינעריע מעהר גאָרנישט ווי
א בעשטענדיגע ווידערהאָלונג פון די איינפאכע מעכאנישע קרעפ־
טען.

די מאָדערנע אינדוסטריע באטראכט און באהאנדעלט קיינמאָל
ניט די עקזיסטירענדע פאָרמע פון א פראָדוקציאָנס־פראָצעס אלס
ענד־גילטיג. איהר טעכנישער באזיס איז דעריבער רעוואָלוציאָנער.
בעת דער באזיס פון אלע פריהערדיגע פראָדוקציאָנס־אופנים איז
געווען קאָנסערוואטיוו. *) דורך די מאשינעריע, כעמישע פראָצע־

*) „די בורזשואזיע קאָן ניט עקזיסטירען וואו זי רעוואָלוציאָנירט
ניט נאָכאנאנד די פראָדוקציאָנס־אינסטרומענטען, ממילא די פראָדוקציאָנס־
שייכות'ן. דער ערשטער עקזיסטענץ־באדינג פון אלע פריהערדיגע אינ־
דוסטריעלע קלאסען איז, פארקערט, געווען די אומפאַרענדערטע אויפהאַל־
טונג פון די אלטע אופנים פון דער פראָדוקציע. די שטענדיגע רעוואָלו־
ציאָנירונג פון דער פראָדוקציע, די אומאויפהערליכע אויפטרייסלונג פון

סען און אַנדערע מעטאָדען רעוואָלוציאָנירט זי באַשטענדיג, אינאיי־
נעם מיט דער טעכנישער גרונטלאַגע פון דער פּראָדוקציע, אויך די
פונקציעס פון די ארבייטער און די געזעלשאַפטליכע קאָמבינאַציעס
פון דעם ארבייט־פּראָצעס. זי רעוואָלוציאָנירט דערמיט פונקט אזוי
באַשטענדיג די צוטיילונג פון דער ארבייט אינעווייניג אין דער גע־
זעלשאַפט אוןווארפט אָהן אָן אויפהער מאַסען קאַפּיטאַל און מאַ־
סען ארבייטער פון איין פּראָדוקציאָנס־צווייג אין דעם אַנדערן.

די נאַטור פון דער גרויס־אינדוסטריע פאָדערט דעריבער וועקס־
לונג פון דער ארבייט, פאַרענדערליכקייט פון די פונקציעס, אַלזייט־
טיגע באַוועגליכקייט פון דעם ארבייטער. פון דער אַנדער זייט
רעפּראָדוצירט זי אין איהר קאַפּיטאַליסטישער פאָרמע די אַלטע צו־
טיילונג פון דער ארבייט מיט איהרע פאַרשטיינערטע באַזונדער־
הייטען. מיר האָבען געזעהן ווי אָט דער אַבסאָלוטער ווידערשפּרוך
נעמט אַוועק יעדע רוה, פעסטקייט און זיכערקייט פון דעם ארביי־
טער'ס לאַגע; ווי ער דראָהעט שטענדיג ארויסצושלאָגען איהם
פון האַנט צוזאַמען מיט דעם ארבייטס־מיטעל אויך זיין לעבענס־
מיטעל, און צוזאַמען מיט זיין טייל־פונקציע מאַכען איבערפליסיג
איהם אַליין אויך; ווי אָט דער ווידערשפּרוך לאָזט אויסוואַקסען די
אומגעהויערליכקייט פון דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמעע, וועלכע
ווערט געהאַלטען אין עלענד, כדי זי זאָל שטענדיג זיין גרייט פאַר
דער קאַפּיטאַליסטישער נאָכפראַגע; ווי ער שטורעמט זיך אויס
אין פּעריאָדישע מאַסען־הריגות פון דעם ארבייטער־קלאַס, און פאַר־
שווענדונגען אָהן אַ שיעור פון די ארבייט־קרעפטען און אין די
חורבנות פון דער געזעלשאַפטליכער אַנאַרכיע, וועלכע מאַכט פון
יעדען עקאָנאָמישען פאָרטשריט אַן אומגליק פאַר'ן כלל. דאָס איז
די נעגאַטיווע זייט.

אויב אָבער די וועקסלונג פון דער ארבייט זעצט זיך איצט
דורך נאָר ווי אַן איבערמעכטיגעס נאַטור־געזעץ און מיט דער בלינ־

אַלע געזעלשאַפטליכע צושטאַנדען, די איביגע אומזיכערקייט און שטענ־
דיגע באַוועגונג — ציי‍כענען אויס די בורזשואַזע עפּאָכע פון אַלע פרי־
הערדיגע עפּאָכען. אַלע פעסטע, פאַרראָסטעטע שייכות'ן מיט זייער גאַנצער
סוויטע פון אַלט־עהרווירדיגע באַגריפען און אנשויאונגען, ווערען אויפ־
געלייזט, אַלע נייע־געשאַפענע ווערען אַלט איידער זיי האָבען צייט פאַר־
שטיינערט צו ווערען. אַלץ וואָס איז סאָליד און שטעהט אויף איין אָרט
געהט אַוועק מיט'ן רויך, אַלץ וואָס איז הייליג ווערט פּראָפאַנירט, און
די מענשען ווערען ענדליך געצוואונגען צו קוקען אויף זייערע שטעלונ־
גען אין לעבען, אויף זייערע קעגענזייטיגע באַציהונגען מיט ניכטערע
אויגען“. (פ. ענגעלס און קאַרל מאַרקס: „מאַניפעסט פון דער קאָמו־
ניסטישער פאַרטיי“, לאָנדאָן 1848, ז. 5.)

דער צושטערענדער ווירקונג פון א נאטור־געזעץ, וואס שטיצט זיך אומעטום אן אויף שטערונגען,*) מאכט עס די גרויס־אינדוסטריע אליין, דורך איהרע קאטאסטראפען, פאר א פראגע פון לעבען און טויט אנצוערקענען די וועקסלונג פון די ארבייטען און פאלגליך די מעגליכסטע אלזייטיגקייט פון דעם ארבייטער אלס אן אלגעמיין־געזעלשאפטליכען פראדוקציאנס־געזעץ און צופאסען די פארהעלטענישען צו זיין נארמאלער פארווירקליכונג. זי מאכט עס פאר א פראגע פון לעבען און טויט צו פארבייטען די אומגעהויערליכקייט פון אן עלענדער, אין רעזערוו געהאלטענער ארבייטער־באפעלקערונג, וואס זאל קאנען פארווענדט ווערען פאר דער וועקסלענדער פאדערונג פון א קאפיטאליסטישער עקספלואטאציע, אויף דער אבסאלוטער פארווענדבארקייט פונ׳ם מענשען פאר די וועקסלענדע ארבייטס־פאדערונגען; צו פארבייטען דעם טייל־אינדיווידום, דעם בלויזען טרעגער פון א געזעלשאפטליכער טייל־פונקציע, אויף דעם אלזייטיג־אנטוויקעלטען אינדיווידום, פאר וועלכען די פארשיידענע געזעלשאפטליכע פונקציעס זיינען אופנים פון טעטיגקייט, וואס בייטען אפ איינער דעם אנדערן.

איין נאטירליך־אנטוויקעלטער מאמענט פון דעם דאזיגען רעוואלוציאנערען פראצעס, אויפ׳ן יסוד פון דער גרויס־אינדוסטריע, זיינען די פאליטעכנישע און לאנדווירטשאפטליכע שולען, א צווייטער זיינען די טעכנישע פארטבילדונג שולען, אין וועלכע די ארבייטער׳ס קינדער קריגען אונטעררי כט אין דער טעכנאלאגיע און פראקטישער באנוצונג פון די פארשיידענע פראדוקציאנס־אינסטרומענטען. אויב די פאבריק־געזעצגעבונג, די ערשטע, קנאפע קאנצעסיע, וואס איז אויסגעקעמפט געווארען פון דעם קאפיטאל, האט

---

*) א פראנצויזישער ארבייטער, קומענדיג צוריק פון סאן פראנציסקא, שרייבט ווי פאלגט: „איך וואלט קיינמאל ניט געגלויבט, אז איך וואלט געקאנט אפטאן די אלע מלאכות, וואס איך האב געטאן אין קאליפארניא. איך בין געווען פעסט איבערצייגט, אז אויסער צו בוכדרוקעריי טויג איך צו גארנישט... איינמאל אבער בין איך אריינגעפאלען אין אט דער וועלט פון וואונדערליכע צופאלען, וועלכע בייט איהרע מלאכות ליכטער אידער איהרע העמדער, אויף מיין ווארט! איך האב געטאן ווי אלע טוען. אזוי ווי דער געשעפט פון מינען־ארבייט איז ניט געווען גענוג פראפיטליך, האב איך עס אוועקגעווארפען און זיך אריינגעקליבען אין שטאדט, וואו איך בין געווארען כסדר א בוכדרוקער, א דאך־דעקער, א פלאמבער א. אז. וו. נאך אט דער ערפאהרונג, אז איך טויג זיך צו אלע ארבייט, פיהל איך זיך ווייניגער מאלוסקע [א חיה׳לע אהן ביינער] און מעהר מענש.“

נאָר פאַראייניגט דעם עלעמענטאַר־אונטערריכט מיט פאַבריקמע־
סיגער אַרבייט, איז אָבער גאָר קיין ספק ניט, אַז די אומפאַרמייד־
ליכע עראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורך דעם אַר־
בייטער־קלאַס וועט אויך עראָבערן אַ פּלאַץ פאַר דעם טעכנאָלאָגי־
שען אונטערריכט, טעאָרעטיש און פּראַקטיש, אין די אַרבייטער־
שולען. עס איז פונקט אַזוי קיין ספק ניט, אַז די קאַפּיטאַליסטישע
פאָרמע פון פּראָדוקציע און די עקאָנאָמישע אַרבייטער־פאַרהעלטע־
נישען, וואָס זיינען צוגעפּאַסט צו איהר, שטעהען אין אַן אַבסאָלוטען
ווידערשפּורך מיט אַזוינע רעוואָלוציאָנערע געהרונגען און מיט זיי־
ער ציעל — די אָפּשאַפונג פון דער אַלטער צוטיילונג פון דער אַר־
בייט. די אַנטוויקלונג פון די ווידערשפּרוכען פון אַ געשיכטליכער
פּראָדוקציאָנס־פאָרמע איז אָבער דער איינציגער געשיכטליכער וועג
ווי אַזוי די דאָזיגע פאָרמע ווערט אויפגעלייזט און אַ נייע פאָרמע
ווערט אויפגעבויט. „שוסטער, בלייב ביי דיין קאַפּול" — אָט דער
שפּיץ פון דער בעל־מלאכה'שער חכמה איז געוואָרען אַ מורא'דיגע
שטות פון דעם מאָמענט אָן, ווען דער זייגער־מאַכער וואַטט האָט
ערפונען די דאַמף־מאַשין, דער צירולניק אַרקרייט — די שפּין־
מאַשין און דער יואוועליר־אַרבייטער פולטאָן — די דאַמף־שיף.

כל־זמן די פאַבריק־געזעצגעבונג רעגולירט די אַרבייט אין פאַב־
ריקען, מאַנופאַקטורען א. אז. וו., ווערט עס נאָר באַטראַכט ווי אַן
אַריינמישען זיך אין די עקספּלואַטירונג־רעכט פון קאַפּיטאַל. יעדע
רעגולירונג אָבער פון דער אַזוי־גערופענער הויז־אַרבייט וועט, פאַר־
קערט, גלייך באַטראַכט ווערען ווי אַ דירעקטער אָנגריף אויף דער
מאַכט פון די עלטערן — אַ שריט, וואָס דער צאַרט־פיהלענדער
ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט כלומרש'ט לאַנג מורא געהאַט צו מאַ־
כען. די מאַכט פון די פאַקטען האָט אָבער געצוואונגען ענדליך
איינצוזעהן, אַז די גרויס־אינדוסטריע האָט אויפגעלייזט צוזאַמען
מיט דעם עקאָנאָמישען באַזיס פון דער אַלטער פאַמיליע און מיט
דער פאַמיליען־אַרבייט, וואָס איז געווען צוגעפּאַסט צו איהם, אויך
די אַלטע פאַמיליען־שייכות'ן נופא. דאָס רעכט פון די קינדער
האָט געמוזט פּראָקלאַמירט ווערען.

„אומגליקליכערווייז — ווערט געזאָגט אין דעם שלוס־באַריכט
פון דער „טשילדרענ'ס עמפּלאָימענט קאָמישאָן" פון 1866 — קומט
קלאָר אַרויס פון אַלע באַצייגונגען פון די עדות, אַז די קינדער פון
ביידע געשלעכטער נויטיגען זיך פון קיינעם ניט באַשיצט צו ווערען
אַזויפיעל, ווי פון זייערע עלטערן". דער סיסטעם פון עקספּלואַ־
טירען אָהן אַ מאָס די קינדער־אַרבייט בכלל און די הויז־אַרבייט
בפרט ווערט דורכדעם „אויפגעהאַלטען", וואָס די עלטערן איבען
אויס איבער זייערע יונגע און צאַרטע קינדערלעך אַ ווירקליכע און

שעדליכע מאכט אהן א צוים און א קאנטראל.... עלטערן טארען ניט באזיצען די אבסאלוטע מאכט צו מאכען פון זייערע קינדער איינפאכע מאשינען, כדי ארויסצושלאגען פון זיי אזויפיעל לוין א וואך.... קינדער און יונגע פערזאנען האבען א רעכט אויף דעם שוץ פון דער געזעצגעבונג אנטקעגען דער מיסברויכונג פון דער עלטערנ'ס געוואלט, וועלכע צוברעכט זייער קערפערליכע קראפט פאר דער צייט און דריקט זיי ארונטער אויף א נידעריגען שטאפעל פון מאראלישע און אינטעלעקטועלע וועזענס.“

עס איז אבער ניט מיסברויכונג פון די עלטערנס מאכט, וואס האט געשאפען די דירעקטע אדער אינדירעקטע עקספלואטירונג פון יונגע ארבייט־קרעפטען דורך דעם קאפיטאל, נאר פארקערט, עס איז דער קאפיטאליסטישער אופן פון עקספלואטאציע, וואס האט געמאכט די געוואלט פון די עלטערן פאר א מיסברויכענדע מאכט, דורכדעם וואס ער האט צושטערט איהר צוגעפאסטע עקאנאמישע גרונטלאגע.

ווי שרעקליך און עקעלהאפט אבער עס זאל זיך ניט ארויס־ווייזען די אויפלייזונג פון דעם אלטען פאמיליען־וועזען אין דעם קאפיטאליסטישען סיסטעם, שאפט פונדעסטוועגען די גרויס־אינ־דוסטריע, דורך דער וויכטיגער ראליע וואס זי טיילט איין די פרויען, יונגע פערזאנען און קינדער פוןביידע געשלעכטער אין די געזעל־שאפטליך־ארגאניזירטע פראדוקציאנס־פראצעסען מחוץ דער ספערע פון הויזליכען לעבען, די נייע עקאנאמישע גרונטלאגע פאר א העכערער פארמע פון דער פאמיליע און פון דער שייכות צווישען די געשלעכטער. עס איז, פארשטעהט זיך, פונקט אזוי אבסורד צו האלטען די קריסטליך־גערמאנישע פארמע פון דער פאמיליע פאר אן אבסאלוטע און ענדליכע, ווי די אלט־רוימישע פארמע, אדער די אלט־גריכישע, אדער די אריענטאלישע פארמע — וועלכע, אגב אורחא, מאכען אוים צווישען זיך א געשיכטליכע רייהע פון אנט־וויקלונג. עס איז אויך פונקט אזוי קלאר, אז דער פאקט, וואס דער קאמבינירטער ארבייטס־פערזאנאל איז צוזאמענגעשטעלט פון אינדיווידומען פון ביידע געשלעכטער און אלערליי עלטער־שטופען, מוז פארקערט, אונטער פאסענדע פארהעלטענישען, ווערען א קוואל פון הומאנער אנטוויקלונג; הגם אין דער נאטורמעסיג ברוטאלער, קאפיטאליסטישער פארמע, וואו דער ארבייטער עקזיסטירט פאר דעם פראדוקציאנס־פראצעס, ניט דער פראדוקציאנס־פראצעס פאר דעם ארבייטער, איז די דאזיגע צוזאמענשטעלונג א פארפעסטעטער קוואל פון פארדארבענקייט און שקלאווערײ.

די נויטווענדיגקייט צו פאראלגעמיינערן דאס פאבריק־געזעץ און מאכען פון איהם אנשטאט אן אויסנאם־געזעץ פאר די ערשטע

באַשעפעניסען פון דעם מאַשין־סיסטעם — די שפּינערייען און וועבערייען — אַ געזעץ פאַר אַלע געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנען, איז אַנטשטאַנען פון דעם געשיכטליכען אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער גרויס־אינדוסטריע. די טראַדיציאָנעלע געשטאַלט פון מאַנופאַקטור, האַנט־ווערק און הויז־אַרבייט, ווערט אויף דעם הינטערגרונט פון דער גרויס־אינדוסטריע אינגאַנצען רעוואָלוציאָנירט; די מאַנופאַקטור געהט שטענדיג איבער אין דער פאַבריק, דאָס האַנט־ווערק — שטענדיג אין דער מאַנופאַקטור, און ענדליך ווערען די ספערען פון האַנט־ווערק און הויז־אַרבייט, אין אַ לפי־ערך וואונדערבאַר־קורצער צייט אַ ריכטיגער גיהנום, וואו די ווילדעסטע אומגעהויערליכקייטען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע טרייבען זייער פרייען שפּיעל. דעם לעצטען קלאַפּ אָבער האָבען געגעבען צוויי אומשטענדען: ערשטענס די שטענדיג־ווידערהאָלטע ערפאַהרונג, אַז אַזוי באַלד ווי דער קאַפּיטאַל פאַלט אונטער דעם שטאַאטס־קאָנטראָל נאָר אין איינצעלנע פּונקטען פון דעם געזעלשאַפטליכען קרייז, לאָזט ער זיך אַלץ מעהר אונדערבאַרעמדיגער באַצאָלען אין אַנדערע פּונקטען; צווייטענס דער געשריי פון די קאַפּיטאַליסטען גופא פאַר גלייכהייט אין די קאָנקורענץ־באַדינגונגען, דאָס הייסט פאַר גלייכע באַשרענקונגען אויף דער עקספּלואַטאַציע פון אַרבייט.

„עס וואָלט געווען אַן אומרעכט אַנטקעגען די גרעסערע אַרבייט־געבער“, זאָגט די קאָמיסיע איבער קינדער־אַרבייט אין איהר באַריכט, „צו שטעלען זייערע פאַבריקען אונטער דער רעגולירונג, בעת די קלענערע שעפּער פון זייער אייגענעם געשעפט־צווייג זיינען ניט אונטערוואָרפען צו קיין געזעצליכער באַשרענקונג פון דער אַרבייט־צייט. צו דער אומגערעכטיגקייט פון ניט־גלייכע קאָנקורענץ־באַדינגונגען בנוגע דער אַרבייט־צייט, וואָס קומען פאַר בעת די קלענערע ווערקשטאַטען בלייבען אַן אויסנאַם פון דעם געזעץ, קומט נאָך צו דער אַנדער שאָדען פאַר די גרעסערע פאַבריקאַנטען, וואָס דער צושטעל פון פרויען־ און קינדער־אַרבייט ווערט אָפּגעצויגען פון זיי צו די שעפּער, וועלכע ווערען ניט רעגולירט פונ׳ם געזעץ. ענדליך וואָלט דאָס סטימולירט די פאַרמעהרונג פון קלענערע שעפּער, וועלכע זיינען כמעט אָהן אויסנאַם אַם מינדסטען גינסטיג פאַר דער געזונטהייט, באַקוועמליכקייט, ערציהונג און אַלגעמיינער פאַרבעסערונג פונ׳ם פאָלק.“

עס זיינען געמאַכט געוואָרען פאַרשיידענע פּראָבעס אָנצואווענדען אויף דער אַגריקולטור די פּרינציפּען פון דער פאַבריק־געזעצגעבונג, זיי זיינען אָבער אַלע געבליבען אָהן ערפאָלג ביז איצטער. וואָס איך וויל דאָ נאָר אויפמערקזאַם מאַכען איז, אַז עס איז דאָ

א פעסטע טענדענץ פון אן אלגעמייגער אנוועגדונג פון די דאזיגע פרינציפען.

אויב די אלגעמיינע אויסשפרייטונג פון דער געזעצגעבונג אלס א פיזישער און גייסטיגער שוץ־מיטעל פאר דעם ארבייטער־קלאס איז געווארען אומפארמיידליך, שפרייט זי אויס און פארשנעלערט פון דער אנדער זייט, ווי מיר האבען שוין דאס אנגעדייטעט, די פארוואנדלונג פון די צואווארפענע ארבייט־פראצעסען אויף א קליינעם מאסשטאב; זי פיהרט, הייסט עס, צו א קאנצענטראציע פון קאפיטאל און צו דער אויסשליסליכער הערשאפט פון דעם פאבריק־רעזשים. זי צושטערט אלע אלטע און איבערגאנג־פארמען, הינטער וועלכע עס באהאלט זיך נאך טיילווייז די הערשאפט פון קאפיטאל, און פארנעמט זייער פלאץ מיט זיין דירעקטער און אפענער הערשאפט. דערמיט אבער פאראלגעמיינערט זי אויך דעם דירעקטען קאמף אנטקעגען דער דאזיגער הערשאפט. בעת זי צווינגט איינצופיהרען גלייכפארמיגקייט, רעגעלמעסיגקייט, ארדנונג און עקאנאמיע אין יעדען אינדיווידועלען ווערקשטאט, פארמעהרט זי, דורך דעם אומגעהויערען סטימול, וואס די באשרענקונג און רעגולירונג פון׳ם ארבייטס־טאג גיט דער טעכניק, די אנארכיע און די קאטאסטראפען פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציע אינגאנצען גענומען, ווי אויך די אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט און די קאנקורענץ פון דער מאשינעריע מיט דעם ארבייטער. פארניכטענדיג די קליינע און הויזליכע אינדוסטריען, פארניכטעט זי די לעצטע ערימקלט פון די „איבעריגע ארבייטער“ און דערמיט אויך דעם ביזאהעריגען זיכערהייט־דעקעל פון דעם גאנצען געזעלשאפט־מעכאניזם. רייף מאכענדיג די מאטעריעלע באדינגונגען און די געזעלשאפטליכע קאמבינאציע פון דעם פראדוקציאנס־פראצעס, מאכט זי אויך רייף די ווידערשפרוכען און געגענזאצען פון זיין קאפיטאליסטישער פארמע, און פאלגליך אין דערזעלביגער צייט, וואס זי שאפט די עלעמענטען צו פארמירען א נייע געזעלשאפט, שאפט זי אויך די קרעפטען, וואס רעוואלוציאנירען די אלטע געזעלשאפט.*)

---

*) ראבערט אוען, דער פאטער פון די קאאפעראטיווע פאבריקען און קראמען, וועלכער האט אבער, ווי פריהער באמערקט, בשום אופן ניט געטיילט די אילוזיעס פון זיינע נאכפאלגער בנוגע דער וויטערער ווירקונג פון די דאזיגע איזאלירטע אומוואנדלונגס־עלעמענטען, האט ניט נאר פראקטיש געבויט זיינע עקספערימענטען אויף דעם פאבריק־סיסטעם, נאר האט אויך טעארעטיש דערקלערט דעם דאזיגען סיסטעם אלס דעם אויסגאנגס־פונקט פון דער סאציאלער רעוואלוציע.

פינפטער טייל

# די פראָדוקציע פון אַבסאָלוטען און רעלאַטיווען מעהר־ווערט.

## פערצעהנטער קאַפּיטעל

### אַבסאָלוטער און רעלאַטיווער מעהר־ווערט.

די פארלענגערונג פון דעם ארבייטס־טאָג אריבער דעם פונקט, ווען דער ארבייטער האָט נאָר פּראָדוצירט אַן עקוויוואלענט פאר דעם ווערט פון זיין ארבייט־קראַפט, און די אָנאייגענונג פון דער דאָזיגער מעהר־ווערט דורכ'ן קאַפּיטאל — דאָס איז די פּראָדוקציע פון דעם אבסאָלוטען מעהר־ווערט. אָט דער פּראָצעס קאָן פאָר־קומען, און קומט פאָר, אויפ'ן יסוד פון פּראָדוקציאָנס־אופנים, וועלכע זיינען איבערגעליפערט געוואָרען היסטאָריש אָהן דער מיט־ווירקונג פון קאַפּיטאל. עס קומט נאָר אַ פאָרמעלע געשטאלט־ענ־דערונג, אָדער דער קאַפּיטאליסטישער עקספּלואטירונגס־אופן אונ־טערשיידט זיך פון דעם פריהערדיגען אופן, דהיינו דער שקלאווען־סיסטעם א. ד. ג., נאָר דורכדעם, וואָס דאָרטען ווערט די מעהר־אר־בייט ארויסגעריסען דורך אַ דירעקטען צוואנג, און דאָ קומט זי צו־שטאנד דורך דעם „פרייוויליגען" פארקויף פון דער ארבייט־קראַפט.

די פּראָדוקציע פון אבסאָלוטען מעהר־ווערט מאכט אויס די אַלגעמיינע גרונטלאגע פון דעם קאַפּיטאליסטישען סיסטעם און דעם אָנהויב־פונקט פון דער פּראָדוקציע פון רעלאַטיווען מעהר־ווערט. ביי דער לעצטער איז דער ארבייטס־טאָג שוין לכתחילה צוטיילט אין צוויי שטיקער: אין נויטווענדיגער ארבייט און מעהר־ארבייט. כדי צו פארלענגערן די מעהר־ארבייט, ווערט די נויטווענדיגע אר־בייט פארקירצט דורך מעטאָדען, וועלכע מאכען אז דער עקוויוואַ־לענט פון דעם ארבייט־לוין זאָל פּראָדוצירט ווערען אין ווענינער צייט. די פּראָדוקציע פון דעם אבסאָלוטען מעהר־ווערט דרעהט זיך נאָך ארום דער לענג פון דעם ארבייטס־טאָג; די פּראָדוקציע פון דעם רעלאַטיווען מעהר־ווערט רעוואָלוציאָנירט דורך און דורך די טעכנישע פּראָצעסען פון דער ארבייט און די געזעלשאפטליכע גרופּירונגען.

די פּראָדוקציע פון דעם רעלאַטיווען מעהרווערט איז דערי־בער משער אַ ספּעציפיש־קאַפּיטאליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן,

וועלכער ענטשטעהט נאַטורמעסיג און ווערט ענטוויקעלט, צוזאַמען מיט זיינע מעטאָדען, מיטלען און באַדינגונגען נופאָ, ערשט אויפ'ן באַזיס פון דער אונטערוואָרפענקייט פון דער אַרבייט אונטער דעם קאַפּיטאַל.

עס וועט זיין גענוג בלויז אָנצואווייזען אויף צווישענדיגע פאָר־מען, אין וועלכע די מעהר־אַרבייט ווערט ניט ארויסגעפּומפּט דורך דירעקטען צוואַנג פון דעם פּראָדוצענט, און וואו דער פּראָדוצענט אליין איז נאָך ניט פאָרמעל אונטערוואָרפען צום קאַפּיטאַל. אין די דאָזיגע פאָרמען האָט דער קאַפּיטאַל נאָך ניט באַקומען קיין דירעקטען קאָנטראָל איבער דעם אַרבייט־פּראָצעס. לעבען די זעלב־שטענדיגע פּראָדוצענטען, וועלכע פיהרען אָן זייערע מלאכות און אַקער־בוי אויף דעם אַלט־מאָדישען וועג, טרעט ארויס דער וואוכע־רער אָדער דער סוחר, דער וואוכער־קאַפּיטאַל אָדער דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל, וועלכער זויגט זיי אויס ווי אַ פּאַראַזיט. ווען אָט די פאָרמע פון עקספּלואַטאַציע איז די הערשענדע אין אַ געזעלשאַפט, איז נאָך ניטאָ קיין קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן; זי קאָן אָבער, פון דער אַנדער זייט, זיין אַן איבערגאַנג־שטופּע צו איהם, ווי זי איז עס טאַקע געווען ביים סוף פון מיטעל־אַלטער. ענדליך קאָנען געוויסע צווישענדיגע פאָרמען, ווי עס באַווייזט דער ביישפּיעל פון דער מאָדערנער הויז־אַרבייט, דאָ און דאָרטען ווי־דער ערשיינען אויף דעם הינטערגרונט פון דער גרויס־אינדוסטריע, הגם מיט אַ גאַנץ פאַרענדערטען אויסזעהן.

פאַרשטעהט זיך, די פּראָדוקציע פון דעם אַבסאָלוטען מעהר־ווערט קען אין גאַנצען אָפּגרענעצט ווערען פון דער פּראָדוקציע פון דעם רעלאַטיווען מעהר־ווערט נאָר אין דער טעאָריע. אין דער פּראַקטיקע ווייזט זיך ארויס, אַז די מעטאָדען פאַר דער פּראָדוקציע פון דעם רעלאַטיווען מעהר־ווערט זיינען אין דערזעלבינער צייט אויך מעטאָדען פאַר דער פּראָדוקציע פון דעם אַבסאָלוטען מעהר־ווערט. מעהר נאָך, די פאַרלענגערונג פון דעם אַרבייטס־טאָג האָט זיך ארויסגעשטעלט אַלס דער איינציגסטימליכסטער פּראָדוקט פון דער גרויס־אינדוסטריע. פאַר דער פּראָדוקציע פון אַבסאָלוטען מעהר־ווערט איז גענוג די בלויז פאָרמעלע אונטערוואָרפענקייט פון דער אַרבייט אונטער דעם קאַפּיטאַל. צום ביישפּיעל, אַז האַנד־ווערקער, וועלכע האָבען פריהער געאַרבייט פאַר זיך אַליין, אָדער אפילו אַלס געזעלען פון אַ צעכאָווען מייסטער, זאָלען איצטער אַריינטרעטען אַלס לוין־אַרבייטער אונטער דעם דירעקטען קאָנ־טראָל פון אַ קאַפּיטאַליסט. דער ספּעציפיש־קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן הויבט אָן צו ווירקען אַלס ספּעציעלע מעטאָדע פאַר דער פּראָדוקציע פון רעלאַטיווען מעהר־ווערט ערשטענס בעת

ער כאפט ארום אינדוסטריען, וועלכע זיינען ביז אהער געווען בלויז פארמעל אונטערגעווארפען אונטער דעם קאפיטאל, און צווייטענס, אזוי ווייט ווי די אינדוסטריען, וואס זיינען שוין ארונטערגעפאלען אונטער זיין איינפלוס, ווערען נאכאנאנד רעוואלוציאנירט דורך ענדערונגען אין די מעטאדען פון פראדוקציע. אזוי־באלד ווי דער ספעציפיש־קאפיטאליסטישער פראדוקציאנס־אופן קאנטראלירט א גאנצען פראדוקציאנס־צווייג, און נאך מעהר — אזוי־באלד ווי ער האט געוואונען דעם קאנטראל איבער אלע וויכטיגע פראדוקציאנס־צווייגען, ווערט ער די אלגעמיינע, געזעלשאפטליך הערשענדע פארמע פון דעם פראדוקציאנס־פראצעס.

ווי נאר דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאנס־אופן איז איינמאל איינגעפיהרט און איז געווארען דער אלגעמיינער פראדוקציאנס־אופן, לאזט זיך דער אונטערשייד צווישען אבסאלוטען און רעלאטיווען מעהר־ווערט פיהלען, אזוי באלד ווי עס האנדעלט זיך וועגען פארגרעסערן די ראטע פון מעהר־ווערט איבערהויפט. אננעמענ, אז די ארבייט־קראפט ווערט באצאלט לויט איהר ווערט, שטעהט אונז דאן אנטקעגען די פאלגענדע ברירה: אויב די פראדוקטיווע קראפט פון דער ארבייט און איהר נארמאל־גראד פון אינטענסיוויטעט איז א באשטימטע, קאן די ראטע פון מעהר־ווערט פארגרעסערט ווערען נאר דורך א רעלאטיווער ענדערונג אין דער גרויס פון זיינע באשטאנד־טיילען, פון דער נויטווענדיגער ארבייט און דער מעהר־ארבייט. אויב דער לוין זאל דערביי ניט ארונטערפאלען אונטער דעם ווערט פון דער ארבייט־קראפט, לאזט זיך דאס נאר דורך א פארגרעסערונג ענטוועדער אין דער פראדוקטיוויטעט אדער אין דער אנגעשטרענגטקייט (אינטענסיוויטעט) פון דער ארבייט.

אויב דער ארביימער דארף האבען זיין גאנצע צייט, כדי צו פראדוצירען די נויטיגע לעבענסמיטלען צו דערהאלטען זיך אליין און זיין פאמיליע, דאן בלייבט איהם ניט קיין צייט צו ארביימען אהן געצאלט פאר אנדערע. אהן א געוויסען פראדוקטיוויטעטס־גראד פון דער ארבייט האט דער ארביימער ניט קיין איבעריגע צייט אין זיין רשות; אהן אזא איבערפליסיגע צייט איז ניטא קיין מעהר־ארבייט און ממילא קיינע קאפיטאליסטען, אבער אויך ניט קיין שקלאווען־האלטער, קיינע פעאדאלע בארא נען, מיט איין ווארט: קיין קלאס פון גרויס־באזיצער. נאכדעם ערשט ווי די מענשען האבען זיך ארויסגעארבייט פון זייער טיערישען צושטאנד, ווען זייער ארבייט נופא, הייסט עס, איז שוין אין א געוויסען גראד פארגעזעלשאפטליכט, וואקסען אויס פארהעלטעניסען, אין וועלכע די מעהר־ארבייט פון איין מענשען ווערט דער עקזיסטענ־

באדינג פון אן אנדערן. אין באגינען פון דער ציוויליזאציע זיינען די באקומענע פּראָדוקטיווע קרעפטען פון דער ארבייט קליין, אָבער אזוי זיינען אויך די באדערפעניסען, וועלכע אנטוויקלען זיך מיט און דורך די מיטלען פון זייער באפרידיגונג. אין יענעם ערש־טען פּעריאָד, ווידער, איז די פּראָפּאָרציע פון די טיילען פון דער געזעלשאפט, וועלכע לעבען פון פרעמדער ארבייט, אומענדליך קליין לגבי דער מאסע פון דירעקטע פּראָדוצענטען. מיט דעם פאָרט־שריט פון דער געזעלשאפטליכער פּראָדוקציאָנס־קראפט פון דער ארבייט וואקסט די דאָזיגע פּראָפּאָרציע *). די קאפיטאל־שייכות וואקסט איבערינגענס אויס אויף אן עקאָנאָמישען באָדען, וועלכער איז דער פּראָדוקט פון א לאנגען אנטוויקלונג־פּראָצעס. די עק־זיסטירענדע פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט, וועלכע איז די גרונט־לאגע פון דער קאפיטאל־שייכות, איז דער פּראָדוקט פון א געשיכטליכער אנטוויקלונג, וואָס איהרע פּעריאָדען פאסען אום ניט קיין יאָהר־הונדערטען, נאָר טויזענטע יאָהרהונדערטען.

אָפּגעזעהן פון דער מעהר אָדער ווייניגער אנטוויקעלטער גע־שטאלט פון דער געזעלשאפטליכער פּראָדוקציע, הענגט אָפּ די פּראָ־דוקטיוויטעט פון דער ארבייט פון נאטור־באדינגונגען. זיי קאָנען אלע צוריקגעפיהרט ווערען צו דער נאטור פון'ם מענשען גופא, ווי ראסע א. אז. וו. און צו דער נאטור וואָס רינגעלט איהם ארום. די אויסערליכע נאטור־באדינגונגען צופאלען עקאָנאָמיש אויף צוויי גרויסע קלאסען: אויף נאטירליכען רייכטום אין ל ע ב ע נ ס־מ י ט ל ע ן, ד. ה. פרוכטבארקייט פון באָדען, וואסערן רייך אין פיש א. אז. וו., און אויף נאטירליכען רייכטום אין א ר ב י י ט ס־מ י ט ל ע ן, ווי וואסערפאלען, שיפבארע טייכען, האָלץ, מעטאַ־לען, קויהלען א. אז וו. אין אָנפאנג פון דער ציוויליזאציע ווענדט אריבער די ערשטע פאָרמע פון נאטירליכען רייכטום, אויף א העכערער אנטוויקלונג־שטופע — די צווייטע פאָרמע. פארגלייכט צ. ב. ענגלאנד מיט אינדיען, אָדער אין דער אלטער וועלט — אטהען און קאָרינטה מיט די לענדער ביים ברעג פון שווארצען ים.

וואָס קלענער עס איז די צאָל נאטור־באדערפעניסען, וועלכע מוזען אבסאָלוט באפרידיגט ווערען, און וואָס גרעסער עס איז די נאטירליכע באָדען־פרוכטבארקייט און די גינסטיגקייט פון קלימאט, אלץ קלענער איז די ארבייט־צייט, וואָס איז נויטווענדיג פאר דער אויפהאלטונג פון דעם פּראָדוצענט און זיינע קינדער. פאָלגליך

---

*) ביי דיווילדע אינדיאנער פון אמעריקא געהערט כמעט אלץ דעם ארבייטער, 99 הונדערטלעך פון דעם פּראָדוקט קאָן צוגעשריבען ווערען צו דער ארבייט.

קאָן אויך זיין אַלץ גרעסער דער איבערשוס פון זיין ארבייט פאַר אַנדערע איבער זיין ארבייט פאַר זיך אַליין. אזוי האָט שוין דיאָ־דאָרוס באַמערקט וועגען די אַלטע מצריים: „עס איז לחלוטין אומ־גלויבליך, ווי וועניג מיה און קאָסטען די ערציהונג פון זייערע קינ־דער פאַראורזאַכט זיי. זיי קאָכען פאַר זיי די נעקסטע בעסטע איינפאַכע שפייז; זיי גיבען זיי אויך צו עסען דעם נידעריגען טייל פון דעם פּאַפּירוס־שטאַם, אויף וויפעל מען קאָן איהם בראָטען אין פייער, און די וואָרצלען און שטענגלעך פון די זומפּ־געוויקסען, טיילוויין רויה, טיילוויין געקאָכט און געבראָטען. די מעהרסטע קינדער געהען ארום נאַקעט און באָרוועס, ווייל די לופט איז אזוי מילד. דעריבער קאָסט א קינד זיינע עלטערן, ביז עס וואַקסט אויס, איינגאַנצען ניט מעהר ווי 20 דראַכמען (וועניגער אַן ערך ווי 20 דייטשע מארק). דאָס איז די הויפּט־ערקלערונג פאַר וואָס די באַפעלקערונג איז אין מצרים אזוי צאָלרייך, און פאַר וואָס זיי האָבען געקאָנט אונטערנעמען אזעלכע גרויסע ווערק“. פונדעסט־וועגען זיינען די גרויסע בוי־ווערק פון דעם אַלטען מצרים ניט אזוי פיעל די פאָלגע פון דעם אומפאַנג פון זיין באַפעלקערונג, ווי פון דער גרויסער פּראָפּאָרציע, אין וועלכער מען האָט די באַפעלקערונג געקאָנט פריי אויסנוצען. אזוי ווי דער איינצעלנער ארבייטער קאָן ארויסגעבען אַלץ מעהר מעהר־ארבייט, וואָס קלענער עס איז זיין נויטווענדיגע ארבייטס־צייט, אזוי אויך ,וואָס קלענער עס איז דער טייל ארבייטער־באַפעלקערונג, וואָס פאָדערט זיך צו פּראָדוצירען די נויטווענדיגע לעבענס־מיטלען, אַלץ גרעסער איז איהר טייל, וואָס קאָן באַנוצט ווערען פאַר אַנדערע ארבייטען.

נעמען מיר איינמאָל אָן די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע, ווערט דאָן, אויב די אומשטענדען בלייבען זאָנסט דיזעלבּיגע און די לענג פון ארבייטס־טאָג איז א באַשטימטע, זיך בייטען די גרויס פון דער ארבייט, ספּעציעל לויט דער פרוכטבאַרקייט פון באָדען. דערפון פאָלגט אָבער בשום אופן ניט פאַרקערט, אז דער פרוכטבאַר־סטער באָדען איז דער פּאַסענדסטער פאַר דעם וואוקס פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן. דערצו איז נויטיג די הער־שאַפט פון׳ם מענשען איבער דער נאַטור. וואו די נאַטור איז צו־פאַרשווענדעריש, „האַלט זי דעם מענשען אין די הענט, ווי א קינד פאַר די פיהר־שנירלעך“. זי לענט אויף איהם ניט ארויף די נויטווענדיגקייט זיך אַליין צו אַנטוויקלען. ניט דער טראָפּישער קלימאַט מיט זיין איבערוואוקס פון פלאַנצען־לעבען איז דאָס מוטער־לאַנד פון קאַפּיטאַל, נאָר דער ערד־פּאַס מיט א מעסיגען קלימאַט. ניט די אַבסאָלוטע פרוכטבאַרקייט פון באָדען, נאָר די פאַרשיידענ־אַרטיגקייט פון זיינע נאַטירליכע פּראָדוקטען, מאַכט אויס דעם פונ־

ראָמענט פון דער געזעלשאַפטליכער צוטיילונג פון דער ארבייט און טרייבט דעם מענשען, דורך די וועקסלונגען פון די נאַטור־אומשטענדען, אין וועלכע ער לעבט, צו פאַרפיעלפאַכען זיינע אייגענע באַדערפעניששען, פעהינקייטען, ארבייטס־מיטלען און ארבייטס־אופנים. די נויטוועגדינקייט צו קאָנטראָלירען א נאַטור־קראַפט געזעלשאַפטליך, צו זיין שפּאָרעווודיג מיט איהר, זי אָנצו־אייגענען אָדער איינגעמען דורך דער ארבייט פון מענשליכע הענט אויף א גרויסען מאַסשטאַב, שפּיעלט די וויכטיגסטע ראָליע אין דער געשיכטע פון דער אינדוסטריע. אזוי צום ביישפּיעל איז די וואַסער־רעגולירונג אין מצרים, *) אין דער לאָמבאַרדיע, האָלאַנד א. אַז. וו. אָדער אין אינדיען, פּערסיען א. אַז. וו., וואו די באַוואַ־סערונג דורך קינסטליכע קאַנאַלען גיט דעם באָדען ניט נאָר דאָס אומבאַדינגט־נויטיגע וואַסער, נאָר ברענגט איהם אויך, מיט דעם שליים פון די בערג, מינעראַלע פּערטיליזאַטאָרם. דער סעקרעט פון דער בליהענדער אינדוסטריע אין שפּאַניען און סיציליען, אונ־טער דער אראַבישער הערשאַפט, איז געווען די קאַנאַליזאַציע. **)

נינסטיגע נאַטור־באַדינגונגען גיבען אַלעמאָל נאָר די מעגליכ־קייט .אָבער קיינמאָל ניט די ווירקליכקייט פון דער מעהר־ארבייט, פאָלגליך פון מעהר־ווערט אָדער פון מעהר־פּראָדוקט. די פאַרשיי־

---

*) די נויטוועגדיגקייט צו באַרעכענען די פּעריאָדען פון דער באַוועגונג פון דעם נילוס האָט געשאַפען די עגיפּטישע אַסטראָנאָמיע און מיט איהר די הערשאַפט פון דעם פּריסטער־קלאַס אַלס אָנפיהרער פון דער אַגריקולטור. „די ווענדונג פון דער זון איז דער צייט־פּונקט פון יאָהר, ווען דער נילוס הויבט אָן צו ווערען פול, און דעריבער האָבען די עגיפּטיאַנער געמוזט באַאָבאַכטען די דאָזיגע ווענדונג מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט... עס איז געווען וויכטיג פאַר זיי פעסטצושטעלען דעם דאָזיגען פּעריאָד, כדי צו וויסען ווי זיך צו פיהרען אין זייערע לאַנד־ווירטשאַפטליכע אונטערנעמונגען. זיי האָבען דעריבער געמוזט זוכען אַ דייטליכען צייכען אין הימעל פון דעם ווידערקער פון דעם דאָזיגען פּונקט. (קיוויע, „אָבהאַנדלונג וועגען די באַוועגונגען פון דער ערד", פראַנצ., פּאַריז 1863, ז. 141.)

**) איינע פון די מאַטעריעלע גרונט־לאַגען פון דער מאַכט פון'ם שטאַאַט איבער די צואוואָרפענע קליינע פּראָדוקציאָנס־אָרגאַניזמען פון אינדיע איז געווען די רעגולירונג פון דעם וואַסער־צופלוס. די מאַחמאַ־דאַנישע הערשער פון אינדיען האָבען דאָס בעסער פאַרשטאַנען איידער זייערע ענגלישע נאָכפאָלגער. מיר וועלען דאָ נאָר דערמאָנען דעם הונגער פון 1866, וועלכער האָט געקאָסט דאָס לעבען פון מעהר ווי אַ מיליאָן הינדוסען אין דעם דיסטריקט אָריססאַ פון בענגאַליען.

דענע נאַטור־באַדינגונגען פון דער אַרבייט האָבען די ווירקונג, וואָס דערזעלביגער סכום אַרבייט באַפרידיגט אין פאַרשיידענע לענדער פאַרשיידענע באַדערפעניש אונ פאָלגליך וואָס די נויטווענדיגע אַרבייט־צייט איז פאַרשיידען ביי זאָנסט גלייכע אומשטענדען. די אומשטענדען ווירקען אויף דער מעהר־אַרבייט נאָר ווי נאַטור־גרעניצען, ד. ה. דורכדעם וואָס זיי באַשטימען דעם פונקט, ווען עס קאָן זיך אָנפאַנגען די אַרבייט פאַר אַנדערע. אין דעם ערך וואָס די אינדוסטריע מאַכט פאָרטשריט, רוקט זיך דער דאָזיגער נאַטור־גרענעץ אויף צוריק. אינמיטען פון דער וועסט־אייראָפּע־אישער געזעלשאַפט, וואו דער אַרבייטער קויפט זיך איין די ערלויב־ניש צו אַרבייטען פאַר זיין אייגענער עקזיסטענץ, נאָר דורך מעהר־אַרבייט, בילדעט מען זיך לייכט איין, אז עס איז אַ מיטגעבוירענע איינענשאַפט פון דער מענשליכער אַרבייט אַרויסצוגעבען אַ מעהר־פּראָדוקט. נעמט אָבער צום ביישפּיעל דעם איינוואוינער פון די מזרח־אינזלען פון דעם אַזיאַטישען אַרכיפּעלאַגוס, וואו דער סאַגאָ וואַקסט ווילד אין וואַלד. „בעת די איינוואוינער האָבען זיך איבערצייגט, בויערענדיג אַ לאָך אין דעם בוים, אז דער מאַרך פון בוים איז שוין צייטיג, האַקען זיי אָפּ דעם שטאַם און צוטיילען איהם אין עטליכע שטיקער; דער מאַרך ווערט אַרויסגעקראַצט, נעמישט מיט וואַסער און דורכגעזייהט, און עס ווערט דערפון סאַגאָ־מעהל פאַרטיג צום געברויך. איין בוים גיט געוועהנליך 300 פונט און קאָן אויך געבען פון 500 ביז 600 פונט. מען געהט דאָרט אין וואַלד און מען האַקט זיך אָן ברויט, פונקט ווי מען געהט ביי אונז און מען האַקט אָן האָלץ." *) אָנגענומען, אז אַזאַ מזרח־אַזיאַטישער ברויט־האַקער דאַרף האָבען 12 אַרבייט־שטונדען אַ וואָך, כדי צו באַפרידיגען אַלע זיינע באַדערפענישען. וואָס די גוטסקייט פון דער נאַטור גיט איהם, איז אַ סך ליידיגע צייט. כדי צו קאָנען די ליידיגע צייט פאַרווענדען פאַר זיך אַליין, איז נויטיג אַ גאַנצע רייה פון געשיכטליכע אומשטענדען; כדי ער זאָל זי אוועק־געבען אין מעהר־אַרבייט פאַר פרעמדע פערזאָנען, פאָדערט זיך אָן אויסערליכער צוואַנג. וואָלט איינגעפיהרט געוואָרען אַ קאַפּיטאַ־ליסטישע פּראָדוקציע, וואָלט דער בראַווער מענש אפשר געדאַרפט אַרבייטען 6 טעג אַ וואָך, כדי צו נעהמען פאַר זיך אַליין דעם פּראָדוקט פון איין אַרבייטס־טאָג. די גוטסקייט פון דער נאַטור ערקלערט ניט פאַר וואָס ער אַרבייט איצטער 6 טעג אַ וואָך, אָדער פאַרוואָס ער גיט אַרויס 5 טעג מעהר־אַרבייט, ד. ה. אַזאַ אומגע־

*) פ. שואוו: „די ערדע, די פלאַנצע אונד דער מענש". 2טע אויפלאַגע, לייפּציג 1854, ז. 148.

הויערען מעהר־פראָדוקט. זי דערקלערט נאָר פארוואָס זיין גוט־
ווענדיגע ארבייט־צייט איז באשרענקט נאָר אויף איין טאָג אין
דער וואָך. אין דער קאפיטאליסטישער פּראָדוקציע אָבער שיינען
די פּראָדוקטיווע קרעפטען פון דער נאטור צו זיין די פּראָדוקטיווע
קרעפטען פון קאפיטאל, פונקט אזוי ווי די געזעלשאפטליכע פּראָ־
דוקטיווע קרעפטען פון דער ארבייט, וועלכע האָבען זיך אנטוויקעלט
אין דער געשיכטע, שיינען צו זיין די פּראָדוקטיווע קרעפטען פון
קאפיטאל.

נײנצעהנטער קאפיטעל

# ענדערונג אין דער גרויס פונ'ם פרייז פון דער ארבייט־קראפט און פון מעהר־ווערט.

מיר האָבען געזעהן, אז דער ווערט פון דער ארבייט־קראפט
איז באשטימט דורך דעם ווערט פון די געוועהנהייטמעסיג־נויטווענ־
דיגע לעבענס־מיטלען פון דעם דורכשניטליכען ארבייטער. די מאַ־
סע פון די דאָזיגע לעבענס־מיטלען, הגם איהר פאָרמע מעג זיך
בייטען, איז אין א באשטימטער עפּאָכע פון א באשטימטער גע־
זעלשאפט א פעסט־געשטעלטע, און דעריבער קאָן זי באהאנדעלט
ווערען אלס א שטענדיגע (קאָנסטאנטע) גרויס. וואָס עס בייט זיך,
איז דער ווערט פון דער דאָזיגער מאסע. עס זיינען פאראן צוויי
אנדערע פאקטאָרען, וואָס געהען אריין אין דער ווערט־באשטימונג
פון דער ארבייט־קראפט. איינער איז די קאָסטען פון איהר אנט־
וויקלונג, וועלכע ענדערן זיך מיט דעם אופן פון איהר פּראָדוקציע;
דער אנדערער איז איהר נאטור־פארשיידענהייט, צי זי איז די אר־
בייט־קראפט פון מענער אָדער פרויען, פון קינדער אָדער פון דער־
וואקסענע (רייף אָדער אומרייף). דער פארברויך פון די דאָזיגע
פארשיידענע ארבייט־קרעפטען, וועלכער הענגט ווידער אָפּ פון דעם
פּראָדוקציאָנס־אופן, מאכט א גרויסען אונטערשייד אין די קאָסטען
פון אויסהאלטען אן ארבייטער־פאמיליע און אין דעם ווערט פון
דעם דערוואקסענעם מענליכען ארבייטער. אין דער פאָלגענדער
אונטערזוכונג אָבער נעמען מיר אָן, ערשטענס, אז די סחורות ווערען
פארקויפט לויט זייער ווערט; צווייטענס, אז דער פרייז פון דער
ארבייט־קראפט שטייגט אמאָל אריבער איהר ווערט, אָבער פאלט
קיינמאָל ניט אונטער דעם ווערט.

איז דאָס איינמאָל אָנגענומען, שטעלט זיך ארויס, אז די
גרויסען פונ'ם פרייז פון דער ארבייט־קראפט און פון מעהר־ווערט

אין פארגלייך איינער מיט דעם אנדערן העגנגען אפ פון דריי אומ־שטענדען: 1) די לענג פון דעם ארבייטס־טאג אדער די עקסטענ־סיווע גרויס פון דער ארבייט; 2) די נארמאלע אנגעשטרענגטקייט פון דער ארבייט אדער אינטענסיווע גרויס, אזוי אז א באשטימטער סכום ארבייט ווערט ארויסגעגעבען אין א באשטימטער צייט; 3) ענדליך די פראדוקציאנס־קראפט פון דער ארבייט, אזוי אז דער־זעלביגער סכום ארבייט גיט ארויס אין דערזעלבינער צייט א גרע־סערען אדער קלענערן סכום פראדוקט, לויט דעם אנטוויקלונגס־גראד פון די באדינגונגען פון דער פראדוקציע. עס איז קלאר פון אויבען־אויף, אז עס קאנען פארקומען זעהר פארשיידענע קאמ־בינאציעס, לויט נאך דעם ווי די דריי פאקטארען ענדערן זיך.

א) לאמיר באטראכטען ערשטענס דעם פאל, ווען די לענג פון דעם ארבייטס־טאג און די אנשטרענגונג ביי דער ארבייט בלייבען דיזעלבינע, עס ענדערט זיך אבער די פראדוקטיווע קראפט פון דער ארבייט.

1. דער ארבייטס־טאג פון א געוויסער גרויס שאפט שטענדיג דעמזעלבינען ווערט־פראדוקט, וויפיעל עס זאל זיך ניט בייטען די פראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט און מיט איהר די מאסע פרא־דוקטען, און פאלגליך דער פרייז פון דער איינצעלנער סחורה.

אויב 1 ארבייט־שטונדע פון נארמאלער אינטענסיוויטעט פרא־דוצירט א ווערט פון ½ שילינג, וועט אן ארבייטס־טאג פון 12 שטונדען אלעמאל ארויסגעבען א ווערט־פראדוקט פון 6 שילינג. (מיר נעמען אן דערביי אז דער ווערט פון געלט בלייבט אומפאר־ענדערט). ווערט די פראדוקציאנס־קראפט פון דער ארבייט גרע־סער אדער קלענער, דאן וועט דערזעלביגער ארבייטס־טאג ארויס־ברענגען מעהר אדער ווייניגער ארטיקלען, אזוי אז דער ווערט פון די 6 שילינג וועט זיך פאלגליך פארטיילען אויף מעהר אדער ווע־ניגער סחורות.

2. דער ווערט פון דער ארבייט־קראפט און דער מעהר־ווערט ענדערן זיך אין א פארקעהרטער ריכטונג איינער צום אנדערן: ווען דער ווערט פון דער ארבייט־קראפט ווערט קלענער, בלייבט מעהרער פאר דעם מעהר־ווערט; ווען דער ווערט פון דער אר־בייט־קראפט ווערט גרעסער, בלייבט ווייניגער פאר דעם מעהר־ווערט. א פארגרעסערונג אין דער פראדוקטיווער קראפט פון דער ארבייט פארקלענערט דעם ווערט פון דער ארבייט־קראפט און פאר־גרעסערט דעם מעהר־ווערט; און פארקעהרט—א פארקלענערונג פון דער פראדוקטיווער קראפט פון דער ארבייט פארגרעסערט דעם ווערט פון דער ארבייט־קראפט און פארקלענערט דעם מעהר־ווערט. דער ווערט פון דער ארבייט־קראפט, ווייטער גערעדט, קאן

ניט פאלען, און פאלגליך קאן דער מעהר־ווערט ניט שטייגען, סיי־
דען די פראָדוקטיווע קראפט פון דער ארבייט שטייגט ; צום ביי־
שפיעל, אויב דער פראָדוקט פון דעם 12־שטונדיגען ארבייטס־טאָג
איז ווערט 6 שילינג און דער ווערט פון דער ארבייט־קראפט איז 3
שילינג, קאן דער ווערט פון דער ארבייט־קראפט ניט ארונטערפאלען
פון 3 אויף 2 שילינג, סיידען די פארגרעסערטע פראָדוקטיווע
קראפט פון דער ארבייט ערלויבט צו פראָדוצירען אין 4 שטונדען
דיזעלבינע מאסע לעבענס־מיטלען, וועלכע האָבען פריהער געפאָ־
דערט 6 שטונדען פאר זייער פראָדוקציע. פארקערט, דער ווערט
פון דער ארבייט־קראפט קאן ניט שטייגען פון 3 אויף 4 שילינג,
סיידען די פראָדוקטיווע קראפט פון דער ארבייט פאלט, ד. ה. עס
פאָדערען זיך 8 שטונדען פאר דער פראָדוקציע פון דערזעלביגער
מאסע לעבענס־מיטלען, פאר וועלכער עס זיינען פריהער גענוג
געווען 6 שטונדען. דערפון פאָלגט, אז די פארגרעסערונג פון דער
פראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט ווארפט ארונטער דעם ווערט
פון דער ארבייט־קראפט און הויבט דערמיט דעם מעהר־ווערט ;
בעת, פארקעהרט, די פארקלענערונג פון דער פראָדוקטיוויטעט
הויבט דעם ווערט פון דער ארבייט־קראפט און ווארפט ארונטער
דעם מעהר־ווערט.

3. אזוי ווי מיט יעדער ענדערונג אין דער גרויס פון מעהר־
ווערט קומט אן אומגעקעהרטע ענדערונג פון דער גרויס אין דעם
ווערט פון דער ארבייט־קראפט ; און אזוי ווי דער ווערט פון דער
ארבייט־קראפט קאן זיך נאָר ענדערן מיט אן ענדערונג אין דער
פראָדוקטיווער קראפט פון דער ארבייט : איז דערפון גאַנץ קלאָר,
אז יעדע ענדערונג אין דער גרויס פון מעהר־ווערט נעמט זיך פון
אן אומגעקעהרטער ענדערונג פון דער גרויס אין דעם ווערט פון
דער ארבייט־קראפט.

דערביי אָבער קאָנען פאָרקומען צווישען־באוועגונגען, וועלכע
ווירקען אנטקעגען דער צופאסונג פון דעם פרייז פון דער ארבייט־
קראפט צו איהר ווערט. צום ביישפיעל : אויב דער ווערט פון
דער ארבייט־קראפט וואָלט מחמת א פארגרעסערטער פראָדוקטיווער
קראפט פון דער ארבייט געפאלען פון 4 שילינג אויף 3, אָדער די
נויטווענדיגע ארבייט־צייט פון 8 שטונדען אויף 6, וואָלט אַליץ
געווען מעגליך, אז דער פרייז פון ארבייט־קראפט זאָל נאָר פאלען
פון 4 אויף 3 שילינג 8 פענס, 3 שילינג 6 פענס, 3 שילינג 2 פענס
א. א. וו., און דער מעהר־ווערט וואָלט דעריבער נאָר געשטיגען
אויף 3 שילינג 4 פענס, 3 שילינג 6 פענס, 3 שילינג 10 פענס א.
א. וו. דער גראַד פון דעם פאלען, וואָס זיין מיניטום־גרעניץ איז
3 שילינג, חענגט אָפּ פון דעם געוויכט, וואָס עס ווארפט אויפ׳ן

וואגשאל דער דרוק פון קאפיטאל פון איין זייט און דער ווידער־
שטאנד פון די ארבייטער פון דער אנדער זייט.

דער ווערט פון דער ארבייט־קראפט איז באשטימט דורך דעם
ווערט פון א באשטימטען סכום לעבענס־מיטלען. וואָס עס ענ־
דערט זיך מיט דער פראָדוקטיווער קראפט פון דער ארבייט, איז
דער ווערט פון די דאָזיגע לעבענס־מיטלען, ניט זייער מאסע.
ביי א פארגרעסערטער פראָדוקטיווער קראפט פון דער ארבייט קאָן
די מאסע גופא וואקסען גלייכצייטיג און אין דערזעלביגער פראָפּאָר־
ציע פאר דעם ארבייטער און דעם קאפיטאליסט אָהן אירגענד
וועלכער ענדערונג אין דער גרויס צווישען דעם פרייז פון דער אר־
בייט־קראפט און דעם מעהר־ווערט. אויב דער אורשפרינגליכער
ווערט פון דער ארבייט־קראפט איז 3 שילינג און די נויטווענדיגע
ארבייט־צייט באטרעפט 6 שטונדען, אויב דער מעהר־ווערט איז
אויך 3 שילינג אָדער דער מעהר־ווערט באטרעפט אויך 6 שטונדען,
דאן וואָלט א פארטאָפּלונג אין דער פראָדוקציאָנס־קראפט פון דער
ארבייט, ווען די איינטיילונג פון דעם ארבייטס־טאָג בלייבט די
זעלביגע, געלאָזט דעם פרייז פון דער ארבייט־קראפט און דעם
מעהר־ווערט אומפארענדערט. דער איינציגער רעזולטאט וואָלט
געווען, וואס יעדערער פון זיי וואָלט פארגעשטעלט נאָך אמאָל אזוי
פיעל אָדער לפי ערך ביליגער־געוואָרענע געברויך־ווערטען. הגם
דער פרייז פון דער ארבייט־קראפט וואָלט געבליבען אומפארענ־
דערט, וואָלט ער דאָך געשטיגען איבער איהר ווערט. ווען אָבער
דער פרייז פון דער ארבייט־קראפט וואָלט געפאלען, ניט ביז צו
1½ שילינג, דעם מינימום גרעניץ לויט איהר נייעם ווערט, נאָר
אויף 2 שילינג 2 פענס, 2 שילינג 6 פענס א. א. וו., וואָלט אָט דער
געפאלענער פרייז אלץ נאָך רעפרעזענטירט א פארגרעסערטע מא־
סע לעבענס־מיטלען. דער פרייז פון דער ארבייט־קראפט וואָלט
אויף דעם אופן ביי א פארגרעסערטער פראָדוקטיוו־קראפט פון דער
ארבייט, געקאָנט נאָכאנאנד פאלען, און דאָך געהן צוזאמען מיט א
גלייכצייטיגען און שטענדיגען וואקסען פון דער מאסע פון דעם אר־
בייטער'ס לעבענס־מיטלען. פארגליכען אָבער מיט דעם מעהר־
ווערט, וואָלט דער ווערט פון ארבייט־קראפט שטענדיג געזונקען,
און דער אָפּגרונט צווישען דער לעבענס־לאגע פון דעם ארבייטער און
דעם קאפיטאליסט וואָלט אויף דעם אופן געוואָרען אלץ טיעפער.

ב) לאָמיר איצטער באטראכטען, צווייטענס, דעם פאל, ווען
די לענג פון דעם ארבייטס־טאָג און די פראָדוקטיווע קראפט פון דער
ארבייט בלייבען דיזעלביגע און עס ענדערט זיך די אינטענסיווי־
טעט פון דער ארבייט.

**פארגרעסערטע אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט מיינט א**

פאַרמעהרטע אויסגאַבע פון אַרבייט אין אַ געגעבענער צייט. דער אינטענסיווער אַרבייטס־טאָג פאַרקערפּערט זיך דעריבער אין מעהר פּראָדוקטען איידער דער וועניגער־אינטענסיווער טאָג פון דערזעל־ביגער צאָל שטונדען. אמת, מיט אַ פאַרגרעסערטער פּראָדוקטיווער קראַפט גיט דערזעלביגער אַרבייטס־טאָג אויך אַרויס מעהר פּראָ־דוקטען. אָבער אין אָט דעם לעצטערן פאַל זינקט דער ווערט פון דעם איינצעלנעם פּראָדוקט, ווייל ער קאָסט וועניגער אַרבייט איי־דער פריהער, בעת אין דעם ערשטען פאַל בלייבט ער אומפאַרענ־דערט, ווייל דער פּראָדוקט קאָסט דיזעלביגע אַרבייט ווי פריהער. די צאָל פּראָדוקטען שטייגט דאָ אָהן אַן אונטערפאַל פון זייער פּרייז. די פּרייז־סומע וואַקסט צוזאַמען מיט זייער פּרייז, בעת דאָרט שטעלט זיך אַרויס דיזעלביגע ווערט־סומע נאָר אין אַ פאַר־גרעסערטער מאַסע פון פּראָדוקטען. ווען די צאָל שטונדען בלייבט דיזעלביגע, פאַרקערפּערט זיך דעריבער דער אינטענסיווערער אַר־בייטס־טאָג אין אַ פאַרגרעסערטען ווערט־פּראָדוקט. און פאָלגליך, ווען דער ווערט פון געלט בלייבט דערזעלביגער, אין מעהר געלט. דער ווערט, וואָס ער שאַפט, ענדערט זיך אין דעם ערך אויף וויפיעל זיין אינטענסיוויטעט ווייכט אָפּ פון דעם געזעלשאַפטליכען נאָר־מאַל־גראַד. דערזעלביגער אַרבייטס־טאָג שטעלט זיך דעריבער פאָר אין אַ פּראָדוקט, וואָס זיין ווערט בייט זיך. דער אינטענסי־ווער, 12־שטונדיגער אַרבייטס־טאָג, צום בייישפּיעל, אין 7 שילינג, 8 שילינג א. אַ. וו., אָנשטאָט אין 6 שילינג, ווי דער 12־שטונדיגער אַרבייטס־טאָג פון געוועהנליכער אינטענסיוויטעט. עס איז קלאָר, אַז אויב דער ווערט־פּראָדוקט פונ'ם אַרבייטס־טאָג ענדערט זיך אַ שטייגער פון 6 אויף 8 שילינג, דאַן קאָנען בײדע טיילען פון דעם דאָזיגען ווערט־פּראָדוקט — דער פּרייז פון דער אַרבייט־קראַפט און דער מעהר־ווערט — וואַקסען אין דערזעלביגער צייט, סיי אין אַ גלייכען, סיי אין אַ ניט־גלייכען גראַד. ווען דער ווערט־פּראָ־דוקט שטייגט פון 6 אויף 8 שילינג, קאָן דער פּרייז פון דער אַר־בייט־קראַפט און דער מעהר־ווערט וואַקסען, בײדע אין דערזעלביגער צייט, פון 3 שילינג אויף 4. די פּרייז־העכערונג פון דער אַרבייט־קראַפט שליסט אין דעם פאַל ניט איין נויטיגערווייז, אַז איהר פּרייז שטייגט אַריבער איהר ווערט. פאַרקעהרט, די העכערונג אין פּרייז קאָן נאָר קומען צוזאַמען מיט אַן אַרונטערפאַל אין איהר ווערט. דאָס קומט פאָר אַלע מאָל, ווען די פּרייז־העכערונג פון דער אַר־בייט־קראַפט גלייכט זיך ניט אויס מיט איהר פאַרשנעלערטער אָפּ־ניצונג.

מיר ווייסען, אַז אַן ענדערונג אין דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט ברענגט, מיט פאַראיבער־געהענדע אויסנאַמען, נאָר

דאַן אַן ענדערונג אין דעם ווערט פון דער ארבייט־קראַפט און ממילא אין דער גרויס פונ׳ם מעהר־ווערט, ווען די פּראָדוקטען פון די אַנגעריהרטע אינדוסטריע־צווייגען געהען אריין אין דעם אר־בייטער׳ס געוואוינהייט־מעסיגען געברויך. אַט די באַגרעניצונג פאַלט דאָ אוועק. וואָרים סיי די גרויס פון דער ארבייט בייט זיך עקסטענסיוו אָדער אינטענסיוו, קומט מיט איהר אלעמאָל מיט אַן ענדערונג אין דער גרויס פון איהר ווערט־פּראָדוקט, אונאבהענגיג פון דער נאַטור פון דעם אַרטיקעל, אין וועלכער דער דאָזיגער ווערט איז פאַרקערפּערט.

ווען די אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט וואָלט פאַרגרעסערט געוואָרען אין אַלע אינדוסטריע־צווייגען אין דערזעלביגער צייט און אין אַ גלייכער מאָס, דאַן וואָלט דער נייער העכערער גראַד פון אינטענסיוויטעט געוואָרען דער געוועהנליכער געזעלשאַפטליכער נאָרמאַל־גראַד. פונדעסטוועגען וואָלטען אפילו דאַן די דורכשניט־ליכע אינטענסיוויטעט־גראַדען פון דער ארבייט געבליבען פאַרשיי־דען ביי פאַרשיידענע נאַציאָנען. דער אינטענסיווערער ארבייטס־טאָג פון איין נאַציאָן וואָלט זיך פאַרגעשטעלט אין אַ העכערן געלט־אויסדרוק איידער דער ווייניגער־אינטענסיווער ארבייטס־טאָג פון דער אַנדער נאַציאָן.

ג) נעמען מיר איצטער דעם פאַל, ווען די פּראָדוקטיווע קראַפט און די אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט בלייבען דיזעלבע, עס בייט זיך נאָר די לענג פון דעם ארבייטס־טאָג.

דער ארבייטס־טאָג קאָן זיך ענדערן אין צוויי ריכטונגען. ער קאָן פאַרקירצט ווערען אָדער פאַרלענגערט ווערען. מיר באַקומען אונטער די נייע באַדינגונגען די פאָלגענדע געזעצען: ,

1. דער ארבייטס־טאָג פאַרקערפּערט זיך אין אַ ווערט, וועל־כער וואַקסט אָדער פאַלט צוגלייך מיט דעם ארבייטס־טאָג.

2. יעדע פאַרענדערונג אין דער שייכות צווישען דער גרויס פונ׳ם מעהר־ווערט און דער גרויס פון דעם ווערט פון דער ארבייטס־קראַפט נעמט זיך פון אַ פאַרענדערונג אין דער גרויס פון דער מעהר־ארבייט און פאָלגליך פון דעם מעהר־ווערט. מיר נעמען אין אונזערע חשבונות, אַז דער ארבייטס־טאָג מאַכט לכתחילה אויס 12 שטונדען: 6 שטונדען נויטווענדיגע ארבייט און 6 שטונדען מעהר־ארבייט; אַז דער פּראָדוקט מאַכט אויס 6 שילינג, פון וועלכע איין העלפט קומט אַן דעם ארבייטער און די אַנדערע העלפט דעם קאַפּיטאַליסט.

מיר וועלען באַטראַכטען ערשטענס די **פאַרקירצונג פון דעם ארבייטס־טאָג**, אַ שטייגער פון 12 אויף 10 שטונדען. ער גיט אַרויס אַ ווערט נישט מעהר ווי פון 5 שי־

לינג. די מעהר־ארבייט איז ארונטערגעזעצט פון 6 שטונדען אויף 4, דער מעהר־ווערט פאלט פון 3 שילינג אויף 2. די דאָזיגע פארמינדערונג פון זיין גרויס פארמינדערט זיין פּראָפּאָרציע צו דעם ווערט פון דער ארבייט־קראפט: ער האָט זיך פארהאלטען צום יוערט פון דער ארבייט־קראפט ווי 3 צו 3, איצט פארהאלט ער זיך ניט מעהר ווי 2 צו 3. דער ווערט פון דער ארבייט־קראפט געווינט דערפאר אין רעלאטיווער גרויס, ד. ה. אין פארגלייך מיט'ן מעהר־ווערט, הגם זיין אבסאָלוטע גרויס בלייבט דיזעלבינע. ער וואקסט פון 3:3 אויף 2:3.

*די פארקירצונג פון דעם ארבייטס־טאָג אונטער די געגעבענע באדינגונגען,* דאָס הייסט ווען די פּראָדוקטיווע קראפט און די אָנגעשטרענגטקייט פון דער ארבייט בלייבען דיזעלביגע, לאָזט אויף דעם אופן דעם ווערט פון ארבייט־קראפט און ממילא די נויטווענדיגע ארבייט־צייט אומפארענדערט. זי פארקירצט די מעהר־ארבייט און דעם מעהר־ווערט. מיט דער גרויס פון דעם מעהר־ווערט פאלט אויך זיין פארהעלטעניש צו דער ווערט־גרויס פון דער ארבייט־קראפט, וועלכע בלייבט דיזעלביגע. נאָר אראָפּדריקענדיג דעם פרייז פון דער ארבייט־קראפט אונטער איהר ווערט־גרויס וואָלט דער קאפּיטאליסט זיך געקאָנט האלטען אָהן היזק.

אלע געוועהנליכע טענות פון די קאפּיטאליסטען אנטקעגען דער פארקירצונג פון דעם ארבייטס־טאָג זיינען משער, אז די פארקירצונג קומט פאָר אונטער די אומשטענדען, וואָס מיר האָבען דאָ אָנגענומען, בעת אין דער ווירקליכקייט איז די זאך פארקעהרט: אן ענדערונג אין דער פּראָדוקטיוויטעט און אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט קומט ענטוועדער פריהער פאר דער פארקירצונג פון דעם ארבייטס־טאָג אָדער דירעקט נאָך איהר.

*ביי א פארלענגערונג פון דעם ארבייטס־טאָג,* א שטייגער פון 12 אויף 14 שטונדען, וואקסט דער מעהר־ווערט פון 3 שילינג אויף 4, ווען די 2 שטונדען צוגעגעבענער ארבייט זיינען מעהר־ארבייט פאר'ן קאפּיטאליסט. דער מעהר־ווערט וואקסט אבסאָלוט און רעלאטיוו, בעת די גרויס פון דעם ווערט פון דער ארבייט־קראפט בלייבט אומפארענדערט אבסאָלוט, אָבער פאלט רעלאטיוו, פון 3:3 אויף 4:3.

אזוי ווי דער ווערט־פּראָדוקט, אין וועלכען דער ארבייטס־טאָג שטעלט זיך פאָר, וואקסט מיט דער פארלענגערונג פון דעם טאָג, קאָנען ביידע, אי דער פרייז פון דער ארבייט־קראפט, אי דער מעהר־ווערט וואקסען אין דערזעלביגער צייט, אין א גלייכער אָדער ניט־גלייכער מאָס. אָט דער גלייכצייטיגער וואוקס איז דעריבער מעג־

ליך אויף צוויי אופנים, ביי אַן אבסאָלוטער פאַרלענגערונג פונ׳ם ארבייטס־טאָג און ביי א פאַרגרעסערטער אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט אָהן אזא פאַרלענגערונג פונ׳ם ארבייטס־טאָג.

מיט א פאַרלענגערטען ארבייטס־טאָג קאָן דער פרייז פון דער ארבייט־קראַפט פאַלען אונטער איהר ווערט, הגם נאָמינעל בלייבט ער אומפאַרענדערט אָדער איז אפילו געשטיגען. דער טאָג־ווערט פון דער ארבייט־קראַפט ווערט געשאַצט, ווי מיר געדענקען, לויט איהר נאָרמאַלען דורכשניטליכען דויער אָדער לויט דעם נאָרמאַלען לעבענס־פּעריאָד פון דעם ארבייטער, און לויט דעם צונעפּאַסטען נאָרמאַלען אומזאַץ פון לעבענס־שטאָפען אין באוועגונג, ווי עס איז אָנגעמאָסטען פאַר דער מענשליכער נאַטור. ביז צו א געוויסען פּונקט קאָן די פאַרגרעסערטע אָפּניצונג פון דער ארבייט־קראַפט, וואָס לאָזט זיך ניט אָפּטיילען פון א פאַרלענגערונג פון ארבייטס־טאָג, אויסגעגליכען ווערען דורך א גרעסערן לוין. אָבער איבער־וואקסט די אָפּניצונג פון דעם ארבייטער אזוי שנעל, אז אַלע נאָר־מאַלע באַדינגונגען פון דער אויסגאַבע און דעם ווידער־אויפבוי, אַלע נאָרמאַלע באַדינגונגען פון רעפּראָדוקציאָן און פונקציאָנירונג פון דער ארבייט־קראַפט ווערען צושטערט. דער פרייז פון דער ארבייט־קראַפט און דער גראַד, אין וועלכען זי ווערט עקספּלואַטירט, הערען אויף צו זיין פאַרגלייכבאַר.

ד) לאָמיר צולעצט באַטראַכטען דעם פאַל, ווען אי די דויער פון דער ארבייט, אי איהר פּראָדוקטיווע קראַפט, אי איהר אינטענ־סיוויטעט ענדערן זיך גלייכצייטיג. דערביי זיינען מעגליך פאַרשי־דענע קאָמבינאַציעס. מיר וועלען דאָ אין קורצען באַטראַכטען נאָר צוויי וויכטיגע פעלע.

## 1. פאַרקלענערטע פּראָדוקטיווע קראַפט פון דער ארבייט מיט א גלייכצייטיגער פאַרלענגערונג פון דעם ארבייטס־טאָג.

ווען מיר רעדען דאָ וועגען א פאַרקלענערטער פּראָדוקטיווער קראַפט פון דער ארבייט, מיינען מיר אין אזוינע ארבייט־צווייגען, וואָס זייערע פּראָדוקטען באַשטימען דעם ווערט פון דער ארבייט־קראַפט ; אזא פאַרקלענערונג, צום ביישפּיעל, וואָס קומט פון א פאַרקלענערטער פרוכטבאַרקייט פון באָדען און דערפון, וואָס די באָדען־פּראָדוקטען ווערען לפי־ערך טייערער. דער ארבייטס־טאָג לאָמיר זאָגען, איז א 12־שטונדיגער און זיין ווערט־פּראָדוקט איז 6 שילינג : א העלפט דערפון קעהרט אום די הוצאות פון דער אר־בייט־קראַפט, די אנדערע העלפט מאַכט אויס דעם מעהר־ווערט. דער ארבייטס־טאָג צופאַלט זיך אויף דעם אופן אין 6 שטונדען

נויטווענדיגער ארבייט און 6 שטונדען מעהר־ארבייט. צוליעב דעם, וואס די באדען־פראדוקטען זיינען טייערער געווארען, שטייגט דער ווערט פון דער ארבייט־קראפט פון 3 אויף 4 שילינג, און פאלגליך די נויטווענדיגע ארבייט־צייט פון 6 אויף 8 שטונדען. אויב דער ארבייטס־טאג בלייבט אומפארענדערט, דאן פאלט די מעהר־ארבייט פון 6 אויף 4 שטונדען, דער מעהר־ווערט — פון 3 אויף 2 שילינג. אויב דער ארבייטס־טאג ווערט פארלענגערט אויף 2 שטונדען, ד. ה. פון 12 אויף 14 שטונדען, דאן בלייבט די מעהר־ארבייט 6 שטונדען, דער מעהר־ווערט 3 שילינג, אבער זיין גרויס פאלט אין פארגלייך צום ווערט פון דער ארבייט־קראפט, געמאסטען דורך דער נויטווענדיגער ארבייט. ווען דער ארבייטס־טאג ווערט פארלענגערט אויף 4 שטונדען, פון 12 אויף 16 שטונדען, דאן בלייבען די פראפארציאנעלע גרויסען פון מעהר־ווערט און ווערט פון דער ארבייט־קראפט, פון מעהר־ארבייט און נויטווענדיגער ארבייט, אומפארענדערט, אבער די אבסאלוטע גרויס פון דעם מעהר־ווערט וואקסט פון 3 אויף 4 שילינג, די גרויס פון דער מעהר־ארבייט—פון 6 אויף 8 ארבייט־שטונדען, ד. ה. אויף ⅓ אדער 33⅓ פראצענט. ביי א פארקלענערטער פראדוקטיווער קראפט פון דער ארבייט און א פארלענגערונג אין דערזעלביגער צייט פון דעם ארבייטס־טאג, קאן, הייסט עס, די אבסאלוטע גרויס פון דעם מעהר־ווערט בלייבען אומפארענדערט, בעת זיין פראפארציאנעלע גרויס פאלט; זיין פראפארציאנעלע גרויס קאן בלייבען אומפארענדערט, בעת זיין אבסאלוטע גרויס וואקסט, און דער ארבייטס־טאג קאן פארקלענערט ווערען אזוי, אז אי די סומע מעהר־ווערט, אי איהר פראפארציע צו דעם ווערט פון דער ארבייט־קראפט זאלעןביידע וואקסען.

אט דער רעזולטאט ווערט נאך שנעלער דערגרייכט, ווען צוגלייך מיט דער לענג פון דער ארבייט וואקסט אויך איהר אינטענסיוויטעט.

אין דעם צייט־משך פון 1799 ביז 1815 האבען די שטייגענדע פרייזען פון די לעבענס־מיטלען אין ענגלאנד מיטגעבראכט א נאמינעלע לוין־העכערונג, אבוואהל דער ווירקליכער ארבייט־לוין, אויסגעדריקט אין לעבענס־מיטלען, איז געפאלען. דער מעהר־ווערט איז דאן געווען געוואקסען אבסאלוט און רעלאטיוו, א דאנק דער געהעכערטער אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט און דער נעצוואונגענער פארלענגערונג פון דער ארבייט־צייט, מיט וועלכע א שנעלער וואוקס פון קאפיטאל און א פארארימונג פון די ארבייטער איז נעגאנגען האנט אין האנט. דאס איז געווען דער פעריאד, ווען

די פֿאַרלענגערונג סון אָהן אַ שיעור פון דעם ארבייטס־טאָג האָט
געקראָגן אַ פעסטע באַרעכטיגונג.

## 2. פאַרגרעסערטע אינטענסיוויטעט און פּראָדוקטיווע קראַפט פון דער אַרבייט מיט אַ גלייכצייטיגער פאַר־קירצונג פון אַרבייטס־טאָג.

פאַרגרעסערטע פּראָדוקטיווע קראַפט פון דער אַרבייט און איהר
וואַקסענדע אינטענסיווּיטעט ווירקען ביידע גלייך אין דערזעלבינער
ריכטונג. ביידע פאַרמעהרען די מאַסע אַרטיקלען, וואָס ווערען
פּראָדוצירט אין אַ געגעבענער צייט. ביידע פאַרקירצען, הייסט עס,
דעם טייל פון אַרבייטס־טאָג, וואָס דער אַרבייטער פאַרברויכט צו
פּראָדוצירען זיינע לעבענס־מיטלען אָדער זייער עקוויוואַלענט. דער
נידעריגסטער גרענעץ פון דעם אַרבייטס־טאָג ווערט בכלל באַ־
שטימט דורך אָט דעם נויטיגען באַשטאַנד־טייל זיינעם, וועלכער
לאָזט זיך אָבער פאַרקירצען. ווען דער גאַנצער אַרבייטס־טאָג
וואָלט פאַרקירצט געוואָרען ביז צו אָט דעם טייל, וואָלט פאַר־
שוואונדען געוואָרען די מעהר־אַרבייט, וואָס איז אוממעגליך אונ־
טער דעם רעזשים פון קאַפּיטאַל. די באַזייטיגונג פון דער קאַפּי־
טאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־פאָרם וואָלט ערלויבט צו באַשרענקען
דעם אַרבייטס־טאָג אויף דער נויטווענדיגער אַרבייט־צייט. אָבער
אפילו אין דעם פאַל, אויב די איבעריגע אומשטענדען בלייבען די־
זעלבינע, וואָלט די נויטווענדיגע צייט אויך אויסגעשפרייט איהר
פאַרנעם. פון איין זייט, ווייל דעם אַרבייטער'ס לעבענס־באַדינ־
גונגען וואָלטען געוואָרען רייכער און זיינע פאָדערונגען פון לעבען
גרעסער. פון דער אַנדער זייט, ווייל אַ טייל פון דער איצטיגער
מעהר־אַרבייט וואָלט זיך גערעכענט פאַר נויטווענדיגער אַרבייט,
און דאָס איז די אַרבייט, וואָס וואָלט געווען נויטיג צו שאַפען אַ
געזעלשאַפטליכען רעזערוו־ און אָנזאַמלונגס־פאָנד.

וואָס מעהר עס וואַקסט די פּראָדוקטיווע קראַפט פון דער אַר־
בייט, אַלץ מעהר קאָן דער אַרבייטס־טאָג פאַרקירצט ווערען, און
וואָס מעהר דער אַרבייטס־טאָג ווערט פאַרקירצט, אַלץ מעהר קאָן
די אינטענסיווּיטעט פון דער אַרבייט וואַקסען. פון דעם געזעל־
שאַפטליכען שטאַנדפונקט באַטראַכט, וואַקסט די פּראָדוקטיווּיטעט
פון דער אַרבייט אויך מיט דעם איינשפּאָרען פון אַרבייט. די דאָ־
זיגע עקאָנאָמיע שליסט איין ניט נאָר די איינשפּאָרונג פון די פּראָ־
דוקציאָנס־מיטלען, נאָר אויך די פאַרמיידונג פון אַלע נוצלאָזע אַר־
בייטען.. בעת דער קאַפּיטאַליסטישער אופן פון פּראָדוקציע
צווינגט איינצופיהרען עקאָנאָמיע אין יעדען אינדיווידועלען גע־

שעפט, ברענגט־מיט איהר אנאַרכישער סיסטעם פון קאָנקורענץ די גרעסטע פאַרשווענדונג פון די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און אַרבייט־קרעפטען, אָפּגערעדט שוין פון דער גרויסער צאָל פונקציעס, וואָס זיינען נויטיג איצט, אָבער זיינען בעצם אי־בערפליסיג. ווען די אינטענסיוויטעט און פּראָדוקטיווע קראַפט פון דער אַרבייט זיינען באַשטימט, איז דער טייל פון געזעלשאַפטליכען אַרבייטס־טאָג, וואָס איז נויטווענדיג פאַר דער מאַטעריעלער פּראָ־דוקציע, אויף אַזוי פיעל קירצער, און פאָלגליך דער טייל, וואָס ווערט ערלאָבערט פאַר דער פרייער, גייסטיגער און געזעלשאַפטלי־כער טעטיגקייט פון די איינצעלנע איז אויף אַזוי פיעל גרעסער, אויף וויפיעל די אַרבייט איז גלייכמעסיגער פאַרטיילט צווישען אַלע אַרבייט־פעהיגע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. און אויף וויפיעל וועניגער איין קלאַס פון דער געזעלשאַפט קאָן אַראָפּוואַרפען פון זיך די נאַטירליכע לאַסט פון דער אַרבייט און ארויפוואַרפען זי אויף אַנדערע. דער אַבסאָלוטער גרענעץ פאַר דער פאַרקירצונג פונ'ם אַרבייטס־טאָג איז, נאָך דער ריכטונג נאָך, די אַלגעמיינע אַרבייט־פליכט. אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט ווערט געשאַפען פרייע צייט פאַר איין קלאַס, דורך דעם וואָס די גאַנצע לעבענס־צייט פוי די מאַסען ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַרבייט־צייט.

צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

# די ראַטע פון מעהר־ווערט.

די ראַטע פון מעהר־ווערט קאָן אויסגעדריקט ווערען אַלס דער פאַרהעלטניס פון דעם מעהר־ווערט צו דעם ווערט פון דער אַר־בייט־קראַפט, אָדער צו דעם וואַריאַבלען קאַפּיטאַל, אָדער אַלס דער פאַרהעלטניס פון דער מעהר־אַרבייט צו דער נויטווענדיגער אַרבייט.

די בורזשואַזנע פּאָליטישע עקאָנאָמיע, פאַרקעהרט, פאַרגלייכט אימער דעם מעהר־ווערט מיט דעם ווערט פון דעם גאַנצען פּראָ־דוקט.

דער מעטאָד פאָרצושטעלען דעם מעהר־ווערט און דעם ווערט פון דער אַרבייט־קראַפט ווי ברוך־טיילען פון דעם ווערט־פּראָדוקט —א פאָרשטעלונגס־אופן, וועלכער וואַקסט איבעריגענס אַרויס פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן גופא, וואָס זיין באַדיי־טונג וועט זיך אַרויסווייזען שפּעטער—פאַרדעקט דעם ספּעציפישען כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַל־שייכות, ד. ה. דעם אויסטויש פונ'ם וואַריאַבלען קאַפּיטאַל מיט דער לעבעדיגער אַרבייט־קראַפט און דעם פאָלגליכען אויסשליסען דעם אַרבייטער פון דעם פּראָדוקט. אַנ־

שטאַט דעם ווירקליכען פאַקט, טרעט אַרויס דער פאַלשער שיין פון אַ סאָציאַציע־שייכות, אין וועלכער דער אַרבייטער און קאַפּיטאַליסט צוטיילען זיך מיט דעם פּראָדוקט לויט דער שייכות פון זייערע פאַרשיידענע פאַקטאָרען אין שאַפען דעם פּראָדוקט. אַזוי ווי אַלע אַנטוויקעלטע פאָרמען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס זיינען פאָרמען פון קאָאָפּעראַציע, איז נאַטירליך די לייכטסטע זאַך צו פאַרזעהן זייער אייגענטימליכען אַנטאַגאָניסטישען כאַראַקטער און אַריינ׳דמיונ׳ען זיי אין פרייע אַסאָציאַציאָנס־פאָרמען.

דער פאַרהעלטניס פון דער מעהר־אַרבייט צו דער נויטווענדיגער אַרבייט קאָן אויך אויסגעדריקט ווערען אַלס דער פאַרהעלטניס פון אומבאַצאָלער אַרבייט צו באַצאָלטער אַרבייט. מען דאַרף אָבער דערביי אימער געדענקען, אַז דער קאַפּיטאַליסט קויפט די אַ ר ב י י ט ־ ק ר אַ פ ט און באַצאָלט פאַר דעם ווערט פון דער אַרבייט־קראַפט, אויף וויפיעל דער פּרייז, וואָס ער צאָלט, שטימט מיט דעם ווערט. דערפאַר באַקומט ער דעם רשות איבער דער לעבעדיגער אַרבייט־קראַפט גופא. זיין נוץ־געניסונג פון דער דאָזיגער אַרבייט־קראַפט צופאַלט אין צוויי פעריאָדען. אין משך פון איין פעריאָד פּראָדוצירט דער אַרבייטער אַ ווערט, וואָס איז נאָר גליין צו דעם ווערט פון זיין אַרבייט־קראַפט, דער קאַפּיטאַליסט, הייסט עס, באַקומט פאַר דעם אויסגעלעגטען פּרייז פון דער אַרבייט־קראַפט אַ פּראָדוקט פון דעמזעלביגען פּרייז. פאַרקעהרט, אין דעם פעריאָד פון מעהר־ווערט שאַפט די נוץ־געניסונג פון דער אַרבייט־קראַפט אַ ווערט פאַר דעם קאַפּיטאַליסט, וועלכער קאָסט איהם ניט קיין ווערט־עקוויוואַלענט. ער קריגט אָט די אויסגעבונג פון דער אַרבייט־קראַפט אומזיסט. אין אָט דעם זין קאָן די מעהר־אַרבייט הייסען אומבאַצאָלטע אַרבייט.

דער קאַפּיטאַל איז דעריבער ניט נאָר די קאָמאַנדע איבער דער אַרבייט. עס איז אין גרונט גענומען די קאָמאַנדע איבער דער אומבאַצאָלטער אַרבייט. יעדער מעהר־ווערט, אין וועלכער ספּעציעלער געשטאַלט—פּראָפיט, צינז, רענטע א. א. וו.—ער זאָל זיך שפּעטער ניט אַרויסקריסטאַליזירען, איז לויט זיין עצם נאָך אַ פאַרקערפּערונג פון אומבאַצאָלטער אַרבייט־צייט. דער סעקרעט פון דער זעלבסטפאַרוווערטונג פון קאַפּיטאַל לייזט זיך אויף אין דעם, וואָס ער האָט אין זיין רשות אַ באַשטימטען סכום אומבאַצאָלטע פרעמדע אַרבייט.

## זעקסטער טייל

# דער ארבייטס-לוין.

### איין און צוואנציגסטער קאפיטעל

## די פארוואנדלונג פון דעם ווערט אדער דעם פרייז פון דער ארבייט-קראפט אין ארבייט-לוין.

אויף דער אויבערפלעך פון דער בורזשואזער געזעלשאפט ווייזט זיך ארויס דעם ארבייטער'ס לוין אלס פרייז פון דער ארבייט—א באשטימטער סכום געלט, וואס ווערט געצאלט פאר א באשטימטען סכום ארבייט. מען רעדט וועגען דעם ווערט פון דער ארבייט און זיין געלט-אויסדרוק רופט מען אן איהר נויטווענדיגער אדער נאטירליכער פרייז. פון דער אנדער זייט רעדט מען וועגען מארק-פרייזען פון דער ארבייט, דאס הייסט וועגען פרייזען, וואס באוועגען זיך אריבער אדער ארונטער איהר נויטווענדיגען פרייז.

אבער דורך וואס מעסטען מיר דעם ווערט פון א סחורה? דורך דער גרויס פון דער ארבייט, וואס ליגט אין איהר. ווי אזוי, אלזא, קאן דער ווערט צום ביישפיעל פון א 12-שטונדיגען ארבייטס-טאג ווערען באשטימט? דורך די 12 ארבייט-שטונדען, וואס זיינען אנטהאלטען אין אן ארבייטס-טאג פון 12 שטונדען— וואס די דאזיגע תשובה איז ניט מעהר ווי אן איבער'חזר'ונג פון דער שאלה.

כדי צו קאנען פארקויפט ווערען אויפ'ן מארק ווי א סחורה, מוז די ארבייט על כל פנים עקזיסטירען, איידער זי ווערט פארקויפט. ווען דער ארבייטער, אבער, וואלט איהר געקאנט געבען א זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ, דאן וואלט ער דאך פארקויפט סחורה, ניט ארבייט.

אפגעזעהן פון אט די ווידערשפרוכען, וואלט א דירעקטער אויסטויש פון געלט, ד. ה. פון רעאליזירטער ארבייט אויף לעבעדיגער ארבייט, אפגעשאפט די קאפיטאליסטישע פראדוקציע גופא, וועלכע איז דירעקט געבויט אויף דער לוין-ארבייט. דער ארבייטס-טאג פון 12 שטונדען שטעלט זיך פאר צום ביישפיעל אין א געלט-ווערט פון 6 שילינג. דער פרייז פון זיין ארבייט וואלט געוועזן גלייך צו דעם פרייז פון זיין פראדוקט. אין דעם פאל פראדוצירט ער ניט קיין מעהר-ארבייט פאר דעם קויפער פון זיין ארבייט די

6 שילינג ווערען ניט פאַרוואַנדעלט אין קאַפּיטאַל, דער יסוד פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע פאַרשווינדט. אויף דעם יסוד אָבער פאַרקויפט ער זיין ארבייט און אויף דעם גרונט איז זיין ארבייט לוין־ארבייט. אָדער ער באַקומט פאַר 12 שטונדען ארבייט ווייניגער איידער 6 שילינג, דאָס הייסט ווייניגער איידער 12 שטונדען ארבייט. עס קומט אויס, אז 12 שטונדען ארבייט טוישען זיך אויס אויף 10, 6 א. א. וו. שטונדען ארבייט. גלייכשטעלען אָט אזוי ניט קיין גלייכע גרויסען איז מבטל ניט נאָר די ווערט־באַשטימונג אליין. אזא ווידערשפּרוך, וואָס צושטערט זיך אליין, קאָן בכלל אפילו ניט אויסגעשפּראָכען ווערען אלס געזעץ.

עס איז קיין פּעולה ניט צו ווילען ארויספיהרען דעם אויסטויש פון מעהר ארבייט אויף ווייניגער ארבייט פון דעם אונטערשייד אין פאָרם, וואָס איינע איז רעאליזירטע ארבייט און די אנדערע איז לעבעדיגע ארבייט. דאָס איז נאָך מעהר אונזיניג דערפאַר, וואָס דער ווערט פון א סחורה ווערט ניט באַשטימט דורך דעם סכום ארבייט, וואָס איז ווירקליך אין איהר פאַרקערפּערט, נאָר דורך דעם סכום לעבעדיגער ארבייט, וואָס איז נויטווענדיג פאַר איהר פּראָדוקציע. א סחורה שטעלט דהינו פאָר 6 ארבייט־שטונדען. אויב עס ווערען געמאַכט ערפינדונגען, דורך וועלכע זי קאָן פּראָדוצירט ווערען אין 3 שטונדען, פאַלט דער ווערט אויף א העלפט אפילו פון דער סחורה, וואָס איז שוין פּראָדוצירט געוואָרען. זי שטעלט איצט פאָר 3 שטונדען, אַנשטאָט וואָס פריהער 6 שטונדען נויטווענדיגע געזעלשאַפטליכע ארבייט. די גרויס פון איהר ווערט, הייסט עס, באַשטימט דורך דער סכום ארבייט, וואָס פאָדערט זיך פאַר איהר פּראָדוקציע, ניט דורך דער רעאליזירטער פאָרם פון דער ארבייט.

אַנטקעגען דעם געלט־באַזיצער טרעט ארויס אויפ'ן סחורה־מאַרק פאַקטיש ניט די ארבייט, נאָר דער ארבייטער. וואָס דער ארבייטער פאַרקויפט, איז זיין ארבייט־קראַפט. אזוי שנעל ווי זיין ארבייט פאַנגט זיך ווירקליך אָן, האָט זי שוין אויפגעהערט צו געהערען צו איהם. ער קאָן זי שוין דעריבער מעהר ניט פאַרקויפען. די ארבייט איז דער עצם און די מאָס פון די ווערטען, אָבער אליין האָט זי קיין טויש־ווערט ניט.

די בורזשואַזע פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט נעבאַרגט אָהן ווייטערער קריטיק ביי דעם אַלטעגליכען לעבען דעם באַגריף „פּרייז פון דער ארבייט“, כדי דערנאָך זיך צו פרעגען, ווי אזוי ווערט אָט דער פּרייז באַשטימט? זי האָט באַלד איינגעזעהן, אז די ענדערונגען פון נאָכפראַגע און אָנבאָט ערקלערען בנוגע דעם פּרייז פון דער ארבייט, ווי בנוגע יעדער אנדער סחורה, מעהר גאָרניט ווי די

ענדערונגען פון די מארק־פרייזען אריבער אָדער ארונטער א געווי־
סער גרוים. אויב דער אָנבאָט און די נאָכפראַגע דעקען איינע די
אַנדערע, הערט אויף די פרייז־שוואַנקונג, ווען די אומשטענדען
בלייבען א חוץ דעם דיזעלבינגע. אָבער דאן ערקלערען נאָכפראַגע
און אָנבאָט גאָרנישט. דער פרייז פון דער ארבייט, ווען נאָכפראַגע
און אָנבאָט דעקען זיך, איז איהר נאַטירליכער פרייז, וואָס העננט
ניט אָפּ פון דער נאָכפראַגע און דעם אָנבאָט. אָדער מען האָט גע־
נומען א לענגערן פעריאָד פון די שוואַנקונגען פון מארק־פרייז,
צום ביישפּיעל א יאָהר, און מען האָט אויסגעפונען, אז איהר ארויף
און אראָפּ גלייכט זיך אויס ביז צו א מיטעלער דורכשניט־גרוים.
אָט די מיטעלע גרוים האָט, פארשטעהט זיך, געמוזט באשטימט
ווערען אויף אַן אַנדער אופן, איידער איהרע ענדערונגען, וואָס גליי־
כען זיך דורכשניטליך אוים. אָט דער פרייז, וואָס הערשט איבער
די צופעליגע מארק־פרייזען פון דער ארבייט און רעגולירט זיי:
דער „נאַטירליכער פרייז" פון דער ארבייט, ווי אדאם סמיט רופט
עס, קאָן זיין, ווי ביי אַנדערע סחורות, נאָר דער ווערט, וואָס איז
אויסגעדריקט אין געלט.

אויף דעם אופן האָט די פּאָליטישע עקאָנאָמיע געמיינט, אז
זי וועט קאָנען דורכדריינגען דורך די צופעליגע פרייזען פון דער
ארבייט און צוקומען צו איהר ווערט. דער דאָזיגער ווערט איז
דאן ווייטער, ווי ביי אַנדערע סחורות, באשטימט געוואָרען דורך די
פּראָדוקציאָנס־קאָסטען. אָבער וואָס זיינען די פּראָדוקציאָנס־קאָס־
טען—פון דעם ארבייטער, דאָס הייסט די קאָסטען, כדי דעם אר־
בייטער גופא צו פּראָדוצירען? אָט די פראגע האָט זיך באוואוסט־
לאָז אונטערגערוקט דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וואָרים מיט די
פּראָדוקציאָנס־קאָסטען פון דער ארבייט אַלס אזעלכע האָט זי זיך
געדרעהט אין קרייז און ניט געריהרט זיך פון אָרט. פאַלגליך,
וואָס זי האָט אָנגערופען דער ווערט פון דער ארבייט, איז אין דער
ווירקליכקייט דער ווערט פון דער ארבייט־קראַפט, וואָס עקזיסטירט
אין דער פערזענליכקייט פון דעם ארבייטער, און איז פונקט אזוי
פארשיידען פון איהר פונקציע, פון דער ארבייט, ווי א מאשין איז
פארשיידען פון איהרע אָפּעראַציעס.

לאָמיר איצט זעהן ווי ווערט און פרייז פון דער ארבייט־
קראַפט שטעלען זיך פאָר אין זייער פאַרוואַנדעלטער פאָרם אַלס
ארבייטס־לוין.

מיר ווייסען, אז דער טאָג־ווערט פון דער ארבייט־קראַפט איז
אויסגערעכענט אויף א געוויסער לענג פון דעם ארבייטער'ס לעבען,
מיט וועלכער עס שטימט א געוויסע לענג פון דעם ארבייטס־טאָג.
נעמט אָן, אז דער געוואוינהייטמעסיגער ארבייטס־טאָג באטרעפט

12 שטונדען און דער טאָג־ווערט פון דער ארבייט־קראַפט 3 שי־
לינג—דער געלט־אויסדרוק פון א ווערט, אין וועלכען עס שטעלען
זיך פאַר 6 ארבייט־שטונדען. אויב דער ארבייטער באקומט 3
שילינג, הייסט עס, אז ער קריגט דעם ווערט פון זיין ארבייט־
קראַפט, וועלכע איז טעטיג אין משך פון 12 שטונדען. אויב אָט
דער טאָג־ווערט פון דער ארבייט־קראַפט ווערט איצט אויסגעדריקט
אלס דער ווערט פון דער טאָג־ארבייט, באקומט זיך דאַן די פאַר־
מולע: די 12 שטונדען ארבייט האָט א ווערט פון 3 שילינג. דער
ווערט פון דער ארבייט־קראַפט באשטימט אויף דעם אופן דעם
ווערט פון דער ארבייט, אָדער אויסגעדריקט אין געלט—איהר נויט־
ווענדיגען פרייז.

אזוי ווי דער אויסדרוק „ווערט פון דער ארבייט" מיינט אויף
דעם לשון פון דער בורזשואזער פּאָליטישער עקאָנאָמיע ד ע ר
ו ו ע ר ט פ ו ן ד ע ר א ר ב י י ט ־ ק ר א פ ט, פארשטעהט
זיך ממילא, אז דער ווערט פון דער ארבייט מוז שטענדיג זיין קלע־
נער איידער איהר ווערט־פּראָדוקט, וואָרים דער קאַפּיטאַליסט גע־
ברויכט שטענדיג די ארבייט־קראַפט לענגער, איידער עס איז נויטיג
פאַר דער פּראָדוקציע פון איהר אייגענעם ווערט. אין דעם פרי־
הערדיגען ביישפּיעל איז דער ווערט פון דער ארבייט־קראַפט, וואָס
פונקציאָנירט אין משך פון 12 שטונדען, 3 שילינג—א ווערט,
וואָס אויף איהם צו פּראָדוצירען דאַרף מען נאָר 6 שטונדען. איהר
ווערט־פּראָדוקט איז דאַגעגען 6 שילינג, ווייל אין דער ווירקליכקייט
פונקציאָנירט זי אין משך פון 12 שטונדען, און איהר ווערט־פּראָ־
דוקט העננגט ניט אָפּ פון איהר אייגענעם ווערט, נאָר פון דער צייט,
וואָס די ארבייט געדויערט. מען באקומט אויף דעם אופן דעם רע־
זולטאַט, אז ארבייט, וועלכע שאַפט א ווערט פון 6 שילינג, בא־
זיצט א ווערט פון 3 שילינג.

מיר זעהען ווייטער: דער ווערט פון 3 שילינג, אין וועלכען
עס איז פאַרגעשטעלט דער באצאָלטער טייל פון דעם ארבייטס־
טאָג, ד. ה. די 6 שטונדען ארבייט, ערשיינט אלס ווערט אָדער
פרייז פון דעם גאנצען ארבייטס־טאָג פון 12 שטונדען, וועלכער
אַנטהאַלט 6 ניט־באצאָלטע שטונדען. די פאָרם פון דעם ארבייטס־
לוין לעשט אויף דעם אופן אויס יעדען שפּור פון דער צוטיילונג
פונ'ם ארבייטס־טאָג אויף נויטווענדיגער ארבייט און מעהר־אר־
בייט, אויף באצאָלטער און ניט־באצאָלטער ארבייט. די גאנצע
ארבייט ערשיינט אלס באצאָלטע ארבייט. אין דער לייבאייגענ־
שאַפט אונטערשיידט זיך די ארבייט, וואָס דער לייבאייגענער טוט
פאַר זיך אליין, פון דער צוואנג־ארבייט, וואָס ער טוט פאַר'ן פּריץ,
אין פּלאַץ און אין צייט, בחוש און ממשות'דיג. אין דער שקלאַ־

פעריי ערשיינט אפילו דער טייל פונ׳ם ארבייטס־טאַג, אין וועלכען דער שקלאַף קערט נאָר אום דעם ווערט פון זיינע אייגענע לעבענס־מיטלען, ווען ער ארביים, הייסט עס, פאַקטיש פאַר זיך אַליין, אויך ווי ארבייט, וואָס ער טוט פאַר זיין האַר׳ן. די גאַנצע ארבייט זיינע ערשיינט אַלס ניט־באַצאָלטע ארבייט. אין דער לוין־ארבייט ער־שיינט, פאַרקערט, אפילו די מעהר־ארבייט אָדער ניט־באַצאָלטע ארבייט אויך ווי באַצאָלטע. די אייגענטום־שייכות פאַרבאָרגט דאָרטען דעם שקלאַפ׳ס ארבייטען פאַר זיך אַליין, די געלט־שייכות פאַרבאָרגט דאָ דאָס אומזיסט ארבייטען פון דעם לוין־ארבייטער.

מען קאָן דעריבער באַגרייפען ווי ענטשיידענד וויכטיג עס איז די פאַרוואַנדלונג פון ווערט און פרייז פון דער ארבייט־קראַפט אין דער פאָרמע פון ארבייט־לוין אָדער אין דעם ווערט און פרייז פון דער ארבייט גופא. אויף אָט דער ערשיינונגס־פאָרמע, וועלכע פאַר־שטעלט די ווירקליכע שייכות און ציינט ארויס גראָד איהר היפך, זיינען געבויט אַלע רעכטס־פאָרשטעלונגען פון די ארבייטער ווי פון די קאַפּיטאַליסטען, אַלע פריהייט־איליזיעס פון דעם קאַפּיטאַליס־טישען פּראָדוקציאָנס־אופן, אַלע פשטלעך פון די קאַפּיטאַליסטישע עקאָנאָמיסטען.

דער אויססייש צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט שטעלט זיך פאָר צוערשט פאַר׳ן שכל פונקט אויפ׳ן זעלבינגען שטייגער ווי דער קויף און פאַרקויף פון אַלע אנדערע סחורות. דער קויפער גיט אַ געוויסע געלט־סומע, דער פאַרקויפער—אַן ארטיקעל וואָס איז עפּעס אנדערש איידער געלט. דער יוריסטישער קאָפּ זעהט אין דעם אַ מאַטעריעלען חלוק, וואָס דריקט זיך אויס אין די פיער גרונט־פאָר־מען פון דעם רוימישען קאָנטראַקט־רעכט: „איך גיב כדי דו זאָלסט געבען; איך גיב כדי דו זאָלסט טאָן; איך טו כדי דו זאָלסט געבען; איך טו כדי דו זאָלסט טאָן".

ווייטער. אזוי ווי טויש־ווערט און געברויך־ווערט לאָזען זיך ניט מעסטען איינער מיט דער אנדערער, זעהט דעריבער ניט אויס דער אויסדרוק „דער ווערט פון דער ארבייט", „דער פרייז פון דער ארבייט" פאַרשידען פון דעם אויסדרוק „דער ווערט פון באַוועל", „דער פרייז פון באַוועל". דערצו קומט נאָך דער אומשטאַנד, וואָס דער ארבייטער קריגט באַצאָלט נאָכדעם ווי ער האָט געליפערט די ארבייט. ענדליך, דער „געברויך־ווערט", וואָס דער ארביי־טער ליפערט דעם קאַפּיטאַליסט, איז אין דער ווירקליכקייט ניט זיין ארבייט־קראַפט, נאָר איהר אַנווענדונג, אַ באַשטימטע ניצליכע ארבייט, שוסטער־ארבייט, שפּין־ארבייט א. א. וו.

ווען מיר שטעלען זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דעם אַר־בייטער, וועלכער באַקומט צום ביישפּיעל פאַר 12־שטונדיגער אַר־

בייט דעם ווערט־פּראָדוקט פון 6־שטונדיגער ארבייט, לאָמיר זאָ־
גען 3 שילינג, דאַן זעהען מיר, אַז זיין 12־שטונדיגע ארבייט איז
פאַר איהם פּאַקטיש דער קויף־מיטעל פון די 3 שילינג. דער ווערט
פון ווערט. ער זעהט דעריבער קיינמאָל ניט איין, אַז אויב עס וואָלט
ווירקליך עקזיסטירט אַזאַ זאַך ווי דער ווערט פון דער ארבייט, און
ער וואָלט ווירקליך באַצאָלט אָט דעם ווערט, וואָלט קיין קאַפּיטאַל
ניט עקזיסטירט און זיין געלט וואָלט קיינמאָל ניט פאַרוואַנדעלט
געוואָרען אין קאַפּיטאַל.

דערצו צייגט די ווירקליכע באַוועגונג פון דעם ארבייט־לוין
אַזוינע ערשיינונגען, וועלכע באַווייזען אין פלוג, אַז עס איז ניט
דער ווערט פון דער ארבייט־קראַפט, וואָס ווערט באַצאָלט, נאָר דער
ווערט פון איהר געברויך, פון דער ארבייט גופא. אָט די ערשיינונ־
גען קאָנען מיר איינטיילען אין צוויי גרויסע קלאַסען. 1) אַן
ענדערונג פון ארבייט־לוין מיט דער געענדערטער לענג פון דעם
ארבייטס־טאָג. מען וואָלט אָבער פונקט אַזוי גוט געקאָנט קומען
צום שלוס, אַז מען באַצאָלט ניט דעם ווערט פון דער מאַשין, נאָר
דעם ווערט פון איהרע אָפּעראַציעס, וואָרים עס קאָסט מעהר צו
דינגען אַ מאַשין אויף אַ וואָך, איידער אויף איין טאָג. 2) דער
אינדיווידועלער אונטערשייד אין די שכירות פון פאַרשיידענע אר־
בייטער, וועלכע פיהרען דורך דיזעלבע ארבייט. מיר געפינען דעמ־
זעלבינגען אונטערשייד אין דעם סיסטעם פון שקלאַפעריי, וואו די
ארבייט־קראַפט גופא ווערט פאַרקויפט פראַנק און פריי אָהן דרייד־
לעך. נישט מעהר, אין דעם שקלאַפען־סיסטעם געהערט דער ריוח
פון אַן ארבייט־קראַפט, וואָס שטעהט איבער דעם דורכשניט,
אָדער דער היזק פון אַן ארבייט־קראַפט, וואָס שטעהט אונטער דעם
דורכשניט, צו דעם שקלאַפען־איינענטימער, און אין דעם סיסטעם
פון דער לוין־ארבייט געהערט עס דעם ארבייטער אַליין, ווייל אין
איין פאַל פאַרקויפט ער אַליין זיין ארבייט־קראַפט, און אין דעם
אַנדער פאַל ווערט זי פאַרקויפט פון אַ דריטער פערזאָן.

**צוויי און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.**

# דער צייט־לוין.

דער ארבייט־לוין גופא נעמט ווידער אָן זעהר פיעלפאַכינע
פאָרמען. דער פאַרקויף פון דער ארבייט־קראַפט קומט פאָר אויף
אַ באַשטימטען פעריאָד פון צייט. די פאַרוואַנדעלטע פאָרמע, אין
וועלכער עס שטעלט זיך דירעקט פאָר דער טאָג־ווערט, וואָך־ווערט
א. אז. וו. פון דער ארבייט־קראַפט, איז דעריבער די פאָרמע פון'ם
צייט־לוין, ד. ה. דער טאָג־לוין א. אז. וו.

די ענדערונגען אין דער גרויס פונ'ם פרייז פון דער ארבייט־קראפט און דעם מעהר־ווערט, ווערען איצטער אויסגעדריקט אלס ענדערונגען פון דעם ארבייט־לוין. אזוי אויך ווייזט זיך איצט ארויס דער אונטערשייד צווישען דעם טויש־ווערט פון דער ארבייט־קראפט און דער סומע לעבענס־מיטלען, אין וועלכע דער דאזיגער ווערט נעהמט אריבער, אלס אונטערשייד צווישען א נאמינעלען און רעעלען ארבייט־לוין. מיר וועלען זיך דעריבער באשרענקען אויף אייניגע פונקטען, וועלכע כאראקטעריזירען דעם צייט־לוין.

קודם־כל נעמען מיר דא אן, אז דער ווערט פון געלט ענדערט זיך ניט. די סומע געלט, וואס דער ארבייטער באקומט פאר זיין טאג־ארבייט, וואך־ארבייט א. אז. וו., מאכט אויס דעם באטרעף פון זיין נאמינעלען ארבייט־לוין, אדער פון דעם לוין, וואס איז געשאצט לויט דעם ווערט. עס איז אבער קלאר, אז דערזעלביגער טאג־לוין, וואכען־לוין א. אז. וו. קאן פארשטעלען, לויט נאך דער לענג פונ'ם ארבייטס־טאג, לויט נאך דער סומע ארבייט, הייסט עס, וואס ער ליפערט טעגליך, א זעהר פארשיידענעם פרייז פון דער ארבייט, דאס הייסט זעהר פארשיידענע געלט־סומען פאר דעמזעלביגען סכום ארבייט. בנוגע דעם צייט־לוין מוז מען, הייסט עפעס, ווידער אונטערשיידען צווישען דעם סך־הכל פון דעם ארבייט־לוין, טאג־לוין, וואכען־לוין א. אז. וו., און דעם פרייז פון דער ארבייט. ווי אזוי אבער געפינט מען אט דעם פרייז, דאס הייסט דעם געלט־ווערט פון א באשטימטען סכום ארבייט? דעם דורכשניטליכען פרייז פון דער ארבייט געפינט מען צוטיילענדיג דעם דורכשניטליכען טאג־ווערט פון דער ארבייט־קראפט אויף די צאהל שטונדען פון דעם דורכשניטליכען ארבייטס־טאג. אויב צום ביישפיעל דער טאג־ווערט פון דער ארבייט־קראפט איז 3 שילינג — דער ווערט פון דעם פראדוקט פון 6 ארבייט־שטונדען — און דער ארבייטס־טאג איז א 12־שטונדיגער, דאן איז דער פרייז פון איין ארבייט־שטונדע 3 שילינג צוטיילט אויף 12, אדער 3 פענס. דער פרייז פון דער ארבייט־שטונדע, וואס איז אויף דעם אופן אויסגעפונען געווארען, דיענט ווי אן איינהייט־מאס פאר דעם פרייז פון דער ארבייט.

דערפון פאלגט, אז דער טאג־לוין, וואך־לוין א. אז. וו. קאן בלייבען דערזעלביגער, הגם דער פרייז פון דער ארבייט האלט נאכאנאנד אין פאלען. אויב, צום ביישפיעל, דער געוועהנהייט־מעסיגער ארבייטס־טאג איז געוועזען 10 שטונדען און דער טאג־ווערט פון דער ארבייט 3 שילינג, האט דער פרייז פון דער ארבייט־שטונדע באטראפען 3 3/5 פענס; ער פאלט ארונטער צו 3 פענס, אזוי באלד ווי דער ארבייטס־טאג שטייגט צו 12 שטונדען. דער

טאָג־ אָדער וואָכען־לוין בלייבט אַלץ אומפאַרענדערט. פאַרקערט, דער טאָג־לוין אָדער וואָך־לוין קאָן שטייגען, הגם דער פּרייז פון דער ארבייט בלייבט דערזעלביגער אָדער אפילו אויב ער פאַלט. אויב, צום ביישפּיעל, דער אַרבייטס־טאָג איז געוועזן 10־שטונדיג און דער טאָג־ווערט פון דער אַרבייט־קראַפט איז 3 שילינג, דאַן איז דער פּרייז פון אַן אַרבייט־שטונדע 3 3/5 פענס. אויב עס ווערט מעהר ארבייט און דער ארבייטער ארבייט 12 שטונדען אויף דעמזעלביגען פרייז פון דער ארבייט, שטייגט דאַן זיין טאָג־לוין אויף 3 שילינג 7 1/5 פענס, הגם דער פרייז פון דער ארבייט האָט זיך ניט געענדערט. דערזעלביגער רעזולטאַט וואָלט געקאָנט אַרויסקומען, ווען אָנשטאָט דער לענג פון דער אַרבייט, וואָלט גרע־סער געוואָרען איהר אָנגעשטרענגטקייט. דאָס שטייגען פון דעם נאָמינעלען טאָג־ אָדער וואָכען־לוין קאָן דעריבער זיין באַגלייט פון אַ גלייכבלייבענדען אָדער פאַלענדען פרייז פון דער אַרבייט־קראַפט. דאָס אייגענע איז ריכטיג וועגען דער הכנסה פון דער אַרבייטער־פאַמיליע, אַזויבאַלד ווי דער סכום אַרבייט, וואָס דער הויפּט פון דער פאַמיליע ליפערט, ווערט פארמעהרט דורך דער אַרבייט פון די פאַמיליען־מיטגלידער. עס זיינען אַלזאָ פאַראַן מעטאָדען אַרונ־טערצודריקען דעם פרייז פון דער אַרבייט, וואָס העגגען ניט אָפּ פון דער פאַרקלענערונג פון דעם נאָמינעלען טאָג־ אָדער וואָכען־לוין.

די מאָס־איינהייט פון דעם צייט־לוין—דער פרייז פון דער אַר־בייט־שטונדע—געפינט זיך אַרויס, ווען מען צוטיילט דעם טאָג־ווערט פון דער אַרבייט־קראַפט דורך דער צאָל שטונדען פון דעם געוואוינהייטמעסינען אַרבייט־טאָג. אָנגענומען אַז דער אַרבייטס־טאָג איז 12 שטונדען און דער טאָג־ווערט פון דער אַרבייט־קראַפט איז 3 שילינג, דער ווערט־פּראָדוקט פון 6 אַרבייט־שטונדען. אונ־טער אָט די אומשטענדען איז דער פרייז פון דער אַרבייט־שטונדע 3 פענס און איהר ווערט־פּראָדוקט—6 פענס. אויב דער אַרבייטער ווערט באַשעפטיגט ווענינער איידער 12 שטונדען אַ טאָג (אָדער ווענינער איידער 6 טעג אין דער וואָך), צום ביישפּיעל, נאָר 6 אָדער 8 שטונדען, דאַן באַקומט ער, ביי דעם דאָזיגען פרייז פון דער אַרבייט, נאָר 2 שילינג אָדער 1½ שילינג טאָג־לוין. אַזוי ווי לויט דער השערה מוז ער אַרבייטען אין דורכשניט 6 שטונדען אַ טאָג, כדי צו פּראָדוצירען נאָר איין טאָג־לוין, וואָס שטימט מיט דעם ווערט פון זיין אַרבייט־קראַפט ; און אַזוי ווי לויט דערזעלביגער השערה, אַרבייט ער אין יעדער שטונדע נאָר אַ העלפט פאַר זיך און די אַנדערע העלפט פאַר דעם קאַפּיטאַליסט—איז דערפון קלאָר, אַז ער קאָן ניט אַרויסשלאָגען דעם ווערט־פּראָדוקט פון 6 שטונדען, ווען ער איז באַשעפטיגט ווענינער איידער 12 שטונדען. אויב מיר

האָבען פריהער געזעהן די צושטערענדע פאָלגען פון איבער־אַר־
בייט, ענטרעקט מען דאָ די קוואַלען פון די ליידען, וואָס דער אַר־
בייטער האָט אויסצושטעהן פון צו־וועניג אַרבייט.

אויב דער שטונדען־לוין איז פעסטגעשטעלט אויף אַזאַ אופן,
אַז דער קאַפּיטאַליסט פאַרפליכטעט זיך ניט צו צאָלען אַ טעגלי־
כען אָדער וועכענטליכען לוין, נאָר בלויז פאַר די אַרבייט־שטונדען,
וואָס איהם געפעלט צו באַשעפטיגען דעם אַרבייטער, קאָן ער איהם
באַשעפטיגען אויף אַ קירצערער צייט איידער די, וואָס איז
לכתחילה געוועזן די מאָס אויף אָפּצושאַצען דעם שטונדען־לוין
אָדער דעם פרייז פון דער אַרבייט. אַזוי באַלד ווי דער אַרבייטס־
טאָג הערט אויף צו באַשטעהן פון אַ באַשטימטער צאָל שטונדען,
ווערט פאַרשוואונדען דער צוזאַמענהאַנג צווישען דער באַצאָלטער
אַרבייט און ניט־באַצאָלטער אַרבייט. דער קאַפּיטאַליסט קאָן איצט
אַרויסשלאָגען פון דעם אַרבייטער אַ באַשטימטען סכום מעהר אַר־
בייט, ניט געבענדיג איהם די נויטווענדיגע אַרבייט־צייט פאַר זיין
אייגענער חיונה. ער קאָן פאַרניכטען יעדע רעגעלמעסיגקייט פון
דער באַשעפטיגונג און קאָן, לויט זיין באַקוועמליכקייט, קאַפּריז
אָדער מאָמענט־אינטערעס פון דעם, לאָזען די שרעקליכסטע אי־
בער־אַרבייט זיך בייטען אויף אַרבייטלאָזיגקייט. אונטער דעם
אויסרייד, אַז ער צאָלט דעם „נאָרמאַלען פרייז פון דער אַרבייט“,
קאָן ער פאַרלענגערן אָהן אַ שיעור דעם אַרבייטס־טאָג, אָהן אַ פאַר־
געלטונג פאַר דעם אַרבייטער. די געזעצליכע באַשרענקונג פון דעם
אַרבייטס־טאָג מאַכט אַ סוף פון אַזאַ צרה׳דיגען צושטאַנד, הגם,
פאַרשטעהט זיך, ניט צו דעם דוחק אין אַרבייט, וואָס נעמט זיך פון
דער קאָנקורענץ פון מאַשינעריע, פון דער ענדערונג אין דעם סאָרט
באַשעפטיגטע אַרבייטער, אָדער פון טיילווייזע און אַלגעמיינע קרי־
זיסען.

מיט אַ פאַרגרעסערטען טאָג־ אָדער וואָכען־לוין קאָן דער פרייז
פון דער אַרבייט נאָמינעל בלייבען דערזעלבער און דאָך אַרונטער־
זינקען אונטער זיין נאָרמאַלען גראַד. דאָס קומט אַלע מאָל פאָר,
ווי באַלד דער אַרבייטס־טאָג ווערט פאַרלענגערט אַריבער זיין געוו־
וואוינהייטמעסיגען דויער און דער פרייז פון דער אַרבייט־שטונדע
בלייבט דערזעלבער. אויב עס וואַקסט די לענג פון דעם אַרבייטס־
טאָג, וואַקסט די אָפּניצונג פון דער אַרבייט־קראַפט נאָך אין אַ
שנעלערער פּראָפּאָרציע, עס וואַקסט דעריבער אויך דער ווערט פון
דער אויסגעגעבענער אַרבייט־קראַפט. אין אַ סך אינדוסטריע־
צווייגען, וואו צייט־לוין איז די אַלגעמיינע רעגעל, און עס זיינען ני־
טאָ קיין געזעצליכע גרענעצען צו דער אַרבייט־צייט, האָט זיך דע־
ריבער פון זיך אַליין אויסגעבילדעט די געוואוינהייט, אַז דער אַר־

בייטס־טאָג רעכענט זיך אַלס נאָרמאַל נאָר ביז אַ געוויסען פּונקט, צום ביישפּיעל ביז עס ענדיגט זיך די צעהנטע שטונדע. אריבער דעם דאָזיגען גרענעץ הייסט עס שוין איבער־צייט „אָווערטיים״, און נעמענדיג די שטונדע אַלס מאָס־איינהייט, ווערט די צייט העכ־בער באַצאָלט („עקסטרא פּעי״), הגם אָפט אין אַ לעכערליך קליינער פּראָפּאָרציע. דער נאָרמאַלער ארבייטס־טאָג עקזיסטירט דאָ אַלס אַ ברוך־טייל פון דעם ווירקליכען ארבייטס־טאָג, און דער לעצטער גע־ווערט אָפט דורכ׳ן גאַנצען יאָהר לענגער איידער דער ערשטער. דער וואוקס אין פּרייז פון דער ארבייט, מיט דער פאַרלענגערונג פון דעם ארבייטס־טאָג איבער אַ געוויסען נאָרמאַל־גרענעץ, נעמט אָן אין פאַרשיידענע בריטישע אינדוסטריע־צווייגען אַזאַ פאָרם, אַז דער נידעריגער פּרייז פון דער ארבייט אין משך פון דער אַזוי־גע־רופענער נאָרמאַל־צייט צווינגט ארויף אויף דעם ארבייטער די בע־סער־באַצאָלטע אָווערטיים, אויב ער וויל ארויסשלאָגען אַ גענוגענ־דען ארבייט־לוין. די געזעצליכע באשרענקונג פון דעם ארבייטס־טאָג האָט געמאַכט אַ סוף פון אָט דעם פאַרגעניגען.

עס איז אַן אַלגעמיין־באַקאַנטער פאַקט, אַז וואָס לענגער דער ארבייטס־טאָג איז אין אַ געוויסען אינדוסטריע־צווייג, אויף אַזוי פיעל נידעריגער איז דער ארבייט־לוין.

מיר האָבען אויבען פאָרמולירט דאָס געזעץ: ווען דער פּרייז פון דער ארבייט איז אַ באַשטימטער, הענגט אָפּ דער טאָג־ אָדער וואָכען־לוין פון דעם סכום געליפערטע ארבייט. דערפון פאָלגט ערשטענס, אַז וואָס נידעריגער עס איז דער פּרייז פון דער ארבייט, אַלץ גרעסער מוז זיין דער סכום ארבייט, אָדער אַלץ לענגער מוז זיין דער ארבייטס־טאָג, כדי דער ארבייטער זאָל זיין געזיכערט אפילו מיט אַן עלענדען דורכשניט־לוין. די נידעריגקייט פון דעם ארבייט־פּרייז טרייבט דאָ דעם ארבייטער צו פאַרלענגערן די אר־בייט־צייט.

פאַרקערט, ווידער, די פאַרלענגערונג פון דער ארבייט־צייט ברענגט ארויס פון איהר זייט אַן ארונטערפאַל אין דעם ארבייט־פּרייז און ממילא אין דעם טאָג־ אָדער וואָכען־לוין.

ווען די שכירות פון דעם ארבייטער פאַר דעם טאָג־ארבייט בלייבען דיזעלבע, אָבער די צאָל שטונדען אין אַ טאָג ארבייט ווערט פאַרלענגערט, פאַלט שוין דורך דעם דער ארבייט־פּרייז. אָבער דיזעלבינע אומשטענדען, וועלכע לאָזען דעם קאַפּיטאַליסט דויערהאַפטיג פאַרלענגערן דעם ארבייטס־טאָג, גיבען איהם אויך צוערשט די מעגליכקייט, און ענדליך צווינגען זיי איהם, ארונטער־ציאוואַרפען אפילו דעם נאָמינעלען ארבייט־פּרייז, ביז עס פאַלט דער גאַנצער פּרייז פון די פאַרמערטע צאָל שטונדען, דאָס הייסט,

עס פעלט דער טאָג־ אָדער וואָכען־לוין. דאָ וועט זיין גענוג אָנ־
צואווייזען אויף צוויי אומשטענדען. ווען 1 מאַן טוט אָפּ די אר־
בייט פון 1½ אָדער 2 מענער, וואַקסט דערמיט דער צושטעל פון
ארבייט, הגם דער צושטעל פון די אַרבייט־קרעפטען, וואָס געפינען
זיך אויפ׳ן מארק, בלייבט דערזעלביגער. די קאָנקורענץ, וואָס
ווערט אויף דעם אופן געשאפען צווישען די ארבייטער, דערלאָזט
דעם קאפיטאליסט אראָפּדריקען דעם פּרייז פון דער ארבייט, און
דער געפאלענער פּרייז גיט איהם ווידער די מעגליכקייט ארויפצו־
ציהען נאָך מעהר די ארבייט־צייט. *) באלד אָבער ווערט אָט
די געוועלטיגונג איבער אויסערגעוועהנליכע סכום׳ען פון ניט־באַ־
צאָלטער ארבייט, וואָס שטייגען אריבער דעם געזעלשאפטליכען
דורכשניטס־גראד, א מיטעל פון קאָנקורענץ צווישען די קאפּיטא־
ליסטען גופא. א טייל פון דעם סחורה־פּרייז באשטעהט פון דעם
פּרייז פון דער ארבייט־קראפט. דער ניט־באצאָלטער טייל פונ׳ם
ארבייט־פּרייז מוז זיך ניט רעכענען אין דעם פּרייז פון דער סחורה.
ער קאָן אוועקגעשענקט ווערען דעם סחורה־קויפער. דאָס איז דער
ערשטער טריט, צו וועלכען די קאָנקורענץ פיהרט. דער צווייטער
טריט, צו וואָס זי טרייבט, איז אויסצושליסען פון דעם פארקויף־
פּרייז פון דער סחורה וועניגסטענס א טייל פון דעם אבנאָרמאלען
מעהר־ווערט, וואָס איז געשאפען געוואָרען דורך דער פארלענגע־
רונג פון דעם ארבייטס־טאָג. אויף אָט דעם אופן בילדעט זיך אויס
צוערשט אלס אן איינצעלנער פאל, און וואָס ווייטער אלץ מעהר
באפעסטיגט, אן אומנאָרמאל־נידעריגער פארקויף־פּרייז פון סחורה,
וועלכער ווערט פון דאן אָן די שטענדיגע גרונטלאגע פון א טרויע־
ריגען ארבייט־לוין פאר אן איבערמעסיגער ארבייט־צייט, ווי ער
איז לכתחילה געוועזען דער פּראָדוקט פון פונקט דיזעלביגע אומשטענ־
דען. מיר וועלען א ווילע לאָזען דעם קאפּיטאליסט אליין ריידען.

„אין בירמינגאם איז די קאָנקורענץ צווישען די מייסטערס
אזוי גרויס, אז פיעלע פון זיי זיינען געצוואונגען צו טאָן געוויסע
זאכען אלס ארבייט־געבער, וואָס זיי וואָלטען זאָנסט זיך געשעמט
צו טאָן ; און דאָך מאכט מען ניט מעהר געלט, נאָר דאָס פּובלי־
קום האָט די נוצען דערפון". אין 1862 האָבען אין לאָנדאָן עקזיס־

*) ווען א פאבריק־ארבייטער ענטזאָגט זיך צו ארבייטען די איינגע־
פיהרטע לאַנגע שטונדען, פארנעמט זיין פּלאַץ אַן אַנדער־ער, וועלכער איז
גרייט צו אַרבייטען ווי לאַנג מען הייסט, און דער ערשטער ווערט אַרויס־
געוואָרפען אויפ׳ן גאָס. „ווען איין מאַן טוט די ארבייט פון צווייטען...
וועט די ראַטע אין פּראָפיט בכלל שטייגען... ווייל דער גרעסערער אָנגע־
באָט פון ארבייט זעצט אַרונטער איהר פּרייז." (Senior, "Three Lectures on the Rate of Wages,") London, 1830, p. 14.

טירט צוויי סאָרטען בעקער, פון וועלכע איין סאָרט האָט פאַרקויפט
ברויט צום פולען פּרייז און דער אַנדערער האָט פאַרקויפט אונטער
דעם רעגעלען פּרייז. די ערשטע האָבען זיך באַקלאָגט אויף זייערע
קאָנקורענטען פאַר א פּאַרלאַמענטאַרישער אונטערזוכונגס־קאָמי־
סיע ווי פאָלגט: „זיי עקזיסטירען נאָר דורכדעם, וואָס זיי נאַרען
אָפּ ערשטענס דאָס פּובליקום (פעלשענדיג די סחורה), און צוויי־
טענס, וואָס זיי שינדען אַרויס פון זייערע אַרבייטער אַכטצעהן
שטונדען אַרבייט פאַר דעם לוין פון צוועלף־שטונדיגער אַרבייט...
די אומבאַצאָלטע אַרבייט פון די אַרבייטער איז דער מיטעל, מיט
וועלכען דער קאָנקורענץ־קאַמף ווערט אָנגעפיהרט... די קאָנקור־
רענץ צווישען די בעקער־מייסטערס איז די אורזאַך פון דער שווע־
ריגקייט אָפּצושאַפען די נאַכט־אַרבייט. א בעקער, וואָס פאַרקויפט
ברויט אונטער דעם קאָסט־פּרייז פון די מעהל, מוז אַרויסשלאָגען
זיין ריוח פון דער איבעריגער אַרבייט פון זיינע אַרבייטער. ווען
איך קריג אַרויס נאָר 12 שטונדען אַרבייט פון מיינע מענשען און
מיין נאָכבאַר באַקומט אַרויס 18 אָדער 20 שטונדען, קאָן ער מיך,
פאַרשטעהט זיך, שלאָגען אין דעם פאַרקויף־פּרייז. ווען די אַר־
בייטער וואָלטען געקאָנט פּועל'ן, מען זאָל זיי באַצאָלען פאַר אי־
בער־צייט, וואָלט שוין רעכט געוואָרען... א גרויסע צאָל פון די,
וואָס אַרבייטען ביי די דאָזיגע אונטערן־פּרייז־פאַרקויפער, זיינען
פרעמדע און יונגע לייט, וועלכע זיינען געצוואונגען אָנצונעמען
יעדען לוין, וואָס זיי קאָנען קריגען.“

אָט די איכה איז אינטערעסאַנט אויף דעריבער, ווייל זי באַ־
ווייזט, ווי אין דעם קאַפּיטאַליסטישען מח שפּיגעלט זיך נאָר אָפּ
דער שיין פון די פּראָדוקציאָנס־שייכות'ן. דער קאַפּיטאַליסט ווייס
ניט, אַז דער נאָרמאַלער פּרייז פון דער אַרבייט שליסט אויך איין
א באַשטימטען סכום אומבאַצאָלטער אַרבייט, און אַז טאַקע די דאָ־
זיגע אומבאַצאָלטע אַרבייט איז דער נאָרמאַלער קוואַל פון זיין ריוח.
די קאַטעגאָריע מעהר־אַרבייט־צייט עקזיסטירט בכלל ניט פאַר
איהם, היות ווי עס איז איינגעשלאָסען אין דעם נאָרמאַלען אַר־
בייטס־טאָג, פאַר וועלכען ער מיינט, אַז ער באַצאָלט אין דעם טאָג
לוין. דערפאַר אָבער עקזיסטירט פאַר איהם די איבער־צייט, די
פאַרלענגערונג פונ'ם אַרבייטס־טאָג אַריבער דעם גרענעץ, וואָס
שטימט מיט דעם געוואונטען פּרייז פון דער אַרבייט. בנוגע זיין
קאָנקורענט, וואָס פאַרקויפט אונטער'ן פּרייז, פאַרלאַנגט ער אפילו,
יענער זאָל צאָלען עקסטראַ פאַר דער דאָזיגער איבער־צייט. ווי־
דער אַמאָל ווייס ער ניט, אַז די דאָזיגע עקסטראַ צאָלונג שליסט
פונקט אַזוי איין אומבאַצאָלטע אַרבייט, ווי דער פּרייז פון דער גע־
וועהנליכער אַרבייט־שטונדע. צום ביישפּיעל, דער פּרייז פון א

שטונדע פון דעם 12־שטונדיגען ארבייטס־טאָג איז 3 פענס—דער ווערט־פּראָדוקט פון ½ ארבייט־שטונדע, בעת דער פּרייז פון אן איבער־צייטיגער ארבייט־שטונדע איז 4 פענס—דער ווערט־פּראָדוקט פון ⅔ ארבייט־שטונדע. אין ערשטען פאל נעמט זיך צו דער קאַפּיטאַליסט פון יעדער ארבייט־שטונדע ½, אין דעם אנדערן פאל ⅓, פאר וועלכער ער באַצאָלט נים.

דריי און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

# דער שטיק־לוין.

דער שטיק־לוין איז נים מעהר ווי א פארוואנדעלטע פאָרמע פון דעם צייט־לוין, אזוי ווי דער צייט־לוין איז די פארוואנדעלטע פאָרמע פון דעם ווערט אָדער פּרייז פון דער ארבייט־קראַפט.

ביי דעם שטיק־לוין זעהט עס אויס אויפ'ן ערשטען בליק אזוי ווי דער געברויך־ווערט, וואָס דער ארבייטער פארקויפט, וואָלט זיין נים דער געברויך פון זיין ארבייט־קראַפט, לעבעדיגע ארבייט, נאָר ארבייט, וואָס איז שוין אריינגעטאָן אין דעם פּראָדוקט, און אזוי ווי דער פּרייז פון דער דאָזיגער ארבייט וואָלט געווען באַשטימט דורך דער לייסטונג־פעהיגקייט פון פּראָדוצענט.

ערשטענס מוז דער צוטרוי צו אָט דעם בליק שטארק אויפגעטרייסעלט ווערען שוין דורך דעם פאקט אליין, וואָסביידע פאָרמען פון דעם ארבייט־לוין געפינען זיך אין דערזעלבינער צייט איינע לעבען די אנדערע אין דיזעלביגע געשעפט־צווייגען. עס איז אָבער קלאָר פאר זיך אליין, אז די פארשיידענהייט אין דער פאָרמע פון אויסצאָהלען דעם ארבייט־לוין ענדערט גאָרניט בנוגע זיין עצם, הגם איין פאָרמע קאָן זיין גינסטיגער פאר דער קאפּיטאליסטישער פּראָדוקציע איידער אן אנדער פאָרמע.

אָנגענומען, אז דער געוועהנליכער ארבייטס־טאָג פארנעמט 12 שטונדען, פון וועלכע 6 זיינען באַצאָלטע און 6 ניט־באַצאָלטע. זיין ווערט־פּראָדוקט, לאָמיר זאָגען, איז 6 שילינג, און פון איין ארבייט־שטונדע איז פאָלגליך 6 פענס. מיר וועלען אָננעמען, אז עס שטעלט זיך ארויס על פי ערפאהרונג, אז אן ארבייטער, וואָס ארבייט מיט דעם דורכשניט־גראַד פון אינטענסיוויטעט און פעהיגקייט — וועלכער, הייסט עס, פארווענדעט פאקטיש נאָר די געזעלשאפטליך־נויטווענדיגע ארבייט־צייט פאר דער פּראָדוקציע פון אן ארטיקעל — ליפערט 24 שטיקער אין 12 שטונדען, סיי גאַנץ באַזונדערע פּראָדוקטען, סיי טיילען, וואָס לאָזען זיך מעסטען, פון א צוזאמענהענגענדען פּראָדוקט. אויף דעם אופן איז דער ווערט פון

די ראָזינגע 24 שטיקער, נאָכדעם ווי מען ציהט אראָב דעם טייל קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל, וואָס ליעגט אין זיי, 6 שילינג, און דער ווערט פון יעדען איינצעלנעם שטיק איז 3 פּענס. דער ארבייטער קריגט 1½ פּער שטיק און פּארדיענט אויף דעם אופן אין 12 שטונ־דען 3 שילינג. אזוי ווי בנוגע דעם צייט־לוין איז אלץ איינס צי מען נעמט אָן, אַז דער ארבייטער ארבייט 6 שטונדען פאר זיך און 6 שטונדען פאר דעם קאַפּיטאַליסט, אָדער ער ארבייט פון יעדער שטונדע איין העלפט פאר זיך און די אנדערע פאר דעם קאַפּיטאַליסט, אזוי איז אויך דאָ קיין אונטערשייד ניט, צי מען זאָגט, אַז יעדע איינצעלנע שטיק איז האלב באַצאָלט און האלב ניט־־באַצאָלט, אָדער אַז דער פּרייז פון די 12 שטיקער קערט נאָר אום דעם ווערט פון דער ארבייט־קראַפט, בעת אין די אנדערע 12 איז פארקערפּערט דער מעהר־ווערט.

לאָמיר איצטער באַטראַכטען די כאַראַקטעריסטישע אייגענ־שאַפטען פון דעם שטיק־לוין אביסעל נעהענטער.

די גוטסקייט פון דער ארבייט ווערט דאָ קאָנטראָלירט דורך דער ארבייט גופא, וועלכע מוז זיין פון א דורכשניטליך־גוטען גראַד, כדי צו קריגען באַצאָלט דעם פולען שטיק־פּרייז. אין אָט דעם פּרט ווערט דער שטיק־לוין דער פּרוכטבארסטער קוואַל פון לוין־אָבציהונגען און קאַפּיטאַליסטישער באַטריגעריי.

ער גיט דעם קאַפּיטאַליסט א גאַנץ באַשטימטע מאָס פאר דער אינטענסיווויטעט פון דער ארבייט. נאָר די ארבייט־צייט, וועלכע פארקערפּערט זיך אין א סכום סחורה, וואָס איז פון פריהער באַ־שטימט און פעסט־געשטעלט על פּי ערפאַהרונג, גילט אלס נעזעל־שאַפטליך־נויטווענדיגע ארבייט־צייט און קריגט באַצאָלט אלס אַזעלכע. אין די לאָנדאָנער גרעסערע שניידער־שעפּער הייסט דע־ריבער א געוויסע שטיק ארבייט, צ. ב. ש. א וועסט, א שטונדע אָדער א האלבע שטונדע א. ד. ג., צו 6 פּענס א שטונדע. פון דער פּראַקטיקע ווייס מען וויפיעל עס איז דער דורכשניט־פּראָ־דוקט פון א שטונדע. ווען עס קומט א נייע מאָדע, אָדער ביי רע־פּאַראַטורען א. אז. וו., הויבט זיך אָן א מחלקה צווישען באָס און ארבייטער, צי א געוויסע שטיק ארבייט איז גלייך צו א שטונדע א. אז. וו., ביז די ערפאַהרונג אנטשיידעט דאָ אויך. אויב דער ארבייטער באַזיצט ניט די דורכשניטליכע לייסטונגס־פעהיגקייט, קאָן ער פאָלגליך ניט ליפערן א באַשטימטען מינימום פון טאָג־אר־בייט, זאָגט מען איהם אָפּ.

אזוי ווי די גוטסקייט און אָנגעשטרענגטקייט פון דער ארבייט ווערען דאָ קאָנטראָלירט דורך דער פאָרמע פון דעם ארבייט־לוין גופא, מאַכט זי א גרויסען טייל פון דער אויפזיכט איבער דער ארבייט איבערפליסיג. דער שטיק־לוין שאַפט דעריבער די גרונט־

לאנגע פאר דער „מאָדערנער היים־ארבייט״, ווי אויך פאר א היער־
ארכיש־אָרגאניזירטען סיסטעם פון עקספּלואטאציע און אונטער־
דריקונג. דער דאָזיגער סיסטעם באזיצט צוויי גרונט־פאָרמען. פון
איין זייט מאכט דער שטיק־לוין לייכטער פאר פאראזיטען זיך
אריינצושטעלען צווישען דעם קאפּיטאליסט און דעם לוין־ארביי־
טער — דאָס ארויסגעבען די ארבייט צו קאָנטראקטאָרס. דער
ריווח פון די דאָזיגע צווישען־פּערזאָנען קומט אויסשליסליך פון דער
דיפערענץ צווישען דעם ארבייט־פּרייז, וואָס דער קאפּיטאליסט
צאָלט, און דעם טייל פון דעם דאָזיגען פּרייז, וואָס זיי לאָזען דעם
ארבייטער פאקטיש קריגען. דער דאָזיגער סיסטעם הייסט אין
ענגלאנד כאראקטעריסטיש דער „סוועטינג סיסטעם״ (א סיסטעם
פון אויסשוויצען). פון דער אנדער זייט ערלויבט דער שטיק־לוין
דעם קאפּיטאליסט צו שליסען א קאָנטראקט פאר אזוי פיעל פּער
שטיק מיט דעם הויפּט־ארבייטער, אויף א פּרייז, פאר וועלכען דער
הויפּט־ארבייטער אליין נעמט זיך אונטער אָנצושטעלען און צאָלען
זיינע אויסהעלפער. די עקספּלואטירונג פון דער ארבייט דורך דעם
קאפּיטאל פארווירקליכט זיך דאָ דורך דער עקספּלואטירונג פון
דעם ארבייטער דורכ׳ן ארבייטער.

איינמאָל עקזיסטירט שטיק־לוין, איז עס נאטירליך דעם אר־
בייטער׳ס פּערזענליכער אינטערעס אָנצושטרענגען זיין ארבייט־
קראפט אזוי אינטענסיוו ווי מעגליך, און דאָס מאכט גרינגער פאר׳ן
קאפּיטאליסט צו העכערן דעם נאָרמאלען גראד פון אינטענסיוויטעט.
אזוי אויך איז עס דעם ארבייטער׳ס פּערזענליכער אינטערעס צו
פארלענגערן דעם ארבייטס־טאָג, ווייל דורכדעם וועט שטייגען זיין
טאָג־ אָדער וואָכען־לוין. דאָס ברענגט מיט א רעאקציע, ווי עס
איז שוין באשריבען געוואָרען ביים צייט־לוין — אָפּגעזעהן פון
דעם, וואָס די פארלענגערונג פונ׳ם ארבייטס־טאָג, אפילו ווען דער
שטיק־לוין בלייבט דערזעלביגער, שליסט איין אן און פאר זיך
אן ארונטערפאל אין דעם פּרייז פון דער ארבייט.

ביי דעם צייט־לוין הערשט מיט ווייניגע אויסנאמען א גלייכער
ארבייט־לוין פאר דיזעלביגע ארבייטען, בעת ביי דעם שטיק־לוין
מעסט זיך טאקע דער פּרייז פון דער ארבייט־צייט דורך א באַ־
שטימטען סכום פּראָדוקטען. אָבער דער טאָג־ אָדער וואָכען־לוין
בייט זיך לויט דער אינדיווידועלער פארשיידענהייט פון די ארביי־
טער, פון וועלכע איינער ליפערט נאָר א מינימום פונ׳ם פּראָדוקט
אין א געגעבענער צייט, דער אנדערער ליפערט דעם דורכשניט,
דער דריטער — מעהר איידער דעם דורכשניט. בנוגע דער ווירק־
ליכער הכנסה קומען אָ דעריבער פאָר גרויסע חלוקים, לויט דער
פארשיידענער געשיקטקייט, קראפט, ענערגיע, אויסדויער א. אז. וו.
פון דעם אינדיווידועלען ארבייטער. דאָס ענדערט, פארשטעהט

זיך, גאָר ניט די אַלגעמיינע שייכות'ן צווישען קאַפּיטאַל און לוין־אַרבייט. ערשטענס גלייכען זיך אויס די אינדיווידועלע חלוקים פאַר דער גאַנצער פאַבריק, אַזוי אַז זי גיט אַרויס דעם דורכשניט־פּראָדוקט אין אַ באַשטימטער אַרבייט־צייט, און דער סך־הכל פון דעם אויסגעצאָלטען לוין וועט זיין דער דורכשניט־לוין פאַר דעם געשעפטצווייג. צווייטענס בלייבט די פּראָפּאָרציע צווישען אַרבייט־לוין און מעהר־ווערט אומפאַרענדערט, היות ווי דער אינדיווידועלער לוין פון דעם איינצעלנעם אַרבייטער שטימט מיט דער מאַסע מעהר־ווערט, וואָס ער ליפערט אינדיווידועל. אָבער דער גרעסערער שפּיעל־רוים, וואָס דער שטיק־לוין גיט דער אינדיווידואַליטעט, שטרעבט פון איין זייט צו אַנטוויקלען די דאָזיגע אינדיווידואַליטעט, און דערמיט אויף דעם פרייהייט־געפיהל, די זעלבסטשטענדיגקייט און דעם זעלבסט־קאָנטראָל פון די אַרבייטער; פון דער אַנדער זייט — זייער קאָנקורענץ צווישען זיך און איינער אַנטקעגען דעם אַנדערן. דער שטיק־לוין האָט דעריבער אַ טענדענץ אויפצוהויבען די אינדיווידועלע אַרבייט־לוינען איבער דעם דורכשניט־גראַד גופא. דאָרט, וואו אַ באַשטימטער שטיק־לוין האָט זיך על פּי טראַדיציע שוין באַפעסטיגט פון לאַנג־אָן, און עס זיינען דעריבער געווען ספּעציעלע שוועריגקייטען איהם אַרונטערצודריקען, האָבען די באַלעבאַטים אין אַזוינע אויסנאַם־פאַלען זיך געכאַפּט פאַר דעם מיטעל צו פאַרוואַנדלען איהם מיט גוואַלד אין צייט־לוין. דער שטיק־לוין איז ענדליך אַ הויפּט־שטיצע פון דעם שטונדען־סיסטעם, וואָס איז פריהער באַשריבען געוואָרען.

פון דער ביזאַהעריגער באַשרייבונג ווייזט זיך אַרויס, אַז דער שטיק־לוין איז די פאָרמע פון אַרבייט־לוין, וואָס פאַסט זיך אַמ בעסטען צו דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן. הגם ער איז בשום אופן ניט ניי — ער פיגורירט לעבען דעם צייט־לוין אָפיציעל צווישען אַנדערע אין די פראַנצויזישע און ענגלישע אַרבייטער־געזעצען פון 14טען יאהרהונדערט — געווינט ער אָבער אַ גרעסערע פעלד ערשט אין פאַרלויף פון דעם אייגענטליכען מאַנופאַקטור־פּעריאָד. אין דעם שטורם־און־דראַנג פּעריאָד פון דער גרויס־אינדוסטריע ספּעציעל פון 1797 ביז 1815, דיענט ער ווי אַ הויב־שטאַנג פאַר דער פאַרלענגערונג פון דער אַרבייט־צייט און דער אַרונטערדריקונג פון דעם צייט־לוין.

ווי וועניג די אינטענסיוויטעט און אויסשפּרייטונג פון דער אַרבייט, וואָס איז געשטיגען מיט דעם שטיק־לוין, האָט געטאָן גוטס דעם אַגריקולטור־פּראָלעטאַריאַט, באַווייזט די פאָלגענדע שטעלע, וואָס איז אַרויסגענומען פון אַ פאַרטיי־שריפט פאַר לאַנד־לאָרדס און פאַרמער, וואָס איז ערשינען אין 1814:

„דער פיעל גרעסערער טייל פון די אַגריקולטור־אַרבייטען ווערט

אויפגעטאָן פון מענשען, וועלכע זיינען געדונגען פון טאָג אָדער לויט שטיק־אַרבייט. זייער וואָכען־לוין באַטרעפט אומגעפער 12 שילינג; און הגם מען מעג אָננעמען, אז א מאַן פאַרדיענט ביים שטיק־לוין, אונטער דער גרעסערער אָנרעגונג צו אַרבייטען, 1 שי־לינג אָדער אַפשר 2 שילינג מעהר אידער ביים וואָכען־לוין, געפינט מען אָבער אויס, ווען מען רעכענט צוזאַמען דעם סך־הכל פון זיין הכנסה, אז זיין פאַרלוסט צוליעב אומבאַשעפטיגונג אין משך פון יאָהר ווענט איבער דעם פאַרדיענסט... ווייטער קאָן מען בכלל געפינען, אז דער לוין פון אָט די מענשען שטעהט אין א גע־וויסער פראָפּאָרציע צו דעם פרייז פון די נויטווענדיגע לעבענס־מיטלען, אזוי אז א מאַן מיט צוויי קינדער קאָן דערנעהרען זיין פאַמיליע ניט אָנקומענדיג צו קהל'שער שטיצע". אויב דער מאַן האָט דריי קינדער, וואָלט ער, הייסט עס, שוין געווען אָנגעוויזען אויף צדקה פון קהל.

אין די פאַבריקען, וואָס זיינען אונטערוואָרפען דעם פאַבריק־געזעץ, ווערט דער שטיק־לוין די אַלגעמיינע רעגעל, ווייל דער איינ־ציגער וועג ווי אזוי קאַפּיטאַל קאָן נאָך אויסציהען דעם אַרבייטס־טאָג, איז מאַכענדיג די אַרבייט מעהר אינטענסיוו.

ווען די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט ווערט געענדערט, שטעלט פאָר דערזעלביגער סכום פּראָדוקטען א געענדערטע אַרבייט־צייט. פאָלגליך ענדערט זיך אויך דער שטיק־לוין, וואָרים ער איז דער פרייז־אויסדרוק פון א באַשטימטער אַרבייט־צייט. אין אונ־זער פריהערדיגען ביישפּיעל זיינען אין 12 שטונדען פּראָדוצירט געוואָרען 24 שטיק, בעת דער ווערט־פּראָדוקט פון די 12 שטונדען איז געווען 6 שילינג, דער טאָג־ווערט פון דער אַרבייט־קראַפט 3 שילינג, דער פרייז פון דער אַרבייט־שטונדע 3 פּענס און דער לוין פאַר 1 שטיק 1½ פּענס. אין איין שטיק איז געווען אריינגעזויגט ½ אַרבייט־שטונדע. אויב דערזעלביגער אַרבייטס־טאָג ליפערט איצטער, מחמת דער פּאַרטאָפּעלטער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַר־בייט, לאָמיר זאָגען, 48 שטיקער אַנשטאָט 24, און אויב אַלע אַנ־דערע אומשטענדען בלייבען אומפאַרענדערט, דאַן פאַלט דער שטיק־לוין פון 1½ פּענס אויף ¾ פּענס, אזוי ווי יעדע שטיק שטעלט איצט פאָר ניט מעהר ווי ¼ אנשטאָט ½ אַרבייט־שטונדע. 24 מאָל 1½ פּענס מאַכט אויס 3 שילינג און אזוי איז אויך 48 מאָל ¾ פּענס גלייך 3 שילינג. מיט אַנדערע ווערטער: דער שטיק־לוין ווערט אַרונטערגעזעצט אין דערזעלביגער פּראָפּאָרציע, אין וועלכער עס וואַקסט די צאָל שטיקער, וואָס ווערען פּראָדוצירט אין משך פון דערזעלביגער צייט, און פאָלגליך ווי די אַרבייט־צייט, וואָס ווערט פאַרווענדעט אויף דעמזעלביגען שטיק, פאַלט. אָט די ענדערונג פון דעם שטיק־לוין רופט אַרויס שטענדיגע קאַמפּען צווישען קאַ־

פּיטאַליסט און אַרבייטער. ענטוועדער ווייל דער קאַפּיטאַליסט באַ־
נוצען עס אַלס אַן אויסרייד, כדי ווירקליך אַרונטערצוזעצען דעם
פּרייז פון דער אַרבייט. אָדער ווייל דער אַרבייטער נעמט אָן אין
ערנסט דעם שיין פון דעם שטיק־לוין, ד. ה. אַז מען צאָלט איהם
פאַר זיין פּראָדוקט און ניט פאַר זיין אַרבייט־קראַפט, און ער
שטעלט זיך אַנטקעגען אַן אַראָפּזעצונג פון'ם לוין, וואָס איז ניט
באַגלייט אין דערזעלביגער צייט פון אַן אַראָפּגעזעצטען פּרייז פון
דער סחורה. אַזעלכע טענות פאַרטיגט אָפּ דער קאַפּיטאַל מיט רעכט
אַלס אַ גראָבען טעות וועגען דער נאַטור פון לוין־אַרבייט. ער שטו־
רעמט אַנטקעגען דעם דאָזיגען פאַרזוך אַרויפצולעגען אַ שטייער
אויף דעם פאָרטשריט פון דער אינדוסטריע, און ערקלערט פּשוט,
אַז די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט איז ניט דעם אַרבייטער'ס
עסק.

פיער און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

# נאַציאָנאַלע פערשיידענהייט פון די אַרבייטס־לוינען.

מיר האָבען שוין געזעהן, אַז דער ווערט און דער פּרייז פון
דער אַרבייט־קראַפט, דאָס הייסט דער אַרבייט־לוין, בייט זיך, אַלס
רעזולטאַט פון אַלערליי אורזאַכען. און די מאַסע לעבענס־מיטלען,
וועלכע דער אַרבייטער קאָן איינקויפען מיט זיין אַרבייט־לוין, קאָן
זיך אויך ענדערן דורך פאַרשיידענע אורזאַכען, וואָס זיינען גאָר
אומאָפּהענגיג פון דער ענדערונג אין דעם פּרייז פון דער אַרבייט־
קראַפט. ווען מיר וואַרפען אַ בליק אויף פאַרשיידענע לענדער, קאַ־
נען אָט די אַלע קאָמבינאַציעס ערשיינען אַלס אַ גלייכצייטיגע פאַר־
שיידענהייט פון נאַציאָנאַלע אַרבייט־לוינען. פאַרגלייכענדיג די
לוינען ביי פאַרשיידענע נאַציאָנען, מוזען מיר דעריבער נעמען אין
באַטראַכט די אַלע אורזאַכען וואָס באַשטימען די ענדערונגען אין
דער ווערט־גרויס פון דער אַרבייט־קראַפט ; דעם פּרייז און דעם אומ־
פאַנג פון די נאַטירליכע און היסטאָריש־אַנטוויקעלטע הויפּט־לע־
בענס־באַדערפענישען ; די ערציהונגסקאָסטען פון דעם אַרבייטער,
די ראָליע פון פרויען־ און קינדער־אַרבייט, די פּראָדוקטיוויטעט פון
דער אַרבייט, די לענג פון דעם אַרבייטס־טאָג און די אָנגעשטרענגט־
קייט פון דער אַרבייט. אפילו אַ גאַנץ אויבערפלעכליכער פאַרגלייך
פאָדערט, מען זאָל קודם רעדוצירען דעם דורכשניטס־טאָג לוין פאַר
דיזעלביגע אינדוסטריען אין פאַרשיידענע לענדער אויף אַן אַר־
בייטס־טאָג פון דערזעלביגער גרויס. נאָך אַזאַ אויסגלייכונג פון די

טאָג־לוינען, מוז דער צייט־לוין ווידער איבערגעזעצט ווערען אין שטיק־לוין, אַזוי ווי נאָר דער לעצטער קאָן זיין אַ גראַד־מאָס פאַר דער פּראָדוקטיוויטעט, אַזוי גוט ווי פאַר דער אינטענסיווער גרויס פון דער אַרבייט.

אין יעדען לאַנד גילט אַ געוויסע דורכשניטליכע אינטענסיווי־טעט פון דער אַרבייט. אויב די אַרבייט, וואָס ווערט פאַרברויכט אין דער פּראָדוקציע פון אַ סחורה, איז וועניגער אינטענסיוו איי־דער דער גילטיגער דורכשניט, דאַן פאַרברויכט זי מעהר איידער די געזעלשאַפטליך־נויטווענדיגע צייט און רעכענט זיך דעריבער ניט אַלס אַרבייט פון אַ נאָרמאַלער גוטסקייט. די דורכשניטליכע אינטענסיוויטעט פון דער אַרבייט בייט זיך פון לאַנד צו לאַנד; דאָ איז זי גרעסער, דאָרט איז זי קלענער. אָט די נאַציאָנאַלע דורכ־שניטען שטעלען צונויף אַ טרעפּ־לייטער, וואָס זייער מאָס־איינ־הייט און די דורכשניט־איינהייט פון דער וועלט־אַרבייט. די מעהר־אינטענסיווע נאַציאָנאַלע אַרבייט פּראָדוצירט דעריבער, אין פאַרגלייך מיט דער וועניגער אינטענסיווער, מעהר ווערט אין דער־זעלביגער צייט, וועלכער דריקט זיך אויס אין מעהר געלט.

דאָס געזעץ פון ווערט אין זיין נאַציאָנאַלער אָנווענדונג ווערט נאָך מעהר געענדערט דורכדעם, וואָס אויפ'ן וועלט־מאַרק רעכענט זיך די מעהר־פּראָדוקטיווע נאַציאָנאַלע אַרבייט אויך אַלס אַ מעהר־אינטענסיווע—אַזוי לאַנג ווי די פּראָדוקטיווע נאַציאָן איז ניט גע־צוואונגען דורך קאָנקורענץ אַרונטערצוזעצען דעם פאַרקויף־פּרייז פון איהר סחורה צו דעם גראַד פון זייער ווערט.

אין דעם ערך ווי די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע איז אַנט־וויקעלט אין אַ לאַנד, אין דעמזעלביגען ערך שטייגען דאָרט אויך די דורכשניטליכע אינטענסיוויטעט און פּראָדוקטיוויטעט פון דער נאַציאָנאַלער אַרבייט איבער דעם אינטערנאַציאָנאַלען גראַד. די פאַרשיידענע סכום'ען סחורות פון דעמזעלביגען סאָרט, וועלכע ווע־רען פּראָדוצירט אין פאַרשיידענע לענדער אין דערזעלביגער אַר־בייט־צייט, האָבען דעריבער ניט קיין גלייכע אינטערנאַציאָנאַלע ווערטען און דריקען זיך אויס אין פאַרשיידענע פּרייזען, דאָס הייסט אין געלט־סומען, וואָס זיינען פאַרשיידען לויט די אינטערנאַציאָ־נאַלע ווערטען. דער רעלאַטיווער ווערט פון'ם געלט וועט, הייסט עס, זיין קלענער ביי דער נאַציאָן מיט אַן אַנטוויקעלטערן קאַפּי־טאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, איידער ביי דער נאַציאָן מיט אַ וועניגער־אַנטוויקעלטען פּראָדוקציאָנס־אופן. עס פאָלגט דערי־בער דערפון, אַז דער נאָמינעלער אַרבייט־לוין, דער עקוויוואַלענט פון דער אַרבייט־קראַפט אויסגעדריקט אין געלט, וועט אויך זיין העכער ביי דער ערשטער נאַציאָן ווי ביי דער צווייטער; דאָס

מיינט אָבער בשום אופן ניט צו זאָגען, אַז דאָס איז אויך ריכטיג
בנוגע דעם ווירקליכען לוין, דאָס הייסט בנוגע די לעבענס־מיטלען,
וואָס דער אַרבייטער קאָן פאַר דעם קריגען.

אָבער אפילו אַ הוץ אָט דער פאַרשיידענהייט פון דעם געלט־
ווערט אין פאַרשיידענע לענדער, וועט מען אָפט געפינען, אַז דער
טאָג־ אָדער וואָכען־לוין איז העכער ביי דער ערשטער נאַציאָן מיט
אַ מעהר־אַנטוויקעלטען פּראָדוקציאָנס־אופן, איידער ביי דער צוויי־
טער, בעת דער רעלאַטיווער אַרבייט־פּרייז, דאָס הייסט דער אַר־
בייט־פּרייז אין זיין באַציהונג צו דעם מעהר־ווערט אַזוי גוט ווי צו
דעם ווערט פונ׳ם פּראָדוקט, שטעהט העכער ביי דער צווייטער נאַ־
ציאָן, איידער ביי דער ערשטער.

דזש. וו. קאַועל, אַ מיטגליעד פון דער פאַבריק־קאָמיסיע פון
1833, איז געקומען צום רעזולטאַט, נאָך אַ גענויער אונטערזוכונג
פון דער שפּינערייַ, אַז „אין ענגלאַנד זיינען די לוינען פאַקטיש
נידעריגער פאַר די פאַבריקאַנטען, איידער אויפ׳ן קאָנטינענט, אָב־
וואָל פאַר דעם אַרבייטער קאָנען זיי זיין העכער“. דער ענגלישער
פאַבריק־אינספּעקטאָר אַלעקסאַנדער רעדגראַוו ווייזט נאָך, אין דעם
פאַבריק־באַריכט פון 31טען אָקטאָבער 1866, דורך אַ פאַרגלייכענ־
דע סטאַטיסטיק מיט די שטאַאַטען אויפ׳ן קאָנטינענט, אַז טראָץ דעם
נידעריגען לוין און פיעל לענגערער אַרבייט־צייט, איז די קאָנטי־
נענטאַלע אַרבייט בשייכות צום פּראָדוקט טייערער איידער די ענג־
לישע אַרבייט. אַן ענגלישער דירעקטאָר אין אַ באַוועל־פאַבריק
אין אָלדענבורג ערקלערט, אַז די אַרבייט־צייט געווערט דאָרט 14½
שטונדען אַ טאָג, פון האַלב 6 אין דער פריה ביז 8 אזר אָוועגט,
שבת איינגעשלאָסען, און אַז די דאָרטיגע אַרבייטער, אין משך פון
אָט דער צייט ליפערן ניט אַזויפיעל פּראָדוקטען וויפיעל ענגלאַנד
אין די 10 שטונדען, ווען זיי אַרבייטען אונטער ענגלישע אויפזע־
הער, און זיי פּראָדוצירען נאָך אַ סך ווייניגער, ווען זיי אַרבייטען
אונטער דייטשע אויפזעהער. דער לוין שטעהט אַ סך נידעריגער
ווי אין ענגלאַנד, אין פיעל פאַלען אויף 50 פּראָצענט, אָבער די צאָל
הענט לפי ערך צו דער מאַשינעריע איז פיעל גרעסער, אין פאַרשיי־
דענע אָפּטיילונגען אין דער פּראָפּאָרציע פון 5 צו 3.

הער רעדגראַוו ברענגט זעהר גענויע פּרטים וועגען די רוסישע
באַוועל־פאַבריקאַנטען. די פאַקטען האַט איהם געגעבען אַן ענג־
לישער דירעקטאָר, וועלכער איז דאָרט געווען באַשעפטיגט ביז ניט
לאַנג צוריק. אויף אָט דעם רוסישען באָדען, וואָס איז אַזוי פרוכט־
באַר אין אַלערליי שאַנדטאַטען, שטעהען אויך די אַלטע שרעקליכ־
קייטען פון דעם קינדהייט־פּעריאָד פון די ענגלישע פאַבריקאַנטען
אין פולער בליהונג. די פיהרער זיינען נאַטירליך ענגלענדער, אַזוי

ווי דער געבוירענער רוסישער קאַפּיטאַליסט טויג זיך ניט צום פאַב־
ריק געשעפט. טראָץ דער איבער־אַרבייט, דער שטענדיגער טאָג־
און נאַכט־אַרבייט, און דער שענדליכסטער ניט־דערצאָלונג פון די
אַרבייטער, ווערט די רוסישע מאַנופאַקטור נאָר דורך דעם
פאַרבאָט פון אויסלענדישע קאָנקורענץ.

עס איז באַקאַנט, אַז אויסלענדישע געזעלשאַפטען האָבען אָנ־
גענומען צו בויען אייזענבאַהנען אין מזרח־אייראָפּאַ ווי אויך אין
אזיע, און האָבען דערביי באַשעפטיגט, צוזאַמען מיט די איינגעבוי־
רענע, אויך אַ געוויסע צאָל ענגלישע אַרבייטער. זייענדיג גע־
צוואונגען דורך פּראַקטישער נויטווענדיגקייט אריינצונעמען אין
חשבון די נאַציאָנאַלע אונטערשיידען אין דער אינטענסיוויטעט פון
דער אַרבייט, האָט דאָס זיי ניט געבראַכט קיין שאָדען. זייער ער־
פאַהרונג באַווייזט, אַז ווען אפילו דער אַרבייטער קריגט העכער באַ־
צאָלט פאַר אינטענסיווערע אַרבייט, קומט אָבער אויס די מעהר
אינטענסיווע אַרבייט וועלוועלער פאַר דעם קאַפּיטאַליסט, ווי די
ווענינגער אינטענסיווע און נידעריגער באַצאָלטע אַרבייט.

---

זיבעטער טייל

# די אַנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל.

די פאַרוואַנדלונג פון אַ סומע געלט אין פּראָדוקציאָנס־מיט־
לען און אַרבייט־קראַפט איז די ערשטע באַוועגונג וואָס עס מאַכט
דער ווערט, וועלכער דאַרף פונקציאָנירען אַלס קאַפּיטאַל. די פאַר־
וואַנדלונג קומט פאָר אויפ׳ן מאַרק, אויפ׳ן געביט פון אויסטויש,
פון צירקולאַציע. דער צווייטער פאַזיס פון אָט דער באַוועגונג
—דער פּראָצעס פון פּראָדוקציע—איז פאַרענדיגט, ווייבאַלד די פּראָ־
דוקציאָנס־מיטלען זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין סחורות, וועלכע
מעס ווערט עס איז גרעסער פונ׳ם ווערט פון זייערע באַשטאַנד־
טיילען, ד. ה., וועלכע אַנטהאַלטען אין זיך דעם קאַפּיטאַל, וואָס
מען האָט אין זיי פריהער אריינגעלעגט, צוזאַמען מיט נאָך אַ צו־
גאָב פון איבער־ווערט. די סחורות דאַרפען דערנאָך אַרויפגעוואָר־
פען ווערען אויפ׳ן מאַרק, אינ׳ם קרייז פון אויסטויש. מען דאַרף
זיי פאַרקויפען, רעאַליזירען, באַקומען זייער ווערט אין געלט, דאָס
געלט ווידער פאַרוואַנדלען אין קאַפּיטאַל און א. וו. ווידער פון אָנ־

הויב. אַט דער קרייז, וועלכער געהט כסדר דורך איינע און די־
זעלבע פאַזיסען אין אַ באַשטימטער רייה, בילדט אויס די צירקו־
לאַציע פון קאַפּיטאַל.

די ערשטע באַדינגונג פון אָנזאַמלונג איז,—אַז דער קאַפּיטאַ־
ליסט זאָל האָבען די מעגליכקייט צו פאַרקויפען זיינע סחורות און
ווידער פאַרוואַנדלען אין קאַפּיטאַל דעם גרעסטען טייל פון דעם
געלט, וואָס ער האָט פאַר זיי באַקומען. אין אונזער ווייטערדינער
אָפּהאַנדלונג נעמען מיר אָן, אַז די צירקולאַציע פון׳ם קאַפּיטאַל
קומט פאָר אויף אַ נאָרמאַלען אופן. אַ גענויערער אַנאַליז פון דעם
פּראָצעס וועט געגעבען ווערען אין׳ם צווייטען בוך.

דער קאַפּיטאַליסט, וואָס פּראָדוצירט מעהר־ווערט, ד. ה. וואָס
זויגט אויס אומבאַצאָלטע ארבייט דירעקט פון דעם ארבייטער און
דריקט זי אריין אין סחורות, איז דער ערשטער, וואָס נעמט זיך
צו דעם מעהר־ווערט, אָבער ער איז ניט דער לעצטער איינגענטי־
מער פון מעהר־ווערט. ער דאַרף זיך דערנאָך דערמיט צוטיילען
מיט די אַנדערע קאַפּיטאַליסטען, וואָס נעמען אויך אָן אנטייל אין
דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע: מיט די ערד־איינגענטימער
א. ד. ג. דער מעהר־ווערט צופאַלט דעריבער אין דריי באַזונדערע
טיילען. פאַרשיידענע הלקים זיינע קומען אָן צו פאַרשיידענע קאַ־
טעגאָריעס מענשען און באַקומען פאַרשיידענע פאָרמען, אומאָפּ־
הענגינע איינע פון די אַנדערע, ווי ריוח, פּראָצענט, האַנדעלס־ריוח,
ערד־רענטע א. ד. ג.

פון איין זייט, אַלזאָ, נעמען מיר אָן, אַז דער קאַפּיטאַליסט
פאַרקויפט אַלע סחורות, וואָס ער האָט פּראָדוצירט, צו זייער ווערט,
ניט אַריינגעהענדיג אין די נייע פאָרמען, וועלכע דער קאַפּיטאַל
נעמט אָן אויף דעם געביט פון צירקולאַציע. פון דער אַנדער זייט
באַטראַכטען מיר דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוצענט אַזוי ווי ער
וואָלט געווען דער איינגענטימער פון דעם גאַנצען מעהר־ווערט,
אָדער אויב מען וויל—דער פאַרטרעטער פון אַלע זיינע שותפים
אין דעם רויב.

אויף וויפיעל די אָנזאַמלונג קומט ווירקליך פאָר, איז קלאָר,
אַז דעם קאַפּיטאַליסט האָט זיך איינגעגעבען צו פאַרקויפען די פּראָ־
דוצירטע סחורה און פאַרוואַנדלען דאָס געלט, וואָס ער האָט באַ־
קומען דערביי, ווידער אין קאַפּיטאַל. אויסערדעם: דאָס, וואָס

דער מעהר־ווערט צופאלט אויף פארשיידענע חלקים, ענדערט גאָר ניט זיין נאַטור און יענע נויטיגע באדינגונגען, ביי וועלכע ער ווערט אן עלעמענט פון אָנזאמלונג. אין וואָס פאר א פּראָפּאָרציע דער מעהר־ווערט זאָל ניט צופאלען אויף דעם חלק, וואָס דער קאפּי־טאליסט־פּראָדוצענט האלט איין פאר זיך, און דעם חלק, וואָס ער ניט אָפּ אנדערע, איז דער קאפּיטאליסט־פּראָדוצענט דאָך דער יע־ניגער, וואס נעמט זיך דער ערשטער צו דעם מעהר־ווערט. מיר נעמען דעריבער אָן, ביים אויסמאָלען זיך דעם פּראָצעס, ניט מעהר ווי דאָס, וואָס עס איז פאראן אין דער ווירקליכקייט. פון דער אנדער זייט ווערט די איינפאכע גרונט־פאָרמע פון דעם פּראָצעס פון אָנזאמלונג פארטונקעלט דורך דער צירקולאציע און דורך דעם, וואָס דער מעהר־ווערט ווערט צופאלען אויף פארשיי־דענע טיילען. דער אנאליז פון דעם פּראָצעס פון אָנזאמלונג אין זיין ריינער פאָרמע פאָדערט דעריבער, מיר זאָלען אויף א ווײַלע לאָזען אָן א זייט די אלע ערשיינונגען, וואָס פארשטעלען דעם אי־נערליכען געבוי פון זיין מעכאניזם.

פינף־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## איינפאַכע רעפּראָדוקציע.

פון וואָס פאר א פאָרמע דער פּראָצעס פון פּראָדוקציע אין א געזעלשאפט זאָל ניט זיין, אלענפאלס מוז ער פּעריאָדיש כסדר דורכגעהן דיזעלבע פאזיסען. די געזעלשאפט קאָן ניט אויפ־הערען צו פּראָדוצירען, ווי זי קאָן ניט אויפהערען צו פארברויכען. יעדער פּראָצעס פון געזעלשאפטליכער פּראָדוקציע קומט פאָר דע־ריבער אלס פּראָצעס פון רעפּראָדוקציע, ווען מען באטראכט איהם אלס עטוואָס גאנצעס, אלס שטענדיגען שטראָם פון זיין אייגענער באנייאונג.

די באדינגונגען פון פּראָדוקציע זיינען אין דערזעלבער צייט באדינגונגען פון רעפּראָדוקציע. קיין שום געזעלשאפט קאָן ניט פּראָדוצירען כסדר און ניט פארוואנדלען צוריק אין פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אין עלעמענטען פון נייער פּראָדוקציע א געוויסען טייל

פון איהר פּראָדוקט. ווען אַלע אַנדערע באַדינגונגען בלייבען די־
זעלבע, קאָן די געזעלשאַפט שאַפען פון דאָס ניי איהר רייכטום, אונ־
טערהאַלטען עס אויף אַ באַשטימטער הויך נאָר אין דעם פאַל, ווען
די פּראָדוקציאָנס־מיטלען—די געצייג, די רויע מאַטעריאַלען און
די הילפס־מאַטעריאַלען—וואָס ווערען פאַרברויכט אין משך פון אַ
יאָהר, ווערען פאַרביטען מיט אַ גלייכער סומע אַרטיקלען פון דעמ־
זעלבען מין ; די לעצטע דאַרפען אויף אַזאַ אופן אָפּגעטיילט ווע־
רען פון די פּראָדוקטען, וואָס ווערען געשאַפען פאַר דאָס יאָהר, און
צוריק אַריין אין׳ם פּראָצעס פון פּראָדוקציע. אַ באַשטימטער טייל
פון יעהרליכען פּראָדוקט געהערט אַלזאָ דער פּראָדוקציע. זייענ־
דיג לכתחילה באַשטימט פאַר פּראָדוקטיווען געברויך, עקזיסטירט
דער טייל געוועהנליך אין דער פאָרמע פון אַזעלכע פּראָדוקטען, וואָס
טויגען ניט פאַר׳ן אינדיווידועלען געברויך.

אויב די פאָרמע פון פּראָדוקציע איז קאַפּיטאַליסטיש, וועט
אויך די רעפּראָדוקציע זיין קאַפּיטאַליסטיש. פּונקט אַזוי ווי אין
דער פּראָדוקציע ערשיינט די אַרבייט נאָר אַלס מיטעל פאַר דעם
קאַפּיטאַל צו פאַרגרעסערן זיך פון זיך אַליין, אַזוי אויך אין דער
רעפּראָדוקציע ערשיינט די אַרבייט נאָר ווי אַ מיטעל איבעראַנייס
צו פּראָדוצירען דעם אַריינגעלעגטען ווערט אַלס קאַפּיטאַל, ד. ה.
אַלס אַ ווערט וואָס פאַרגרעסערט זיך פון זיך אַליין. די עקאָנאָ־
מישע מאַסקע פון אַ קאַפּיטאַליסט האַלט זיך אויף אַ מענשען, נאָר
דורך דעם, וואָס זיין געלט דיענט שטענדיג אַלס קאַפּיטאַל.

אויב. צ. ב. פאַר דאָס יאָהר איז אַ סומע פון 100 פונט סטער־
לינג פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין קאַפּיטאַל און זי האָט געשאַפען אַ
מעהר־ווערט פון 20 פונט סטערלינג, דאַרף זי דאָס נעקסטע יאָהר
און די ווייטערדיגע יאָהרען ווידער דורכמאַכען דיזעלבע אָפּעראַציע.
אַלס פּעריאָדישער צו־וואוקס פון דעם אַריינגעלעגטען קאַפּיטאַל
אָדער אַלס פּעריאָדישע פרוכט פון דעם פונקציאָנירענדען קאַפּי־
טאַל באַקומט דער מעהר־ווערט די פאָרמע פון הכנסה, וואָס פליסט
אַרויס פון׳ם קאַפּיטאַל.

אויב אָט די הכנסה דיענט פאַר׳ן קאַפּיטאַליסט בלויז אַלס
פאָנד פאַר זיין געברויך ; אויב זי ווערט פאַרברויכט אַזוי פּעריאָ־
דיש, ווי זי ווערט אַריינגעקראָגען, האָבען מיר פאַר זיך ביי אַלע אַנ־
דערע גלייכע באַדינגונגען די איינפאַכע רעפּראָדוקציע. אָבער

דאָס וואָס די פּראָדוקציע ווערט איבערגע'חזר'ט נאָך און נאָך אַ מאָל, אַפילו אויף דעם אַלטען מאַסשטאַב, ווייזט, אַז דאָס איז ניט קיין צופאַל, נאָר אַ שטענדיגע ערשיינונג.

דער אויסגאַנג־פּונקט פאַר דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס איז דער איינקויף פון דער אַרבייט־קראַפט אויף אַ באַשטימטע צייט, און אַט דער אויסגאַנג־פּונקט ווערט שטענדיג באַנייט, ווי נאָר עס געהט פאַראיבער די צייט, אויף וועלכער מען האָט די אַרבייט איינ־געקויפט; ווי נאָר עס גערט פאַרביי צוזאַמען דערמיט אַ צייט פון פּראָדוקציע פון אַ געוויסער לענג, למשל פון אַ וואָך, אַ מאָנאַט א. ד. ג. אָבער באַצאָלען באַצאָלט מען דעם אַרבייטער ערשט נאָכ־דעם, ווי זיין אַרבייט־קראַפט האָט שוין אַרויסגעוויזען איהר וויר־קונג און האָט זיך פאַרקערפּערט אין סחורות. סיי איהר איינע־נעם ווערט, סיי דעם מעהר־ווערט. דער אַרבייטער שאַפט, הייסט דאָס, אויך דעם מעהר־ווערט, וועלכער שטעלט דערווייל פאַר פאַר אונז נאָר דעם געברויך־פאָנד פונ'ם קאַפּיטאַליסט און דעם פאָנד, פון וואַנען עס נעמט זיך זיין איינענער לוין, ד. ה. דער פאַרענדער־ליכער קאַפּיטאַל; און ער שאַפט איהם פריהער, איידער ער (דער קאַפּיטאַל) קומט צוריק צו איהם אין דער פאָרמע פון אַרבייט־לוין; און בלויז כל זמן ער רעפּראָדוצירט כסדר אַט דעם קאַפּיטאַל, האָט ער אַרביים.

דעריבער שטעלען זיך די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטען פאַר דעם לוין, אַלס אַ טייל פון דעם פּראָדוקט גופא. אין דער אמת'ן אָבער איז דאָס, וואָס עס קומט צוריק צו דעם אַרבייטער אין דער געשטאַלט פון לוין, אַ טייל פון דעם פּראָדוקט, וואָס ער אַליין רע־פּראָדוצירט שטענדיג.

דער קאַפּיטאַליסט צאָלט איהם, אמת, דעם ווערט פון דעם פּראָדוקט אין געלט. דאָס געלט אָבער איז בלויז די געענדערטע פאָרמע פון דעם פּראָדוקט פונ'ם אַרבייטער, אָדער ריכטיגער — פון אַ טייל פון דעם פּראָדוקט, אין דער צייט, וואָס דער אַרבייטער פאַר־וואַנדעלט איין טייל פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין נייע פּראָ־דוקטען, נעהט אַרום דער פּראָדוקט פון זיין פריהערדיגער אַרבייט אויפ'ן מאַרק, וואו ער ווערט צוריק פאַרוואַנדעלט אין געלט. דאָס מיט וואָס מען באַצאָלט איהם פאַר היינטיגער אַרביים, איז זיין

ארבייט פון פאַראַכטאָגען אָדער פון פאַראַיאָהרען. די אילוזיע, וואָס באַקומט זיך דורך דעם, וואָס דאָ מישט זיך אריין דאָס געלט, פאַרשווינדט תיכף, ווי נאָר מיר באַטראַכטען דעם גאַנצען קאַפּיטאַ־ליסטען־קלאַס און דעם גאַנצען ארבייטער־קלאַס אַנשטאַט דעם איינ־צעלנעם קאַפּיטאַליסט און דעם איינצעלנעם ארבייטער. דער קאַ־פּיטאַליסטען־קלאַס גיט שטענדיג דעם ארבייטער־קלאַס אין דער פאָרמע פון געלט־אַנווייזונגען אויף אַ טייל פון די פּראָדוקטען, וואָס די ארבייטער האָבען פּראָדוצירט און די קאַפּיטאַליסטען האָבען דאָס זיך צוגענומען. אָט די אָנווייזונגען גיט דער ארבייטער קלאַס אויף שטענדיג צוריק דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס און נעמט דערפאַר ביי איהם זיין טייל פון זיין אייגענעם פּראָדוקט.

דער געשעפט איז פאַרשטעלט דורך דעם, וואָס דער פּראָדוקט האָט די פאָרמע פון אַ סחורה און די סחורה נעמט אָן די פאָרמע פון געלט.

דער פאַרענדערליכער קאַפּיטאַל איז אויף אזא אופן נור אַ באַזונדערע היסטאָרישע פאָרמע, אין וועלכער עס ערשיינט דער פאָנד פון לעבענס־מיטלען אָדער דער אַ ר ב י י ט ־ פ אָ נ ד, ווי די ענגלענדער זאָגען, פאַרשטעהענדיג אונטער דעם נאַטירליך ניט אַ פאָנד פון ארבייט, נאָר אַ פאָנד פאַר דער ארבייט; דאָס איז דער פאָנד, וואָס דער ארבייטער דאַרף האָבען, כדי זיך אַליין אויפהאַל־טען און רעפּראָדוצירען, און וואָס ער אַליין מוז פּראָדוצירען און ווידער פּראָדוצירען ביי אַלע סיסטעמען פון געזעלשאַפטליכער פּראָ־דוקציע. ער באַקומט דעם ארבייט־פאָנד שטענדיג נאָר אין דער פאָרמע פון געצאָלט פאַר זיין ארבייט, ווייל זיין אייגענער פּראָדוקט דערווייטערט זיך פון איהם שטענדיג אין דער פאָרמע פון קאַפּי־טאַל. אָבער אָט די פאָרמע, אין וועלכער עס ערשיינט דער ארבייט־פאָנד, ענדערט נאָרניט דעם פאַקט, אז דער קאַפּיטאַליסט גיט דעם ארבייטער בלויז אַ טייל פון דער ארבייט פונ'ם לעצטען, ווי זי איז פאַרקערפּערט אין פּראָדוקטען.

לאָמיר נעמען אַ לייבאייגענעם פויער. ער ארבייט מיט זיינע אייגענע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אויף זיין אייגענעם פעלד צ. ב. דריי טעג אַ וואָך. די אַנדערע דריי טעג ארבייט ער פריהאָן אויף זיין פריץ. ער פּראָדוצירט שטענדיג זיין אייגענעם ארבייט־פאָנד,

וואָס באַקומט אין דעם פאַל קיינמאָל ניט די פאָרמע פון געלט־מיט־לען, וואָס אַ צווייטער זאָל איהם צאָלען. און פאַרקערט, זיין ניט־באַצאָלטע צוואַנג־ארבייט נעמט קיינמאָל ניט אָן די פאָרמע פון פרייוויליגער און באַצאָלטער ארבייט. ווען דער פריץ זאָל מאָר־גען צונעמען זיך דעם באָדען, די אַרבייט־בהמות, די זריעה, קורץ — די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פונ׳ם לייב־איינענעם פויער, מוז דער לעצטער פון דעם טאָג אָן פאַרקויפען זיין ארבייט־קראַפט צום פריץ. ווען אַלע אנדערע אומשטענדען זאָלען בלייבען דיזעלביגע ווי פריי־הער, וועט דער פויער פונקט ווי פריהער ארבייטען 6 טעג אין וואָך: דריי טעג פאַר זיך אליין און דריי טעג פאַר זיין געוועזע־נעם פריץ, וועלכער איז איצט אַ לוין־צאָלענדער ארבייטגעבער. ער וועט נאָך איצט אויך, פונקט ווי פריהער, פאַרברויכען די פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען אַלס פּראָדוקציאָנס־מיטלען און וועט זייער ווערט אריבערטראָגען אויפ׳ן פּראָדוקט. פונקט ווי פריהער, וועט אַ באַ־שטימטער טייל פונ׳ם פּראָדוקט אַוועק אויף רעפּראָדוצירען. אָבער ווי נאָר די פריהאָן־ארבייט נעמט אָן די פאָרמע פון לוין־אַרבייט, נעמט אָן דער ארבייט־פאָנד, וואָס דער פויער פּראָדוצירט און רע־פּראָדוצירט, פונקט ווי פריהער, די פאָרמע פון קאַפּיטאַל, וואָס זיין געוועזענער פריץ גיט איהם. דער בורזשואזער עקאָנאָמיסט, וועל־כער קאָן מיט זיין באַגרענעצטען מח ניט אָפּשיידען די פאָרמע, אין וועלכער אַ זאַך ערשיינט, פון דער זאַך אליין, מאַכט צו די אויי־גען פאַר דעם פאַקט, וואָס אפילו היינט נאָך נעמט דער ארבייט־פאָנד אָן אויף אונזער וועלט די פאָרמע פון קאַפּיטאַל בלויז אין אויסנאַם־פאַלען.

אמת, דער פאַרענדערליכער קאַפּיטאַל פאַרלירט נאָר דאַן דעם כאַראַקטער פון אַ ווערט, וואָס ווערט אויסגעצאָלט פונ׳ם קאַ־פּיטאַליסט׳ס האַנד, ווען מיר באַטראַכטען דעם קאַפּיטאַליסטישען אופן פון פּראָדוקציע אינ׳ם שטענדיגען לויף פון זיין באַנייאונג. אָבער ער מוז זיך וואו עס איז און ווען עס איז אָנהויבען. מיר מוזען דעריבער פון אונזער ביז־איצטיגען שטאַנדפּונקט אָננעמען, אַז דער קאַפּיטאַליסט איז אַמאָל דורך אַ געוויסער אָנפאַנגליכער אָנ־זאַמלונג פון געלט, אומאָפּהענגיג פון ניט־באַצאָלטער ארבייט — ווי דורך אָפּשפּאָרונגען פון די פאַרדיענסטען פון זיין אייגענער

אַרבייט, — געוואָרען אַן אייגענטימער פון געלט און האָט דערי־
בער נעקאָנט אַרויפּטרעטען אויפ'ן מאַרק אַלס קונה פון אַרבייט.
פאָרלויפיג וועלען מיר אָננעמען פאַר ריכטיג אָט די לעזונג פון
דער פּראָבלעם, וואָס מיר וועלען שפּעטער גענויער באַטראַכטען
אינ'ם קאַפּיטעל וועגען דער אָנפאַנגליכער אָנזאַמלונג.

אָבער ווי דאָס זאָל ניט זיין, שוין דער פאַקט אַליין בלויז, וואָס
דער פּראָצעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, אָדער די
איינפאַכע רעפּראָדוקציע, געהט אָן כּסדר, ניט אונטערבראָכען, רופט
אַרויס נאָך אַנדערע וואונדערבאַרע ענדערונגען, וואָס ריהרען אָן
ניט בלויז דעם פאָרענדערליכען קאַפּיטאַל, נאָר אויך דעם גאַנצען
קאַפּיטאַל.

אויב אַ קאַפּיטאַל פון 1000 פונט סטערלינג ברענגט פּעריאָ־
דיש, צ. ב. יעהרליך, אַ מעהר־ווערט פון 200 פונט סטערלינג און
אויב אָט דער מעהר־ווערט ווערט פאַרברויכט יעדעס יאָהר, איז
קלאָר, אַז אין סוף פון 5־טען יאָהר וועט די סומע פון דעם פאַר־
ברויכטען מעהר־ווערט זיין 5 X 200, אדער 1000 פונט סטערלינג,
ד. ה. גלייך דעם פריהער־אריינגעלעגטען קאַפּיטאַל.

ווען דער יעהרליכער מעהר־ווערט וואָלט פאַרברויכט ווערען נאָר
טיילווייז, צ. ב. אויף אַ העלפט, וואָלטען מיר געהאַט דעמזעלביגען
רעזולטאַט נאָך דעם, ווי דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס וואָלט זיך
איבערגע'חזר'ט צעהן יאָהר, ווייל 10 × 100 פונט איז 1000 פונט.
אין אַלגעמיין, ווען מען צוטיילט דעם אַריינגעלעגטען קאַפּיטאַל
אויף דעם מעהר־ווערט, וואָס דער קאַפּיטאַליסט פאַרצערט יעהרליך,
געפינט מען די צאָל יאָהרען, אין וועלכע דער קאַפּיטאַליסט וועט האָ־
בען אויפגעגעסען דעם קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט אַריינגעלעגט פון
אָנהויב, און עס וועט פון יענעם קאַפּיטאַל גאָרנישט ניט בלייבען.

דאָס, וואָס דער קאַפּיטאַליסט דענקט, אַז ער פאַרברויכט דעם
פּראָדוקט פון דער פרעמדער, ניט־באַצאָלטער אַרבייט, ד. ה. דעם
מעהר־ ווערט און האַלט אומבאַריהרט דעם אָנפאַנגליכען ווערט פונ'ם
קאַפּיטאַל, ענדערט פאַקטיש גאָר ניט די זאַך. נאָך אַ געוויסער
צאָל יאָהרען איז דער ווערט פונ'ם קאַפּיטאַל, וואָס ער פאַרמאָגט,
גלייך דער סומע פונ'ם מעהר־ווערט, וואָס ער האָט אין משך פון
דערזעלבער צאָל יאָהרען אַריינגענומען, ניט אויסצאָלענדיג דער־

פאַר גאָר ניט, און דער גאַנצער װערט פון דעם, װאָס ער האָט פאַר־ברױכט, איז גלײך דעם װערט פון זײן אָנפאַנגליכען קאַפּיטאַל.

אמת, ער האָט אין האַנט אַ קאַפּיטאַל, װאָס האָט זיך ניט געענדערט אין גרױס און װאָס אײן טײל פון איהם—די געבײדעס, מאַשינעס א. ד. ג.—איז אפילו געװעזען װי ער איז, װען ער האָט געעפענט דאָס געשעפט. אָבער דאָ האַנדעלט זיך װעגען דעם װערט פון'ם קאַפּיטאַל און ניט װעגען זײנע מאַטעריעלע עלעמענטען. װען אײנער פאַרברױכט זײן גאַנץ פאַרמעגען דורך דעם, װאָס ער נעמט אױף זיך חובות, װעלכע זײנען אַזױ גרױס װי דער װערט פון זײן פאַרמעגען, שטעלט זײן גאַנץ פאַרמעגען פאָר בלױז די סומע פון זײנע חובות. און דאָסזעלבע איז אױך מיט'ן קאַפּיטאַליסט: ער האָט פאַרברױכט עטװאָס, װאָס איז גלײך זײן אַרײנגעלעגטען קאַפּיטאַל, שטעלט דעריבער פאָר דער װערט פון זײן איצטיגען קאַפּיטאַל נאָר די סומע פון דעם מעהר־װערט, װאָס ער האָט זיך צו־גענומען, ניט האָבענדיג באַצאָלט פאַר דעם גאָרנישט. קײן ברעקעל פון'ם װערט פון זײן אַלטען קאַפּיטאַל עקזיסטירט מעהר נים.

אָפּגעזעהן אײנגאַנצען פון יעדער אָנזאַמלונג, פאַרװאַנדעלט נויטװענדיגערװײז בלױז דער שטענדיגער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, אָדער די אײנפאַכע רעפּראָדוקציע, נאָך אַ קירצערן אָדער לענגערן פּעריאָד, יעדען קאַפּיטאַל אין אַ געזאַמעלטען קאַפּיטאַל, אָדער אין קאַפּיטאַליזירטען מעהר־װערט. װען אפילו בײם אַרײנטרעטען אין פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס איז דאָס געװען אַ קאַפּיטאַל, װאָס דער אײגענטימער האָט אָנגעזאַמעלט מיט זײן אײגענער אַרבײט, מוז ער פריהער אָדער שפּעטער װערען אַ װערט, װאָס איז צוגענומען געװאָרען אָהן באַצאָלט, אָדער אַ פאַרקערפּערונג—אין דער פאָרמע פון געלט אָדער פון עטװאָס אַנדערש—פון פרעמדער ניט־באַצאָל־טער אַרבײט.

אינ'ם 4טען קאַפּיטעל האָבען מיר געזעהן, אַז כדי צו פאַר־װאַנדלען געלט אין קאַפּיטאַל, איז ניט גענוג עס זאָל עקזיסטירען אַ פּראָדוקציע פון סחורות און זײ זאָלען צירקולירען אױפ'ן מאַרק. דער אײגענטימער פון'ם געלט מוז נאָך ערשט געפינען אױפ'ן מאַרק אַנדערע מענשען, װעלכע דאַרפען פרײ אָדער געצװאונגען

פאַרקויפען זייער ארבייט־קראַפט, ווייל זיי האָבען ניט צו פאַרקויפען עפּעס אנדערש.

אין דער אמת'ן אַלזאָ באַשטעהט דער פונדאַמענט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אין דער צושיידונג צווישען דער אַרבייט און איהר פּראָדוקט, דאָס הייסט צווישען דעם ארבייטער און די מאַטעריעלע באַדינגונגען פון דער ארבייט. אָבער דורכדעם וואָס דער עסק ווערט שטענדיג איבערגע'חזר'ט, אפילו אין דער איינפאַכער רעפּראָדוקציע, ווערט די דאָזיגע צושיידונג פּאַראַייביגט אלס דער ספּעציעלער רעזולטאַט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע.

אָבער וואָס עס איז פריהער געווען בלויז אן אויסגאַנג־פּונקט, ווערט שפּעטער, אַ דאַנק דער איינפאַכער רעפּראָדוקציע, אַ רעזולטאַט וואָס באַנייט זיך כסדר. פון איין זייט פאַרוואַנדעלט אומאויפהערליך דער פּראָצעס פון פּראָדוקציע דאָס מאַטעריעלע רייכטום אין קאַפּיטאַל און אין געברויך־מיטלען פאַר'ן קאַפּיטאַליסט; פון דער אנדער זייט קומט דער ארבייטער שטענדיג ארויס פון'ם פּראָצעס פּאָרט אזוי ווי ער איז אין איהם אריינגעטראָטען—אלס קוואַל פון רייכטום, אָבער אָהן וועלכע עס איז מיטלען אויסצונוצען דאָס רייכטום פאַר זיך אַליין. אזוי ווי איידער ער איז אריינגעטראָטען אין פּראָצעס פון דער פּראָדוקציע, איז זיין ארבייט אָפּגעקויפט געוואָרען ביי איהם, צוגענומען געוואָרען פונ'ם קאַפּיטאַליסט אלס אייגענטום און איז פאַרקערפּערט געוואָרען אין קאַפּיטאַל, ווערט זי אין דער צייט פונ'ם פּראָצעס כסדר פאַרוואַנדעלט אין אַ פּרעמדען פּראָדוקט. אזוי ווי דער פּראָצעס פון פּראָדוקציע איז אין דערזעלבער צייט דער פּראָצעס, דורך וועלכען דער קאַפּיטאַליסט פאַרברויכט די ארבייט־קראַפט, ווערט דער פּראָדוקט פונ'ם ארבייטער אומאויפהערליך פאַרוואַנדעלט ניט בלויז אין סחורות, נאָר אין קאַפּיטאַל; אין ווערט, וואָס זויגט אויס די קראַפט, וועלכע שאַפט ווערטען; אין לעבענס־מיטעל, וואָס קויפען פּערזאָנען—די ארבייטער; אין פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס קאָמאַנדעווען מיט דעם פּראָדוצענט.

אויף דעם אופן פּראָדוצירט דער ארבייטער שטענדיג מאַטעריעלען רייכטום, אָבער אין דער פאָרמע פון קאַפּיטאַל, ס'הייסט פון אַ פרעמדער מאַכט, וואָס הערשט איבער איהם און עקספּלואַטירט איהם. און דער ארבייטער קומט שטענדיג ארויס

פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, אלס א לוין־ארבייטער. אַט די שטענדיגע פאראייביגונג פון דעם ארבייטער איז דער תנאי פון דער עקזיסטענץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע.

דער ארבייטער פארברויכט אויף א צווייענדיגען אופן. אין דער צייט וואָס ער פּראָדוצירט, פארברויכט ער דורך זיין ארבייט פּראָדוקציאָנס־מיטלען און פארוואנדעלט זיי אין פּראָדוקטען, וואָס האָבען א גרעסערן ווערט ווי דער קאַפּיטאַל, וואָס איז אין זיי אריינגעלעגט געוואָרען. דאָס איז זיין פּראָדוקטיווער אופן פון פארברויכען. אין דער זעלבער צייט אָבער ווערט זיין ארבייט אויף פארברויכט פונ׳ם קאַפּיטאַליסט, וואָס האָט זי אָפּגעקויפט. פון דער אנדער זייט גיט דער ארבייטער אוים דאָס געלט, וואָס ער האָט באקומען פון פארקויפען זיין ארבייט־קראַפט, אויף צו קויפען לעבענס־מיטלען, מיט וועלכע ער לעבט און רעפּראָדוצירט זיך. דאָס איז זיין אינדיווידועלע פערזענליכע פארברויכונג. די פּראָדוקטיווע און אינדיווידועלע פארברויכונג פונ׳ם ארבייטער זיינען אויך פולשטענדיג פארשיידען צווישען זיך. אין איין פאַל האַנדעלט ער ווי א טרייב־קראַפט פונ׳ם קאַפּיטאַל און געהערט דעם קאַפּיטאַליסט; אין דעם אנדער פאַל געהערט ער זיך אליין און פילט אוים אינדיווידועלע פונקציעס פון זיין אייגענעם לעבען אויסער די גרענעצען פונ׳ם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. דער רעזולטאַט פון דעם ערשטען ארט פארברויכען איז דאָס לעבען פונ׳ם קאַפּיטאַליסט, דער רעזולטאַט פונ׳ם צווייטען ארט — דאָס לעבען פונ׳ם ארבייטער אליין.

ווען מיר האָבען באטראכט דעם ארבייטס־טאָג און די מאַשינען אין די גרויסע אינדוסטריעס, האָבען מיר, אמת, אין פיעלע ביישפּיעלען געזעהן, אז דער ארבייטער איז אָפט געצוואונגען צו מאַכען זיין פערזענליכען פארברויך בלויז פאַר א ביי־זאַך און א טייל פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. אין דעם פאַל נעמט ער די לעבענס־מיטלען בלויז כדי צו קאָנען אָנהאַלטען זיין ארבייט־קראַפט, פונקט אזוי ווי מען שטעלט צו פאַר׳ן קעסעל קוילען און וואסער און פאַר׳ן ראָד — אייל. זיינע מיטלען פון פארברויך זיינען דעמאָלט בלויז פארברויך־מיטלען פון א פּראָדוקציאָנס־מיטעל; זיין פערזענליכער פארברויך איז דעמאָלט א דירעקטער פּראָ־

דוקטיווער פּאַרברויך. דאָס ווייזט אויס ווי אַ מיסברויך וואָס ליגט ניט אין׳ם עצם פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן.

גאַנץ אַנדערש זעהט אויס די זאַך, ווען מיר באַטראַכטען ניט דעם איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט און דעם איינצעלנעם אַרבייטער, נאָר דעם גאַנצען קלאַס קאַפּיטאַליסטען און דעם קלאַס אַרבייטער; ניט פּאַראיינצעלטע פּראָצעסען פון פּראָדוקציע, נאָר דעם קאַפּיטאַ־ליסטישען פּראָצעס פון פּראָדוקציע אין זיין באַוועגונג און אויף זיין געזעלשאַפטליכען מאַסשטאַב.

ווען דער קאַפּיטאַליסט גיט אויס אַ טייל פון זיין קאַפּיטאַל אויף אַרבייט־קראַפט, פאַרגרעסערט ער דערמיט דעם ווערט פון זיין גאַנצען קאַפּיטאַל. אָבער דאָס איז נאָך ווייניג, ער הרג׳עט מיט איין קלאַפּ צוויי פליגען. ער פּראָפיטירט ניט בלויז פון דעם, וואָס ער באַקומט פון׳ם אַרבייטער, נאָר אויך פון דעם, וואָס ער גיט דעם אַרבייטער.

דער קאַפּיטאַל, וואָס ווערט אויסגעטוישט אויף אַרבייט־קראַפט, ווערט פון די אַרבייטער אויסגעטוישט אויף לעבענס־מיטלען, און דער פאַרברויך פון די לעצטע דיענט צו פּראָדוצירען די מוסקולען, נערוועז, ביינער, מאַרך, א. א. וו. פון די אַרבייטער און צו שאַפען נייע אַרבייטער. אין די גרענעצען פון דעם, וואָס עס איז אומבאַדינגט נויטיג, איז דער פּערזענליכער פאַרברויך פון׳ם אַרבייטער־קלאַס דעריבער אַ פאַרוואַנדלונג פון די לעבענס־מיטלען, וואָס דער קאַפּיטאַל האָט אויסגעצאָלט פאַר אַרבייט־קראַפט, צוריק אין נייע אַרבייט־קראַפט, וואָס דער קאַפּיטאַל קאָן ווידער עקספּלואַ־טירען. אָט דער פאַרברויך איז די פּראָדוקציע און רעפּראָדוקציע פון דעם פּראָדוקציאָנס־מיטעל, אין וועלכען דער קאַפּיטאַליסט נוי־טיגט זיך אַזוי, — פון׳ם אַרבייטער אַליין. דער פּערזענליכער פאַרברויך פון׳ם אַרבייטער שטעלט מיט זיך פאָר אַ טייל פון דער פּראָדוקציע און רעפּראָדוקציע פון׳ם קאַפּיטאַל בכלל, אַלץ איינס צי ער קומט פאָר אין פאַבריק אָדער אויסער דער פאַב־ריק; אין׳ם פּראָצעס פון דער אַרבייט אָדער אויסער איהר, פונקט ווי דאָס רייניגען פון דער מאַשין; אין דער צייט פון׳ם

פּראָצעס פון דער ארבייט אָדער אין באַשטימטע הפסקות צווישען דער ארבייט.

און עס האָט ניט קיין באַדייטונג פאַר דער זאַך גופא, צי דער ארבייטער פארברויכט אינדיווידועל פאַר זיך אליין, אָדער דעם קאַפּיטאַליסט צוליעב. פּונקט אַזוי איז דער פארברויך פון אַ בהמה ניט וועניגער אַ מאָמענט פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס דערפון, וואָס די בהמה אַליין נעניסט פון דעם, וואָס זי עסט. די שטענדיגע אויפהאַלטונג און רעפּראָדוצירונג פונ׳ם ארבייטער־קלאַס איז שטענדיג אַ באַדינגונג פון דער רעפּראָדוצירונג פונ׳ם קאַפּיטאַל. נאָר דער קאַפּיטאַליסט קאָן דאָס רוהיג איבערלאָזען צום אינ־סטינקט פון זעלבסט־אויפהאַלטונג און זעלבסט־פאַרמעהרונג פונ׳ם ארבייטער אַליין. ער זאָרגט זיך נאָר דערפאַר, אַז דער אינדיווי־דועלער פארברויך פונ׳ם ארבייטער זאָל זיך באַשרענקען מעגליכסט מיט דאָס סאַמע נויטיגע.

פון געזעלשאַפטליכען שטאַנדפּונקט איז דער ארבייטער־קלאַס אַלזאָ אויך אויסער דעם אוממיטעלבאַרען ארבייטס־פּראָצעס פּונקט אויף אַזוי פיעל אַן אייגענטום פונ׳ם קאַפּיטאַל, ווי דער ניט־לעבע־דיגער ארבייט־אינסטרומענט. אפילו דער אינדיווידועלער פאַר־ברויך פון די ארבייטער איז אין געוויסע גרענעצען נאָר אַ מאָמענט פון דעם פּראָצעס פון רעפּראָדוקציע פונ׳ם קאַפּיטאַל. דער פּראָצעס אָבער זאָרגט זיך פריהער, אַז אָט די זעלבסט־באַוואוסטע פּראָדוק־ציאָנס־אינסטרומענטען זאָלען ניט אַוועקלויפען, אין דער צייט וואָס ער דערווייטערט שטענדיג זייער פּראָדוקט פון זייער תחום צו דעם נעגענגעזעצליכען תחום פונ׳ם קאַפּיטאַל. דער אינדיווידועלער פאַרברויך זאָרגט זיך פון איין זייט פאַר זייער אייגענער אויפ־האַלטונג און רעפּראָדוצירונג און פון דער אַנדער זייט—דורך פאַר־ניכטען די לעבענס־מיטלען—זאָרגט ער זיך פאַר דעם, אַז זיי זאָ־לען כסדר ווידער פון דאָס ניי קומען אויפ׳ן מאַרק פאַרקויפען זיך. דער רוימישער שקלאַף איז מיט קייטען געוועזען צוגעבונדען צו זיין האַר, דער לוין־ארבייטער איז צו זיין אייגענטימער צוגעבונדען מיט אומזיכטבאַרע פעדים. אָבער דער אייגענטימער איז ניט אַן איינצעלנער קאַפּיטאַליסט, נאָר דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס אַלס גאַנצער.

פריהער האָט דער קאַפּיטאַל דורכגעפיהרט, וואו ער האָט געפונען פאַר נויטיג, זיין אייגענטום־רעכט אויף דעם פרייען ארבייטער דורך צוואַנגס־געזעצען. אזוי איז צום ביישפּיעל אין ענגלאַנד ביז 1815 די אויסוואַנדערונג פון מאַשין־אַרבייטער געווען פאַרבאָטען אונטער שווערע שטראָפען.

די רעפּראָדוציררונג פונ׳ם אַרבייטער־קלאַס שליסט אין דערזעלבער צייט איין די אָנזאַמלונג פון ערפאַהרונג פון איין דור צום אַנדערן.

דער קאַפּיטאַליסט רעכענט די עקזיסטענץ פון אַזאַ קלאַס געלערנטע אַרבייטער צווישען די עלעמענטען פון דער פּראָדוקציע, וואָס געהערען צו איהם על פּי יושר, און ער באַטראַכט זיי אַלס דעם עצם פון זיין פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל.

דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָצעס פון פּראָדוקציע רעפּראָדוצירט אַלזאָ אַליין די צושיידונג צווישען דער אַרבייט־קראַפט און די אַרבייט־מיטלען. ער רעפּראָדוצירט און פאַראייביגט דערמיט די מיטלען צו עקספּלואַטירען דעם אַרבייטער. ער צווינגט שטענדיג דעם אַרבייטער צו פאַרקויפען זיין אַרבייט־קראַפט, כדי צו האָבען פון וואָס צו לעבען, און גיט שטענדיג דעם קאַפּיטאַליסט די מעגליכקייט צו קויפען זי, כדי צו באַרייכערן זיך. ניט קיין צופאַל מעהר שטעלט דעם קאַפּיטאַליסט אַנטקעגען דעם אַרבייטער אויפ׳ן מאַרק אַלס קויפער קעגען אַ פאַרקויפער. דער פּראָצעס אַליין וואַרפט דאָס שטענדיג אַרויס אויפ׳ן סחורה־מאַרק דעם אַרבייטער אַלס פאַרקויפער פון זיין אַרבייט־קראַפט און פאַרוואַנדעלט שטענדיג זיין אייגענעם פּראָדוקט אין דעם קויף־מיטעל פונ׳ם קאַפּיטאַליסט. אין דער אמת׳ן געהערט דער אַרבייטער דעם קאַפּיטאַל נאָך איידער ער פאַרקויפט זיך דעם קאַפּיטאַליסט. זיין עקאָנאָמישע פאַרשקלאַפונג טרעט אַרויס אין דערזעלבער צייט אי אָפען אי פאַרשטעלט אַ דאַנק דער פּעריאָדישער באַנייאונג פון זיין פאַרקויפען זיך אַליין, פון זיין בייטען די בעלי־בתים און פון דעם, וואָס דער מאַרק־פּרייז פון דער אַרבייט, דער לוין, מאַכט דורך פּעריאָדישע וואַקלונגען *)

---

*) לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז ביי דער קינדער־אַרבייט א. ד. ג. פאַרשווינדט אפילו די פאָרמאַליטעט פון פאַרקויפען זיך אַליין.

דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, ווען מען באַטראַכט איהם אַלס אַ כסדר׳דיגען אומאויפהערליכען פּראָצעס, אָדער אַלס פּראָצעס פון רעפּראָדוצירונג, פּראָדוצירט דעריבער נים נאָר סחורות, ניט נאָר מעהר־ווערט ; ער פּראָדוצירט און רעפּראָדוצירט די קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטניש גופא : פון איין זייט דעם קאַפּיטאַליסט, פון דער אנדער זייט דעם לוין־אַרבייטער.

זעקס און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# די פאַרוואַנדלונג פון מעהר־ווערט אין קאַפּיטאַל.

1) דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָצעס פון פּראָדוקציע אויף אַ ברייטערען מאַסשטאַב. דער איבערגאַנג פון די אייגענטום־געזעצען, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּראָדוקציע פון סחורות, אין געזעצען פון קאַפּיטאַליסטישער פאָרם פון אייגענטום.

פריהער האָבען מיר באַטראַכט, ווי אַזוי דער מעהר־ווערט קומט פון קאַפּיטאַל ; איצט דאַרפען מיר באַטראַכטען, ווי אַזוי דער קאַפּיטאַל קומט פון מעהר־ווערט. ווען דער אייגענטימער פאַרברויכט ניט דעם מעהרווערט, כדי צו באַפרידיגען זיינע פּערזענליכע באַדערפנישען, נאָר ער באַנוצט איהם אַלס קאַפּיטאַל, ווערט נעבאָרען אַ נייער קאַפּיטאַל, וועלכער ווערט צוגעגעבען צום אַלטען : עס ווערט אָנגעזאַמעלט קאַפּיטאַל. די אָנווענדונג פון מעהר־ווערט אַלס קאַפּיטאַל, אָדער די פאַרוואַנדלונג פונ׳ם מעהר־ווערט צוריק אין קאַפּיטאַל הייסט אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל.

לאָמיר אָט דעם איבערגאַנג באַטראַכטען צוערשט פונ׳ם שטאַנדפּונקט פון דעם איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט. אַ שפּינער, צ. ב., האָט אריינגעלייגט 10,000 פונט סטערלינג ; פון זיי 4/5 אין באַוועל, מאַשינעס א. ד. ג. און 1/5 אין ארבייט־לוין. ער האָט יעדעס יאָהר פּראָדוצירט 240,000 פונט פאָדים אין ווערט פון 12,000 פונט סטערלינג. ווען די גרויס פון מעהר־ווערט איז 100

פּראָצענט, ליגט דער מעהר־ווערט אינ'ם מעהר־פּראָדוקט אָדער אינ'ם ריינעם פּראָדוקט פון 40,000 פונט פּאָדים, וואָס מאַכט אויס 1/6 פון דעם גאַנצען פּראָדוקט, פון ברוטאָ. אָט דער מעהר־פּראָדוקט איז ווערט 2,000 פונט סטערלינג, וועלכע מען וועט באַקומען ביים פאַרקויפען.

כדי צו פאַרוואַנדלען אין דער שפּינערייַ די צונעקומענע סומע פון 2,000 פונט סטערלינג אין קאַפּיטאַל, דאַרף דער שפּינער — ווען אַלע באַדינגונגען בלייבען דיזעלבע, וואָס פריהער, — פאַר 4/5 פון זיי איינקויפען באַוועל א. אַ. וו. און פאַר 1/5 איינקויפען נייע שפּין־אַרבייטער, וואָס וועלען געפינען אויפ'ן מאַרק די לעבענס־מיטלען, פאַר וועלכע דער שפּינער־קאַפּיטאַליסט האָט אויסגעליינט דעם ווערט צוליעב די אַרבייטער. דאַמאָלסט הויבט אָן דער נייער קאַפּיטאַל פון 2,000 פונט סטערלינג צו פונקציאָנירען אין דער שפּינערייַ און ברענגט פון זיין זייט איין אַ מעהר־ווערט פון 400 פונט סטערלינג.

דער ווערט פון קאַפּיטאַל איז אין אָנהויב אַריינגעליינט געוואָרען אין דער פאָרמע פון געלט; דער מעהר־ווערט, פאַרקערט, עקזיסטירט צוערשט אַלס דער ווערט פון אַ באַשטימטען טייל פון דעם ברוטאָ־פּראָדוקט. ווען אָט דער ברוטאָ־פּראָדוקט ווערט פאַרקויפט און פאַרוואַנדעלט אין געלט, באַקומט דער קאַפּיטאַל־ווערט צוריק זיין אָנפאַנגליכע פאָרמע, אָבער דער מעהר־ווערט בייט אום זיין פריהערדיגען אופן פון עק־זיסטענץ. פון דעם מאָמענט אָן זיינען ביידע—סיי דער קאַפּיטאַל־ווערט, סיי דער מעהר־ווערט — געלט־סומען, און זייער פאַרוואַנד־לונג אין קאַפּיטאַל צוריק קומט פאָר אויף איין און דעמזעלבען אופן. סיי דעם ערשטען, סיי דעם אַנדערען פאַרטוט דער קאַפּיטאַליסט אויף איינקויפען נייע שטאָף, וועלכע גיט איהם די מעגליכקייט אָנ־צוהויבען פון דאָס ניי די פּראָדוצירונג פון זיין אַרטיקעל, נאָר דאָס מאָל אויף אַ גרעסערן מאַסשטאַב. אָבער כדי אָט דעם שטאָף צו קויפען, מוז ער איהם געפינען אויפ'ן מאַרק.

זיינע איינענע פּאָדים צירקולירען נאָר דערפאַר, וואָס ער

ברענגט זיין פּראָדוקט פּונ'ם יאָהר אויפ'ן מאַרק, פּונקט אַזוי ווי
די אַנדערע קאַפּיטאַליסטען טוען דאָס מיט זייערע סחורות.
די אַלע סחורות שטעלען צוזאַמען דעם אַלגעמיינעם יעהרליכען
פּראָדוקט, אין וועלכען די סומע פון די איינצעלנע קאַפּיטאַלען,
דאָס הייסט דער גאַנצער קאַפּיטאַל פון דער געזעלשאַפט, איז פאַר־
וואַנדעלט געוואָרען אין דער צייט פון דעם יאָהר. דורך דעם מסחר
אין מאַרק זיינען די איינצעלנע חלקים פון דעם דאָזיגען אַלגעמיי־
נעם פּראָדוקט אויסגעביטען געוואָרען איינער אויף דעם אַנדערן,
און איבערגעטראָגען געוואָרען פון האַנט צו האַנט. דער געברויך,
וואָס מען קען מאַכען פון דעם גאַנצען יעהרליכען פּראָדוקט,
הענגט אָפּ פון זיין צוזאַמענשטעלונג.

די פּראָדוקציע פון יאָהר מוז פריהער פאַר אַלץ צושטעלען
די זאַכען (די געברויך־ווערטען), דורך וועלכע מען דאַרף אויספילען
די מאַטעריעלע טיילען, פון וועלכע דער קאַפּיטאַל באַשטעהט און
וועלכע זיינען אָפּגענוצט געוואָרען אין משך פון יאָהר. ווען מען
רעכענט דאָס אַראָפּ, בלייבט דער נעטאָ־פּראָדוקט, דער ריינער אָדער
דער מעהר־פּראָדוקט, אין וועלכען עס ליגט דער מעהר־ווערט. און
פון וואָס באַשטעהט אָט דער מעהר־פּראָדוקט? זיכער זיינען אין
דעם פאַראַן זאַכען, וואָס זיינען באַשטימט אויף צו באַפריעדיגען
די באַדערפנישען און די לוקסוס־וואונשען פון דעם קאַפּיטאַליסטען־
קלאַס, וואָס בילדען אַלזאָ זיין פאַרברויך־פאָנד. ווען דער מעהר־
פּראָדוקט וואָלט אָבער געווען ניט מעהר ווי דאָס, וואָלט דער מעהר־
ווערט אינגאַנצען פאַרווענדט געוואָרען און מיר וואָלטען געהאַט
בלויז אַן איינפאַכע רעפּראָדוצירונג.

כדי אָנצוזאַמלען, מוז מען אַ־יין טייל פונ'ם מעהר־פּראָדוקט
פאַרוואַנדלען אין קאַפּיטאַל. אָבער כדי דאָס דורכצופיהרען אָהן
נסים, קאָן מען פאַרוואַנדלען אין קאַפּיטאַל נאָר אַזעלכע זאַכען,
וואָס מען קאָן באַנוצען אינ'ם פּראָצעס פון דער אַרבייט, ד. ה., פּראָ־
דוקציאָנס ־ מיטלען. און ווידער אַזעלכע זאַכען, וועלכע
דיענען צו אויפהאַלטען דעם אַרבייטער, ד. ה., לעבענס־מיטלען.
איין טייל פון דער יעהרליכער מעהר־אַרבייט, הייסט עס, מוז באַנוצט
ווערען אויף פּראָדוצירען נייע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און לעבענס־
מיטלען אין אַ צאָהל, וואָס איז גרעסער ווי די, וואָס זיינען נויטיג
אויף צוריקצושטעלען דעם אַריינגעלייגטען קאַפּיטאַל. קורץ, דער

מעהר־ווערט קאָן נאָר דערפאַר פאַרוואַנדעלט ווערען אין קאַפּיטאַל, ווייל דער מעהר־פּראָדוקט, וואָס ער, דער מעהר־ווערט, שטעלט פאָר זיין ווערט, אנטהאַלט אין זיך שוין די מאַטעריעלע טיילען פון א נייעם קאַפּיטאַל *).

כדי צו לאָזען אָט די טיילען ווירקליך פונקציאָנירען אַלס קאַ־פּיטאַל, נויטיגט זיך דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס אין נייער ארבייט־קראַפט. און ווען די עקספּלואַטאַציע פון די שוין באַשעפ־טיגטע ארבייטער זאָל ניט פאַרגרעסערט ווערען עקסטענסיוו אָדער אינטענסיוו, מוזען אָנגעשטעלט ווערען נייע ארבייטער. פאַר דעם האָט דער מעכאַניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע שוין אויך געזאָרגט דורך דעם, וואָס ער האָט רעפּראָדוצירט דעם אַר־בייטער־קלאַס אַלס קלאַס, וואָס זיין געוועהנליכער לוין איז גענוג ניט בלויז צו זיכערן זיין אויפהאַלטונג, נאָר אויך זיין פאַרמעה־רונג. דער קאַפּיטאַל דאַרף נאָך אָט די נייע ארביים־קרעפטען אויף פאַרשיידענע שטופען פון עלטער, וואָס דער ארבייטער־קלאַס שטעלט איהם צו יעהרליך, פאַראייניגען צוזאַמען מיט די נייע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס אנטהאַלטען זיך שוין אין דער פּראָדוקציע פון יאָהר, און די פאַרוואַנדלונג פונ'ם מעהר־ווערט אין קאַפּיטאַל איז פאַר־טיג. ווען מיר באַטראַכטען די זאַך קאָנקרעט באַשטעהט די אָנזאַמ־לונג אין פּראָדוצירען שטענדיג אויפ'ן ניי דעם קאַפּיטאַל אויף אַלץ א גרעסערן מאַסשטאַב.

לאָמיר זיך איצט צוריקקעהרען צו אונזער פריהערדיגען ביי־שפּיעל. מיר האָבען דאָ די אַלטע געשיכטע: אברהם האָט גע־בוירען יצחק'ן, יצחק האָט געבוירען יעקב'ן א. א. וו. דער אָנ־

*) מיר נעמען דאָ ניט אין באַטראַכט דעם אינטערנאַציאָנאַלען האַנ־דעל, וואָס טוישט די אינלענדישע סאָרטען סחורות אויף אויסלענדישע און אַ לאַנד וועלכע אַ נאַציאָן קאָן אויסבייטען לוקסוס־אַרטיקלען אויף פּראָדוקציאָנס־ און לעבענס־מיטלען, און פאַרקעהרט. כדי פאָרצושטעלען די זאַך, וועלכע מיר אונטערזוכען אין איהר גאַנצער ריינקייט, פריי פון זייטיגע אומשטענדען, וואָס שטערען, מוזען מיר דאָ באַטראַכטען די גאַנ־צע האַנדעלס־וועלט ווי איין נאַציע און אָננעמען, אַז די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע פאַרשפּרייט זיך אומעטום און נעמט אַרום אַלע צווייגען פון פּראָדוקציע.

פאנגליכער קאפיטאל פון 10,000 פונט סטערלינג ברענגט אריין א מעהר־ווערט פון 2,000 פונט, אין דער מעהר־ווערט ווערט קאפי־טאליזירט. דער נייער קאפיטאל — מיר וועלען איהם אנרופען צו־גאב־קאפיטאל נומער 1 — פון 2,000 פונט סטערלינג ברענגט אריין א מעהר־ווערט פון 400 פונט, אויב זיין איינטיילונג אויף שטענדיגען און פארענדערליכען קאפיטאל און די גרויס, די ראטע, פונ'ם מעהר־ווערט בלייבען דיזעלבע, וואס ביים אנפאנגליכען קא־פיטאל. ווען אט דער מעהר־ווערט ווערט ווידער קאפיטאליזירט, ד. ה., פארוואנדעלט אין א צווייטען נייעם קאפיטאל — אין א צו־גאב־קאפיטאל נומער 2, — ברענגט ער אריין נייעם מעהר־ווערט פון 80 פונט סטערלינג א. א. וו.

מיר נעמען דא ניט אין באטראכט דעם טייל פון מעהר־ווערט, וואס דער קאפיטאליסט פארברויכט. עס אינטערעסירט אונז אויך ניט אין דעם מאמענט, צי די צוגאב־קאפיטאלען ווערען צוגעגעבען צום אנפאנגליכען קאפיטאל, אדער זיי ווערען אפגעריסען פון איהם און ווערען פארווערטיגט באזונדער; צי עס נוצט זיי אויס דער זעלבער קאפיטאליסט, וואס האט זיי אנגעזאמעלט, צי ער גיט זיי איבער אנדערע. מיר דארפען בלויז ניט פארגעסען, אז צוזאמען מיט די נייע אויסגעבילדעטע קאפיטאלען רעפראדוצירט דער אנ־פאנגליכער קאפיטאל אויך ווייטער זיך אליין און פראדוצירט אויך מעהר־ווערט, און אז דאסזעלבע איז ריכטיג וועגען יעדען אנגעזא־מעלטען קאפיטאל אין באצוג צו דעם צוגאב־קאפיטאל, וואס ער האט געבארען.

דער אנפאנגליכער קאפיטאל האט זיך אויסגעבילדעט דורך אריינ־לייגען 10,000 פונט סטערלינג. ווי אזוי האט זייער אייגענטימער זיי באקומען? — דורך זיין אייגענער ארבייט און דורך דער אר־בייט פון זיינע עלטערן און אור־עלטערן! — ענטפערן אונז אין איין קול די אויטאריטעטען פון דער פאליטישער עקאנאמיע. און זייער מיינונג, דוכט זיך, איז ווירקליך די איינציגע, וואס שטימט מיט די געזעצען פון פראדוצירען סחורות, לויט וועלכע עס ווערען אין דורכשניט אויסגעטוישט נאר גלייכע ווערטען, עקוויוואלענטען, און יעדערער קויפט סחורות בלויז פאר סחורות.

גאַנץ אַנדערש איז מיט דעם צוגאַב־קאַפּיטאַל פון די 2,000 פונט סטערלינג. מיט דעם פּראָצעס פון זיין אַנטשטעהן ווייסען מיר גאַנץ גענוי באַקאַנט. ער שטעלט מיט זיך פאַר קאַפּיטאַלי־זירטען מעהר־ווערט. פון אָנהויב אָן שוין אַנטהאַלט ער אין זיך ניט קיין איינציגען ברעקעל פון ווערט, וואָס זאָל שטאַמען אַנדערש ווי פון ניט באַצאָהלטער אַרבייט. די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס האָ־בען צוגעצויגען און פאַרקערפּערט די נייע אַרבייט־קרעפטען, און אויך די לעבענס־מיטלען, אויף וועלכע די אַרבייט־קרעפטען עקזיס־טירען, שטעלען מיט זיך פאַר נישט מעהר ווי טיילען פון דעם מעהר־פּראָדוקט, דעם חלק, וואָס דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס רייסט יעדען יאָהר אָפּ ביי דעם אַרבייטער־קלאַס. ווען דער קאַפּיטאַליס־טען־קלאַס קויפט איין פאַר א טייל פון אָט דעם חלק נייע אַרבייט קראַפט, אפילו לויט איהר פולען פּרייז, אַזוי אַז עס טוישען זיך דערביי אויס גלייכע ווערטען, בלייבט דאָך תמיד די אַלטע באַ־האַנדלונג פון'ם עראָבערער, וואָס קויפט אָפּ ביי די באַזיעגטע זייערע סחורות פאַר דעם געלט, וואָס ער האָט ביי זיי אָפּגערויבט.

יעדענפאַלס האָט דער אַרבייטער־קלאַס דורך זיין מעהר־אַרבייט פון דעם יאָהר געשאַפען דעם קאַפּיטאַל, וואָס וועט דעם קומענדיגען יאָהר באַשעפטיגען נייע אַרבייט־קראַפט. אָט דאָס איז דאָס, וואָס מען רופט „קאַפּיטאַל ווערט געבאָרען פון קאַפּיטאַל“.

די אָנזאַמלונג פון דעם ערשטען צוגאַב־קאַפּיטאַל פון 2,000 פונט סטערלינג איז מעגליך בלויז ביי דער עקזיסטענץ פון פריהער פון א ווערט פון 10.000 פונט סטערלינג, וואָס באַלאַנגט צום קאַפּי־טאַליסט, א דאַנק זיין „אָנפאַנגליכער אַרבייט“. דער צווייטער צו־גאַב־קאַפּיטאַל פון 400 פונט, פאַרקעהרט, פאָדערט ניט מעהר ווי די אָנזאַמלונג פון די ערשטע 2,000 פונט, פון וועלכע ער איז דער קאַפּיטאַליזירטער מעהר־ווערט. דאָס אייגענטום אויף פריהערדי־גער ניט־באַצאָהלטער אַרבייט איז אויף אַזא אופן איצט די איינציגע באַדינגונג פאַר באַקומען אַצינד לעבעדיגע אומבאַצאָהלטע אַרבייט אויף אַלץ א גרעסערן מאַסשטאַב. וואָס מעהר דער קאַפּיטאַליסט האָט אָנגעזאַמעלט, אַלץ מעהר קאָן ער ווייטער אָנזאַמלען.

אויף וויפיעל דער מעהר־ווערט, פון וועלכען עס באַשטעהט

דער צונאַב־קאַפּיטאַל נומער 1 איז געווען דער רעזולטאַט פון איינקויפען די ארבייט־קראַפט אויף אַ טייל פון דעם אָריגינעלען קאַפּיטאַל, אַן איינקויף, וואָס איז געווען אין איינקלאַנג מיט די געזעצען פונ׳ם אויסטויש פון סחורות און וואָס פאָדערט — געזעצ־ליך באַטראַכט — ניט מעהר ווי דאָס, אַז דער ארבייטער זאָל זיין דער באַלעבאָס איבער זיינע איינענע פעהיגקייטען און דער איי־גענטימער פון דעם געלט און די סחורות זאָל זיין פריי צו טאָן וואָס ער וויל מיט די ווערטען, וואָס געהערען איהם; אויף וויפיעל דער צו־נאַב־קאַפּיטאַל נומער 2 א. אַ. וו. איז ניט מעהר ווי אַ רעזולטאַט פון דעם צונאַב־קאַפּיטאַל נומער 1 און, הייסט עס, ניט מעהר ווי אַ רעזולטאַט פון דער פריהערדיגער פאַרהעלטעניש; אויף וויפיעל יע־דער איינצעלנער איינקויף איז אימער אין הסכם מיט דעם געזעץ פון סחורות־אויסטויש, — אויף אַזוי פיעל איז קלאָר, אַז די געזעצען פון פּריוואַט אייגענטום, וועלכע זיינען געבויט אויף דער פּראָדוקציע און צירקולאַציע פון סחורות, אַנטוויקלען זיך אין זייער איינענעם היפוך. עס האָט זיך אָנגעהויבען מיט דעם אויסטויש פון גלייכע ווערטען, און איצטער האָט עס זיך אויסגעדרעהט אַזוי, אַז עס דוכט זיך נאָר אויס, אַז עס קומט פאָר אַן אויסטויש *).

און דאָס איז דערפאַר, וואָס ערשטענס איז דער טייל פון קאַ־פּיטאַל גופא, וואָס איז אויסגעטוישט געוואָרען אויף ארבייט־קראַפט, ניט מעהר ווי אַ טייל פונ׳ם פרעמדען ארבייט־פּראָדוקט, וואָס דער קאַפּיטאַליסט האָט זיך צוגענומען אָהן אַן עקוויוואַלענט; און צווייטענס גיט איהם דער פּראָדוצענט זיינער, דער ארבייטער, ניט נאָר צוריק אָט דעם טייל, נאָר ער מוז איהם צוריקקעהרען נאָך מיט נייעם מעהר־פּראָדוקט. די פאַרהעלטעניש פון אויסטויש צווישען דעם קאַפּיטאַליסט און דעם ארבייטער איז ניט מעהר ווי אַן אויס־דוכטעניש, וואָס געהערט דעם פּראָצעס פון צירקולאַציע, בלויז אַ פאָרמע, וועלכע איז פרעמד דעם אינהאַלט גופא און מיסטיפיצירט איהם. דאָס שטענדיגע אויפקויפען און פאַרקויפען פון ארבייט־

*) פונקט ווי אויף אַ געוויסער שטופע פון איהר אַנטוויקלונג מוז די פּראָדוקציע פון סחורות איבערגעהן אין אַ קאַפּיטאַליסטישער פּראָ־דוקציע פון סחורות (אין דער אמת׳ן נעמען די פּראָדוקטען אָן די אַל־געמיינע און הויפּטזעכליכע פאָרמע פון סחורות ערשט אויפ׳ן יסוד פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע), אַזוי מוזען אויך די אייגענטום־געזעצען, וואָס שטיצען זיך אויף דער פּראָדוקציע פון סחורות, איבערגעהן אין די געזעצען פון קאַפּיטאַליסטישער אייגענטום.

קראַפט איז די פאָרמע; און דער אינהאַלט באַשטעהט אין דעם, וואָס דער קאַפּיטאַליסט פאַרבייט כסדר אַ טייל פון דער פרעמדער אַרבייט, וואָס איז שוין פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פּראָדוקטען און וואָס ער נעמט זיך כסדר צו אָהן אַן עקוויוואַלענט, אויף אַ גרעסערן סכום פון לעבעדיגער פרעמדער אַרבייט. צוערשט האָט זיך אונז געדוכט, אז דאָס אייגענטום־רעכט באַזירט אויף אייגענער אַר־בייט. ווענינגסטענס האָבען מיר אַזוי געמוזט אָננעמען, ווייל נאָר גלייכבאַרעכטיגטע אייגענטימער פון סחורות זיינען געשטאַנען איי־נער קעגען דעם אַנדערן, און דאָס איינציגע מיטעל, דורך וועלכע אַ מענש קאָן ווערען דער אייגענטימער פון די סחורות פון אַן אַנ־דערן, איז געווען — צו אָפּגעבען זיינע אייגענע סחורות; און די לעצטע קאָנען צוריק געשאַפען ווערען נאָר דורך אַרבייט. אויף דער זייט פונ'ם קאַפּיטאַליסט ערשיינט דאָס אייגענטום אַלס דאָס רעכט צו פאַרנעמען פרעמדע אומבאַצאָלטע אַרבייט אָדער איהר פּראָדוקט און אַלס אַן אומעגליכקייט פאַר'ן אַרבייטער צוצונעמען זיין אייגענעם פּראָדוקט. די צושיידונג צווישען אייגענטום און אַרבייט ווערט אַ נויטיגער רעזולטאַט פונ'ם געזעץ, וואָס שטאַמט זיכער אָפּ פון זייער אידענטיטעט, פון דעם וואָס זייביידע — אייגענטום און אַרבייט — זיינען איינס און דאָסזעלבע.

דער קאַפּיטאַליסטישער מעטאָד צו ווערען רייך, שלאָגט, ווייזט זיך אַרויס, די אָנפאַנגליכע געזעצען פון דער פּראָדוקציע פון סחורות גלייך אין פּנים אַריין; און דאָך אַנטשטעהט ער בשום אופן ניט דורך איבערטרעטען די געזעצען, נאָר דורך אָנווענדען זיי. און דעריבער, כדי עס זאָל ווערען קלאָר, איז גענוג אַ קוק צו טאָן אויף צוריק, אויף די כסדר'דיגע פאַזען פון דער באַוועגונג, וואָס פיהרט צו דער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל:

צוערשט האָבען מיר געזעהן, אַז די אָנפאַנגליכע פאַרוואַנדלונג פון אַ ווערט־סומע אין קאַפּיטאַל קומט פאָר דורכאויס לויט די גע־זעצען פון אויסטויש. איינער פון די אויסטוישער פאַרקויפט זיין אַרבייט־קראַפט, דער אַנדערער קויפט זי. דער ערשטער באַקומט דעם ווערט פון זיין סחורה, וואָס איהר געברויך־ווערט — די אַר־בייט — ווערט דערמיט דאָס אייגענטום פונ'ם צווייטען און דער צווייטער פאַרוואַנדעלט איצט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס גע־

הערען איהם, מיט דער הילף פון ארבייט, וואָס געהערט איהם אויך, אין א נייעם פּראָדוקט, וואָס געהערט איהם אויך על פּי רעכט.

דער ווערט פון אַט דעם נייעם פּראָדוקט שליסט אין זיך איין: ערשטענס, דעם ווערט פון די פארברויכטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די נוצליכע ארבייט קאָן ניט פארברויכען אַט די פּראָדוקציאָנס־מיט־לען אנדערש, ווי איבערטראָגענדיג איהר ווערט אויף דעם נייעם פּראָדוקט. אָבער כדי מען זאָל זי קויפען, מוז די ארבייט־קראַפט זיין אימשטאנד צוצושטעלען נוצליכע ארבייט אין דעם צווייג פון אינדוסטריע, וואו מען דארף זי פארווענדען.

ווייטער שליסט איין דער ווערט פונ׳ם נייעם פּראָדוקט דעם עקוויוואלענט פונ׳ם ווערט פון דער ארבייט־קראפט און א געוויסען מעהר־ווערט. און דאָס איז דערפאר, וואָס די ארבייט־קראפט, וואָס איז פארקויפט געוואָרען אויף א באשטימטער צייט: אויף א טאָג, א וואָך א. א. וו. אנטהאלט אין זיך ווענינער ווערט, איידער איהר געברויך פאר דער צייט שאפט. דער ארבייטער האָט אָבער באקומען באצאָלט דעם טויש־ווערט פון זיין ארבייט־קראפט און האָט דערמיט איבערגעגעבען איהר געברויך־ווערט, ווי דאָס קומט פאָר אין יעדען פאל פון קויפען און פארקויפען.

דאָס וואָס אַט די באזונדערע סחורה, די ארבייט־קראַפט, פאר־מאָגט אן אייגענטימליכען פארברויך־ווערט: צוצושטעלען אר־בייט און צו שאפען אויף אזא אופן ווערט, — דאָס ענדערט ניט אויף קיין איין האָר דאָס געזעץ פון דער פּראָדוקציע פון סחורות. און אויב דעריבער די ווערט־סומע, וואָס איז ארייננעלייגט געוואָרען אין ארבייט־לוין, געהט ניט בלויז איינפאך אריבער אין דעם פּראָ־דוקט, נאָר זי ווערט פארגרעסערט מיט א מעהר־ווערט, שטאמט דאָס ניט פון דעם, וואָס מען האָט אָפּגענארט דעם פארקויפער, וועלכער האָט דאָך באקומען דעם פולען ווערט פון זיין סחורה, נאָר פון דעם, וואָס דער קויפער פארברויכט אַט די סחורה.

דאָס געזעץ פון אויסטויש פאָדערט גלייכהייט נאָר פאר די טויש־ווערטען פון די סחורות, וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען איינע פאר דער אנדערער. עס פאָדערט אפילו פון אָנהויב אָן, אז זייערע געברויך־ווערטען זאָלען זיין פארשיידען, און האָט גאָר ניט צו טאָן מיט זייער פארברויך, וועלכער הויבט זיך אָן ערשט נאָך

־עם, ווי דער האנדעל איז דורכגעפיהרט און אָפּגעשלאָסען געוואָ־
רען.

די אָנפאַנגליכע פאַרוואנדלונג פון געלט אין קאַפּיטאַל קומט
אַלזאָ פאַר גענוי אין איינקלאַנג מיט די עקאָנאָמישע געזעצען פון
דער פּראָדוקציע פון סחורות און מיט דעם איינענטום־רעכט, וואָס
שטאַמט דערפון.

און דאָך האָט זי פאָלגענדע רעזולטאַטען :

1) אַז דער פּראָדוקט געהערט דעם קאַפּיטאַליסט, ניט דעם
אַרבייטער ;

2) אַז דער ווערט פון דעם פּראָדוקט אַנטהאַלט אויסער דעם
ווערט פון דעם אַריינגעלייגטען קאַפּיטאַל נאָך אַ מעהר־ווערט, וואָס
האָט דעם אַרבייטער געקאָסט אַרבייט און דעם קאַפּיטאַליסט —
גאָרנישט ; און דאָך איז דער פּראָדוקט אַ געזעצליכע אייגענטום
פון׳ם קאַפּיטאַליסט ;

3) אַז דער אַרבייטער האָט צוריקגעשטעלט זיין אַרבייט־
קראַפט און קאָן זי אויף דאָס ניי פאַרקויפען, ווען ער קריגט אַ
קויפער.

די איינפאַכע רעפּראָדוקציע איז ניט מעהר ווי אַ פּעריאָדישע
איבער׳חזר׳ונג פון אָט דער ערשטער אָפּעראַציע ; געלט ווערט
כסדר פון דאָס ניי פאַרוואַנדעלט אין קאַפּיטאַל. דאָס געזעץ ווערט
דערמיט ניט געבראָכען ; עס באַקומט, פאַרקעהרט, אַ געלעגענ־
הייט אַרויסצואווייזען זיך שטענדיג.

עס ענדערט זיך אויך גאָרנישט, ווען אָנשטאָט דער איינפאַ־
כער רעפּראָדוצירונג קומט די רעפּראָדוצירונג אויף אַ ברייטערן
מאַסשטאַב דורך אָנזאַמלונג. אינ׳ם ערשטען פאַל פאַרברויכט דער
קאַפּיטאַליסט דעם גאַנצען מעהר־ווערט ; אינ׳ם צווייטען פאַל
ווייזט ער אַרויס זיין בירגערליכען וואויל־טאָן דערמיט, וואָס ער
פאַרברויכט נאָר אַ טייל פונ׳ם מעהר־ווערט און פאַרוואַנדעלט דאָס
איבעריגע אין קאַפּיטאַל.

דער מעהר־ווערט איז זיין אייגענטום ; ער האָט קיינמאָל
ניט געהערט צו אַן אַנדערן. ווען ער לייגט איהם אַריין אין דער
פּראָדוקציע, לייגט ער עס אַריין פון זיין אייגענעם פאַרמעגען,

פונקט ווי ער האָט געטאָן אינ׳ם ערשטען טאָג, ווען ער איז ערשט אַרויס אויפ׳ן מאַרק.

עס מאַכט ניט אוים, ווי לאַנג עס איז די שורה פון פעריאָדי־שע רעפּראָדוצירונגען און פון די פאַרגאַנגענע אָנזאַמלונגען, וואָס דער איצט פונקציאָנירענדער קאַפּיטאַל האָט דורכגעמאַכט; ער האַלט תמיד אין זיין אָנפאַנגליכע בתולה־שאַפט, זיין אומשול־דיגקייט. כל זמן די געזעצען פון אויסטויש ווערען ביי יעדען אַקט פון אויסטויש — ווען מיר נעמען איהם באַזונדער — איינגע־האַלטען, קאָן דער אופן פון אָנאייגענען, פון צונעמען זיך עטוואָס, דורכמאַכען א גאַנצע רעוואָלוציע, ניט אָנריהרענדיג דערביי אויף א האָר די אייגענטום־רעכט, וואָס אַנטשפּרעכען דער פּראָדוקציע פון סחורות. דאָס זעלבע רעכט איז, ווי אין אָנהויב, אין קראַפט אַלץ איינס, סיי דער פּראָדוקט געהערט דעם פּראָדוצענט און יע־נער קאָן, אויסטוישענדיג נאָר עקוויוואַלענטען, גלייכווערטיגע סחורות, באַרייכערן זיך בלויז דורך זיין אייגענער ארבייט, סיי אינ׳ם קאַפּיטאַליסטישען פּעריאָד, וואו דאָס געזעלשאַפטליכע רייכ־טום ווערט אין אַלץ א גרעסערער מאָס דאָס אייגענטום פון די, וואָס זיינען אימשטאַנד כסדר צו פאַרכאַפּען זיך די אומבאַצאָלטע ארבייט פון אַנדערע.

אָט דער רעזולטאַט ווערט אומפאַרמיידליך, וויבאַלד נאָר דעם ארבייטער אַליין קומט אוים צו פאַרקויפען זיין ארבייט־קראַפט אַלס סחורה. אָבער טאַקע ערשט פון דאַמאָלט אָן ווערט די פּראָ־דוקציע פון סחורות אָן אַלגעמיינע און ווערט די טיפּישע פאָרמע פון פּראָדוקציע; ערשט פון דעמאָלט אָן ווערט יעדער פּראָדוקט פון־אויס פּראָדוצירט אויף פאַרקויף און דאָס גאַנצע פּראָדוצירטע רייכטום געהט דורך דורך דער צירקולאַציע. די פּראָדוקציע פון סחורות צווינגט זיך אַרויף אויף דער גאַנצער געזעלשאַפט ערשט דאַן, ווען די לוין־ארבייט ווערט איהר באַזיס; אָבער אויך ערשט דעמאָלט אַנטוויקעלט זי אַלע איהרע פאַרבאָרגענע קרעפטען:

צוגלייך מיט דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע פון סחורות אין א קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע, ווערען די אייגענטום־געזע־צען פון דער פּראָדוקציע פון סחורות פאַרוואַנדעלט אין געזעצען פון קאַפּיטאַליסטישען אייגענטום.

מיר האָבען געזעהן, ווי אפילו ביי דער איינפאכער רעפּראָדו־
צירונג פאַרוואַנדעלט זיך יעדער אריינגעלייגטער קאַפּיטאַל, ווי
מען זאָל איהם אָנפאַנגס ניט האָבען אָנגעקליבען, אין אָנגעזאַמעל־
טען קאַפּיטאַל, אָדער קאַפּיטאַליזירטען מעהר־ווערט. אָבער אין
משך פון דעם, ווי די פּראָדוקציע שטראָמט, ווערט בכלל יעדער
פון אָנפאַנג אריינגעלייגטער קאַפּיטאַל אַלץ מעהר אַ פארשווינדענ־
דע גרויס, אַן אומגעהייער קליינער טייל אין פארגלייך מיט דעם
דירעקט אָנגעזאַמעלטען קאַפּיטאַל, ד. ה. מיט מעהר־ווערט, אָדער
מעהר־פּראָדוקט, וואָס איז צוריק פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין קאַ־
פּיטאַל, אַלץ איינס צי ער פונקציאָנירט איצט אין דער האַנט, וואָס
האָט איהם אָנגעזאַמעלט, אָדער אין אַ פרעמדער האַנט.

## 2. די פאַלשע אויפפאַסונג פון דער רעפּראָדוצירונג אויף אַ גרעסערן מאַסשטאַב מצד דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

איידער מיר וועלען זיך אָפּשטעלען אויף געוויסע נענויע דע־
פינירונגען פון דער אָנזאַמלונג אָדער פון דער פאַרוואַנדלונג פון'ם
מעהר־ווערט צוריק אין קאַפּיטאַל, דאַרפען מיר באַזייטיגען איין
צווייידייטיגקייט, וואָס די קלאַסישע פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט
איינגעפיהרט.

פונקט אַזוי וועניג, ווי די סחורות, וואָס דער קאַפּיטאַליסט
קויפט פאַר אַ טייל פון זיין מעהר־ווערט צוליעב זיין אייגענעם
געברויך דיענען איהם אַלס מיטלען פון פּראָדוקציע און פאַרווער־
טונג, גלייך אַזוי וועניג איז אַ פּראָדוקטיווע ארבייט די, וואָס ער
קויפט צוליעב דער באַפרידיגונג פון זיינע נאַטירליכע און סאָ־
ציאַלע באַדערפעגישען. אָנשטאָט דורך איינקויפען די דערמאָנטע
סחורות און ארבייט צו פאַרוואַנדלען דעם מעהר־ווערט אין קאַפּי־
טאַל, פאַרברויכט ער איהם, פאַרקעהרט, אָדער ער גיט איהם אויס
אַלס „איינקונפט“. להיפוך צו דעם אַלטען פריצישען אַרט לעבען,
וואָס איז באַשטאַנען, ווי העגעל זאָגט, „אין פאַרברויכען דאָס,
וואָס מען פאַרמאָגט“, און וואָס האָט זיך באַזאָנדערס אויסגעצייי־
כענט מיט דעם לוקסוס פון פערזענליכע פריינד און פון פיעל
דיענער, איז פאַר דער בורזשואַזער עקאָנאָמיע געווען אַבסאָלוט

וויכטיג צו פּראָקלאַמירען און כסדר צו פּרעדיגען די אַנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל אלס די ערשטע בירגערליכע פליכט: מען קאָן ניט אַנזאַמלען, ווען מען פאַרברויכט די גאַנצע הכנסה, אַנשטאַט אויס־צוגעבען אַ באַדייטענדען טייל פון איהר אויף אַריינצוקריגען פּראָ־דוקטיווע אַרבייטער, וועלכע ברענגען אַריין מעהר, ווי זיי קאָסטען אַליין. פון דער אַנדער זייט איז זיי אויסגעקומען צו פּאָלעמיזירען מיט דעם פּאָראורטייל פון פאָלק, וועלכער מישט צונויף קאַפּיטאַ־ליסטישע פּראָדוקציע מיט דער אַנזאַמלונג פון אוצרות און מיינט דעריבער, אז אַנגעזאַמעלטע עשירות איז אַזאַ, וואָס קומט דורך ניצול ווערען פון צושטערונג אין איהר נאַטור־פאָרמע, ד. ה. פון פאַרברויכונג, אָדער וואָס ווערט אַרויסגעצויגען פון דער צירקולאַ־ציע. ווען מען וואָלט דאָס געלט אויסשליסען פון צירקולאַציע, וואָלט דאָס געוועזען דער היפּוך פון זיין פאַרווערטונג אלס קאַפּי־טאַל, און די אַנזאַמלונג פון סחורות, פון גוטסעריי, אין דער פאָרמע פון אוצרות, וואָס ליגען ניט געריהרט, וואָלט געוועזען אַן איינפאַכע טיפּשות.

די באַגרינדער פון דער בורזשואַזער פּאָליטישער עקאָנאָמיע זיינען דעריבער גערעכט, ווען זיי ווייזען אָן, אז דער פאַרברויך פון דעם מעהר־פּראָדוקט דורך פּראָדוקטיווע אַרבייטער איז אַ כאַראַק־טעריסטישער שטריך פון דער אַנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל. אָבער עס איז אַ טעות צו באַהויפּטען, אז די אַנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל באַשטעהט נאָר אין דעם פאַרברויך פון דעם מעהר־פּראָדוקט דורך פּראָדוקטיווע אַרבייטער. דאָס איז דאָסזעלבע, ווי מען זאָל זאָ־גען, אז די קאַפּיטאַליזירונג פון דעם מעהר־ווערט באַשטעהט איינ־ציג אין דער פאַרוואַנדלונג פון דעם מעהר־ווערט אין אַרבייט־קראַפט, דאָס הייסט, אז דער גאַנצער מעהר־ווערט, וואָס ווערט אַריינגעלייגט אלס אַ נייער קאַפּיטאַל, באַשטעהט נאָר פון פאַרענ־דערליכען קאַפּיטאַל. אַרבייט־קראַפט איז די פאָרמע, אין וועלכער דער פאַרענדערליכער קאַפּיטאַל עקזיסטירט אין דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציע. אין דעם פּראָצעס ווערט זי אַליין פאַרברויכט פונ'ם קאַפּיטאַליסט. און זי פאַרברויכט דורך איהר פונקציע — דורך דער אַרבייט—די פּראָדוקציאָנס־מיטלען.

דאָס געלט, וואָס ווערט באַצאָלט פאַר די געקויפטע אַרבייט־קראַפט, ווערט צו דערזעלבער צייט אויסגעגעבען אויף לעבענס־מיטלען, וואָס ווערען פאַרצערט פון דעם פּראָדוקטיווען אַרבייטער. אַראָם סמיט קומט דורך אַ פאַלשען אַנאַליז צו דעם אומזיניגען

שלוס, אַז הגם יעדער איינציגער קאַפּיטאַל איז איינגעטיילט אין אַ שטענדיגען און פאַרענדערליכען טייל, באַשטעהט דער גאַנצער קאַפּיטאַל פון דער געזעלשאַפט נאָר אין דעם פאַרענדערליכען קאַ־פּיטאַל, ד. ה. ער ווערט אין גאַנצען אויסגעגעבען אויף אויסצאָלען שכירות.*)

צ. ב. ש.: אַ פאַבריקאַנט פון געוואַנט פאַרוואַנדעלט 2000 פונט סטערלינג אין קאַפּיטאַל. ער ליינט אויס איין טייל פונ׳ם געלט אויף איינקויפען וועבער, אַ צווייטען טייל — אויף איינקויפען וואָל־פּאָדעם, מאַשינעס א. א. וו. אָבער די מענשען, ביי וועלכע ער קויפט די פּאָדעם און די מאַשינעס, צאָלען ווידער דערפון אַ טייל די אַרבייטער א. א. וו., ביז די גאַנצע 2000 פ. סט. ווערט אויסגעגעבען אַלס לוין פאַר אַרבייטער, אָדער דער גאַנצער פּראָדוקט, וואָס איז פאַרקערפּערט אין די 2000 פונט סטערלינג, ווערט פאַרברויכט פון פּראָדוקטיווע אַרבייטער. מען קאָן לייכט זעהן, אַז דאָס גאַנצע געוויכט פון אונזער אַרגומענט ליגט אין די ווערטער: „און אַזוי ווייטער“, וועלכע שיקען אונז פון איין אינ־סטאַנץ צו דער אַנדערער. אין דער אמת׳ן, רייסט אַדאַם סמיט איבער די אונטערזוכונג גראַד דאָרטען, וואו עס הויבט זיך אָן איהר שווע־ריגקייט.

## 3. די איינטיילונג פונ׳ם מעהר־ווערט אין קאַפּיטאַל און איינ־קונפט. די טעאָריע פון אָפּהאַלטונג.

אין פאָריגען קאַפּיטעל האָבען מיר באַטראַכט דעם מעהר־ווערט, אָדער וואָס עס איז דאָסזעלבע — דעם מעהר־פּראָדוקט, נאָר אַלס פּערזענליכען געברויך־פאָנד פונ׳ם קאַפּיטאַליסט, און אין דעם קאַפּיטעל האָבען מיר ביז איצט איהם באַטראַכט בלויז אַלס אָנזאַמלונג־פאָנד. ער איז אָבער ניט בלויז דאָס ערשטע

*) דעמזעלביגען טעות מאַכען פיעלע פּאָפּולערע סאָציאַליסטישע שרייבער און רעדנער, ווען זיי באַהויפּטען, אַז דערפאַר, וואָס דער אַרבייטער־קלאַס קאָן ניט אָפּקויפען דעם גאַנצען פּראָדוקט פון דער קאַפּיטאַליסטי־שער געזעלשאַפט, קלייבט זיך אָן אַ מאַסע איבעריגע פּראָדוקטען, וועלכע קאָנען ניט געפינען קיין מאַרק און דאָס פיהרט צו אינדוסטריעלע קריזיסען (אָנמערקונג פון דעם רעדאַקטאָר).

אָדער בלויז דאָס אנדערע : ער זאָל צו גלייכער צייט ביידע זאַכען. איין טייל פון׳ם מעהר־ווערט ווערט פאַרברויכט פון׳ם קאַפּיטאַ־ ליסט אַלס איינקונפט, א צווייטער טייל ווערט אָנגעווענדעט אַלס קאַפּיטאַל, ד. ה., אָנגעזאַמעלט.

ביי א געוויסער מאַסע פון׳ם מעהר־ווערט איז וואָס גרעסער עס איז איינער פון די טיילען, אַלץ קלענער איז דער צווייטער. ווען אַלע אנדערע באַדינגונגען זיינען דיזעלבע, באַשטימט די פּאַר־ העלטעניש צווישען די צוויי טיילען די גרויס פון דער אָנזאַמלונג. אָבער נאָר דער אייגענטימער פון׳ם מעהר־ווערט, דער קאַפּיטאַ־ ליסט אַליין, טיילט איין דעם מעהר־ווערט אין קאַפּיטאַל און איינ־ קונפט. דאָס איז אַן אַקט פון זיין ווילען. וועגען דעם טייל פון זיין חלק, וואָס ער זאַמעלט אָן זאָגט מען : „ער שפּאָרט איהם אָפּ“, ווייל ער עסט איהם ניט אויף, ד. ה. ווייל ער ערפילט זיין פונקציע אַלס קאַפּיטאַליסט, די פונקציע — צו מאַכען זיך רייכער.

אויף אזוי וויט ווי דער קאַפּיטאַליסט ערשיינט אַלס די לע־ בעדיגע פאַרקערפּערונג פון קאַפּיטאַל, ווערט ער אָנגעטריבען אין זיין טעטיגקייט ניט דורך די געברויך־ווערטען און דורך דעם גענוס פון די געברויך־ווערטען, נאָר דורך דעם טויש־ווערט און זיין פאַר־ גרעסערונג.

אַלס פאַנאַטיקער פון פאַרוואַנדלען די ווערטען אין נייע ווער־ טען, צווינגט ער אָהן רחמנות די מענשהייט צו פּראָדוצירען צוליעב פּראָדוצירען ; און דערמיט ברענגט ער צו דער אנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקטיווע קרעפטען און צו דער שאַפונג פון מאַטעריעלע באַדינגונגען פון פּראָדוקציע, וואָס זיינען נאָר אַליין אימשטאַנד אויסצובילדען דעם רעאַלען יסוד פון א העכערער גע־ זעלשאַפטליכער פאָרמע, וועמעס גרונט־פּרינציפּען עס איז — די פולע און פרייע אנטוויקלונג פון יעדען אינדיווידום. דער קאַ־ פּיטאַליסט איז אַכטונגס־ווערט בלויז אַלס פּערזאָניפיצירונג פון׳ם קאַפּיטאַל. אַלס אַזעלכער איז ער עהנליך צום קאַרגען. וואָס קלייבט אוצרות און עשירות צוליעב דער עשירות. נאָר דאָס, וואָס ביים קאַרגען איז בלויז א פּערזענליכע נייגונג אָדער משוגעת, איז ביים קאַפּיטאַליסט א רעזולטאַט פון דעם געזעלשאַפטליכען מעכאַניזם, אין וועלכען ער איז בלויז איין רעדעל. די אנטוויקלונג פון דער

...פּיטאַליסטישער פּראָדוקציע רופט אַרויס די נויטיגקייט פון אַ כסדר'דיגער פארגרעסערונג פונ'ם קאַפּיטאַל, וואָס ווערט אַריינגע־לייגט אין אַן אינדוסטריעלער אונטערנעמונג, און די קאָנקורענץ זעצט אַרויף אויף יעדען איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט די שטענדיגע געזעצען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, ווי צוואַנגס־געזעצען. די קאָנקורענץ גיט איהם ניט די מעגליכקייט איינצוהאַלטען זיין קאַפּיטאַל, סיידען ער פאַרגרעסערט איהם כסדר; און פאַרגרעסערן איהם קאָן ער ניט אַנדערש, ווי דורך כסדר'דיגער אַנזאַמלונג.

אויף אַזוי ווייט דעריבער, ווי זיינע מעשים זיינען בלויז אַ פונקציע פונ'ם קאַפּיטאַל, וואָס איז באַשרענקט אין זיין פערזאָן מיט ווילען און באוואוסטזיין, איז זיין אייגענער פּריוואַטער פאַר־ברויך נאָר אַ רויב, וואָס ער באַגעהט נעגען דער אַנזאַמלונג פון זיין קאַפּיטאַל, פּונקט אַזוי ווי אין דער טאָפּעלטער איטאַליענישער בוכהאַלטעריע פיגורירען די פּריוואַטע אויסגאַבען אויף דעם דע־ביט־זייט פונ'ם קאַפּיטאַליסט קעגען דעם קאַפּיטאַל. אַנזאַמלונג מיינט איינגעמען די וועלט פון געזעלשאַפטליכען רייכטום. צו־זאַמען מיט דער מאַסע פון דעם עקספּלואַטירטען מענשען־מאַטע־ריאַל שפּרייט זי אויס אויף די דירעקטע און אינדירעקטע הער־שאַפט פונ'ם קאַפּיטאַליסט.

אָבער די עברה פון דער מוטער חוה ווירקט אומעטום. צוזאַ־מען מיט דער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקט־ציאָנס־אופן, פון דער אַנזאַמלונג און פון רייכטום, הערט דער קאַ־פּיטאַליסט אויף צו זיין בלויז אַ פערזאָניפיצירונג פון קאַפּיטאַל. ער באַקומט אַ „מענשליכען געפיהל" פאַר זיין אייגענעם „אדם" און ער בילדעט זיך אַזוי, אַז ער זאָל זיין אימשטאַנד צו שמייכ־לען איבער דעם חלום וועגען אַסקעטיזם, וועגען ריינער גייסטיגקייט, ווי איבער אַ פאַראורטייל פון דעם אַלטמאָדישען קאַרגען אוצרות־זאַמלער. אין דער צייט וואָס דער קלאַסישער קאַפּיטאַליסט שטעמ־פּעלט דעם אינדיווידועלען פאַרברויך אַלס עברה געגען זיין פונק־ציע און געגען דער „אָפּהאַלטונג" פון דער אַנזאַמלונג, איז דער מאָדערניזירטער קאַפּיטאַליסט אימשטאַנד אויפצופאַסען די אַנזאַמ־

לונג אלס אָפּהאַלטונג פון באַפרידיגען זיין באַדערפעניש אין גענוס
און פאַרגעניגען.

ביים היסטאָרישען אָנהויב פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָ־
דוקציאָנס־אופן — און יעדער אויפגעקומענער קאַפּיטאַליסט מאַכט
אָט די היסטאָרישע שטופע אינדיווידועל דורך — הערשען קאַרג־
שאַפט און לוסט צו עשירות אלס אבסאָלוטע ליידענשאַפטען. אָבער
די אנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע שאַפט ניט
נאָר א וועלט פון פאַרגעניגענס. עס עפענט דורך ספעקולאַציעס
און דורך דער סיסטעם פון קרעדיט טויזענט קוואַלען פון פּלוצלונ־
דיגען רייך ווערען. אויף א געוויסער שטופע פון אנטוויקלונג ווערט
א געוויסער גראַד פון פאַרשווענדונג, וועלכע איז אין דער זעלבער
צייט א באַווייז פון רייכקייט — און דעריבער אויך פון קרעדיט־
פעהיגקייט — אפילו א געשעפט נויטיגקייט פאַר דעם „אומגליק־
ליכען" קאַפּיטאַליסט. דער לוקסוס געהט אַריין אין דער הוצאה
אויף די „עפענטליכע ארויסטרעטונגען" פון'ם קאַפּיטאַליסט, ניט
ווי דער קאַרגער, אין דער פּראָפּאָרציע פון זיין אייגענער ארבייט
און פון זיין אייגענעם אָפּהאַלטען זיך פון פאַרברויכען, נאָר אין דער
מאָס, אין וועלכער ער זויגט אויס פרעמדע אַרבייט־קראַפט און
צווינגט די ארבייטער זיי זאָלען זיך אָפּהאַלטען פון יעדען פאַרגעני־
גען אין לעבען. און דעריבער, הגם די פאַרשווענדונג מצד דעם קאַ־
פּיטאַליסט טראָגט קיינמאָל ניט דעם אָפּענהאַרציגען כאַראַקטער,
ווי די פאַרשווענדונג פון דעם ברייט־האַנטיגען פעאָדאַלען פּריץ;
און הגם הינטער איהם ליגט שטענדיג שמוציגע קאַרגשאַפט און
אויסגערעכענטקייט, באַזירט אויף שרעק, — דאָך וואַקסט די פאַר־
שווענדונג מצד דעם קאַפּיטאַליסט צוזאַמען מיט זיין אָנזאַמלונג,
און די ערשטע מוז דערביי ניט באַגרענעצען די צווייטע. אין דער־
זעלבער צייט אָבער אנטוויקעלט זיך אין האַרצען ביי דעם איינצעל־
נעם קאַפּיטאַליסט א פאַוסט־קאָנפליקט צווישען דער שטרעבונג צו
אָנזאַמלען און דער שטרעבונג צו געניסען, צו פאַרגעניגענס.

„די אינדוסטריע פון מאַנטשעסטער — שטעהט אין א בוך,
וואָס דר. עיקין האָט פאַרעפענטליכט אין 1795 — קאָן איינגע־
טיילט ווערען אין פיער פעריאָדען. אין דעם ערשטען פעריאָד
זיינען די פאַבריקאַנטען געוועזען געצוואונגען שווער צו אַרבייטען

פאַר זייער לעבענסמיטעל". זיי האָבען זיך באַזונדערס באַרייכערט דורך באַ'גנב'ענען די עלטערן, וועלכע האָבען זיי צוגעשטעלט זיי־ערע יונגע קינדער אלס לערן־אינגלעך און וועלכע האָבען דערפאַר גע־מוזט טייער באַצאָלען, אין דער צייט, וואָס די אינגלעך אליין האָבען געהונגערט. פון דער אַנדער זייט זיינען די דורכשניטליכע פּראָפי־טען געווען נידעריג און די אָנזאַמלונג האָט געפאָדערט שטאַרקע שפּאָרזאַמקייט. זיי האָבען געלעבט ווי קאַרגע מענשען און האָבען פאַרברויכט הלואי די פּראָצענטען אויף זייער קאַפּיטאַל. „אינ'ם צווייטען פעריאָד האָבען זיי אָנגעהויבען צו מאַכען זיך קליינע פאַרמעגענס, אָבער זיי האָבען געאַרבייט פונקט אַזוי שווער ווי פריהער", ווייל יעדע אוממיטעלבאַרע עקספּלואַטאַציע פון אַר־בייט קאָסט אַרבייט, ווי עס וויים יעדערער, וואָס אַרבייט מיט שקלאַפען, „און זיי האָבען געלעבט אַזוי פּשוט ווי פריהער... אין דעם דריטען פעריאָד האָט זיך אָנגעהויבען דער לוקסוס, און דעם געשעפט פלעגט מען אויסברייטען דורך אַרויסשיקען וואָ־יאַזשאָרען נאָך באַשטעלונגען אין אַלע מאַרק־שטעט פון לאַנד. עס איז זעהר מעגליך, אַז זעהר ווייניג אָדער אפשר קיין איינער פון די קאַפּיטאַלען פון 3000 ביז 4000 פונט סטערלינג, וואָס מען האָט אָנגעזאַמעלט אין דער אינדוסטריע, האָט עקזיסטירט פאַר 1690. ארום דער צייט אָדער עטוואָס שפּעטער האָבען די פאַבריקאַנטען ראָך שוין אָנגעזאַמעלט געלט און האָבען אָנגעהויבען צו בויען זיך מויערן אָנשטאָט הילצערנע און ליימענע הייזער ווי פריהער... נאָך אין דעם ערשטען צעהנדליג יאָהר פון'ם אכצעהנטען יאָהרהונדערט האָט אַ מאַנטשעסטערער פאַבריקאַנט, וואָס האָט געשטעלט פאַר זיינע געסט אַ פלאַש אויסלענדישען וויין, אַרויסגערופען באַמער־קונגען און אַ שאָקעל מיט די קעפּ פון אַלע זיינע שכנים". איי־דער עס זיינען ערשינען די מאַש־ינען, האָבען די אויסגאַבען פון אַ פאַבריקאַנט אין אָבענט אין דעם רעסטאָראַן. וואו זיי פלעגען זיך צונויפקומען, אויסמאַכען ניט מעהר ווי 6 פּענס פאַר אַ גלאָז פּונש און איין פעני פאַר אַ ציגאַר טאַבאַק. ערשט אין 1758 — און דאָס איז געווען אַן אָנהויב פון אַ נייער עפּאָכע ! — „האָט מען געקאָנט טרעפען אַ פּערזאָן, וואָס איז ווירקליך פאַרנומען אין גע־שעפט, פאָהרען אין אַן אייגענער קאַרעטע !"

„דער פערטער פּעריאָד“, דאָס לעצטע דריטעל פון׳ם 18־טען יאָהרהונדערט, „איז דער פּעריאָד פון גרויסען לוקסוס און פאַר־שווענדונג, אונטערשטיצט דורך דער אויסברייטונג פון געשעפט“. וואָס וואָלט דאָס דער גוטער דר. עיקין געזאָגט, ווען ער זאָל היינט צו טאָג האָבען אויפגעשטאַנען תחית־המתים אין מאַנטשעסטער?

זאַמעלט! זאַמעלט! דאָס איז דאָס ערשטע און דאָס לעצ־טע וואָרט, דער היילינגער נעבאָט! „שפּאָרזאַמקייט, ניט אַרבייט־זאַמקייט זאַמעלט אָן“. און דעריבער שפּאָרט, שפּאָרט, ד. ה. פאַר־קאַפּיטאַל. די אַרבייט שטעלט צו דעם מאַטעריאַל, וואָס די שפּאָר־זאַמקייט זאַמעלט אָן“. און דעריבער שפּאָרט, שפּאָרט, ד. ה. פאַר־וואַנדעלט ווי מעגליך אַ גרעסערען טייל פון׳ם מעהר־ווערט אָדער פון׳ם מעהר־פּראָדוקט צוריק אין קאַפּיטאַל! אָנזאַמלונג לשם אָנזאַמלונג, פּראָדוקציע לשם פּראָדוקציע — אין אָט דער פאָרמולע האָט די קלאַסישע פּאָליטישע עקאָנאָמיע אויסגעדריקט די היסטאָ־רישע מיסיע פון דעם בורזשואזען פּעריאָד. און זי איז אויף קיין איין מינוט ניט געווען גענאַרט ביי זיך וועגען די געבורט־וויהען פון דעם רייכטום, אָבער וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דאָס יאָמערן ווען עס שטעהט פאַר אייך די היסטאָרישע נויטווענדיגקייט.

אויב די קלאַסישע עקאָנאָמיע האַלט דעם פּראָלעטאַריער בלויז פאַר אַ מאַשינע צו פּראָדוצירען מעהר־ווערט, האַלט זי אָבער דעם קאַפּיטאַליסט בלויז פאַר אַ מאַשינע צו פאַרוואַנדלען דעם מעהר־ווערט אין נייעם קאַפּיטאַל. זי נעמט אָן די היסטאָרישע פונקציע פון׳ם קאַפּיטאַליסט זעהר ערנסט.

אין די פאַרשיידענסטע עקאָנאָמישע פאָרמאַציעס פון דער געזעלשאַפט קומט פאָר ניט בלויז אָן איינפאַכע רעפּראָדוקציע, נאָר אויך אַ רעפּראָדוקציע אויף אַ ברייטערן מאַסשטאַב, הגם פון פאַר־שיידענער גרויס. עס ווערט כסדר אַלץ מעהר פּראָדוצירט און מעהר פאַרברויכט, און עס ווערט אויך מעהר פון׳ם פּראָדוקט פאַרוואַנדעלט אין פּראָדוקציאָנס־מיטלען. אָבער אָט דער פּראָצעס קומט פאָר ניט אַלס אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל און דעריבער אויך ניט אַלס פונקציע פון׳ם קאַפּיטאַליסט, כל זמן די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון׳ם אַרבייטער און דעריבער אויף זיין פּראָדוקט און

זיינע לעבענס־מיטלען שטעהען קעגען איהם נאָך ניט אין דער פאָרמע פון קאַפּיטאַל.

פּראָפעסאָר ריטשארד דזשאָנס אילוסטרירט דאָס מיט צוויי ביישפּיעלען. היות ווי די גרויסע מאסע פון דער אינדישער באַפעלקערונג זיינען פּויערים, וואָס בעאַרבייטען אליין זייער לאַנד, נעמען זייערע פּראָדוקטען, זייערע ארבייטער־אינסטרומענטען און זייערע עקזיסטענץ־מיטלען קיינמאָל ניט אָן די פאָרמע פון א פאָנד, וואָס איז אָפּגעשפּאָרט געוואָרען פון דעם ריוח, וועלכער איז פריהער אָנגעזאַמעלט געוואָרען.

פון דער אַנדער זייט ווערען די ניט־ווירטשאַפטליכע אַרבייטער פון די פּראָווינצען, וואו די ענגלישע ממשלה האָט וועניגער ווי אומעטום אויפגעלייזט די אַלטע סיסטעם, דירעקט באַשעפטיגט פון די גדולים, ועמען עס פאַלט צו א טייל פון דעם מעהר־פּראָדוקט פון לאַנד־ווירטשאַפט אַלס טריבוט, אָדער רענט פון׳ם גרונט. איין טייל פון אָט דעם פּראָדוקט ווערט פאַרברויכט פון די גדולים אין דער נאַטירליכער פאָרמע און נאָך א טייל פאַרוואַנדלען די אַרבייטער אין לוקסוס־זאַכען און אין אַנדערע געברויך־מיטלען, און דאָס איבעריגע מאַכט אויס דעם לוין פאַר די ארבייטער, וועלכע זיינען אייגענטימער פון זייערע אייגענע ארבייט־אינסטרומענטען.

4. אומשטענדען, וואָס באַשטימען די גרויס פון דער אָנזאַמלונג אומאָפּהענגיג פון דער פּראָפּאָרציאָנעלער איינטיילונג פונ׳ם מעהר־ווערט אין קאַפּיטאַל און איינקונפט: דער גרונט פון דער עקספּלואַטאַציע פון דער ארבייט־קראַפט.—די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט. —אַלץ גרעסערער אונטערשייד צווישען דעם אָריינגעלייגטען און פאַרברויכטען קאַפּיטאַל. —די גרויס פון דעם אויסגעלעגטען קאַפּיטאַל.

מיר האָבען ביז איצט באַטראַכט די גרויס פונ׳ם מעהר־ווערט, אַלס עטוואָס געגעבענעס, באַוואוסטעס. אין דעם פאַל באַשטימט די איינטיילונג אויף איינקונפט און צוגאָב־קאַפּיטאַל די גרויס פון דער אָנזאַמלונג. אָבער די אָנזאַמלונג ענדערט זיך אומאָפּהענגיג פון יענער איינטיילונג צוזאַמען מיט דער ענדערונג פון דער גרויס פונ׳ם מעהר־ווערט אַליין. ווען צ. ב. 80 פּראָצענט וואָלטען קאַ־

פּיטאַליזירט געוואָרען און 20 פּראָצענט פאַרברויכט געוואָרען, וואָלט דער אָנגעזאַמעלטער קאַפּיטאַל אָנגעטראָפען 2400 פונט סטערלינג, אָדער 1200 פ. סט., ס'ווענדט זיך אָן דעם, צי דער גאַנ־צער מעהר־ווערט וואָלט דערגעהן ביז 3000 אָדער ביז 1500 פ. סט. ביי דער באַשטימונג פון דער גרויס פון דער אָנזאַמלונג ווירקען אַלזאָ די אַלע אומשטענדען, וואָס באַשטימען דעם גאַנצען סכום פון מעהר־ווערט. אָט די אומשטענדען זיינען אויספיהרליך באַטראַכט געוואָרען אין די קאַפּיטלען וועגען דער פּראָדוקציע פון מעהר־ווערט.

ווי דער לעזער געדענקט, איז די פּראָפּאָרציע פון דעם מעהר יווערט אָפּהענגיג פון דעם גראַד עקספּלואַטאַציע פון דעם אַרביי־טער. ווען מיר האָבען באַטראַכט די פּראָדוקציע פון מעהר־ווערט, האָבען מיר שטענדיג אָנגענומען, אַז די שכירות באַטרעפען ווע־ניגסטענס אַזוי פיעל, ווי דער ווערט פון דער אַרבייט־קראַפט. אין דער פּראַקטישער באַוועגונג פון קאַפּיטאַל אָבער ווערט דער מעהר־ווערט אויך פּראָדוצירט דורך דעם, וואָס די שכירות ווערען אַראָפּגעדריקט אונטער דעם ווערט פון דער אַרבייט־קראַפט. פאַק־טיש ווערט אויף דעם אופן דער נויטיגער פאַרברויך־פאָנד פאַרוואַנ־דעלט אין אַן אָנזאַמלונגס־פאָנד פון קאַפּיטאַל. אינ'ם אַכט־צעהנטען און די ערשטע צוויי דריטעל פונ'ם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען די ענגלישע קאַפּיטאַליסטען אָפען גע־זאָגט, אַז זייער צוועק איז אַרונטערצודריקען די אויסגאַבען פון די אַרבייטער *) ביז צו דעם נידעריגסטען גרענעץ.

הגם אין אַלע צווייגען פון דער אינדוסטריע מוז דער טייל פונ'ם שטענדיגען קאַפּיטאַל, וואָס באַשטעהט פון אַרבייט־מיטלען (מאַשינעס, געציינג, אַפּאַראַטען, טראַנספּאָרט־מיטלען, געביידעס א. ד. ג.), זיין גענוג פאַר אַ געוויסער צאָל אַרבייטער (אַ צאָל, וואָס ווערט באַשטימט דורך דער גרויס פונ'ם אויסלאָג־קאַפּיטאַל), דאַרף אָט דער טייל פאַר קיין פאַל ניט וואַקסען שטענדיג אין דער־זעלבער פאַרהעלטעניש, ווי די צאָל באַשעפטיגטע אַרבייטער. לאָזען צ. ב. אין אַ פאַבריק 100 אַרבייטער צושטעלען ביי 8 שטונדען אַר־

*) וואָס מען רופט היינט „סטענדאַרד אָוו ליווינג" (אָנמערקונג פון דעם רעדאַקטאָר).

בייט 800 ארבייט־שטונדען, ווען דער קאַפּיטאַליסט וויל אַט די סו־
מע ארבייט העכערן אויף אַ העלפט, קאָן ער אָנשטעלען 50 נייע
אַרבייטער. אָבער דעמאָלט מוז ער אויך אויסלייגען נייעם קאַ־
פּיטאַל ניט נאָר אויף לוין פאַר די ארבייטער נאָר אויך אויף אר־
בייט־מיטלען. ער קאָן אָבער אויך לאָזען ארבייטען די אלטע 100
אַרבייטער 12 שטונדען אַ טאָג אָנשטאָט 8, דעמאָלט זיינען שוין
גענוג די אַרבייט־מיטלען, וואָס זיינען שוין פאַראַן, מעהר ניט—
זיי וועלען זיך שנעלער אויסניצען. אויף אזא אופן קאָן די אי־
בעריגע ארבייט, וואָס איז ארויסגעבראכט געוואָרען דורך גרעסערער
אָנשטרענגונג פון דער אַרבייט־קראַפט, האָבען דעם מעהר־פּראָ־
דוקט און דעם מעהר־ווערט (דעם עצם פון דער אָנזאַמלונג), ניט
פאַרגרעסערענדיג דערביי פּראָפּאָרציאָנעל דעם שטענדיגען קאַ־
פּיטאַל.

אין דער לאַנדווירטשאַפט שפּיעלען זריעה און מיסט דיזעלבע
ראָלע, וואָס די רויהע מאַטעריאַלען אין דער אינדוסטריע; מען
קאָן ניט פאַרזייהען מעהר באָדען, ניט האָבענדיג פאַראויס מעהר
זריעה. אָבער ווען דער סכום פון די רויהע מאַטעריאַלען און פון
די אַרבייט־מיטלען (געצייג) איז געגעבען, האָט שוין בלויז די ריין
מעכאַנישע בעאַרבייטונג פונ'ם באָדען, ווי מיר ווייסען, אַ וואונדער־
בארע ווירקונג אויף דעם סכום פון די פּראָדוקטען. ווען דיזעלבע,
וואָס ביז אהער, צאָל ארבייטער לייגט אריין אַ גרעסערן סכום אר־
בייט, הויבט זיך די פּרוכטבארקייט, ווען מען לייגט אפילו נאָרניט
מעהר אויס אויף אַרבייט־מיטלען. דאָ קומט ווידער פאַר אַ די־
רעקטע ווירקונג פונ'ם מענשען אויף דער נאַטור; און אַט די וויר־
קונג ווערט אַן אוממיטעלבארער קוואַל פון העכערער אָנזאַמלונג,
אָהן דער אריינמישונג פון וועלכען עס איז נייעם קאַפּיטאַל.

און ענדליך פאָדערט יעדע נייע אויסגאַבע אויף ארבייט אין
דער אינדוסטריע אַן אַנטשפּרעכענדע נייע אויסגאַבע אויף רויהע
מאַטעריאַלען, אָבער ניט אַלע מאָל אויף ארבייט־מיטלען. און
אַזוי ווי די עקסטראַקטיווע אינדוסטריע (בערג אינדוסטריע, די
אויסגראָבונג פון קויהלען, פאַרשיידענע רודעס א. ד. ג.) און די
לאַנדווירטשאַפט שטעלען צו דער בעאַרבייטענדער אינדוסטריע
איהרע רויהע מאַטעריאַלען און די מאַטעריאַלען פאַר איהרע אר־

בייט־מיטלען (מאַשינעס, געצייג), העלפט אויך דער צוגאַב־פּראָ־
דוקט, וואָס די עקסטראַקטיווע אינדוסטריע האָט ארויסגעבראַכט
אָהן נייעם אויסגעלייגטען קאַפּיטאַל, דער בעאַרבייטענדער אינ־
דוסטריע.

דערפון שטאַמט דער אַלגעמיינער רעזולטאַט: פאַרקערפּערענ־
דיג אין זיך דיביידע גרונט־שעפער פון רייכטום — די אַרבייט־
קראַפט און די ערד, — באַקומט דער קאַפּיטאַל אַ קראַפט, וואָס גיט
איהם די מעגליכקייט אויסצושפּרייטען די עלעמענטען פון זיין אָנ־
זאַמלונג אויף יענער זייט פון די גרענעצען, וואָס זיינען, ווי עס
דוכט זיך, אָנגעצייכענט דורך זיין אייגענער גרויס, דורך דעם
ווערט און דעם סכום פון די שוין פּראָדוצירטע פּראָדוקציאָנס־מיט־
לען, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס זיין עקזיסטענץ.

א צווייטער וויכטיגער פאַקטאָר אין דער אָנזאַמלונג פון קאַ־
פּיטאַל איז דער גראַד פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער געזעל־
שאַפטליכער אַרבייט.

צוזאַמען מיט דער פּראָדוקטיווער קראַפט פון דער אַרבייט
וואַקסט די מאַסע פון פּראָדוקטען, אין וועלכע עס איז פאַרקערפּערט
אַ באַשטימטער ווערט און דעריבער אויך אַ מעהר־ווערט פון אַ גע־
וויסער גרויס. וואָס מעהר עס וואַקסט די פּראָדוקטיוויטעט פון
דער אַרבייט, אַלץ מעהר אנטהאַלט אין זיך דער מעהר־ווערט מיט־
לען פון גענוס און פון אָנזאַמלונג. ווען די ראַטע פון מעהר־ווערט
בלייבט ווי געוועזן, און אפילו ווען זי פאַלט (אויב זי פאַלט נאָר
לאַנגזאַמער איידער עס שטייגט די פּראָדוקטיווע קראַפט פון דער
אַרבייט), וואַקסט די מאַסע פון דעם מעהר־פּראָדוקט. ווען אָט
דער מעהר־פּראָדוקט טיילט זיך איין אין דערזעלבער פּראָפּאָרציע
ווי פריהער אויף איינקונפט און צוגאַב־קאַפּיטאַל, קאָן דעריבער
דער געברויך פון'ם קאַפּיטאַליסט וואַקסען, און דער אָנזאַמלונגס־
פאָנד זאָל אין דערזעלבער צייט ניט קלענער ווערען. די פּראָ־
פּאָרציאָנעלע גרויס פון דעם אָנזאַמלונגס־פאָנד קאָן אפילו וואַק־
סען אויפ'ן חשבון פון דעם געברויך־פאָנד, אין דער צייט וואָס די
פאַרבילינונג פון די סחורות גיט דעם קאַפּיטאַליסט אַזוי פיעל מיט־
לען צום געניסען, ווי פריהער אָדער אפילו נאָך מעהר. אָבער צו־
זאַמען דערמיט, ווי עס וואַקסט די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַר־

בייט, קומט, ווי מיר האָבען געזעהן, די פאַרבילליגונג פון'ם ארבייטער און דערמיט אויך די פאַרגרעסערונג פון דער ראַטע פון מעהר־ווערט, ווען אפילו דער רעאַלער ארבייט־לוין וואַקסט. ער וואַקסט קיינמאָל ניט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט. דער זעלבינער ווערט פון פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל ברענגט אלזאָ אין באַוועגונג מעהר ארבייט־קראַפט און דעריבער אויך מעהר אר־בייט. דערזעלבינער ווערט פון שטענדינען קאַפּיטאַל איז פאַר־קערפּערט אין מעהר פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ד. ה. אין מעהר אר־בייט־מיטלען, ארבייט־מאַטעריאַלען און געהילף־מאַטעריאַלען ; ער שטעלט דעריבער אויך צו מעהר עלעמענטען, וואָס שאַפען פּראָדוק־טען ווי די, וואָס שאַפען ווערט אָדער וואָס זאַפען אריין ארבייט. ווען דער ווערט פון'ם צוגאָב־קאַפּיטאַל בלייבט דערזעלבער, וואָס פריהער, אָדער ווען ער ווערט אפילו קלענער, קומט דאָך פאָר אַ שנעלערע אָנזאַמלונג. ניט בלויז דער מאַסשטאַב פון דער רעפּראָ־דוקציע ווערט גרעסער אין הינזיכט פון מאַטעריאַלען, נאָר די פּראָדוקציע פון מעהר־ווערט וואַקסט שנעלער, ווי דער ווערט פון דעם צוגאָב־קאַפּיטאַל.

די אנטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיווער קראַפט פון דער אר־בייט ווירקט אויך צוריק אויף דעם אָריגינעלען קאַפּיטאַל, אָדער אויף דעם קאַפּיטאַל, וואָס געפינט זיך שוין אינ'ם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. איין טייל פון דעם פונקציאָנירענדען שטענדינען קאַ־פּיטאַל באַשטעהט פון ארבייט־מיטלען, ווי מאַשינעס א. ד. ג., וועלכע ווערען פאַרברויכט און דעריבער אויך רעפּראָדוצירט אָדער פאַרביטען דורך נייע עקזעמפּלאַרען פון דעם זעלבען מין אין משך פון לענגערע פּעריאָדען. אָבער יעדעס יאָהר שטאַרבט אָפּ איין טייל פון אָט די ארבייט־מיטלען, ד. ה. ער דערגרייכט דאָס ענדציעל פון זיין פּראָדוקטיווער פונקציע. ער געפינט זיך דעריבער יעדעס יאָהר אין דער סטאַדיע פון זיין פּעריאָדישער רעפּראָדוקציע אָדער פון פאַר־ביטען ווערען אויף נייע עקזעמפּלאַרען פון דעמזעלבען מין. ווען די פּראָדוקטיווע קראַפט פון דער ארבייט פאַרגרעסערט זיך אין דער געבורט־שטאָדט פון אָט די ארבייט־מיטלען (און זי אנטוויקעלט זיך כסדר מיט דער נאָכאַנאַנדערדיגער אנטוויקלונג פון דער וויסענשאַפט און טעכניק), פאַרנעמען נייע און מעהר ווירקזאַמע

און, ווען מיר באטראַכטען דעם סכום פון דער ארבייט וואָס זיי גיבען ארויס, פיעל בילינגערע מאַשינעס, נעצייג, אפּאַראַטען א. ד. ג. דעם פּלאַץ פון די אַלטע. דער אַלטער קאַפּיטאַל ווערט אין אַ מעהר פּראָדוקטיווער פאָרמע פּראָדוצירט אויף דאָס ניי, אומאָפּ־הענגיג פון די כסדר'דיגע דעטאַלע פאַרענדערונגען און אויסבעסע־רונגען אין די ארבייט־מיטלען, וואָס מען באַנוצט שוין.

דער צווייטער טייל פון דעם שטענדינגען קאַפּיטאַל — דער רויהער מאַטעריאַל און די הילף־מאַטעריאַלען — ווערט כסדר פּראָדוצירט אויף דאָס ניי אין משך פון ווענינגער ווי אַ יאָהר. און דאָס, וואָס קומט פון לאַנדווירטשאַפט, — מעהרסטענטהאַלס יעהרליך. יעדע איינפיהרונג פון בעסערע מעטאָדען א. ד. ג. ווירקט דאָ דעריבער כמעט גלייכצייטיג אויפ'ן צוגאָב־קאַפּיטאַל און אויפ'ן קאַפּיטאַל, וואָס געפינט זיך שוין אין פונקציאָנירען. יעדע אַנט־וויקלונג פון דער כעמיע פאַרגרעסערט ניט בלויז אין פיעל מאָל דעם סכום פון נוצליכע מאַטעריאַלען און די פאָרמען פון אויס־נוצען די שוין באַקאַנטע מאַטעריאַלען און פאַרברייטערט דעריי־בער מיט דעם וואוקס פונ'ם קאַפּיטאַל דעם קרייז, וואו ער קאָן אריינגעלייגט ווערען. זי לערנט אין דער־זעלבער צייט צוריק אריינצוואַרפען אין דעם פּראָצעס פון רעפּראָדוקציע דעם אָפּפאַל פון דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציע און פאַרבריכונג און שאַפט דע־ריבער אָהן אַ נייעם אויסגאָב פון קאַפּיטאַל נייעם שטאָף פאַר קאַפּיטאַל. פונקט ווי בלויז דורך פאַרגרעסערן די אָנשטרענגונג פון דער ארבייט־קראַפט ווערט פאַרגרעסערט די עקספּלואַטאַציע פון די נאַטור־רייכטימער, אַזוי שאַפען אויך די וויסענשאַפט און די טעכניק אַ מעגליכקייט פאַר דער אויסברייטערונג פונ'ם קאַפּיטאַל, אומאָפּהענגיג פון דער גרויס פון דעם פונקציאָנירענדען קאַפּיטאַל. זיי ווירקען אין איין און דערזעלבער צייט צוריק אויף דעם טייל פונ'ם אָריגינעלען קאַפּיטאַל, וואָס איז אריינגעטראָטען אין דעם צושטאַנד פון באַנייאונג. יענער פאַרקערפּערט פריי אין זיין נייער פאָרמע די געזעלשאַפטליכע אַנטוויקלונג, וואָס איז דורכ־געמאַכט געוואָרען הינטער'ן רוקען פון זיין אַלטער פאָרמע. עס פאַרשטעהט זיך, אַז צוזאַמען מיט אַט דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיווער קראַפט נעהט אויך די טיילווייזע פאַרקלענערונג

פונ׳ם ווערט פון דעם פונקציאָנירענדען קאַפּיטאל. דער קאַפּי־
טאל, וואָס ליגט, צום ביישפּיעל, אין א מאשין, פּארלירט זיין
ווערט, ווען עס ערשיינען בעסערע מאשינעס פון דעם זעלבען
סאָרט. אויף וויפיעל אָט די פּארקלענערונג פון ווערט לאָזט זיך
שארף פיהלען א דאנק דער קאָנקורענץ, פּאלט איהר הויפּט־געוויכט
אויף דעם ארבייטער, ווייל דורך דער גרעסערער עקספּלואטאציע
פון דעם ארבייטער זוכט דער קאַפּיטאליסט אויסצוקויפען דעם
שאָדען, וואָס ער האָט דערפון.

די ארבייט טראָגט אריבער אויפ׳ן פּראָדוקט דעם ווערט פון
די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס זי האָט פּארברויכט. פון דער
אנדער זייט וואקסט דער ווערט און די מאסע פון די פּראָדוקציאָנס־
מיטלען, וואָס זיינען דורך דעם געוויסען סכום פון ארבייט גע־
בראכט געוואָרען אין באוועגונג, וואָס פּראָדוקטיווער עס ווערט די
ארבייט. ווען דער זעלבער סכום פון ארבייט, דעריבער, ניט
שטענדיג צו אפילו נאָר דעם זעלבען סכום פון נייעם ווערט צו
איהרע פּראָדוקטען, וואקסט דאָך דער אַלטער ווערט פונ׳ם קאַפּי־
טאל, וואָס זי טראָגט אריבער אויף די פּראָדוקטען, ווען די פּראָ־
דוקטיוויטעט פון דער ארבייט וואקסט.

ווען אן ענגלישער און אן אינדישער שפּינער וועלען, צום ביי־
שפּיעל, ארבייטען דיזעלבע צאָל שטונדען מיט דערזעלביגער אינ־
טענסיוויטעט, וועלען זיי ביידע אין א וואָך צייט פּראָדוצירען גליי־
כע ווערטען. און דאָך, ניט קוקענדיג אויף אָט דער גלייכהייט,
איז פּאראן אן אומגעהויער גרויסער אונטערשייד צווישען דעם
ווערט פון דעם וועכענטליכען פּראָדוקט פונ׳ם ענגלענדער, וואָס
ארבייט מיט א גוואלדיג גרויסען אווטאָמאָט (מיט א מאשינע)
און דעם ווערט פונ׳ם פּראָדוקט פון דעם אינדוס, וואָס האָט
בלויז א שפּינראָד. דער ענגלישער שפּינער פּארוואנדעלט אין איין
טאָג א סך הונדערט מאָל גרעסערע מאסען פון באוועל, שפּין־אינ־
סטרומענטען א. ד. ג. אין פּאָדים. ער האלט דעריבער אויף אויך
א סך הונדערט מאָל א גרעסערן קאַפּיטאל־ווערט אין זיינע פּראָ־
דוקטען, ווען דער ווערט־פּראָדוקט פון זיין טאָג ארבייט, ד. ה.
דער ווערט, וואָס איז פון דאָס ניי צוגעגעבען געוואָרען צו די
פּראָדוקציאָנס־מיטלען דורך דער ארבייט, וואָלט אפילו געווען

גלייך צום ווערט־פּראָדוקט פונ׳ם אינדוס, וואָלט דאָך זיין טאָג אַר־
בייט מיט זיך פאַרגעשטעלט ניט נאָר אַ גרעסערן סכום פון פּראָ־
דוקטען, נאָר אויך ניט אין אַן ערך אַ גרעסערן פּראָדוקטען־ווערט,
אַן אַלטען ווערט, וואָס ער טראָגט איבער אויפ׳ן נייעם פּראָדוקט,
און וואָס קאָן פון דאָס ניי פונקציאָנירען אַלס קאַפּיטאַל.

„אין 1782, — דערצעהלט אונז פרידריך ענגעלס, — איז
אין ענגלאַנד די גאַנצע וואָל פון די פאַרגאַנגענע דריי יאָהר נאָך
געלעגען ניט בעאַרבייט אַ דאַנק דעם מאַנגעל אין אַרבייטער, און
עס וואָלט נאָך געמוזט בלייבען אומבעאַרבייט, ווען עס וואָלט ניט
געקומען צו הילף די נייע ערפונדענע מאַשין, וואָס האָט די וואָל
אויסגעשפּונען. די אַרבייט וואָס איז פאַרקערפּערט געוואָרען אין
דער פאָרמע פון אַ מאַשין, האָט, פאַרשטעהט זיך, אוממיטעלבאַר
קיינעם ניט אַרויסגעשטופּט, אָבער זי גיט אַ מעגליכקייט אַ קלענע־
רער צאָל אַרבייטער ניט בלויז צו פאַרברויכען פּראָדוקטיוו די
וואָל און צוגעבען צו איהר נייעם ווערט דורך אַ צוגאָב פון פאַר־
העלטניסמעסיג ווייניג לעבעדיגער אַרבייט, נאָר אויך אויפצו־
האַלטען אין דער פאָרמע פון פאָדים א. ד. ג. איהר אַלטען ווערט.
די פאַרקערפּערטע אַרבייט שאַפט דעריבער אין דערזעלבער צייט
סיי אַ מיטעל און סיי אַ טרייב־קראַפט פאַר אַ ברייטערער רעפּראָ־
דוצירונג פון דער וואָל. אין דעם באַשטעהט דער נאַטור־געשאַנק
פון דער לעבעדיגער אַרבייט, וואָס זי קען אויפהאַלטען דעם אַל־
טען ווערט אין דער צייט וואָס זי שאַפט נייעם ווערט. לויט דעם
ווי עס וואַקסט די ווירקזאַמקייט און די גרויס פון דער אַרבייט
און דער ווערט פון איהרע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ד. ה. מיט דער
אָנזאַמלונג וואָס געהט צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון איהר
פּראָדוקציאָנס־קראַפט, האַלט זי דעריבער אויף און פאַראייביגט
כסדר אין אַ נייער פאָרמע אַ קאַפּיטאַל־ווערט, וואָס וואַקסט נאָכ־
אַנאַנד. אָבער ביי דעם סיסטעם פון געדונגענער אַרבייט באַ־
קומט אָט די נאַטור־קראַפט פון דער אַרבייט די פאָרמע פון דער
אַליין זיך אויפהאַלטענדער קראַפט פונ׳ם קאַפּיטאַל, אין וועלכען
זי ווערט פאַרקערפּערט. פּונקט אַזוי ווי איהרע געזעלשאַפטליכע
פּראָדוקטיווע קרעפטען ווייזען זיך אַרויס אַלס די אייגענשאַפ־
טען פונ׳ם קאַפּיטאַל און ווי די שטענדיגע פאַרכאַפּונג פון דער

איבעריגער אַרבייט מצד דעם קאַפּיטאַליסט ווייזט זיך אַרויס אַלס שטענדיגע זעלבסט־פֿאַרוועטונג פֿונ׳ם קאַפּיטאַל. אַלע קרעפֿטען פֿון דער אַרבייט ווערען פֿאַרגעשטעלט אַלס קרעפֿטען פֿון דעם קאַפּיטאַל, פּונקט אַזוי ווי אַלע פֿאָרמען פֿון ווערט, וואָס די סחורות פֿאַרמאָגען, ווערען פֿאַרגעשטעלט אַלס פֿאָרמען פֿון געלט.

יענער טייל פֿון דעם שטענדיגען קאַפּיטאַל, וואָס אדאם סמיט רופֿט אָן „דער פֿיקסירטער“ — די אַרבייט־מיטלען, ווי די געביי־דעס, די מאַשינעס א. ד. ג. — פֿונקציאָנירט שטענדיג אינגאַנצען אין דעם פּראָצעס פֿון פּראָדוקציע, אָבער ער ווערט אָפּגענוצט בלויז ביסלעכווייז און טראָגט אַריבער זיין ווערט נאָר צוביסלעך אויף די סחורות, וואָס ער העלפֿט שאַפֿען כסדר. ער שטעלט פֿאָר אָן אמת׳ע מאָס פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער פּראָדוקטיווער קראַפֿט. צוזאַמען מיט זיין וואוקס וואַקסט אויך דער אונטער־שייד אין גרויס צווישען דעם גאַנצען סכום פֿון דעם אַריינגעלייג־טען קאַפּיטאַל און יענעם טייל פֿון קאַפּיטאַל, וואָס ווערט פֿאַר־ברויכט אין יעדען מאָמענט. מיט אַנדערע ווערטער: עס וואַקסט די מאַסע פֿון ווערט פֿונ׳ם מאַטעריאַל פֿון די אַרבייט־מיטלען, ווי די געביידעס, מאַשינעס, אָפּפֿיהר־טרובען, אַרבייט־פֿיה, פֿאַרשיי־דענע אַפּאַראַטען, וועלכע פֿונקציאָנירען אין זייער גאַנצער גרויס אין משך פֿון אַ לענגערן אָדער קירצערן פּעריאָד אין די פּראָדוק־ציאָנס־פּראָצעסען, וואָס חזר׳ן זיך כסדר איבער; אָדער וועלכע ווערען באַנוצט אויף צו טאָן באַשטימטע קלענערע אַרבייטען און זיי ווערען דערביי אָפּגענוצט בלויז ביסלעכווייז און זיי פֿאַרלירען זייער ווערט נאָר שטיקערווייז און טראָגען אויף אַזאַ אופֿן אַרי־בער זייער ווערט אויפֿ׳ן פּראָדוקט אויך נאָר שטיקערווייז. אין דער פּראָפּאָרציע, אין וועלכער אָט די אַרבייט־מיטלען ווערען באַ־נוצט אַלס שאַפֿער פֿון פּראָדוקט, ניט צוגעבענדיג דערביי קיין ווערט צו די פּראָדוקטען, ד. ה., אויף וויפֿיעל זיי ווערען אָנגע־ווענדט אין דער אַרבייט אַלס גאַנצע אָדער ווערען פֿאַרברויכט נאָר טיילווייז, ברענגען זיי, ווי שוין פֿריהער דערמאָנט, אומזיסט דעמזעלבען נוצען, וואָס די נאַטור־קרעפֿטען, ווי וואַסער, דאַמף, לופֿט, עלעקטריציטעט א. ד. ג. אָט דער אומזיסטיגער נוצען פֿון פֿאַרגאַנגענער אַרבייט, ווען ער ווערט געטריבען און באַלעבט דורך

לעבעדיגער ארבייט, ווערט אלץ גרעסער, מיט'ן וואוקס פון דער אנזאמלונג.

זיבען און צוואנציגסטער קאפיטעל.

## דאס אלגעמיינע געזעץ פון קאפיטאליסטישער אנזאמלונג.

### 1. די אנזאמלונג פארגרעסערט די פאדערונג אויף ארבייט־קראפט, בעת דער צוזאמענשטעל פונ'ם קאפיטאל בלייבט דער זעלבער, ווי פריהער.

אין דעם קאפיטעל באטראכטען מיר די ווירקונג, וואס דער וואוקס פונ'ם קאפיטאל האט אויף דעם גורל פון דעם ארבייטער־קלאס. דער וויכטיגסטער פאקטאר אין אט דער אויספארשונג איז דער צוזאמענשטעל פונ'ם קאפיטאל און די ענדערונגען, וואס קו־מען אין איהם פאר אין פארלויף פונ'ם פראצעס פון אנזאמלונג.

דעם צוזאמענשטעל פונ'ם קאפיטאל דארף מען באטראכטען אויף צוויי אופנים. בנוגע דעם ווערט — ווערט ער באשטימט דורך דער פראפארציע, לויט וועלכער ער ווערט איינגעטיילט אויף שטענדיגען קאפיטאל, ד. ה. דעם ווערט פון די פראדוקציאנס־מיט־לען, און אויף פארענדערליכען קאפיטאל, ד. ה. דעם ווערט פון דער ארבייט־קראפט, דער סומע, וואס ווערט אויסגעצאלט די ארביי־טער אלס לוין. בנוגע דעם מאטעריאל, וואס נעמט אן אנטייל אינ'ם פראצעס פון פראדוקציע, ווערט דער גאנצער קאפיטאל איינ־געטיילט אויף פראדוקציאנס־מיטלען און אויף לעבעדיגער ארבייט־קראפט. דער לעצטער אויסדרוק פון צוזאמענשטעל ווערט בא־שטימט דורך דער באציהונג פון איין זייט צווישען דער מאסע פון די פראדוקציאנס־מיטלען, וואס ווערען באנוצט, און פון דער אנדער זייט צווישען דער מאסע פון ארבייט, וואס איז נויטיג, כדי זיי צו באנוצען. איך רוף אן דעם ערשטען אויסדרוק פון צוזאמענשטעל — ווערט־צוזאמענשטעל, דעם צווייטען — טעכנ־

שער צוזאַמענשטעל פון קאַפּיטאַל. אומע־טום וואו איך רעד פּשוט וועגען צוזאַמענשטעל פון קאַפּיטאַל, אָהן ווייטערע אויסטייטשונגען, דאַרף מען אַלעמאָל פאַרשטעהן דעם אָר־גאַנישען צוזאַמענשטעל זיינעם.

די פיעלע אינדיווידועלע, איינצעלנע קאַפּיטאַלען, וואָס זיינען אריינגעלעגט אין אַ געוויסען צווייג פון פּראָדוקציע, שיידען זיך מעהר אָדער ווייניגער אונטער צווישען זיך לויט זייער צוזאַמענ־שטעל. דער דורכשניט פון זייער אינדיווידועלען צוזאַמענשטעל גיט אונז דעם צוזאַמענשטעל פונ׳ם גאַנצען קאַפּיטאַל אין דעם גע־וויסען צווייג פון פּראָדוקציע. און ענדליך גיט אונז דער דורכשניט פון אַלע דורכשניטען אין אַלע צווייגען פון פּראָדוקציע דעם צוזאַ־מענשטעל פון דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל אין דעם לאַנד. און נאָר וועגען אָט דעם צוזאַמענשטעל וועלען מיר אין לעצטען סך־הכל ריידען אין דער ווייטערדיגער אויספאָרשונג.

דער וואוקס פון קאַפּיטאַל רופט ארויס דעם וואוקס פון זיין פאַרענדערליכען טייל, וואָס ווערט פאַרוואַנדעלט אין ארבייט־קראַפט. א טייל פון דעם איבער־ווערט, וואָס ווערט פאַרוואַנדעלט אין נייעם קאַפּיטאַל, מוז אַלעמאָל צוריק פאַרוואַנדעלט ווערען אין פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל, אין אַ נייעם ארבייט־פאָנד. לאָמיר אָנ־נעמען, אַז אַלע אַנדערע באַדינגונגען בלייבען אומפאַרענדערט און דער צוזאַמענשטעל פונ׳ם קאַפּיטאַל בלייבט אויך דערזעלבער וואָס פריהער, ד. ה. אַז אַ באַשטימטע סומע פון פּראָדוקציאָנס־מיטלען נויטיגט זיך שטענדיג אין דער זעלבער סומע פון ארבייט־קראַפט, וואָס זאָל זיי ברענגען אין באַוועגונג; אין דעם פאַל איז קלאָר, אַז דער נאָכפרעג אויף ארבייט און דער פאָנד פאַר אויפהאַלטען די ארבייטער וואַקסען אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע, וואָס דער קאַ־פּיטאַל, און זייער וואוקס ווערט אַלץ שנעלער, וואָס שנעלער עס וואַקסט דער קאַפּיטאַל. ווייבאַלד דער קאַפּיטאַל שאַפט יעדעס יאָהר אַ געוויסען איבער־ווערט, פון וועלכען אַ טייל ווערט צוגע־געבען צום אָנפאַנגליכען קאַפּיטאַל; ווייבאַלד אָט דער צו־וואוקס גופא ווערט גרעסער יעדעס יאָהר צוזאַמען מיט דער פאַרגרעסערונג פון דעם קאַפּיטאַל, וואָס פונקציאָנירט שוין; ווי באַלד ענדליך אונטער אַ ספּעציעל שטאַרקער אָנשטרענגונג רייך צו ווערען (ווי אין פאַל

ווען עס עפענען זיך נייע מערק אדער נייע געביטען צום אריינלעגען קאפיטאל אלס רעזולטאט פון ניי־אנטוויקעלטע געזעלשאפטליכע באדערפענישען) קאן דער מאסשטאב פון אנזאמלונג שנעל אויס־וואקסען א דאנק בלויז דער ענדערונג אינ׳ם איינטיילען פון דעם איבער־ווערט אדער איבער־פראדוקט אויף קאפיטאל און איינ־קונפט, וויבאלד אזוי, קאנען די פאדערונגען, וואס ווערען ארויס־גערופען דורך דער אנזאמלונג פונ׳ם קאפיטאל, אריבערשטייגען דעם וואוקס פון דער ארבייט־קראפט, די צאל פון די ארבייטער; דער נאכפרעג אויף ארבייטער קאן אריבערשטייגען זייער אנבאט, און אויף אזא אופן קאן פארקומען א העכערונג פון זייער לוין. אזוי מוז עס ווירקליך אין לעצטען סך־הכל פארקומען, ווען נאר די אויבען־אנגעוויזענע באדינגונגען בלייבען עקזיסטירען אומפארענ־דערט. ווייל אויב יעדעס יאהר ווערען באנוצט מעהר ארבייטער, איידער דאס פריהערדיגע יאהר, מוז פריהער אדער שפעטער דער־גרייכט ווערען די נויטווענדיגקייט צו פארגרעסערן די צאל אי־בערוואקסען דעם געוועהנליכען אנבאט פון ארבייט, און דער אר־בייט־לוין זאל ווערען געהעכערט. אינ׳ם גאנצען פופצעהנטען יאהר־הונדערט און אין דער ערשטער העלפט פונ׳ם אכצעהנטען יאהרהונ־דערט האט מען אין ענגלאנד געזאגט הערען, ווי מען באקלאגט זיך אויף דעם. די מעהר אדער וועניגער גינסטיגע באדינגונגען, אין וועלכע דער לוין־ארבייטער־קלאס האלט זיך אויף און פארמעהרט זיך, ענדערען אין קיין פאל ניט דעם גרונט־כאראקטער פון דער קא־פיטאליסטישער פראדוקציע. פונקט אזוי ווי די איינפאכע רעפראָ־דוציררונג שאפט כסדר פון דאס נייע אויך די קאפיטאליסטישע פאר־העלטעניש גופא, ד. ה. די פארהעלטעניש צווישען די קאפיטאליס־טען פון איין זייט און צווישען די לוין־ארבייטער פון דער אנדערער, אזוי שאפט פון דאס ניי די רעפראדוצירונג אויף א ברייטערן מאס־שטאב, ד. ה. די אנזאמלונג, א קאפיטאליסטישע פארהעלטעניש אויף א ברייטערן מאסשטאב: מעהר קאפיטאליסטען אדער גרע־סערע קאפיטאליסטען פון איין זייט און מעהר לוין־ארבייטער פון דער אנדער זייט. די רעפראדוצירונג פון דער ארבייט־קראפט, וואס דארף אומאויפהערליך אריין אינ׳ם קאפיטאל גופא אלס מי־טעל צו פארגרעסערן זיין ווערט, וואס קאן זיך ניט באפרייען פון

איהם, און וואָס זיין פאַרשקלאַפונג ביים קאַפּיטאַל ווערט מאַסקירט בלויז דורך דעם בייט פון די איינצעלנע קאַפּיטאַליסטען, צו וועלכע ער פאַרקויפט זיך, — האָט די רעפּראָדוצירונג פון די פאָרמען פון אַרבייט־קראַפט איז אין דער אמת'ן אַ וויכטיגער טייל פון דער רעפּראָדוצירונג פונ'ם קאַפּיטאַל גופא. די אָנזאַמלונג פון קאַפּי־טאַל מיינט דעריבער אַ פאַרגרעסערונג פונ'ם פּראָלעטאַריאַט.

אונטער די גינסטיגע באַדינגונגען פאַר דעם אַרבייטער, איז זיין אָפּהענגיגקייט פון קאַפּיטאַל נאָך צו דערליידען. מיט דעם וואוקס פון קאַפּיטאַל ווערט די אָפּהענגיגקייט ניט שווערער, נאָר זי ווערט מעהר אויסגעברייט, ד. ה. דער געביט פון דער קאַפּיטאַליס־טישער עקספּלואַטאַציע און די הערשאַפט פון קאַפּיטאַל ברייט זיך אויס מיט דער גרויס פון דעם קאַפּיטאַל און דער צאָל פון זיינע אונטערטאַנען.

אַ גרויסער טייל פון זייער אייגענעם איבער־פּראָדוקט, וואָס וואַקסט אַלץ מעהר און ווערט כסדר פאַרוואַנדעלט אין נייעם קאַפּי־טאַל, קומט צו זיי צוריק אין דער פאָרמע פון צאָלונג־מיטלען, אַזוי אַז זיי קאָנען אויסברייטען דעם קרייז פון זייערע באַדערפעניסען, קאָנען פאַרגרעסערן זייערע אויסגאַבען אויף קליידונג, מעבעל, א. ד. ג. און קאָנען אָפּשפּאָרען אפילו אַ קליינע סומע געלט. אָבער פּונקט ווי בעסערע קליידונג, שפּייזונג און באַהאַנדלונג פונ'ם קנעכט און אַ גרעסערע סומע געלט אָפּגעשפּאָרט פונ'ם קנעכט באַזייטיגט ניט פאַר איהם דעם צושטאַנד פון ווערען עקספּלואַטירט און פון אָפּהענגיגקייט, אַזוי באַזייטיגט עס אויך ניט דעם צושטאַנד פון עקספּלואַטירט ווערען און פון אָפּהענגיגקייט פאַר די אַרבייטער. אַ העכערונג פונ'ם אַרבייט־לוין, וועלכע קומט אַלס רעזולטאַט פון דער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל, מיינט אין דער אמת'ן בלויז, אַז די לענג און די שווערקייט פון דער גאָלדענער קייט, וואָס דער לוין־אַרבייטער האָט שוין אויסגעשמידט פאַר זיך, דערלויבט אַמאָל אָפּ־צולאָזען אַ ביסעל איהר אָנגעצויגענקייט און אָנשטרענגונג. אַר־בייט־קראַפט ווערט היינט צו טאָג געקויפט ניט מיט'ן אויסזיכט, אַז דער קויפער זאָל קאָנען דורך איהר אַרבייט אָדער דורך איהרע פּראָ־דוקטען באַפרידיגען זיינע פּערזענליכע באַדערפעניסען. זיין ציעל איז — די פאַרגרעסערונג פון זיין קאַפּיטאַל, די פּראָדוצירונג פון סחורות, וועלכע אַנטהאַלטען אין זיך מעהר אַרבייט, איידער דער

סכום, פאַר וועלכען ער האָט באַצאָלט, וועלכע אַנטהאַלטען, הייסט עס, אַזאַ טייל פון ווערט, וואָס האָט איהם אַליין גאָרנישט ניט געקאָסט און וועלכע ווערט דאָך רעאַליזירט, באַר וועלכער מען נעמט דאָך באַצאָלט, ווען די סחורה ווערט פאַרקויפט. פּראָדוצירען מעהר־ווערט, ווערען רייכער — דאָס איז דאָס אבסאָלוטע געזעץ פון אָט דעם פּראָדוקציאָנס־אופן. די אַרבייט־קראַפט קאָן נאָר אויף אַזוי פיעל קריגען קונים, אויף וויפיעל זי קאָן אויפהאַלטען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען אַלס קאַפּיטאַל, קאָן פּראָדוצירען פון דאָס ניי איהר אייגענעם ווערט אַלס קאַפּיטאַל און אויף וויפיעל זי שאַפט אין אומבאַצאָלטער אַרבייט אַ קוואַל פון נייעם קאַפּיטאַל. די באַדינגונגען פון איהר פאַרקויף גופא, אַלץ איינס צי זיי זיינען מעהר גינסטיג אָדער ווענינער גינסטיג פאַר די אַרבייטער, אַנטהאַלטען אין זיך דעריבער די נויטיגע באַדינגונג, זי זאָל כסדר פון דאָס ניי פאַרקויפט ווערען און אַז עס זאָל כסדר אויסגעברייט ווערען די רעפּראָדוצירונג פון רייכקייט אין דער פאָרמע פון קאַפּיטאַל. ווי מיר האָבען געזעהן, איז שוין די טבע פון׳ם אַרבייט־לוין אַזאַ, אַז ער פאָדערט, דער אַרבייטער זאָל צושטעלען אַ געוויסען סכום פון אומבאַצאָלטער אַרבייט.

אַ העכערונג אין דעם אַרבייט־לוין מיינט אין בעסטען פאַל, אַז ער דאַרף ליפערן ווענינער אומבאַצאָלטע אַרבייט. די דאָזינגע פאַרקלענערונג קאָן קיינמאָל ניט געהן אַזוי ווייט, אַז זי זאָל שטעלען אין סכנה דעם סיסטעם גופא. אָפּגעזעהן פון די גוואַלדיגע קאָנפליקטען איבער אַרבייט־לוין (און אין אַזאַ קאָנפליקט איז דער באַלאַבאָס שטענדיג דער באַלאַבאָס), איז אין דעם שטייגען פון דעם פרייז פון אַרבייט, וואָס קומט פון דער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל, פאַרוויקעלט די פאָלגענדע אַלטערנאַטיווע: אָדער עס שטייגט דער פרייז פון דער אַרבייט דערפאַר, וואָס זיין שטייגען שטערט ניט דעם פאָרטשריט פון דער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל, — דאָס איז גאַנץ מעגליך, ווייל אַ גרויסער קאַפּיטאַל קאָן וואַקסען אפילו מיט אַ קליינעם פּראָפיט. אין דעם פאַל איז גאַנץ קלאָר, אַז די פאַרקלענערונג פון דער סומע פון אומבאַצאָלטע אַרבייט שטערט ניט דער אויסברייטונג פון דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל.

אָדער פון דער אַנדער זייט, ווערט די אָנזאַמלונג לאַנגזאַמער אַ דאַנק דער העכערונג פון דעם אַרבייט־לוין, ווייל דורך דעם ווערט טעמפּער די טרייבענדע ווירקונג פון פּראָדיענסט. עס ווערט קלע־

נער דער גראַד פון אָנזאַמלונג, אָבער צוזאַמען מיט דער פאַרקלענע־
רונג פאַרשווינדט די אורזאַך פון דער פאַרקלענערונג, ד. ה. די אומ־
פּראָפּאָרציאָנאַליטעט צווישען דעם קאַפּיטאַל און דער אַרבייט־
קראַפט, וואָס ווערט עקספּלואַטירט. דער מעכאַניזם פון דעם פּראָ־
דוקציאָנס־אופן באַזייטיגט אויף אַזאַ אופן אַליין די צייטווייליגע
שטערונגען, וואָס ער באַשאַפט. דער אַרבייט־לוין פאַלט ווידער
ביז דער הויך, וועלכע אַנטשפּרעכט די באַדערפענישען פון דעם
וואוקס פון קאַפּיטאַל, אַלץ איינס צי אַט די הויך וועט זיין נידערי־
גער, העכער אָדער גלייך צו דער הויך, וואָס איז געווען נאָרמאַל
איידער דער אַרבייט־לוין האָט זיך געהעכערט. מיר זעהען אַלזאָ,
אַז אין ערשטען פאַל מאַכט ניט די פאַרקלענערונג פון דעם אַבסאָ־
לוטען אָדער פאַרהעלטניסמעסיגען וואוקס פון דער אַרבייט־קראַפט
אָדער פון דער אַרבייטער־באַפעלקערונג דעם קאַפּיטאַל פאַר איבע־
ריג, נאָר פאַרקערט, די פאַרגרעסערונג פון'ם קאַפּיטאַל מאַכט די
אַרבייט־קראַפט, וואָס מען קאָן עקספּלואַטירען, פאַר צו קליין. אין'ם
צווייטען פאַל מאַכט ניט די פאַרגרעסערונג פון דעם אַבסאָלוטען
אָדער פאַרהעלטניסמעסיגען וואוקס פון דער אַרבייט־קראַפט אָדער
פון דער אַרבייטער באַפעלקערונג דעם קאַפּיטאַל פאַר ניט־גענוי־
גענד, פאַר צו קליין, נאָר פאַרקערט, די פאַרקלענערונג פון'ם קאַפּי־
טאַל מאַכט די אַרבייט־קראַפט, וואָס מען קאָן עקספּלואַטירען, אָדער
ריכטיגער איהר פּרייז, פאַר צו גרויס. אַט די אַבסאָלוטע באַוועגונ־
גען פון דער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל שפּיגלען זיך דאָס אָפּ אין דע־
פאָרמע פון פאַרהעלטניסמעסיגע באַוועגונגען פון דער סומע פון
אַרבייט־קראַפט, וואָס מען קאָן עקספּלואַטירען, און אַ דאַנק דעם
דוכט זיך אויס, אַז זיי ווערען אַרויסגערופען דורך דער אייגענער
זעלבסטשטענדיגער באַוועגונג פון דער אַרבייט־קראַפט.

עס איז דעריבער אַ פאַלשע אויסטייטשונג פון די ערשיינונגען
פון דער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל, ווען די עקאָנאָמיסטען זאָגען,
אַז דאָס קומט דערפון, אַז אַמאָל איז די צאָל לוין־אַרבייטער צו
קליין און אַמאָל צו גרויס.

דאָס געזעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, וואָס
איז דער פונדאַמענט פון דעם כלומר'שטדיגען „נאַטירליכען גע־
זעץ פון באַפעלקערונג“ קאָן אויסגעדריקט ווערען אין פאָלגענדען:

די פּאַרהעלטעניש צווישען דעם קאַפּיטאַל, דער אָנזאַמלונג און דער הויך פון דעם אַרבייט־לוין איז ניט מעהר ווי אַ פּאַרהעלטעניש צווישען דער אומבאַצאָלטער אַרבייט, וואָס ווערט פּאַרוואַנדעלט אין קאַפּיטאַל, און דער נייער באַצאָלטער אַרבייט, וואָס איז נויטיג, כדי צו ברענגען אין באַוועגונג דעם נייעם קאַפּיטאַל. דאָס איז דעריבער בשום אופן ניט קיין פּאַרהעלטעניש צווישען צוויי גרויסען, וואָס זיינען אומאָפּהענגיג איינע פון דער אַנדערער — צווישען דער גרויס פונ'ם קאַפּיטאַל פון איין זייט און פון דעם סכום פון דער אַרבייטער־באַפעלקערונג פון דער אַנדער זייט; פּאַרקערט, אין לעצטען סך־הכל איז דאָס בלויז אַ פּאַרהעלטעניש צווישען דער אומבאַצאָלטער און דער באַצאָלטער אַרבייט פון איין און דערזעלבינער אַרבייטער־באַפעלקערונג. אויב דער סכום פון דער אומבאַצאָלטער אַרבייט, וואָס דער אַרבייטער־קלאַס שטעלט צו און דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס זאַמעלט אָן, וואַקסט אַזוי שנעל, אַז ער קאָן פּאַרוואַנדעלט ווערען אין קאַפּיטאַל נאָר דאַן, ווען עס קומט צו אַ געוויסער סכום נייע באַצאָלטע אַרבייט, ווערט דער אַרבייטער־לוין פּאַרגרעסערט און, ווען אַלע אַנדערע באַדינגונגען בלייבען דיזעלבע ווי פריהער, די אומבאַצאָלטע אַרבייט פּראָפּאָרציאָנעל קלענער. אָבער באַלד ווי אָט די פּאַרקלענערונג דערגרייכט אַ פּונקט, ווען נייע אַרבייט, וועלכע דערנעהרט דעם קאַפּיטאַל, הערט אויף צוצוקומען אין אַ נאָרמאַלען סכום, קומט אַ רעאַקציע: דער טייל פון דער איינקונפט, וואָס ראַרף קאַפּיטאַליזירט ווערען, ווערט קלענער, די אָנזאַמלונג ווערט שוואַכער און דער וואוקס פון דעם אַרבייט־לוין שטעלט זיך אָפּ און הייבט אָן געהן אויף צוריק. אויף אַזאַ אופן געהט די העכערונג פונ'ם אַרבייט־לוין ניט אַרויס פון די גרעניצען, אין וועלכע עס בלייבען ניט בלויז ניט באַריהרט די גרונט־יסודות פון דעם קאַפּיטאַליסטען־סיסטעם; פאַר דעם לעצטען ווערט נאָך אויסער דעם פאַרזיכערט אויך אַ רעפּראָדוצירונג אויף אַ ברייטערן מאַסשטאַב. דאָס געזעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָנזאַמלונג וואָס באַקומט ביי די עקאָנאָמיסטען דעם מיסטישען אויסזעהן פון אַ נאַטור־געזעץ, איז אַלזאָ אין דער אמת'ן בלויז אַן אויסדרוק פון דעם, וואָס די נאַטור פון דער אָנזאַמלונג שליסט שוין אויס יעדע אַזאַ פּאַרקלענערונג פון דער עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבייט

אָדער יעדע אַזאַ חעכערונג פון דעם ארבייט־לוין, וואָס וואָלט נע־
קאָנט ערנסט שטערן דער שטענדיגער, כסדר'דיגער רעפּראָדוצירונג
פון דער קאַפּיטאַליסטישער פאַרהעלטעניש און דערביי נאָך איהר
רעפּראָדוצירונג אויף אַלץ אַ ברייטערן מאַסשטאַב. אַנדערש קאָן
דאָס ניט זיין ביי אַזאַ פּראָדוקציאָנס־אופן, ביי וועלכען דער אַרביי־
טער עקזיסטירט פאַר די באַדערפעניששען פון דעם וואוקס פון די
ווערטען, וועלכע זיינען שוין פאַראַן, אַנשטאָט דעם, אַז די עקזיס־
טירענדע רייכטימער, פאַרקערט, זאָלען דיענען די אינטערעסען פון
דער אַנטוויקלונג פון דעם ארבייטער. פּונקט אַזוי ווי אין דער רע־
ליגיע הערשט איבער'ן מענשען אַ פּראָדוקט פון דער שאַפונג פון
זיין אייגענעם קאָפּ, אַזוי הערשט איבער איהם אין דער קאַפּיטאַ־
ליסטישער פּראָדוקציע אַ פּראָדוקט פון דער שאַפונג פון זיינע איי־
גענע הענט.

## 2. די פאַרקלענערונג פון דעם פאַרענדערליכען טייל פונ'ם קאַפּיטאַל ביי דער אַנטוויקלונג פון דער אַנזאַמלונג און פון דער קאָנצענטראַציע, וואָס קומט דערביי פאָר.

לויט דער מיינונג פון די עקאָנאָמיסטען אליין, רופט ארויס די
העכערונג פון דעם ארבייט־לוין ניט די גרויס פון דעם געזעלשאַפט־
ליכען רייכטום, וואָס עקזיסטירט שוין איצט, און ניט די גרויס
פון קאַפּיטאַל, וואָס פונקציאָנירט שוין, נאָר אויסשליסליך דער
כסדר'דיגער וואוקס פון דער אַנזאַמלונג און דער גראַד פון דער
שנעלקייט פון דעם וואוקס. (א. סמיטה, בוך 1, קאַפּיטל). ביז איצט
האָבען מיר באַטראַכט איין באַזונדער פאַזיס פון דעם פּראָצעס,
דאָס איז דעם פאַזיס, אין וועלכען דער וואוקס פונ'ם קאַפּיטאַל
קומט פאָר ביי אַ שטענדיגען, אומפאַרענדערליכען טעכנישען צו־
זאַמענשטעל פונ'ם קאַפּיטאַל. אָבער דער פּראָצעס געהט ווייטער
פון אָט דעם פאַזיס.

ווי באַלד עס עקזיסטירען די אַלגעמיינע יסודות פון דעם קאַ־
פּיטאַליסטישען סיסטעם, קומט אינ'ם גאַנג פון דער אַנזאַמלונג אַזאַ
טאָחענס, ווען די אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער

געזעלשאַפטליכער אַרבייט ווערט דער מעכטיגסטער מיטעל פון אָנ־זאַמלונג.

ווען מיר לאָזען אָן א זייט די נאַטירליכע באַדינגונגען — ווי די פרוכטבארקייט פונ׳ם באָדען א. ד. ג. און די געשיקטקייט פון די אומאָפּהענגיגע פּראָדוצירער, וואָס אַרבייטען אָפּגעזונדערט און אַליין, די געשיקטקייט, וועלכע ווייזט זיך מעהר ארויס אין קוואַ־ליטעט, אין דער גוטסקייט פון די פּראָדוקטען, — ווען מיר לאָזען אָן א זייט אָט דאָס אַלץ, זעהען מיר, אז דער גראַד פון דער גע־זעלשאַפטליכער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט דריקט זיך אויס אין דער פאַרהעלטניסמעסיגער גרויס פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס אַן אַרבייטער פאַרוואַנדעלט אין א פּראָדוקט אין משך פון א געוויסער צייט ביי א באַשטימטער אָנשטרענגונג פון דער אַר־בייט־קראַפט. די סומע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, מיט וועלכע דער אַרבייטער אָפּערירט, וואַקסט צוזאַמען מיט דער פּראָדוקטיווי־טעט פון זיין אַרבייט. אָט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען שפּיעלען דאָ א צווייענדיגע ראָלע. דער וואוקס פון איין טייל פון זיי איז א רעזול־טאַט פון דער פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט, און פון אַן אַנדער טייל פון זיי — איז א באַדינגונג פאַר אָט דער פאַרגרעסערונג. צ. ב., ביי דעם מאַנופאַקטורעלען אופן פון צוטיילען די אַרבייט און ביים באַנוצען מאַשינעס קאָן מען אין א באַשטימטען משך פון צייט בעאַרבייטען מעהר רויהע פּראָדוקטען; א גרעסערע צאָל רויהע מאַטעריאַלען און הילפס־שטאָפען טרעפען, הייסט דאָס, אריין אינ׳ם פּראָצעס פון דער אַרבייט. דאָס איז א רעזולטאַט פון דעם, וואָס די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט איז גרעסער געוואָרען. פון דער אַנדער זייט איז די באַנוצונג פון מאַ־שינעס, פון אַרבייט־פיה, פון מינעראַלע באַמיסטיגונג־מיטלען, פון דרענאַזש־טרויבען א. ד. ג. — א באַדינגונג צו פאַרגרעסערן די פּראָ־דוקטיוויטעט פון דער אַרבייט. דאָס זעלבע דאַרף מען זאָגען אויף ווענען דער סומע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס זיינען קאָנ־צענטרירט אַלס געביידעס, שמעלץ־אויוענס, טראַנספּאָרט־מיטלען א. ד. ג. אָבער אַלץ איינס, צי דער וואוקס פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען ווערט אין פאַרגלייך מיט דער אַרבייט־קראַפט, וואָס ווערט צו זיי צוגעגעבען, זיין א באַדינגונג אָדער א רעזולטאַט, אין יעדען

באַל איז ער אַן אויסדרוק פון דער פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוק־טיוויטעט פון דער אַרבייט.

די העכערונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט ווייזט זיך דעריבער אַרויס אין דער פאַרקלענערונג פון דער מאַסע אַרבייט אין פּראָפּאָרציע צו דער מאַסע פון מיטלען פון פּראָדוקציע, וואָס די אַרבייט ברענגט אין באַוועגונג.

די דאָזיגע ענדערונג אינ׳ם טעכנישען צוזאַמענשטעל פונ׳ם קאַפּיטאַל, דער דאָזיגער וואוקס פון דער סומע פּראָדוקציאָנס־מיט־לען אין פאַרגלייך מיט דער סומע אַרבייט־קראַפט, וואָס בלאָזט אין זיי אַריין לעבען, שפּיגעלט זיך ווידער אָפּ אויף דעם ווערט־צוזאַ־מענשטעל פונ׳ם קאַפּיטאַל, אויף דער פאַרגרעסערונג פון דעם שטענ־דיגען טייל פונ׳ם ווערט פון קאַפּיטאַל אויפ׳ן חשבון פון זיין פאַר־ענדערליכען טייל. לאָמיר, צ. ב., אָננעמען, אז צוערשט פלעגט 50% פון א געוויסען קאַפּיטאַל אַוועק אויף פּראָדוקציאָנס־מיטלען און 50% אויף אַרבייט־קראַפט. שפּעטער, ווען די פּראָדוקטיווי־טעט פון דער אַרבייט פאַרגרעסערט זיך, געהט שוין אַוועק 80% אויף פּראָדוקציאָנס־מיטלען און 20% אויף אַרבייט־קראַפט א. ד. ג. אָט דאָס געזעץ פון דעם כסדר׳דיגען וואוקס פון דעם שטענדיגען טייל פונ׳ם קאַפּיטאַל אין פאַרגלייך מיט דעם פאַרענדערליכען טייל, ווערט באַשטעטיגט אויף יעדען טריט (ווי מיר האָבען שוין אויבען באַוויזען) דורך דעם אַנאַליז פון די פּרייזען פון סחורות, אַלץ איינס צי מיר ווילען פאַרגלייכען פאַרשיידענע עקאָנאָמישע עפּאָכען ביי איין נאַציאָן צו פאַרשיידענע נאַציעס אין איין און דערזעלביגער עקאָנאָמישער עפּאָכע.

די גרויס פון יענעם חלק פון פּרייז, וואָס רעפּרע־זענטירט נאָר דעם ווערט פון די מיטלען פון פּראָדוקציע, ד. ה. דער פאַרברויכטער טייל פון דעם שטענדיגען קאַפּיטאַל, וואַקסט צוזאַ־מען מיט דעם פאָרטשריט פון אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל, בעת די גרויס פון דעם אַנדערן חלק פון פּרייז, וואָס צאָלט פאַר די אַרבייט (דעם פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל) פאַרקלענערט זיך מיט דעם פאָרט־שריט פון אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל.

די פאַרקלענערונג פון דעם פאַרענדערליכען טייל פונ׳ם קאַפּי־טאַל אין פאַרגלייך מיט דעם שטענדיגען טייל, אָדער די ענדערונג פונ׳ם ווערט־צוזאַמענשטעל פון דעם קאַפּיטאַל קאָן דאָך בלויז ווייזען אומגעפער די ענדערונג אין צוזאַמענשטעל פון זיינע מאַטעריע־

לע באַשטאַנד־טיילען. אויב צ. ב. דער ווערט פון קאַפּיטאַל, וואָס איז אַריינגעלעגט אין אַ שפּינעריי, באַשטעהט איצט אויף 7/8 פון שטענדיגען און אויף 1/8 פון פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל, איז, פאַר־קערט, די גאַנצע מאַסע פונ'ם רויהען מאַטעריאַל, פון די געצייג א. ד. ג., וואָס ווערט איצט באַנוצט פּראָדוקטיוו פון אַ באַשטימטען סכום שפּינעריי־אַרבייט־קראַפט, אין אַ סך הונדערט מאָל גרעסער, איידער עס איז געווען די אַנטשפּרעכענדע מאַסע אין אָנהויב פון 18־טען יאָהרהונדערט. די אורזאַך דערפון ליעגט פּשוט אין דעם, וואָס צוזאַמען מיט דער פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט וואַקסט ניט נאָר די מאַסע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס זי באַנוצט, נאָר עס ווערט אויך קלענער זייער ווערט אין פאַרגלייך מיט זייער סכום, אויף אַזאַ אופן וואַקסט זייער ווערט אַבסאָלוט אָבער ניט פּראָפּאָרציאָנעל צו זייער מאַסע. דעריבער וואַקסט דער אונטערשייד צווישען דעם שטענדיגען און דעם פאַר־ענדערליכען קאַפּיטאַל אַ סך לאַנגזאַמער, איידער דער אונטערשייד צווישען דער מאַסע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אין וועלכע עס ווערט פאַרוואַנדעלט דער שטענדיגער קאַפּיטאַל, און דעם סכום פון אַרבייט־קראַפט, אין וועלכער עס ווערט פאַרוואַנדעלט דער פאַר־ענדערליכער קאַפּיטאַל. דער ערשטער אונטערשייד ווערט גרעסער צוזאַמען מיט'ן צווייטען, אָבער אין אַ קלענערן גראַד ווי דער לעצ־טער.

אָבער הגם די אַנטוויקלונג פון דער אַנזאַמלונג פאַרקלענערט די פאַרהעלטניסמעסיגע גרויס פון דעם פאַרענדערליכען טייל פונ'ם קאַפּיטאַל, שליסט זי דאָך דערמיט ניט אויס די מעגליכקייט, אַז עס זאָל זיך פאַרגרעסערן זיין אַבסאָלוטע גרויס. לאָמיר אָננעמען, אַז דער ווערט פון קאַפּיטאַל איז צוערשט געווען איינגעטיילט אויף 50% שטענדיגען און 50% פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל, און שפּע־טער אויף 80% שטענדיגען און 20% פאַרענדערליכען, אויב פאַר דער צייט איז דער אָנפאַנגליכער קאַפּיטאַל, לאָמיר זאָגען פון 6,000 סטערלינג אויסגעוואַקסען ביז 18,000 פונט, איז אויסגעוואַקסען אויך איהר פאַרענדערליכער טייל אויף 1/5. ער איז פריהער גע־ווען 3,000 פונט און איצט איז ער 3,600 פונט. נאָר אויב פריהער איז גענוג געווען, אַז דער קאַפּיטאַל זאָל זיך פאַרגרעסערן אויף 20%

כדי צו העכערן דעם נאָכפרעג אויף ארבייט אויף 20%, איז איצט אויף דעם נויטיג דריי מאָל אזוי פיעל אָנבאַנגליכער קאַפּיטאַל.

אין דער פערטער אָפּטיילונג האָבען מיר באַוויזען, אז די אַנט־וויקלונג פון דער געזעלשאַפּטליכער פּראָדוקטיווער ארבייט־קראַפט קאָן מעגליך זיין נאָר ביי דער עקזיסטענץ פון קאָאָפּעראַציע אויף א גרויסען מאַסשטאַב; אז נאָר אין דעם פאַל איז מעגליך צו אָר־גאַניזירען די צעטיילונג און קאָמבינירונג פון דער ארבייט; צו עקאָנאָמיזירען, צו איינשפּאָרען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען דורך קאָנ־צענטרירען זיי אין גרויסע מאַסען; ארויסצורופען צום לעבען אזעל־כע געציייג, וואָס קאָנען לויט זייער נאַטור ניט אָנגעווענדט ווערען נאָר צוזאַמען פון א סך ארבייטער, ווי א סיסטעם פון מאַשינעס, צו מאַכען די קאָלאָסאַלע קרעפטען פון דער נאַטור אונטערגעוואָר־פען די באַדערפענישען פון דער פּראָדוקציע און פאַרוואַנדלען דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציע אין א טעכנישער אָנווענדונג פון דער וויסענשאַפט. אויפ'ן יסוד פון דער סחורה־ארטיגער פּראָדוקציע, ווען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען זיינען דאָס אייגענטום פון פּריוואַטע פּערזאָנען, ווען דער האַנט־ארבייטער פּראָדוצירט דעריבער אָדער אליין און זעלבסטשטענדיג, אָדער ער פאַרקויפט זיין ארבייט־קראַפט אלס א סחורה, ווייל ער האָט ניט קיין מיטלען צו פּראָדוצירען זעלבסטשטענדיג, ווערט די אנטוויקלונג פון דער קאָאָפּעראַציע פאַר־ווירקליכט בלויז דורך דעם וואוקס פון אינדיווידועלע קאַפּיטאַלען, אָדער אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל די געזעלשאַפּטליכע פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען און עקזיסטענץ־מיטלען ווערען פאַרוואַנדעלט אין פּריוואַט־אייגענטום פון די קאַפּיטאַליסטען. אויפ'ן יסוד פון דער סחורה־ארטיגער פּראָדוקציע קאָן די פּראָדוקציע אויף א גרויסען מאַסשטאַב זיך אנטוויקלען בלויז אין א קאַפּיטאַליסטישער פאָרמע. א געוויסע אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל אין די הענט פון איינצעלנע פּראָדוצירער פון סחורות איז דעריבער א נויטיגע פאָרבאַדינגונג פאַר דעם ספּעציפישען קאַפּיטאַליסטישען יסוד פון פּראָדוקציע. מיר מוזען דעריבער אָננעמען, אז אזא אָנזאַמלונג עקזיסטירט ביים אי־בערגאַנג פון האַנט־ווערקעריי צום קאַפּיטאַליסטישען אופן פון פּראָ־דוקציע, די אָנזאַמלונג קאָן מען רופען „אָנפאַנגליכע“, ווייל זי איז ניט קיין היסטאָרישער רעזולטאַט, נאָר א היסטאָרישער פונדאַמענט

פון דעם ספּעציפישען קאַפּיטאַליסטישען אופן פון פּראָדוקציע. דאָ איז נאָך ניט קיין פּלאַץ אויסצוגעפינען, אויף וואָס פאַר אַן אופן אַט די אַנזאַמלונג גופא אַנטשטעהט. עס איז גענוג צו זאָגען, אַז זי איז דער אויסגאַנג־פּונקט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען אופן פון פּראָדוקציע. אָבער אַלע מעטאָדען פון העכערן די געזעלשאַפטליכע ארבייט־קראַפט, וועלכע אַנטשטעהען און אַנטוויקלען זיך אויף דעם פונדאַמענט, זיינען אין דער זעלבער צייט מעטאָדען צו פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע פון מעהר־ווערט אָדער פון איבער־פּראָדוקט, וועלכער איז פון זיין זייט אויך אַן עלעמענט, וואָס שאַפט די אַנזאַמלונג. אויף אַזאַ אופן זיינען זיי אין דער זעלבער צייט אי מעטאָדען, דורך וועלכע קאַפּיטאַל פּראָדוצירט נייעם קאַפּיטאַל, אי מעטאָדען פון שנעלער אַנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל. די כסדר׳דיגע אומגעקערטע פאַרוואַנדלונג פון מעהר־ווערט אין קאַפּיטאַל דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס עס וואַקסט די גרויס פון׳ם קאַפּיטאַל, וועלכער געהט אַריין אינ׳ם פּראָצעס פון פּראָדוקציע. פון איהר זייט ווערט אַט די פאַרוואַנדלונג דער יסוד, אויף וועלכען עס פאַרברייט זיך דער מאַסשטאַב פון דער פּראָדוקציע, דער גרונט פאַר די מעטאָדען פון העכערן די פּראָדוקטיווע ארבייט־קראַפט, וואָס באַגלייטען איהם און פאַר אַ שנעלערער פּראָדוקציע פון מעהר־ווערט. אויב, אויף אַזאַ אופן, אַ געוויסער גראַד פון אַנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל איז אַ באַדינגונג פאַר דעם ספּעציפישען קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, רופט, פאַרקערט, דער לעצטער אַרויס די פאַרשנעלערונג פון דער אַנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל.

דאָס ברענגט דערצו, אַז די טעכנישע צוזאַמענשטעלונג פון קאַפּיטאַל ענדערט זיך אַזוי, אַז דער פאַרענדערליכער טייל ווערט רק קלענער אין פאַרגלייך מיט דעם שטענדיגען.

יעדער איינצעלנער קאַפּיטאַל שטעלט מיט זיך פאָר אַ געוויסע קאָנצענטראַציע פון פּראָדוקציאָנס־מיטלען און איז פאַרבונדען מיט אַ געוויסער הערשאַפט איבער אַ קלענערער אָדער גרעסערער אַרמיי פון ארבייטער. יעדע אַנזאַמלונג ווערט אַ מיטעל פון נייער אַנזאַמלונג. פאַרגרעסערענדיג די רייכטימער, וואָס פונקציאָנירען אַלס קאַפּיטאַל, פאַרשטאַרקט זי אויך זיין קאָנצענטראַציע אין די הענט פון איינצעלנע קאַפּיטאַליסטען און מאַכט אויף אַזאַ אופן

בריטער דעם יסוד פון דער פּראָדוקציע אויף א גרויסען מאסשטאב און פון די ספּעציפיש־קאַפּיטאַליסטישע מעטאָדען פון פּראָדוקציע. דער וואוקס פונ'ם געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל קומט פאר דורך דעם וואוקס פון פיעלע איינצעלנע קאַפּיטאַלען. ווען אַלע אנדערע באדינגונגען זיינען דיזעלבע, וואקסען די איינצעלנע קאַפּיטאַלען און צוזאמען מיט זיי די קאָנצענטראציע פון די פּראָדוקציאָנס־מיט־לען פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם חלק פון דעם גאנצען געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל, וואָס יעדער פון זיי מאכט אויס. אין דערזעלבער צייט רייסען זיך אָפּ פון די אָנפאנגליכע קאַפּיטאַלען נייע צווייגען און הויבען אָן צו פונקציאָנירען אַלס נייע זעלבסטשטענדיגע קאַפּיטאַ־לען. דערביי שפּיעלט, אגב, א ראָלע די צוטיילונג פון די פארמע־גענס אין די פאמיליעס פון די קאַפּיטאַליסטען. ביי דער אָנזאמלונג פון קאַפּיטאַל וואקסט דעריבער אויך די צאָל פון די קאַפּיטאַליסטען. צוויי זאכען כאראקטעריזירען די קאָנצענטראציע פון דעם מין, וועלכע שטיצט זיך דירעקט אויף דער אָנזאמלונג אָדער איז אפילו איינס און דאָסזעלבע וואָס די אָנזאמלונג. ערשטענס: דער וואוקס פון דער קאָנצענטרירונג פון די געזעלשאפטליכע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין די הענט פון איינצעלנע קאַפּיטאַליסטען איז באגרע־ניצט מיט'ן וואוקס פון דעם געזעלשאפטליכען רייכטום, ווען אַלע אנדערע באדינגונגען בלייבען דיזעלביגע; צווייטענס: יעדער טייל פון געזעלשאפטליכען קאַפּיטאַל, וואָס איז פארטאָן אין א געוויסען צווייג פון פּראָדוקציע, ווערט איינגעטיילט צווישען פיעלע קאַפּי־טאַליסטען, וועלכע שטעהען איינער אנטקעגען דעם אנדערן ווי אומ־אָפּהענגיגע פּראָדוצירער פון סחורה, וואָס קאָנקורירען איינער מיט'ן אנדערן. די אָנזאמלונג און די קאָנצענטראציע, וואָס געהט צוזא־מען מיט איהר, ווערען דעריבער ניט נאָר צוברעקעלט איבער זעהר פיעלע פונקטען, נאָר דער וואוקס פון די קאַפּיטאַלען, וואָס פונק־ציאָנירען שוין, ווערט אָפּגעשטעלט, ווען עס בילדען זיך אויס נייע קאַפּיטאַלען און עס ווערען צוברעקעלט די אַלטע. די אָנזאמלונג טרעט דעריבער ארויס פאר אונז פון איין זייט אַלס די קאָנצענ־טראציע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און די הערשאפט איבער דער ארבייט און פון דער אנדער זייט — אַלס קאָנקורענץ, אַלס אָפּשטויס צווישען פיעלע איינצעלנע קאַפּיטאַלען.

די צוברעקלונג פון דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל אויף פיעלע איינצעלנע, אינדיווידועלע קאַפּיטאַלען אָדער דעם אַפּ־שטויס פון זיינע טיילען איינע בנוגע די אַנדערע, שטערט די צוציהונג פון די טיילען. דאָס איז שוין ניט קיין פּשוט'ע קאָנצענטראַציע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און פון דער הער־שאַפט איבער דער ארבייט, ניט קיין קאָנצענטראַציע וואָס איז עהנליך צו דער אַנזאַמלונג. דאָס איז אַ קאָנצענטראַציע פון קאַ־פּיטאַלען, וואָס האָבען זיך שוין אויסגעבילדעט, די פארניכטונג פון זייער אינדיווידועלער זעלבסטשטענדיגקייט, די עקספּראָפּריאַציע פון איין קאַפּיטאַליסט דורך דעם אַנדערן, די פאַרוואַנדלונג פון פיעלע קליינע קאַפּיטאַלען אין אַ קליינער צאָל גרויסע קאַפּיטאַלען. אַט דער פּראָצעס שיידט זיך אונטער פון דעם ערשטען דערמיט, וואָס עס ווירקט בלויז אויף דער ענדערונג פון דער פאַנאַנדערטיי־לונג פון די קאַפּיטאַלען, וואָס עקזיסטירען און פונקציאָנירען שוין; זיין ווירקונג־קרייז איז דעריבער ניט באַגרעניצט מיט דעם אבסאָ־לוטען וואוקס פון דעם געזעלשאַפטליכען רייכטום אָדער מיט די אבסאָלוטע גרעניצען פון אַנזאַמלונג. דאָ זאַמעלט זיך דער קאַפּי־טאַל אָן אין גרויסע מאַסען אין איינינע הענט, ווייל דאָרט פאַר־שווינדט ער פון פיעלע אַנדערע הענט. דאָס איז אייגענטליך די צענטראַליזאַציע פון די קאַפּיטאַלען, אין אונטערשייד פון דער אַנ־זאַמלונג און קאָנצענטראַציע.

די גרעניצען פון דער צענטראַליזאַציע פון די קאַפּיטאַלען, אָדער פון דער צוציהונג פון איין קאַפּיטאַל דורך דעם אַנדערן, קאָן מען דאָ ניט ארויסברענגען, מיר וועלען ברענגען דאָ נאָר קורצע פאַקטישע אָנווייזונגען. דער קאָנקורענץ־קאַמף ווערט געפיהרט דורך דעם, וואָס מען מאַכט ביליגער די סחורות. די ביליגקייט פון די סחורות הענגט אָפּ — ווען אַלע אַנדערע באַדינגונגען בלייבען דיזעלבע — פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט, און די פּראָדוקטיוויטעט הענגט אָפּ פון'ם מאַסשטאַב פון דער פּראָדוקציע. די גרויסע קאַפּיטאַלען צושלאָגען דעריבער די קליינע. אויסער דעם לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז ווען עס אַנטוויקעלט זיך דער קאַפּיטאַ־ליסטישער אופן פון פּראָדוקציע, וואַקסט די מינימאַלע גרויס פון אן אינדיווידועלען קאַפּיטאַל, וואָס איז נויטיג אויף צו פיהרען דעם

געשעפט אין נאָרמאַלע באַדינגונגען. די קליינע קאַפּיטאַלען לאָזען זיך דעריבער אריין אין אַזעלכע קרייזען פון דער פּראָדוקציע, וואָס פאַלען אונטער אונטער דער הערשאַפט פון דער גרויסער אינדוס־טריע בלויז צייטענווייז אָדער ניט אינגאַנצען. די קאָנקורענץ איז דאָ גלייך פּראָפּאָרציאָנעל צו דער צאָל פון די קעמפענדע קאַפּיטאַ־לען און אומגעקערט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער גרויס פון זיי. די קאָנקורענץ ברענגט געוועהנליך דערצו, אַז אַ סך קליינע קאַפּיטאַ־ליסטען געהען אונטער, און זייערע קאַפּיטאַלען פאַלען טיילווייז אריין אין די הענט פון דעם זיעגער, און טיילווייז געהען זיי אינגאַנ־צען פאַרלאָרען. אויסערדעם אַנטוויקעלט זיך צוזאַמען מיט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע נאָך אינגאַנצען אַ נייע קראַפט — דער קרעדיט; צוערשט גנב'עט ער זיך נעהיים אריין אלס באַשיידע־נער מיטהעלפער פון אָנזאַמלונג; דורך ניט באַמערקבאַרע פעדים ציהט ער צונויף אין די הענט פון איינצעלנע אָדער אַסאָציאירטע קאַפּיטאַליסטען די געלט־מיטלען, וואָס זיינען אין קלענערע אָדער גרעסערע מאַסען צושפּרייט אין דער געזעלשאַפט. אָבער באַלד ווערט ער אַ ניי און נעפעהרליך געצייג אין דעם קאָנקורענץ־קאַמף און צולעצט ווערט ער פאַרוואַנדעלט אין אַ קאָלאָסאַלען סאָציאַלען מעכאַניזם פאַר דער צענטראַליזאַציע פון די קאַפּיטאַלען.

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע און אָנזאַמלונג, אַנטוויקעלט זיך אויך די קאָנקורענץ און דער קרע־דיט, אָט די צוויי מעכטיגסטע מיטלען פון צענטראַליזאַציע. צוזאַ־מען דערמיט פאַרגרעסערט די אַנטוויקלונג פון דער אָנזאַמלונג דעם מאַטעריאַל פאַר דער צענטראַליזאַציע, ד. ה. די איינצעלנע קאַפּי־טאַלען, און אין דערזעלבער צייט שאַפט די אויסברייטונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע פון איין זייט די געזעלשאַפטליכע באַדערפעניש אין די גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס זייער פאַרווירקליכונג איז פאַרבונדען מיט דער פריהערדיגער צענ־טראַליזאַציע פונ'ם קאַפּיטאַל, און פון דער אַנדער זייט — די טעכ־נישע מיטלען פאַר אָט די אונטערנעמונגען. אַ דאַנק דעם איז איצט די געגענזייטיגע קאָנקורענץ פון די איינצעלנע קאַפּיטאַלען און די טענדענץ צו צענטראַליזאַציע פיעל שטאַרקער, איידער ווען עס איז פריהער. אָבער הגם דער פאַרהעלטניסמעסיגער פאַרנעם און די

ענערגיע פון דער צענטראַליזאַציאָנס־באַוועגונג ווערען ביז א גע־
וויסען גראַד באַשטימט דורך דער גרויס פון דעם קאַפּיטאַליסטישען
רייכטום, וואָס איז שוין דערגרייכט געוואָרען, און דורך דעם, וואָס
דער עקאָנאָמישער מעכאַניזם זיינער איז העכער, הענגט דאָך די
אַנטוויקלונג פון דער צענטראַליזאַציע בשום אופן ניט אָפּ פון דער
פּאָזיטיווער פּאַרגרעסערונג פון דעם געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל.
און דאָס שיידט באַזונדערס אונטער די צענטראַליזאַציע פון דער
קאָנצענטראַציע, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר בלויז אַן אַנדער
פאָרמע פון אויסדרוק פאַר דער פּראָדוקציע אויף א ברייטערן מאַס־
שטאַב. די צענטראַליזאַציע קאָן פאָרקומען דורך א פּשוט'ער ענ־
דערונג אין דער איינטיילונג פון די שוין עקזיסטירענדע קאַפּיטאַ־
לען, דורך א פּשוט'ער ענדערונג אין דער גרופּירונג לויט דער צאָל
פון די טיילען פון געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל. דער קאַפּיטאַל קאָן
דאָ אין איינינע הענט אויסוואַקסען ביז אַן אומגעהייערער גרויס,
ווייל דאָרטען איז ער פאַרשוואונדען פון זעהר א סך הענט. אין
יעדען צווייג פון אונטערנעמונגען וואָלט די צענטראַליזאַציע דער־
גרייכט ביז'ן לעצטען גרעניץ, ווען אַלע קאַפּיטאַלען, וואָס זיינען
אין איהר פאַרטאָן, וואָלטען זיך צונויפגעגאָסען אין איין איינציגען
קאַפּיטאַל. אין יעדער געזעלשאַפט וואָלט אָט דער גרעניץ געקאָנט
דערגרייכט ווערען נאָר אין יענעם מאָמענט, ווען דער גאַנצער גע־
זעלשאַפטליכער קאַפּיטאַל וואָלט זיך פאַראייניגט אין די הענט פון
איין איינציגען קאַפּיטאַליסט אָדער פון איין איינציגער געזעל־
שאַפט פון קאַפּיטאַליסטען.

די צענטראַליזאַציע פאַרענדיגט די אַרבייט פון דער אָנזאַמלונג,
ווייל זי גיט די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען די מעגליכקייט אויס־
צוברייטען דעם מאַסשטאַב פון זייער אַרבייט. דער עקאָנאָמישער
רעזולטאַט וועט זיין דערזעלביגער, אַלץ איינס צי די אויסברייטונג
קומט פאָר א דאַנק דער אָנזאַמלונג, אָדער א דאַנק דער צענטראַ־
ליזאַציע, צי די צענטראַליזאַציע קומט פאָר דורך געוואַלד־מיטלען
פון פאַראייניגונג אין איניגע קאַפּיטאַלען ווערען דערביי צענטרען
פון אזא געוואַלדיגער צוציהונגס־קראַפט פאַר די אַנדערע, אז זיי
צושטערען די אינדיווידועלע און עהרליכע פאַרבינדונג פון די טייל־
לען פון אָט די אַנדערע קאַפּיטאַלען און ציהען דערנאָך צו די באַ־

זונדערע צושאָטענע טיילען זייערע צו זיך; צי די צונויפגיסונג פון די קאַפּיטאַלען, וואָס האָבען זיך שוין אויסגעבילדעט, אָדער וואָס האַלטען זיך אין אויסבילדען, קומט פאָר אויף א גלאַטערן אופן — דורך דער אויסבילדונג פון אַקציאָנערע געזעלשאַפטען. דער וואוקס פון דער גרויס פון די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען איז אומעטום אַן אויסגאַנג־פּונקט פאַר א ברייטערער אָרגאַניזאַציע פון געמיינ־זאַמער ארבייט פון א סך מענשען, פאַר א ברייטערער אַנטוויקלונג פון איהרע מאַטעריעלע באַוועגונג־קרעפטען, ד. ה. פאַר א שטענ־דיגער פאַרוואַנדלונג פון באַזונדערע אָפּגעשטאַנענע פּראָצעסען פון פּראָדוקציע אין געזעלשאַפטליך קאָמבינירטע און וויסענשאַפטליך אָנגעפיהרטע פּראָצעסען פון פּראָדוקציע.

עס איז קלאָר, אז די אָנזאַמלונג, די כסדר'דיגע פאַרגרעסערונג פון'ם קאַפּיטאַל דורך רעפּראָדוצירונג, וועלכע געהט איבער פון דער קרייז־פאָרמיגער באַוועגונג אין דער ספּיראַל־פאָרמיגער, שטעלט מיט זיך פאָר זעהר א לאַנגזאַמען פּראָצעס אין פאַרגלייך מיט דער צענטראַליזאַציע, וועלכע פאָדערט בלויז אַן ענדערונג אין דער גרו־פּירונג, לויט דער צאָל פון די טיילען פון דעם געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל. די וועלט וואָלט ביז היינט צו טאָג געבליבען אָהן איי־זענבאַהנען, ווען מען וואָלט געדאַרפט וואַרטען, ביז די אָנזאַמלונג וועט ניט ברענגען איינציגע איינצעלנע קאַפּיטאַלען צו דער שטופע, ווען זיי קאָנען אַליין דורכפיהרען אַן אייזענבאַהן. די צענטראַליזאַ־ציע, פאַרקערט, האָט דורך אַקציאָנערע געזעלשאַפטען דאָס דער־גרייכט שנעל, ווי דורך א צויבער־שטעקעלע, און פאַרשנעלערענדיג און אויסברייטערענדיג אויף אזא אופן די ווירקונג פון דער אָנזאַמ־לונג, פאַרשנעלערט און פאַרברייטערט די צענטראַליזאַציע און אין דער זעלבער צייט די רעוואָלוציעס אינ'ם טעכנישען צוזאַמענשטעל פונ'ם קאַפּיטאַל, די רעוואָלוציעס, וואָס פאַרגרעסערן זיין שטענדיגען טייל אויפ'ן חשבון פונ'ם פאַרענדערליכען טייל און פאַרקלענערן, הייסט דאָס, פאַרהעלטנישמעסיג דעם נאָכפרעג אויף ארבייט.

די מאַסען פון קאַפּיטאַל, וואָס ווערען דורך דעם פּראָצעס פון צענטראַליזאַציע צונויפגעגאָסען, ווערען רעפּראָדוצירט און פאַרגרע־סערט פּונקט ווי אַנדערע קאַפּיטאַלען, נאָר פיעל שנעלער, און זיי ווערען אויף אזא אופן פון זייער זייט מעכטיגע מיטלען פון געזעל־

שאַפטליכער אָנזאַמלונג. ווען מען רעדט וועגען דער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטליכער אָנזאַמלונג, פאַרשטעהט מען דעריבער איצט אונטער דעם במילא אויך די ווירקונג פון צענטראַליזאַציע.

נייע קאַפּיטאַלען, וואָס בילדען זיך אויס אין'ם גאַנג פון אַ נאָרמאַלער אנטוויקלונג, דיענען הויפּטזעכליך אַלס הילף־מיטעל צו עקספּלואַטירען נייע ערפינדונגען און אנטדעקונגען, בכלל אינדוס־טריעלע פאַרפאָלקאָמונגען. אָבער אויך פאַר אַן אַלטען קאַפּיטאַל קומט מיט דער צייט אַ מאָמענט, ווען עס באַנייט זיך זיין קאָפּ, זיין פיהרער, און זיינע גלידער, אַ מאָמענט ווען ער בייט אום זיין הויט און ווערט פון דאָס ניי געבאָרען אין אַ פאָלקאָמענער פאָרמע, ביי וועלכער עס איז גענוג אַ קלענערער סכום פון ארבייט כדי צו ברענגען אין באַוועגונג אַ גרעסערע מאַסע מאַשינעס און רויהען מאַ־טעריאַל. די אַבסאָלוטע פאַרקלענערונג פון דעם נאָכפראַגע אויף אַר־בייט, וואָס קומט אַלס נויטיגער רעזולטאַט דערפון, ווערט נאַטירליך זיין אַלץ גרעסער, וואָס גרעסער עס זיינען די מאַסען, אין וועלכע עס האָבען זיך שוין צונויפגענאָסען אַ דאַנק דער צענטראַליזאַציע די קאַפּיטאַלען, וואָס מאַכען דורך דעם פּראָצעס פון באַנייאונג.

אַלזאָ, פון איין זייט ציהט צו דער נייער קאַפּיטאַל, וואָס בילדט זיך אויס אין פּראָצעס פון אָנזאַמלונג, אַלץ וועניגער און וועניגער ארבייטער אין פאַרגלייך מיט זיין גרויס, און פון דער אַנדער זייט שטויסט אָפּ דער אַלטער קאַפּיטאַל, וואָס ווערט פּעריאָדיש רעפּראָ־דוצירט אין אַ נייער פאָרמע, אַלץ מעהר און מעהר ארבייטער, וועל־כע ער האָט פריהער באַשעפטיגט.

## 3) דער שטייגענדער וואוקס פון דער פאַרהעלטניסמעסיגער איבערבאַפעלקערונג, אָדער פון דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמיי.

די אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל, וועלכע איז צוערשט באַשטאַנען בלויז אין זיין קוואַנטיטאַטיווער אויסברייטונג (אויסברייטונג אין צאָל), ווערט באַגלייט, ווי מיר האָבען געזעהן, מיט אַ קוואַליטאַטי־ווער ענדערונג פון זיין צוזאַמענשטעל, מיט אַ כסדר'דיגער פאַרגרע־

סערונג פון זיין שטענדיגען טייל אויפ'ן חשבון פון דעם פאַרענדער־ליכען.

דער ספּעציפישער קאַפּיטאַליסטישער אופן פון פּראָדוקציע, די אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיווער קראַפט פון ארבייט, וואָס איז מיט איהם פאַרבונדען, די ענדערונג אינ'ם אָרגאַנישען צוזאַמענשטעל פונ'ם קאַפּיטאַל, וואָס ער רופט ארויס, געהען ניט נאָר האַנט אין האַנט מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אָנזאַמלונג אָדער מיט'ן וואוקס פונ'ם געזעלשאַפטליכען רייכטום; זיי געהען נאָך פיעל שנעלער; ווייל צוזאַמען מיט דער פּשוט'ער אָנזאַמלונג אָדער מיט דער אַב־סאָלוטער פאַרגרעסערונג פונ'ם גאַנצען געזעלשאַפטליכען רייכטום געהט אויך די צענטראַליזאַציע פון זיינע איינצעלנע עלעמענטען, און צוזאַמען מיט דער טעכנישער רעוואָלוציע אינ'ם נייעם קאַפּיטאַל געהט די טעכנישע רעוואָלוציע אינ'ם אָנפאַנגליכען קאַפּיטאַל. מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אָנזאַמלונג ענדערט זיך די פאַרהעלטניש צווישען דעם שטענדיגען און דעם פאַרענדערליכען טייל פונ'ם קאַ־פּיטאַל. אויב, לאָמיר זאָגען, די פאַרהעלטניש איז אין אָנפאַנג געווען 1 צו 1, ווערט זי דערנאָך ווי 1 צו 2, 1 צו 3, 1 צו 4, א. אז. וו. אַזוי אַז מיט'ן וואוקס פון קאַפּיטאַל ווערט פאַרוואַנדעלט אין אר־בייט־קראַפט שוין ניט אַ העלפט פון זיין אַלגעמיינעם ווערט, נאָר איין־דריטעל, דערנאָך איין־פערטעל, איין־פינפטעל, איין־זעקסטעל, איין־אַכטעל א. אז. וו. און אין פּראָדוקציאָנס־מיטלען — צוויי־דריי־טעל, דריי־פערטעל, פיער־פינפטעל, פינף־זעקסטעל, זיבען־אַכטעל א. אז. וו. דער נאָכפרעג אויף אַרבייט ווערט באַשטימט ניט דורך די גרויס פון דעם גאַנצען קאַפּיטאַל, נאָר פון זיין פאַרענדערליכען טייל, ווערט ער כסדר אַלץ קלענער מיט דעם וואוקס פונ'ם גאַנצען קאַפּיטאַל אָנשטאָט צו ווערען אַלץ גרעסער פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם וואוקס, ווי מיר האָבען פריהער גערעכענט. דער נאָכפרעג ווערט קלענער פאַרהעלטניסמעסיג, אין פאַרגלייך מיט דער גרויס פונ'ם גאַנצען קאַפּיטאַל; ער ווערט נאָך שנעלער פאַרקלענערט מיט'ן וואוקס פון אָט דער גרויס. הגם מיט'ן וואוקס פונ'ם גאַנצען קאַ־פּיטאַל וואַקסט אויך זיין פאַרענדערליכער טייל, אָדער די ארבייט־קראַפט וואָס איז פאַרקערפּערט אין איהם, ער וואַקסט אָבער אין אַ קלענערער פּראָפּאָרציע. די צווישענצייטען, אין משך

פון וועלכע די אַנזאַמלונג ווירקט אַלס איינפאַכע אויסברייטע־
רונג פון דער פּראָדוקציע אויף דעם געגעבענעם טעכנישען יסוד,
ווערען אַלץ קירצער. כדי מען זאָל קאָנען פאַרברויכען אַ געוויסע
נייע צאָל אַרביימער, אָדער אפילו נאָר כדי מען זאָל, ניט קוקענדיג
אויף די שטענדיגע ענדערונגען אין׳ם אַלטען קאַפּיטאַל, קאָנען
שטענדיג אָנהאַלטען די אַרבייטער, וואָס זיינען שוין פאַרנומען, איז
נויטיג, אַז די אַנזאַמלונג פונ׳ם גאַנצען קאַפּיטאַל זאָל זיך פאַרשנע־
לערן אין אַלץ אַ גרעסערער פּראָפּאָרציע. אויסער דעם ווערען די
וואַקסענדע אַנזאַמלונג און די צענטראַליזאַציע פון זייער זייט אַ
קוואַל פון נייע ענדערונגען אין׳ם צוזאַמענשטעל פונ׳ם
קאַפּיטאַל אָדער פון אַ נייער שנעלערער פאַרקלענערונג פון
זיין פאַרענדערליכען טייל אין פאַרגלייך מיט׳ן שטענדיגען. אָט די
פאַרהעלטניסמעסיגע פאַרקלענערונג פון דעם פאַרענדערליכען טייל
פון קאַפּיטאַל, וואָס ווערט אַלץ שנעלער מיט׳ן וואוקס פונ׳ם גאַנצען
קאַפּיטאַל — און דערביי געהט די פאַרקלענערונג שנעלער, איידער
דער וואוקס פונ׳ם גאַנצען קאַפּיטאַל, — זעהט פון דער אַנדער זייט
אויס אַזוי, ווי דער אַבסאָלוטער וואוקס פון דער אַרבייטער־באַפעל־
קערונג וואָלט, פאַרקערט, פאָרגעקומען שנעלער, איידער דער וואוקס
פונ׳ם פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל, אָדער פון די מיטלען צו געבען
באַשעפטיגונג דער אַרבייטער־באַפעלקערונג. אין דער אמת׳ן אָבער
רופט די קאַפּיטאַליסטישע אַנזאַמלונג אַרויס כסדר פּראָפּאָרציאָנעל
איהר ענערגיע און איהר גרויס אַ פאַרהעלטניסמעסיג צו גרויסע אַר־
בייטער־באַפעלקערונג, ד. ה. אַ צו גרויסע אין פאַרגלייך מיט דער
דורכשניטליכער באַדערפעניש פונ׳ם קאַפּיטאַל אין זעלבסט־וואוקס,
און דעריבער אַן „איבעריגע“ אַרבייטער־באַפעלקערונג.

באַטראַכטענדיג דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל, זע־
העו מיר, אַז דער פּראָצעס פון זיין אַנזאַמלונג רופט אַמאָל אַרויס
פּעריאָדישע ענדערונגען און אַמאָל ווערען זיינע באַזונדערע מאָ־
מענטען איינצייטיג פאַרטיילט צווישען פאַרשיידענע קרייזען פון
פּראָדוקציע: אין איינינע קרייזען קומט פאָר די ענדערונג אין׳ם
צוזאַמענשטעל פונ׳ם קאַפּיטאַל אָהן דעם וואוקס פון זיין אַבסאָלו־
טער גרויס, פּשוט צוליעב קאָנצענטראַציע; אין אַנדערע קרייזען
איז דער אַבסאָלוטער וואוקס פון קאַפּיטאַל פאַרבונדען מיט דער

אבסאָלוטער פארקלענערונג פון זיין פארענדערליכען טייל, אָדער פון
דער ארבייט־קראפט וואָס ער פארברויכט; אין נאָך אנדערע קריי־
זען וואקסט דער קאפיטאל אָפטמאָל אויף דעם געגעבענעם טעכ־
נישען יסוד און ציהט צו, פראָפּאָרציאָנעל מיט זיין וואוקס, נייע
ארבייט־קרעפטען, און אָפטמאָל קומט דאָרט פאָר אן אָרגאנישע ענ־
דערונג פונ׳ם קאפיטאל, און עס ווערט קלענער זיין פארענדערליכע־
טייל. אין אלע קרייזען פון פראָדוקציע איז דער וואוקס פון דעם
פארענדערליכען טייל פונ׳ם קאפיטאל און צוזאמען דערמיט פון דער
צאָל באשעפטיגטע ארבייטער שטענדיג פארבונדען מיט אָפטע ענ־
דערונגען און מיט דער אויסבילדונג פון א צייטווייליגער איבער־
באפעלקערונג. און דערביי אלץ איינס צי די לעצטע דריקט זיך
אויס אין דער פאָרמע פון ארויסשטויסען די ארבייטער, וואָס זיי־
נען שוין באשעפטיגט, אָדער אין דער ווייניגער קענטיגער אָבער ניט
ווייניגער ווירקענדער פאָרמע פון ניט קאָנען אריינציהען אין דער
ארבייט די נייע ארבייטער דורך די געוועהנליכע אָפּצוג־קאנאלען.
צוזאמען מיט דער גרויס פון דעם געזעלשאפטליכען קאפיטאל, וואָס
פונקציאָנירט שוין, און מיט דעם גראד פון זיין אָנוואקסען, מיט
דער פארברייטערונג פונ׳ם מאסשטאב פון דער פראָדוקציע און פון
דער צאָל באשעפטיגטע ארבייטער, מיט דער אנטוויקלונג פון דער
פראָדוקטיווער קראפט פון זייער ארבייט, מיט דער אויסברייטונג
און פארגרעסערונג פון אלע קוואלען פון רייכטום ווערט אויך בריי־
טער דער מאסשטאב, אויף וועלכען עס קומט פאָר צוזאמען מיט
דער גרעסערער צוציהונג פון די ארבייטער דורכ׳ן קאפיטאל אויך
א גרעסערע אָפּשטויסונג זייערע; די ענדערונג פונ׳ם אָרגאנישען
צוזאמענשטעל פונ׳ם קאפיטאל און פון זיין טעכנישער פאָרמע ווערט
שנעלער און עס ווערט ברייטער דער קרייז פון די צווייגען פון פראָ־
דוקציע, אין וועלכע די ענדערונג קומט פאָר אמאָל איינצייטיג,
אמאָל אין איין צווייג נאָך דעם אנדערן. דערמיט, וואָס די ארביי־
טער־באפעלקערונג, הייסט דאָס, רופט ארויס די אָנזאמלונג פון
קאפיטאל, שאפט זי אליין אין אלץ א גרעסערער מאָס די מיטלען,
וואָס מאכען זי פארהעלטניסמעסיג איבעריג. דאָס איז דאָס געזעץ
פון באפעלקערונג, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר דעם קאפיטא־
ליסטישען אופן פון פראָדוקציע, פונקט ווי פאר יעדען אנדערן היס־

מאָרישען אופן פון פּראָדוקציע זיינען כאַראַקטעריסטיש זיינע באַזונ־
דערע געזעצען פון באַפעלקערונג, וואָס האָבען אַ היסטאָרישע באַ־
דייטונג.

אַן אַבסטראַקט געזעץ פון באַפעלקערונג (פון צו־וואוקס) עקזיס־
טירט נאָר פאַר פלאַנצען און חיות, ביז עס מישט זיך אויף אין דעם
נעביט ניט אריין דער מענש.

אָבער אויב די איבעריגע אַרבייטער־באַפעלקערונג איז אַ נויט־
װענדיגער פּראָדוקט פון אָנזאַמלונג, אָדער פון דער אַנטוויקלונג פון
רייכטום אויף דעם קאַפּיטאַליסטישען יסוד, ווערט אָט די איבער־
באַפעלקערונג פון איהר זייט אַ מיטעל פאַר קאַפּיטאַליסטישער אָנ־
זאַמלונג און אַפילו אַ באַדינגונג פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם קאַ־
פּיטאַליסטישען אופן פון פּראָדוקציע. זי שאַפט אַן אינדוסטריעלע
רעזערוו־אַרמיי, מיט וועלכער דער קאַפּיטאַל קאָן זיך באַנוצען, און
וועלכע געהערט איהם אויף אַזוי פיעל אַבסאָלוט אינגאַנצען, אַזוי
ווי ער וואָלט זי אויף זיין רעכענונג אויסגעהאָדעוועט. זי שאַפט
פאַר זיינע באַדערפעניששען אין זעלבסט־פאַרגרעסערונג, וועלכע ענ־
דערן זיך, אַ שטענדיג גרייטען מענשליכען מאַטעריאַל, וואָס איז
צוגאַנגליך פאַר עקספּלואַטאַציע און איז אומאָפּהענגיג פון די גרע־
ניצען פון'ם ווירקליכען צו־וואוקס פון דער באַפעלקערונג. צוזאַ־
מען מיט דער אָנזאַמלונג און מיט דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָ־
דוקטיווער קראַפט פון אַרבייט, וואָס געהט צוזאַמען מיט דער אָנ־
זאַמלונג, וואַקסט די קראַפט פון פּלוצלונגדיגער אויסברייטונג פון'ם
קאַפּיטאַל; און זי וואַקסט ניט נאָר דערפאַר, וואָס עס ווערט גרע־
סער די בויגעדיגקייט פון דעם עקזיסטירענדען קאַפּיטאַל און די
אַבסאָלוטע עשירות, פון וועלכער דער קאַפּיטאַל שטעלט פאָר נאָר
אַ געוויסען עלאַסטישען טייל; ניט נאָר דערפאַר, וואָס דער קרע־
דיט גיט ביי יעדער באַזונדערער אויפלעבונג מיט אַמאָל אָפּ דער
פּראָדוקציע אַן אומגעוועהנליכען טייל פון דער עשירות אַלס נייעם
צוגאָב־קאַפּיטאַל. זי וואַקסט נאָך אויסערדעם אַ דאַנק דעם, וואָס
די טעכנישע באַדינגונגען פון'ם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס גופא — די
מאַשינעס, די טראַנספּאָרט־מיטלען א. ד. ג. — מאַכען מעגליך אויף
זעהר אַ גרויסען מאַסשטאַב, אַז דער איבער־פּראָדוקט זאָל זעהר
שנעל פאַרוואַנדעלט ווערען אין נייע פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די

מאַסע פון דער געזעלשאַפטליכער עשירות, וועלכע וואַקסט מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אָנזאַמלונג און וועלכע קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין נייעם קאַפּיטאַל, לאָזט זיך מיט דעם גאַנצען אימפּעט אַריין אין די אַלטע צווייגען פון פּראָדוקציע, וועמעס מאַרק עס האָט זיך פּלוצלונג אויסגעברייט, אָדער אין די צווייגען, וואָס ווערען פון דאָס נייע געעפענט, ווי אין אייזענבאַהנען א. ד. ג., וועלכע ווערען נויטיג א דאַנק דער אַנטוויקלונג פון די אַלטע פּראָדוקציאָנס־צווייגען. אין אַלע אַזעלכע פאַלען איז נויטיג, מען זאָל זיין אימשטאַנד מיט אַמאָל און ניט פאַרקלענערענדיג די פּראָדוקציע אין אַנדערע קרייזען אַריינצואוואַרפען גרויסע מאַסען מענשען אין די וויכטיגסטע פּונקטען. אָט די מענשען שטעלט צו די איבער־באַפעלקערונג. דער כאַראַקטעריסטישער וועג פון דער מאָדערנער אינדוסטריע, וועלכער שטעלט פאַר ציקלען פון צעהן־יעהריגע פעריאָדען וואָס ווערען איבערגעריסען דורך קלענערע וואַקלונגען, פעריאָדען פון מיטעלער אויפלעבונג, פון פּראָדוקציע אונטער א הויכען דרוק, פון קריזיס און פון שטילשטאַנד, אָט דער וועג העגנט אָפּ פון דער שטענדיגער אויסבילדונג, גרעסערער אָדער קלענערער פאַרברויכונג און אויסבילדונג פון דאָס ניי פון אַן אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמיי, פון דער איבער־באַפעלקערונג. די פאַרשיידענע פאַזיסען פון דעם אינדוסטריעלען ציקל פאַרגרעסערען פון זייער זייט די איבער־באַפעלקערונג און ווערען איינער פון די ענערגישסטע פאַקטאָרען פון שאַפען זי כסדר פון דאָס ניי.

אָט דער אייגענטימליכער וועג פון דער מאָדערנער אינדוסטריע, וועלכען מען קאָן ניט טרעפען אין קיין איינער פון די פריהערדיגע עפּאָכען פון דער מענשהייט, איז אויך געווען ניט מעגליך אין'ם בעריאָד פון דער קינדהייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. דער צוזאַמענשטעל פונ'ם קאַפּיטאַל האָט זיך געענדערט זעהר לאַנגזאַם. צוזאַמען מיט זיין אָנזאַמלונג איז דעריבער געוועהנליך געגאַנגען א פּראָפּאָרציאָנעלער צו־וואוקס פון נאָכפרעג אויף אַרבייט. ווי לאַנגזאַם די אַנטוויקלונג פון דער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל איז ניט געווען אין פאַרגלייך מיט דער מאָדערנער עפּאָכע, פלעגט ער זיך דאָך אָנשטויסען אויף די נאַטירליכע גרעניצען פון דער אַרבייטער־באַפעלקערונג, וואָס איז צוגענגליך פאַר עקספּלוי־

אַטאַציע; אָפּשאַפען אָט די גרעניצען האָט מען געקאָנט נאָר מיט געוואַלד־מיטלען, וועגען וועלכע מיר וועלען דערמאָנען שפּעטער. אַ פּלוצלונגדיגע, קאָנוואולסיווע אויסברייטונג פון דער פּראָדוקציע איז אַ פאָרבאַדינגונג פאַר איהר פּלוצלונדיגער איינשרומפּונג; די איינשרומפּונג רופט ווידער אַרויס אַן אויסברייטונג, אָבער די לעצטע איז ניט מעגליך אָהן אַ מענשען־מאַטעריאַל וואָס איז צוגענגליך פאַר עקספּלואַטאַציע, אָהן אַ פאַרגרעסערונג פון דער צאָהל אַרבייטער, אומאָפּהענגיג פון דעם אַבסאָלוטען צו־וואוקס פון דער באַפעלקערונג. אָט די פאַרגרעסערונג ווערט געשאַפען דורך אַ פּשוט'ן פּראָצעס, וועלכער „באַפרייט" כסדר אַ טייל פון די אַרבייטער מיט מעטאָדען, וואָס פאַרקלענערן די צאָהל פון די באַשעפטיגטע אַרבייטער אין פאַרהעלטניס צו דער וואַקסענדער פּראָדוקציע. די גאַנצע פאָרמע פון באַוועגונג, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מאָדערנער אינדוסטריע, הענגט דעריבער אָפּ פון אַ כסדר'דיגער שטענדיגער פאַרוואַנדלונג פון אַ געוויסען טייל פון דער אַרבייטער־באַפעלקערונג אין אומבאַשעפטיגטע אָדער האַלב־באַשעפטיגטע הענט. די אויבערפלעכליכקייט פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע ווייזט זיך אגב אַרויס אין דעם, וואָס זי נעמט אָן די אויסברייטונג און פאַרקירצונג פון קרעדיט, ד. ה. די פּשוט'ע סימפּטאָמען פון די פּעריאָדישע ענדערונגען פונ'ם אינדוסטריעלען ציקל, אַלס די סבות פון אָט די ענדערונגען. ווי די הימלישע קערפּערס (פּלאַנעטען, זונען) זעצען כסדר פאָרט זייער באַוועגונג, וויבאַלד זיי זיינען איין מאָל געבראַכט געוואָרען אין באַוועגונג, אַזוי מאַכט אויך די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציע כסדר פון דאָס נייע דורך די באַוועגונג פון אויסברייטונג און איינשרומפּונג, וויבאַלד זי איז איינמאָל אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין אָט דער באַוועגונג. די פאָלגען ווערען דערנאָך פון זייער זייט אורזאַכען און די פאַרשיידענע פאַזיסען פונ'ם גאַנצען פּראָצעס, וואָס שאַפט כסדר פון דאָס נייע זיינע אייגענע באַדינגונגען, נעמט אָן די פאָרמע פון פּעריאָדישקייט. און ווען די לעצטע פונדעוועט זיך איין, הויבט שוין אויך די פּאָליטישע עקאָנאָמיע אָן צו פאַרשטעהן, אַז די שאַפונג פון פאַרהעלטניסמעסיגער איבערבאַפעלקערונג, ד. ה. פון אַ באַפעלקערונג, וואָס איז איבעריג אין פאַרגלייך מיט דורכשניטליכער באַדערפעניש פונ'ם קאַפּיטאַל אין

זעלבסטוואוקס, איז אַ באַדינגונג פאַר דער עקזיסטענץ פון דער מאָ־
דערנער אינדוסטריע.

„לאָמיר אָננעמען — זאָגט ה. מעריוויל, אַ געוועזענער פראָ־
פעסאָר פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין אָקספאָרד, דערנאָך אַ באַאַמ־
טער פון׳ם ענגלישען קאָלאָניעס־מיניסטעריום — לאָמיר אָננעמען,
אַז דאָס פאָלק שטרענגט אָן איבער דעם, וואָס עס איז אַ קריזיס,
אַלע זיינע כחות, כדי דורך אויסוואַנדערונג צו באַפרייען זיך פון
עטליכע הונדערט טויזענט איבעריגע אָרימעלייט. וואָס וואָלט גע־
ווען דער רעזולטאַט דערפון? — אַז ביי דער ערשטער פאַרגרעסע־
רונג פון׳ם נאָכפרעג אויף אַרבייטער, וואָלט אין די לעצטע זיך גע־
פיהלט אַ דוחק. ווי שנעל עס זאָל ניט זיין דער אָנוואוקס פון נייע
מענשען, פאָדערט זיך אַלענפאַלס אַ משך פון אַ דור צייט, כדי צו
פאַרבייטען דערוואַקסענע אַרבייטער. אָבער דער ריוח, די איינ־
קונפט פון אונזערע פאַבריקאַנטען הענגט אָפּ הויפּטזעכליך פון דער
מעגליכקייט אויסצונוצען דעם גינסטיגען מאָמענט פון לעבעדיגען
נאָכפרעג אויף סחורות און אויף אַזאַ אופן פאַרגיטיגען זיך פאַר
דער צייט פון שטילשטאַנד. אָבער זיי קאָנען פאַרזיכערן פאַר זיך
אָט די מעגליכקייט בלויז דורך דער הערשאַפט איבער די מאַשינעס
און איבער די אַרבייטס־הענט. עס איז נויטיג, זיי זאָלען קאָנען
געפינען פרייע הענט; זיי זאָלען זיין אימשטאַנד, ווען דאָס איז
נויטיג, אָנצושטרענגען אָדער אָפּצושוואַכען די אַקטיוויטעט פון
זייערע אָפּעראַציעס לויט דעם צושטאַנד פון׳ם מאַרק; אַנדערש
וואָלטען זיי בשום אופן ניט געווען אימשטאַנד ביי דער שרעקליכער
קאָנקורענץ אויפצוהאַלטען די הערשענדע פּאָזיציע, אויף וועלכער
עס איז געגרינדעט די עשירות פון דעם לאַנד". אפילו מאַלטוס
אַנערקענט די איבער־באַפעלקערונג אַלס נויטווענדיגקייט פאַר דער
מאָדערנער אינדוסטריע, הגם ער דערקלערט זי, לויט זיין געוועהנ־
ליכער באַגרעניצטקייט, מיט דעם אַבסאָלוט איבעריגען צו־וואוקס
פון דער אַרבייטער־באַפעלקערונג און ניט מיט דעם, וואָס זי ווערט
פאַרהעלטניסמעסיג איבעריג. ער זאָגט: „ווען די קלוגע געוועהנ־
הייטען אין באַצוג צו חתונה האָבען זאָלען צווישען די אַרבייטער
דערפיהרט ווערען ביז אַ געוויסען גרעניץ, קאָנען זיי ווערען געפעהר־
ליך פאַר אַ לאַנד, וואָס איז הויפּטזעכליך אָפּהענגיג פון מאַנופאַק־

מיר און האַנדעל... לויט דער נאַטור גופא פון דער באַפעלקערונג קאָן דער צו־וואוקס פון די אַרבייטער, וואָס ווערט אַרויסגערופען דורך אַ באַזונדער שטאַרקען נאָכפרעג, ניט צוגעשטעלט ווערען אויפ'ן מאַרק פריהער, ווי אין 16־18 יאָהר אַרום, און די פּאַרוואַנדלונג פונ'ם ריוח אין קאַפּיטאַל דורך אָפּשפּאָרונגען קאָן פּאָרקומען ניט אין אַן ערך שנעלער; דאָס לאַנד איז אַלעמאָל אין אַ צושטאַנד פון ריזיקע, אַז איהר פאָנד צו פאַרברויכען אַרבייטער וועט וואַקסען שנעלער, איידער די באַפעלקערונג". דערקלערענדיג אויף אַזאַ אופן די שטענדיגע שאַפונג פון אַ פאַרהעלטניסמעסיגער איבער־באַפעלקערונג פון אַרבייטער אַלס נויטיגע באַדינגונג פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אָנזאַמלונג, לייגט די פּאָליטישע עקאָנאָמיע, פאַרמאַסקירט אַלס אַלטע מויד, אַריין אין מויל פון איהר „אידעאַל" פון אַ גוטען קאַפּיטאַליסט פאָלגענדע ווערטער, וועלכע זיינען געווענדט צו די „איבעריגע" אַרבייטער, ווען דער נייער קאַפּיטאַל, וואָס זיי אַליין האָבען באַשאַפען, האָט אַרויסגעוואָרפען אויפ'ן גאַס: „מיר פאַבריקאַנטען טוען פאַר אייך אַלץ וואָס נאָר מעגליך, דורכדעם וואָס מיר פאַרגרעסערן דעם קאַפּיטאַל אויף וועלכען איהר עקזיסטירט, און איהר דאַרפט טאָן דאָס איבעריגע — צופאַסען אייער צאָל צו די עקזיסטענץ־מיטלען".

פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע איז בשום אופן ניט גענוג דער סכום פון פרייער אַרבייט־קראַפט, וואָס דער נאַטירליכער צוואוואוקס פון דער באַפעלקערונג שטעלט־צו. פאַר איהר פרייער אַנטוויקלונג איז נויטיג אַן אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמיי, וואָס איז אומאָפּהענגיג פון אָט דעם נאַטירליכען גרעניץ.

ביז איצט האָבען מיר אָנגענומען, אַז די פאַרגרעסערונג אָדער פאַרקלענערונג פונ'ם פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל געהט פּינקטליך אין איינקלאַנג מיט דער פאַרגרעסערונג אָדער פאַרקלענערונג פון דער צאָל באַשעפטיגטע אַרבייטער. די צאָל אַרבייטער קאָן בלייבען אומפאַרענדערט אָדער אפילו קלענער ווערען, דאָך וועט דער פאַרענדערליכער קאַפּיטאַל, וואָס הערשט איבער זיי, וואַקסען, אויב דער איינצעלנער אַרבייטער הויבט אָן צוצושטעלען מעהר אַרבייט; זיין לוין וואַקסט דעריבער, הגם דער פרייז פון דער אַרבייט בלייבט אומפאַרענדערט אָדער ער פאַלט אפילו, נאָר ער פאַלט לאַנגזאַמער,

איידער עס פאַרגרעסערט זיך דער סכום פון אַרבייט. אין דעם פאַל ווערט די פאַרגרעסערונג פונ'ם פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל אַ סימן פון אַ גרעסערן סכום אַרבייט און ניט פון אַ גרעסערער צאָל באַשעפטיגטע אַרבייטער. דער אַבסאָלוטער אינטערעס פון יעדען קאַפּיטאַליסט באַשטעהט אין דעם, ער זאָל קאָנען אויסדריקען אַ באַשטימטען סכום אַרבייט פון אַ קלענערער און ניט פון אַ גרעסע־רער צאָל אַרבייטער, און זאָלען די לעצטע אפילו קאָסטען פונקט אַזוי ביליג אָדער אפילו נאָך ביליגער. ווען די צאָל אַרבייטער איז גרעסער, וואַקסט דער אויסלאַג פון שטענדיגען קאַפּיטאַל פּראָפּאָר־ציאָנעל צו דער מאַסע אַרבייט, וואָס ווערט געבראַכט אין באַוועגונג; ווען זי איז קלענער, איז דער וואוקס פונ'ם שטענדיגען קאַפּי־טאַל אַ סך לאַנגזאַמער. וואָס גרעסער עס איז דער מאַסשטאַב פון דער פּראָדוקציע, אַלץ אַן אַנטשיידענערע באַדייטונג באַקומט אָט דער מאָטיוו. זיין באַדייטונג וואַקסט מיט דער אָנזאַמלונג פון קאַ־פּיטאַל.

מיר האָבען געזעהן, אַז די אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליס־טישען אופן פון פּראָדוקציע און פון דער פּראָדוקטיווער אַרבייט־קראַפט — צוגלייך די אורזאַך און דער רעזולטאַט פון דער אָנזאַמ־לונג, גיט דעם קאַפּיטאַליסט די מעגליכקייט צו ברייננען אין באַווע־גונג אַ גרעסערן סכום אַרבייט, פאַרגרעסערנדיג עקסטענסיוו אָדער אינטענסיוו די עקספּלואַטאַציע פון די איינצעלנע אַרבייטער־הענט ביי דעם פריהערדיגען אויסלאַג פון פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל. מיר האָבען ווייטער געזעהן, אַז פאַר איין און דעמזעלבען קאַפּיטאַל־ווערט קויפט ער אַ גרעסערע צאָל אַרבייט־קרעפטען, פאַרבייטענדיג אַלץ מעהר די געשיקטע אַרבייטער מיט אומגעשיקטע, די מענער מיט פרויען, די דערוואַקסענע מיט יונגוואַרג און קינדער.

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אָנזאַמלונג ברייננט אַלזאָ פון איין זייט דער פאַרענדערליכער קאַפּיטאַל אין באַוועגונג אַ גרעסערן סכום אַרבייט, ניט פאַרגרעסערנדיג דערביי די צאָל אַרבייטער, און פון דער אַנדער זייט ברייננט אַ פאַרענדערליכער קאַפּיטאַל פון פריהערדיגער גרויס אין באַוועגונג אַ גרעסערן סכום אַרבייט ביי דער פריהערדיגער מאַסע פון אַרבייט־קראַפט און, ענדליך, אַרויסשטוי־

סענדיג אַרבייט־קרעפטען פון העכערער קוואַליטעט, ברייננגט ער אין באַוועגונג אַ גרעסערע צאָל אַרבייטער פון נידעריגער קוואַליטעט.

די שאַפונג פון אַ פאַרהעלטניסמעסיגער איבער־באַפעלקערונג, אָדער די „באַפרייאונג“ פון די אַרבייטער, געהט דעריבער נאָך שנעלער, איידער עס קומט פאָר די טעכנישע רעוואָלוציע פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, וועלכער ווערט אַליין איינס שוין אונטערגעטריבען דורך דער אַנטוויקלונג פון דער אָנזאַמלונג; נאָך שנעלער, איידער עס קומט פאָר די פאַרהעלטניסמעסיגע פאַרקלענערונג פונ'ם פאַרענדערליכען טייל פון קאַפּיטאַל אין פאַרגלייך מיט'ן שטענדיגען, די פאַרקלענערונג, וואָס געהט צוזאַמען מיט אָט דער טעכנישער רעוואָלוציע. אויב די פּראָדוקציאָנס־מיטלען ווערען מיט זייער פאַר־גרעסערונג אין אומפאַנג און אַרבייט־פעהיגקייט אַליין וועניגער און וועניגער אַ מיטעל צו באַשעפטיגען אַרבייטער, ווערט אָט די פאַרהעלטניש מאָדיפיצירט נאָך איבער פאָלגענדער אורזאַך: מיט'ן וואוקס פון דער פּראָדוקטיווער אַרבייט־קראַפט שאַפט דער קאַפּיטאַל אַ פאַרגרעסערטען אָנבאָט פון אַרבייט שנעלער, איידער ער פאַרגרעסערט זיין אָנפרעג אויף אַרבייטער. די איבעראַרבייט פון דעם באַשעפטיגטען טייל פון דעם אַרבייטער־קלאַס פאַרגרעסערט זיינע רעזערוו־רייהען, און פאַרקערט, דער צו שטאַרקער דרוק, וואָס די קאָנקורענץ פון די רעזערוו־אַרבייטער איבט אויס אויף די באַשעפטיגטע אַרבייטער, צווינגט די לעצטע (די באַשעפטיגטע אַרבייטער) צו איבער־אַרבייט און צו אונטערוואַרפען זיך די באַפעהלען פונ'ם קאַפּיטאַל. די פאַראורטיילונג פון איין טייל אַרבייטער צו געצוואונגענעם ליידיג־געהן דורך דעם, וואָס דער אַנדער טייל אַרבייט צו פיעל, און פאַרקערט, ווערט אַ מיטעל פון רייך ווערען פאַר איינצעלנע קאַפּיטאַליסטען און פאַרשנעלערט אין דערזעלבער צייט די שאַפונג פון אַן אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמיי פון אַזאַ גרויס, ווי עס איז נויטיג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטליכער אָנזאַמלונג. אויף וויפיעל אָט דער מאָמענט איז נויטיג פאַר דער אויסבילדונג פון דער פאַרהעלטניסמעסיגער איבער־באַפעלקערונג, ווייזט צ. ב. ענגלאַנד. איהרע טעכנישע מיטלען פון „איינשפּאָרען“ אַרבייט זיינען מורא'דיג גרויס. און דאָך, ווען מאָרגען וואָלט די אַרבייט אומעטום באַשריינקט געוואָרען און געבראַכט געוואָרען ביז

די ראַציאָנאַלע גרעניצען, און ווען מען וואָלט פאַר די פאַרשיידענע שיכטען פונ׳ם ארבייטער־קלאַס איינגעפיהרט גראַדאַציעס, שטופּען לויט זייער עלטער און געשלעכט, וואָלט די עקזיסטירענדע ארבייטער־באַפעלקערונג געווען אבסאָלוט ניט גענוג אויף אָנצופיהרען ווייטער די פּראָדוקציע פון פאָלק אויף איהר איצטיגען מאַסשטאַב. זעהר אַ גרויסען טייל פון די איצטיגע „אומפּראָדוקטיווע" ארבייטער וואָלט אויסגעקומען צו ווערען „פּראָדוקטיווע".

אין גאַנצען גענומען ווערען די ברייטע ענדערונגען פון ארבייט־לוין רעגולירט אויסשליסליך דורך דער אויסברייטונג און איינשרומפּונג פון דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמיי, וואָס געהט צוזאַמען מיט די פּעריאָדישע ענדערונגען פונ׳ם אינדוסטריעלען ציקל. די ענדערונגען ווערען דעריבער באַשטימט ניט דורך די וואַריאַציעס פון דער אבסאָלוטער צאָל פון דער ארבייטער־באַפעלקערונג, נאָר דורך דער פאַרשיידענער פּראָפּאָרציע, אין וועלכער דער ארבייטער־קלאַס צופאַלט אויף אַן אַקטיווער אַרמיי און אַ רעזערוו־אַרמיי, דורך דער פאַרגרעסערונג און פאַרקלענערונג פון דער פאַרהעלטניסמעסי־גער גרויס פון דער איבער־באַפעלקערונג, דורך דעם גראַד, אין וועל־כען זי ווערט אַמאָל פאַרברויכט און אַמאָל ווידער באַפרייט. אין דער אמת׳ן: שעהן וואָלט אויסגעזעהן אַ געזעץ, וואָס וואָלט די ווירקונג פון קאַפּיטאַל געמאַכט אָפּהענגיג פון דער אבסאָלוטער באַ־וועגונג פון דער באַפעלקערונג, אָנשטאַט צו רעגולירען דעם נאָכ־פרעג און אָנבאָט מיט דער אויסברייטונג און איינשרומפּונג פון קאַ־פּיטאַל, אין איינקלאַנג, הייסט עס, מיט זיינע באַדערפעני שען און זעלבסט־אָנוואוקס, וועלכע ביימען זיך; רעגולירען אויף אַזאַ אופן אַז דער ארבייט־מאַרק זאָל אויסזעהן אַ דאַנק דער איינשרומפּונג פונ׳ם קאַפּיטאַל פאַרהעלטניסמעסיג איבערפילט, און אַ דאַנק דער אויסברייטונג פון קאַפּיטאַל — ניט דערפילט! שעהן וואָלט אויס־געזעהן דאָס געזעץ פאַר דער מאָדערנער אינדוסטריע מיט איהר צעהן־יעהריגען ציקל און זיינע פּעריאָדישע פאַזיסען וועלכע ווערען נאָך דערצו איבערגעריסען מיט ניט־רעגעלמעסיגע וואַקלונגען, וואָס געהען אַלץ אָפטער איינע נאָך דער אַנדערער מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אָנזאַמלונג. און דאָך איז אָט דאָס געזעץ אַ דאָגמאַט פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. לויט דעם געזעץ וואַקסט דער ארבייט־

לוין אלס רעזולטאַט פון דער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל; דער הע־
כערער אַרבייט־לוין דיענט אַלס טרייב־קראַפט פאַר דער שנעלערער
פאַרמעהרונג פון דער אַרבייטער־באַפעלקערונג, און דאָס דויערט
אַזוי לאַנג, ביז דער אַרבייטער־מאַרק ווערט איבערפילט, ד. ה. ביז
דער קאַפּיטאַל ווערט פאַרהעלטניסמעסיג צו קליין אין פאַרגלייך
מיט דעם אָנבאָט פון אַרבייטער. דאַמאַלס פאַלט דער אַרבייט־לוין
און מיר האָבען פאַר זיך די צווייטע זייט פון דער מעדאַל. ווייל
דער אַרבייט־לוין פאַלט, ווערט די אַרבייטער־באַפעלקערונג אַלץ
שיטערער, אַזוי אַז דער קאַפּיטאַל ווערט אין באַצוג צו איהם ווידער
צו גרויס, אָדער ווי אַנדערע טייטשען דאָס אויס — די פאַרקלענע־
רונג פון דעם אַרבייט־לוין און די פאַרגרעסערונג פון דער עקספּלו־
אַטאַציע פון די אַרבייטער, וואָס איז דערמיט צוזאַמענגעבונדען,
פאַרשנעלערט ווידער די אָנזאַמלונג, אין דער צייט וואָס די נידעריג־
קייט פון דעם אַרבייט־לוין האַלט אָפּ דעם וואוקס פון דעם אַרביי־
טער־קלאַס. אויף אַזאַ אופן קומען ווידער אָן באַדינגונגען, ביי
וועלכע דער אָנבאָט פון אַרבייט איז קלענער פאַר דעם נאָכפרעג
אויף אַרבייט. דאַמאַלסט ווערט דער אַרבייט־לוין ווידער העכער,
א. אז. וו. וואָס פאַר א טייערער מעטאָד פון באַוועגונג פאַר דער
אַנטוויקעלטער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע! איידער עס וואָלט
איבער דער העכערונג פונ'ם אַרבייט־לוין געקאָנט פאָרקומען א פּאָ־
זיטיווע פאַרגרעסערונג פון דער ווירקליכער אַרבייט־פעהיגער באַ־
פעלקערונג, וואָלט ביי אָט די באַדינגונגען עטליכע מאָל געקאָנט
פאַרביינעהן די צייט, אין משך פון וועלכער מען דאַרף אָנפיהרען די
אינדוסטריעלע קאַמפּאַניע, געבען די אַנטשיידענדע שלאַכט און גע־
ווינען זי.

צווישען די יאָהרען 1849 און 1859 גלייכצייטיג מיט'ן פאַלען
פון די פּרייזען אויף תבואה, איז פאָרגעקומען פּאַקטיש א ריין־נאָ־
מינעלע העכערונג פון דעם אַרבייט־לוין אין די ענגלישע לאַנדווירט־
שאַפטליכע דיסטריקטען. אין ווילטשיר צ. ב. איז דער וועכענט־
ליכער לוין געשטיגען פון 7 ביז 8 שילינג, אין דאָרסעטשיר — פון
7 אָדער 8 ביז 9 שילינג א. ד. ג. דאָס איז געווען א רעזולטאַט פון
אַן אומגעוועהנליכען אָפּפלוס פון דער איבעריגער דאָרפישער באַ־
פעלקערונג, וואָס איז אַרויסגערופען געווען דורך די מלחמה־באַדער־

פּענישען, דורך דער אויסברייטונג פונ'ם בוי פון אייזענבאהנען, פון
נייע פאבריקען, גרובען א. אז. וו. וואָס נידעריגער עס איז דער אר־
בייט־לוין, אַלץ העכער זיינען די פּראָצענטען, אין וועלכע עס דריקט
זיך אוים די העכערונג זיינע. אזוי צ. ב., אויב דער ארבייט־לוין
איז פריהער געווען 20 שילינג אַ וואָך און ער איז געשטיגען ביז 22,
מאַכט די העכערונג אוים 10%. אויב פארקערט, ער איז פריהער
געווען בלויז 7 שילינג און ער איז געשטיגען ביז 9, מאַכט די העכע־
רונג אוים 28 4/7%, וואָס עס זעהט אוים צו זיין זעהר באדייטענד.
אַלענפאַלס האָבען די פארמערס אויפגעהויבען א גוואלד, און אפילו
דער „לאָנדאָן עקאָנאָמיסט" האָט וועגען אָט די הונגער־לוינען גאנץ
ערנסט אין טאָן פון א נביא אָנגעהויבען צו רעדען וועגען „אַן אַל־
געמיינער און באדייטענדער העכערונג". און וואָס האָבען די פאר־
מערס געטאָן? האָבען זיי געוואַרט ביז די דאָרף־ארבייטער וועלען
א דאנק אזא גלענצענדען לוין זיך פארמעהרען ביז אזא גראַד, אז
זייער לוין זאָל ווידער פאַלען, אזוי ווי דער דאָגמאַטיש־עקאָנאָמישער
מוח שטעלט זיך דאָס פאָר? ניין, זיי האָבען איינגעפיהרט מעהר
מאַשינעס, און די ארבייטער זיינען באלד ווידער געוואָרען „איבע־
ריג" אין אזא מאָס, וואָס די פארמער אליין האָבען געהאַלטען פאר
גענינגענד. איצט איז אין לאנדווירטשאפט שוין געווען אריינגע־
לייגט „מעהר קאפּיטאַל", ווי פריהער, און אריינגעלייגט אין א פּראָ־
דוקטיווערער פאָרמע. אָבער צוזאמען דערמיט האָט דער נאָכפרעג
אויף ארבייט זיך פארקלענערט ניט נאָר פארהעלטניסמעסיג, נאָר
אויך אבסאָלוט.

די אָנגעוויזענע עקאָנאָמישע פיקציע מישט צוזאמען די גע־
זעצען, וואָס רעגולירען די אַלגעמיינע באוועגונג פון דעם ארבייט־
לוין אָדער די פארהעלטעניש צווישען דעם ארבייטער־קלאס (ד. ה.
צווישען דער גאנצער ארבייט־קראפט) און צווישען דעם גאנצען גע־
זעלשאפטליכען קאפּיטאַל, מיט די געזעצען, וואָס רעגולירען די
איינטיילונג פון דער ארבייטער באפעלקערונג צווישען באזונדערע
קרייזען פון פּראָדוקציע. אויב צ' ב' א דאנק א גינסטיגערען צו־
שטאנד איז די אָנזאמלונג אין א געוויסען קרייז פון פּראָדוקציע
באזונדערס לעבעדיג, דער ריוח איז דארטען העכער פון דעם מיטע־
לען ריוח, און דער נייער קאפּיטאַל דערלאנגט זיך א לאז אהין, פאר־

גרעסערט זיך דאָרטען, פאַרשטעהט זיך, דער נאָכפרעג אויף ארבייט און דער ארבייט־לוין. דער געהעכערטער לוין פאַרגרעסערט דעם צופלוס פון ארבייטער אין דעם קרייז פון פּראָדוקציע, וועלכער געפינט זיך אין גינסטיגע באַדינגונגען, ביז ער וועט ניט זאַט ווערען מיט ארבייט־קראַפט; דעמאָלט וועט דער ארבייט־לוין אויף אַ לענגערער צייט ווידער אראָפּפאַלען ביז זיין פריהערדיגער דורכשניטליכער מאָס אָדער אפילו נידעריגער, אויב דער צופלוס איז געווען צו גרויס. דאמאלסט הערט ניט נאָר אויף דער צופלוס פון ארבייטער אין דעם צווייג פון פּראָדוקציע, נאָר ער ווערט אפילו פאַרביטען מיט אַן אָפּפלוס. אין אַזעלכע פאַלען מיינט דער עקאָנאָמיסט, אַז איהם גיט זיך איין נאָכצוקוקען און באַמערקען, „וואו און ווי אַזוי" עס קומט פאָר ביי דער העכערונג פון ארבייט־לוין אַן אבסאָלוטע פאַרגרעסערונג פון דער צאָל ארבייטער, און ביי אַן אבסאָלוטער פאַרגרעסערונג פון דער צאָל ארבייטער — אַ פאַרקלענערונג פונ'ם ארבייט־לוין, אין דער אמת'ן אָבער קוקט ער נאָך אַ ריין־אָרטליכע וואקלונג פונ'ם ארבייט־מאַרק פון איין געוויסען צווייג פון פּראָדוקציע; ער קוקט בלויז נאָך די ערשיינונגען פון איינטיילען די ארבייטער־באַפעלקערונג צווישען די פאַרשיידענע קרייזען אין וועלכע דער קאַפּיטאַל ווערט אריינגעלייגט, אָפּהענגיג פון די באַדערפעניסען פונ'ם לעצטען, וועלכע ענדערען זיך.

די אינדוסטריעלע רעזערוו־ארמיי דריקט אין די פּעריאָדען פון מיטעלשטאַנד און פון מיטעלער אויפלעבונג אויף דער אקטיווער ארבייטער־ארמיי און האַלט אין צוים איהרע פאָדערונגען אינ'ם פּעריאָד פון איבער־פּראָדוקציע און קריטישע אויסברוכען. די פאַרהעלטניסמעסיגע איבער־באַפעלקערונג איז דעריבער דער שרויף, אויף וועלכען עס באַוועגט זיך דאָס געזעץ פון נאָכפרעג און אָנבאָט פון ארבייט. זי באַשרענקט די ווירקונג פון דעם געזעץ מיט גרעניצען, וועלכע זיינען אבסאָלוט אין איינקלאַנג מיט דעם דורשט נאָך עקספּלואַטאַציע און מיט דער שטרעבונג צו הערשאַפט, וועלכע כאַראַקטעריזירען אזוי שטאַרק דעם קאַפּיטאַל.

דאָ איז דער פּלאַץ, מיר זאָלען זיך צוריקקעהרען צו איינעם פון די גרויסע אויפטואונגען פון דער עקאָנאָמישער אַפּאָלאָגעטיק. לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז אויב אַ דאַנק דעם, וואָס עס ווערען איינגע־

פּיהרט נייע מאַשינעס אָדער עס ווערען אויסגעבּרייט די אַלטע,
ווערט אַ טייל פונ'ם פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל פאַרוואַנדעלט אין
שטענדיגען, טייטשט דער עקאָנאָמיסט־אַפּאָלאָגעט אַזוי אויס אַז
די אָפּעראַציע, וואָס „פאַרבּינדט" דעם קאַפּיטאַל און „באַפרייט"
דערמיט גופא די אַרבּייטער, ווי זי וואָלט פאַרקערט באַפרייט דעם
קאַפּיטאַל פאַר די אַרבּייטער. ערשט איצט קאָנען מיר ווי געהעריג
אָפּשאַצען די אומפאַרשעמטקייט פונ'ם אַפּאָלאָגעט. עס ווערען
אין דער אמת'ן „באַפרייט" ניט נאָר די אַרבּייטער, נאָר אויך זייערע
שטעלפאַרטרעטער אין די וויטערדיגע דורות. און דערצו דער קאָנ־
טינגענט אַרבּייטער, וואָס וואָלט רעגולער פאַרבּרויכט געוואָרען, ווען
די אונטערנעמונג וואָלט זיך איינפאַך פאַרגרעסערט אויף איהר אַל־
טען באַזיס. אַט די אַלע אַרבּייטער זיינען איצט „באַפרייט" געוואָ־
רען, און יעדער נייער קאַפּיטאַל, וואָס שטרעבט צו זיין טעטיג, קאָן
זיך מיט זיי באַנוצען. צי וועט ער צוציהען דוקא אַט די אַרבּייטער
אָדער אַנדערע, אַלץ איינס וועט דער אַלגעמיינער נאָכפראַגע אויף
אַרבּייט אויף אַ האָר ניט געענדערט ווערען, וויבּאַלד דער נייער
קאַפּיטאַל איז אימשטאַנד צו באַפרייען דעם מאַרק בלויז פון אַזוי
פיעל אַרבּייטער, וויפיעל די מאַשינעס האָבּען אויף איהם אַרויפגע־
וואָרפען. אויב דער קאַפּיטאַל ציהט צו אַ קלענערע צאָל אַרבּיי־
טער, וואַקסט די צאָל פון די איבּעריגע; אויב ער גיט אַרבּייט אַ
גרעסערער צאָל אַרבּייטער, וואַקסט דער אַלגעמיינער נאָכפראַגע אויף
אַרבּייט אויף אַ צאָל, וואָס איז גלייך דער דיפערענץ צווישען דער
צאָל „באַפרייטע" און פאַרבּרויכטע אַרבּייטער. אויף אַזאַ אופן
ווערט די פאַרגרעסערונג פון דעם נאָכפראַגע אויף אַרבּייט, וואָס די
נייע קאַפּיטאַלען, וועלכע זוכען אַ פּלאַץ, וואָלטען געקאָנט אַרויס־
רופען, יעדנפאַלס נייטראַליזירט אין דעם ערך, אויף וויפיעל זי
ווערט געדעקט מיט די אַרבּייטער, וואָס די מאַשינעס וואַרפען אַרויס
אויפ'ן גאַס. דאָס מיינט, אַז דער מעכאַניזם פון דער קאַפּיטאַליס־
טישער פּראָדוקציע זאָרגט זיך שוין פאַר דעם, אַז די אַבּסאָלוטע
פאַרגרעסערונג פונ'ם קאַפּיטאַל זאָל ניט אַרויסרופען קיין פאַרגרע־
סערונג פון אַן אַלגעמיינעם נאָכפראַגע אויף אַרבּייט. און אַט דאָס
רופט דער אַפּאָלאָגעט אַן „פאַרגיטיגונג" פאַר דער אָרימקייט פון
די אַרויסגעשטויסענע אַרבּייטער, פאַר זייערע ליידען און פאַר דער

מעגליכקייט צו שטאַרבען פון הונגער אין די איבערגאַנג־פּעריאָדען,
וועלכע וואַרפען זיי אַרויס אין די רייהען פון דער אינדוסטריעלער
רעזערוו־אַרמיי. דער נאָכפרעג אויף אַרבייט איז ניט דאָסזעלבע,
וואָס דער וואוקס פון קאַפּיטאַל, און דער אָנבאָט פון אַרבייט איז
ניט דאָסזעלבע, וואָס דער וואוקס פון׳ם אַרבייטער־קלאַס, אַזוי אַז
דאָ האָבען מיר ניט קיין געגענזייטיגע ווירקונג פון צוויי אומאָפּ־
הענגיגע קרעפטען. די שפּיעל־ביינדלעך זיינען געפעלשטע. דער
קאַפּיטאַל ווירקט איינצייטיג אויף ביידע זייטען. אויב פון איין
זייט פאַרגרעסערט זיין אָנזאַמלונג דעם נאָכפרעג אויף אַרבייט,
פאַרגרעסערט זי פון דער אַנדער זייט דעם אָנבאָט פון אַרבייטער
דורך זייער „באַפרייאונג“, און דער דרוק פון די ניט־באַשעפטיגטע
אַרבייטער צווינגט אין דערזעלבער צייט די באַשעפטיגטע אַרויסצו־
געבען אַ גרעסערען סכום אַרבייט און מאַכט אויף אַזאַ אופן דעם
אָנבאָט פון אַרבייט אומאָפּהענגיג ביז אַ געוויסען גראַד פון דעם
אָנבאָט פון אַרבייטער. באַוועגענדיג זיך אָט אויף דעם יסוד, מאַכט
דאָס געזעץ פון נאָכפרעג און אָנבאָט פון אַרבייט פאַר־פול דעם דעס־
פּאָטיזם פון׳ם קאַפּיטאַל. און דעריבער, איז ווען די אַרבייטער
דעקען אויף דעם סוד, ווי אַזוי עס האָט געקאָנט טרעפען, אַז וואָס
מעהר זיי אַרבייטען, וואָס מעהר זיי שאַפען פרעמדען רייכטום און
וואָס מעהר עס וואַקסט די פּראָדוקטיווע קראַפט פון זייער אַרבייט,
אַלץ מעהר אומזיכער ווערט פאַר זיי אַפילו זייער פונקציע אַלס
מיטעל פון דער זעלבסטפאַרגרעסערונג פון קאַפּיטאַל; ווען זיי געפי־
נען אויס, אַז דער גראַד פון קאָנקורענץ צווישען זיי אַליין איז אינ־
גאַנצען אָפּהענגיג פון׳ם דרוק פון דער פאַרהעלטניסמעסיגער איבער־
באַפעלקערונג; ווען זיי פלייסען זיך דעריבער דורך טרייד־יוניאָנס
א. ד. ג. צו אָרגאַניזירען פּלאַנמעסיגע קאָאָפּעראַציע צווישען די פון
זיי וואָס זיינען באַשעפטיגט און די וואָס זיינען ניט באַשעפטיגט,
כדי צו פאַרניכטען אָדער אָפּשוואַכען די רעזולטאַטען פון אָט דעם
נאַטירליכען געזעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, וואָס
רואינירט זייער קלאַס,—דאַמאָלסט מאַכט דער קאַפּיטאַליסט און
זיין חונף, די פּאָליטישע עקאָנאָמיע, אַ גוואַלד, אַז מען וויל חרוב
מאַכען דאָס „אייביגע“ און „הייליגע“ געזעץ פון נאָכפרעג און אָנ־

באַט. יעדע פאַרבינדונג צווישען די באַשעפטיגטע און ניט־באַ־
שעפטיגטע ארבייטער שטערט דאָך דער „ריינער" און „האַרמאָני־
שער" ווירקונג פון דעם געזעץ. פון דער אנדער זייט אָבער, ווי־
באַלד ניט־גינסטיגע אומשטענדען (אין די קאָלאָניעס צ. ב.) שטע־
רען, עס זאָל זיך אויסבילדען אַן אינדוסטריעלע רעזערוו־ארמיי און
צוזאַמען דערמיט די אבסאָלוטע אָפּהענגיגקייט פון דעם ארביי־
טער־קלאַס פון דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטען, ווערט דער קאַפּיטאַל און
זיין אויבערפלעכליכער סאַנטשאָ־פּאַנטשאַ (די פּאָליטישע עקאָנאָ־
מיע) אויפגעבראַכט אויפ'ן „היילינגען" געזעץ פון נאָכפרעג און אָנ־
באָט און זיי פליסען זיך צו העלפען זיך קעגען איהם דורך צוואַנג־
מיטלען.

## 4. פאַרשיידענע פאָרמען פון דער פאַרהעלטנישמעסיגער איבער־באַפעלקערונג. דאָס אַלגעמיינע געזעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנזאַמלונג.

די פאַרהעלטנישמעסיגע איבער־באַפעלקערונג עקזיסטירט אין
אַלערליי מעגליכע שאַטירונגען. צו איהר געהערט יעדער ארבייטער,
כל זמן ער איז באַשעפטיגט נאָר טיילווייז, אָדער ער האָט גאָר קיין
ארבייט ניט. לאָזען מיר אַן א זייט די גרויסע פאָרמען, וועלכע
חזר'ן זיך איבער פּעריאָדיש, די פאָרמען, וואָס די פאַרשיידענע פאַ־
זיסען פון דעם אינדוסטריעלען ציקל גיבען צו דער איבער־באַפעל־
קערונג, אַזוי אַז זי איז אמאָל זעהר שאַרף, ווי אין דער צייט פון
אַ קריזיס, און אמאָל כראָניש, ווי אין דער שטילער צייט, ווען מיר
לאָזען אָט די פאָרמען אַן א זייט, באַקומען מיר דריי שטענדיגע
פאָרמען פון איבער־באַפעלקערונג: א פ ל י ס ע נ ד ע, א פ א ר־
ה י י ל ע נ ע און א ש ט ע ה ע נ ד י ג ע.

אין די צענטרען פון דער מאָדערנער אינדוסטריע — אין די
פאַבריקען, מאַנופאַקטורען, גיסערייען, שאַכטעס א. ד. ג. — ווערען
די ארבייטער אמאָל אָפּגעשטויסען, אמאָל צוגעצויגען אין גרעסערע
צאָלען; און א דאַנק דעם ווערט די צאָל פון די באַשעפטיגטע אר־
בייטער אין לעצטען סך־הכל פאַרגרעסערט, הגם אין אלץ א פאַלענ־
דער פּראָפּאָרציע אין פאַרגלייך מיט'ן מאַסשטאַב פון דער פּראָדוק־

ציע. דאָ האָבען מיר די איבער־באַפעלקערונג אין דער פליסיגער פאָרמע.

סיי אין די פאַבריקען און סיי אין אַלע גרויסע וואַרשטאַטען, וואו עס ווערען געברויכט מאַשינעס, אָדער וואו עס איז ווענינגסטענס איינגעפיהרט אַ מאָדערנע צוטיילונג פון דער ארבייט, פאָדערט זיך אַ גרויסע צאָל יוגענדליכע מענליכע ארבייטער, פשוטער — איינגלעך. ווען זיי ווערען פול־יעהריג, געפינט נאָר גאָר אַ קליינער טייל פון זיי ארבייט אין די פריהערדיגע צווייגען פון פּראָדוקציע; דעם גרעסטען טייל פון זיי זאָגט מען געוועהנליך אָפּ פון דער ארבייט. זיי בילדען אויס אַזאַ עלעמענט פון פליסיגער איבער־באַפעלקערונג, וואָס פאַרגרעסערט זיך מיט'ן וואוקס פון דער אינדוסטריע. אַ טייל פון זיי עמיגרירט, ד. ה. אייגענטליך — געהט נאָך נאָכ'ן קאַפּיטאַל, וואָס האָט עמיגרירט. איינער פון אָט די רעזולטאַטען איז — דער וואוקס פון דער ווייבליכער באַפעלקערונג אין פאַרגלייך מיט דער מענליכער. אַלס ביישפּיעל דערפון קאָן דיענען ענגלאַנד. דער ווידערשפּרוך, וועלכער באַשטעהט אין דעם, וואָס דער נאַטירליכער צוואוקס פון דער ארבייטער־מאַסע באַפרידיגט ניט די באַדערפעניסען פון דער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל, הגם ער שטייגט אין דערזעלביגער צייט איבער אָט די באַדערפעניסען, איז אַ ווידערשפּרוך פון דער עצם באַוועגונג פון'ם קאַפּיטאַל. פאַר איהר איז נויטיג אַ גרעסערע צאָל יונגע ארבייטער און אַ קלענערע צאָל דערוואַקסענע. אָט דער ווידערשפּרוך איז גאָרניט מעהר שרייענדיג ווי אַ צווייטער, וועלכער באַשטעהט אין דעם, וואָס מיר הערען ווי מען באַקלאָגט זיך אויף אַ מאַנגעל אין ארבייט־הענט אין דערזעלביגער צייט, ווען טויזענדע ארבייטער ווערען ארויסגעוואָרפען אויפ'ן גאַס דערפאַר, וואָס די צוטיילונג פון דער ארבייט האָט זיי צוגעבונדען בלויז צו איין בעשטימטען צווייג פון פּראָדוקציע. אויסערדעם נוצט דער קאַפּיטאַל אויס די ארבייט־הענט אַזוי שנעל, אַז דער ארבייטער ווערט שוין אין זיינע מיטעלע יאָהרען מעהר אָדער ווענינגער שוואַך. ער פאַלט אריין אין די רייהען פון די „איבעריגע“, אָדער ער ווערט אראָפּגעדריקט פון אַ העכערער שטופע אויף אַ נידעריגערע. גראָד די ארבייטער פון דער גרויסער פּראָדוקציע, ווייזט זיך ארויס, לעבען ווענינגער ווי אַנדערע. דר. לי,

דער סאַניטאַרער דאָקטאָר פון מאַנטשעסטער, האָט קאָנסטאַטירט, אַז אין דער שטאָדט איז די דורכשניטליכע לעבענס־לענג פון דעם פאַרמעגליכען קלאַס 38 יאָהר, און פון דעם ארבייטער־קלאַס — בלויז 17 יאָהר. אין ליווערפּול איז די דורכשניטליכע לעבענס־לענג פאַר דעם ערשטען קלאַס 35 יאָהר, און פאַר דעם צווייטען — 15 יאָהר. אין אַזעלכע אומשטענדען דאַרף די אַבסאָלוטע פאַרגרע־סערונג פון דעם טייל פון פּראָלעטאַריאַט פאָרקומען ביי אַזינע באַ־דינגונגען, וואָס ניט קוקענדיג אויף דער שנעלער אָפּנוצונג פון זיי־נע עלעמענטען, ווערט ער דאָך פאַרגרעסערט אין צאָל. דערפון נעמט זיך די באַדערפעניש פון אַ שנעלער באַנייאונג פון די דורות פון ארבייטער. (דאָס זעלבע געזעץ האלט ניט אויס פאַר די אַנדערע קלאַסען פון דער באַפעלקערונג.) אָט די געזעלשאַפטליכע באַדער־פעניש אין נייע דורות ווערט באַפרידיגט דורך פריהע חתונות, וועל־כע זיינען אַ נויטיגער רעזולטאַט פון די באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבען די ארבייטער פון דער גרויסער פּראָדוקציע, און דורך דער באַלוינונג פאַר ברענגען קינדער אויף דער וועלט, דער באַלוי־נונג וואָס באַשטעהט אין דער מעגליכקייט שפּעטער די קינדער צו עקספּלואַטירען.

ווי נאָר די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע נעמט אַרום די לאַנד־ווירטשאַפט, און אין דעם ערך אויף וויפיעל זי נעמט זי אַרום, ווערט דער נאָכפרעג אויף דער דאָרפישער ארבייטער־באַפעלקערונג פאַר־קלענערט פּאַראַלעל צו דער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל, וואָס פונקציאָ־נירט, וואָס איז אַריינגעטאָן אויף דעם געביט; די אָפּשטויסונג פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג ווערט דאָ ניט קאָמפּענסירט, ניט אויסגעפילט דורך אַ גרעסערער צוציהונג, ווי מיר טרעפען עס אין דער ניט־לאַנדווירטשאַפטליכער פּראָדוקציע. דעריבער איז אַ טייל פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג שטענדיג בערייט איבערצוגעהן אין די רייהען פונ'ם שטאָדטישען אָדער אינדוסטריעלען פּראָלעטאַ־ריאַט און ער וואַרט אויף באַדינגונגען, וואָס זיינען גינסטיג פאַר אַזאַ איבערגאַנג. אויף אַזאַ אופן פליסט אָט דער קוואַל פון איבער־באַפעלקערונג שטענדיג, אָבער די שטענדינקייט פון זיין צופלוס צו די שטעדט באַווייזט דאָך איינענטליך, אַז אין דאָרף גופא עקזיסטירט אַ פאַרהיילענע איבער־באַפעלקערונג,

די גרויס פון וועלכער עס ווערט קאָנטיג וויבאַלד נאָר עס עפּענען זיך פאַר איהר געגוג ברייטע אָפּפיהר־קאַנאַלען. דעריבער האַלט דער פאַרדיענסט פון דעם דאָרפישען ארבייטער שטענדיג ביים מיני־מום, און ער שטעהט אַלעמאָל מיט איין פוס אין דער בלאָטע פון בעטלעריי...

די דריטע קאַטעגאָריע פון דער פאַרהעלטניסמעסיגער איבער־באַפעלקערונג, די שטעהענדיגע, מאַכט אויס אַ טייל פון דער אַקטי־ווער ארבייטער־אַרמיי, נאָר איהר באַשעפטיגונג איז זעהר ניט רע־גולער. זי שטעלט דעריבער צו דעם קאַפּיטאַל אַן אומאויסשעפּלי־כען אוצר פון פרייער ארבייט־קראַפט. איהרע לעבענס־באַדינגונגען שטעהען נידעריגער, ווי די דורכשניטליכע נאָרמאַלע באַדינגונגען פון לעבען פונ׳ם ארבייטער־קלאַס, און דאָס גראַד מאַכט זי פאַר אַ ברייי־טען באַזיס פאַר ספּעציעלע צווייגען פון עקספּלואַטאַציע. פאַר דער קאַטעגאָריע איז כאַראַקטעריסטיש אַ מאַקסימום פון ארבייט־צייט און אַ מינימום פון לוין. מיר האָבען זיך באַקענט מיט איהר הויפּט־פאָרמע אונטער דער רובריק פון „הויז־אינדוסטריע“. זי ווערט רע־קרוטירט כסדר פון די איבעריגע ארבייטער פון דער גרויסער אינ־דוסטריע און דער לאַנדווירטשאַפט, און באַזונדערס פון די ארביי־טער פון די אינדוסטריעלע צווייגען, וועלכע האַלטען אין אונטער־געהן, אין וועלכע די האַנט־ארבייט ווערט באַזיעגט דורך דער מאַנו־פאַקטור, און די מאַנופאַקטור דורך דער מאַשינען־פּראָדוקציע. די גרויס פון אָט דער קאַטעגאָריע וואַקסט צוזאַמען מיט דעם, ווי מיט דער גרויס און מיט דער ענערגיע פון דער אָנזאַמלונג וואַקסט אַלץ מעהר די אויסבילדונג פון „איבעריגע“ ארבייטער. אין דערזעלבער צייט אָבער מאַכט זי אויס אַזאַ עלעמענט פונ׳ם ארבייטער־קלאַס, וואָס רעפּראָדוצירט זיך אליין און פאַראייביגט זיך אליין; אַן עלעמענט, וואָס נעמט פאַרהעלטניסמעסיג אַ גרעסערן אַנטייל אינ׳ם אַלגעמיינעם צוואוואוקס פונ׳ם ארבייטער־קלאַס, ווי אַלע אַנדערע עלעמענטען. אין דער אמת׳ן: ניט נאָר די צאָהל פון געבורטען און טויט־פאַלען, נאָר אויך די אבסאָלוטע גרויס פון די פאַמיליעס זיינען פאַרקערט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער הויך פונ׳ם ארבייט־לוין, ד. ה. דער סכום פון לעבענס־מיטלען, וואָס פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס ארבייטער פאַרמאָגען. אָט דאָס געזעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער

געזעלשאַפט וואָלט אויסגעזעהן אבסורדיש, ווען מיר וואָלטען איהם געוואָלט צופּאַסען צו ווילדע מענשען אָדער אפילו צו ציוויליזירטע קאָלאָניסטען. ער דערמאָנט אונז אן דער מאַסען־פאַרמעהרונג פון די מינים לעבעדיגע באַשעפעַנישען, וואָס זיינען אינדיווידועל שוואַך און ווערען גרוויזאַם פאַרפאָלגט פון אַנדערע שטאַרקערע מינים.

און ענדליך די נידעריגסטע שיכט פון דער פאַרהעלטניסמעסי־גער איבער־באַפעלקערונג געפינט זיך אין'ם קרייז פון פּאופּעריזם. ווען מיר לאָזען אָן אַ זייט די שלעפּער, פאַרברעכער און פּראָסטי־טוטקעס, קורץ, דעם גאַנצען לומפּען־פּראָלעטאַריאַט אין דעם אמת'ן זין פון וואָרט, האָבען מיר אין דער שיכט פון דער געזעלשאַפט דריי קאַטעגאָריעס. ערשטענס — די אַרבייט־פעהיגע. עס איז גענוג נאָר אויבערפלעכליך דורכצוקוקען די סטאַטיסטיק פון דעם ענגלי־שען פּאופּעריזם, כדי צו באַמערקען, אז די צאָל פון אָרימעלייט וואָס קומען אָן צו צדקה ווערט גרעסער ביי יעדען קריזיס און קלע־נער ביי יעדער אויפלעבונג אין דער פּראָדוקציע. צווייטענס — די יתומים און די קינדער פון די, וואָס קומען אָן צו צדקה. דאָס זיינען קאַנדידאַטען פאַר דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמיי; אין די פעריאָדען פון אַ גרויסען אינדוסטריעלען אויפשוואונג, ווי צ. ב. אין 1861, געהען זיי שנעל איבער מאַסענווייז אין די רייהען פון דער אקטיווער אַרבייטער־אַרמיי. דריטענס — די דעמאָראַליזיר־טע, פאַראָרימטע, אינגאַנצען ניט־פעהיגע צו אַרבייט. דאָס זיינען הויפּטזעכליך די פּערזאָנען, וועלכע געהען אונטער דערפאַר, וואָס זיי קאָנען זיך ניט צופּאַסען צו דער נייער לאַגע, וואָס ווערט באַ־שאַפען אַ דאַנק דער צוטיילונג פון דער אַרבייט; די, וואָס טרעטען אַריבער דעם נאָרמאַלען גרענעץ פון דער לענג פון'ם אַרבייטער־לעבען; אַהער געהערען אויך די קרבנות פון דער אינדוסטריע, וואָס זייער צאָל ווערט אַלץ גרעסער מיט דער ברייטער אָנווענדונג פון געפעהרליכע מאַשינעס, גרובען, כעמישע פאַבריקען א. ד. ג.; די קאַליקעס, קראַנקע, אלמנות, א. א. וו. דער פּאופּעריזם איז אַן אינוואַלידען־הויז פאַר דער אקטיווער רעזערוו־אַרמיי און אַ באַ־לאַסט, אַ שווערע משא פאַר דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמיי. די אויסבילדונג פון'ם פּאופּעריזם איז אָפּהענגיג פון דער אויסביל־דונג פון דער פאַרהעלטניסמעסיגער איבערבאַפעלקערונג; די נויטיג־

קייט פונ'ם פּאַופּעריזם — פון דער נויטיגקייט פון דער איבערבאַ־פעלקערונג; צוזאַמען מיט דער פאַרהעלטניסמעסיגער איבער־באַ־פעלקערונג איז דער פּאַופּעריזם אַ נויטיגע באַדינגונג פאַר דער עק־זיסטענץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע און פאַר דער אַנט־וויקלונג פון רייכטום. ער געהערט צו די אומפּראָדוקטיווע הוצאות פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, וואָס דער קאַפּיטאַל קאָן דאָך אין גרעסטען טייל אַרויפוואַרפען אויף די פּלייצעס פון דעם אַרבייטער־קלאַס און פון דער קליינער בורזשואַזיע.

וואָס גרעסער עס איז דער געזעלשאַפטליכער רייכטום, דער אַריינגעלעגטער קאַפּיטאַל, די גרויס און ענערגיע פון זיין וואוקס; וואָס גרעסער, הייסט עס, עס איז די אַבסאָלוטע גרויס פונ'ם פּראָ־לעטאַריאַט און די פּראָדוקטיווע קראַפט פון זיין אַרבייט, אַלץ גרע־סער איז די אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמיי. דיזעלבע אורזאַכען, וואָס אַנטוויקלען די קראַפט פון דער אויסברייטונג פונ'ם קאַפּיטאַל, אַנטוויקלען אויך די פרייע אַרבייט־קראַפט, וואָס עס דאַרף האָבען. די פאַרהעלטניסמעסיגע גרויס פון דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמיי וואַקסט דעריבער פּאַראַלעל מיט דעם, ווי עס וואַקסען די קרעפטען פון רייכטום. אָבער וואָס גרעסער עס איז אָט די רע־זערוו־אַרמיי אין פאַרגלייך מיט דער אַקטיווער אַרבייטער אַרמיי, אַלץ ברייטער איז די שטענדיגע איבעריגע באַפעלקערונג, וועמעס אָרימקייט איז אין אַ פאַרקערטער פּראָפּאָרציע מיט די מאַטערניסען און פּיין פון זיין אַרבייט, און ענדליך, וואָס גרעסער עס זיינען די בעטלער־שיכטען פונ'ם אַרבייטער־קלאַס און די אינדוסטריעלע רע־זערוו־אַרמיי, אַלץ גרעסער איז דער אָפיציעלער פּאַופּעריזם. **אָט דאָס איז דאָס אַבסאָלוטע אַלגעמיינע געזעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָנ־זאַמלונג.** ווי אַלע אַנדערע געזעצען, ווערט עס ביי דער פאַר־ווירקליכונג געענדערט דורך פאַרשיידענאַרטיגסטע אומשטענדען, וועלכע מיר קאָנען דאָ ניט אַנאַליזירען.

מען קאָן אַלזאָ לייכט פאַרשטעהן די שטות'עריי פון די חכמים־עקאָנאָמיסטען, וועלכע פּרעדיגען די אַרבייטער, אַז זיי דאַרפען צו־פּאַסען זייער צאָל צו די באַדערפנישען פונ'ם קאַפּיטאַל אין אָנ־וואַקסען. דער מעכאַניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע

און אָנזאַמלונג פּאַסט אַלעמאָל צו אָט די צאָל זייערע צו זיינע באַ־
דערפנישען אין אָנוואַקסען. דאָס ערשטע וואָרט פון אָט דער צו־
פּאַסוני באַשטעהט אין שאַפען פאַרהעלטניסמעסיגע איבערבאַפעל־
קערונג און אַן אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמיי, און דאָס לעצטע
וואָרט איז — די אָרימקייט פון אַלע ברייטערע שיכטען פון דער
אַקטיווער ארבייטער־אַרמיי און די שווערע משא פונ׳ם פּאַופּעריזם.

דאָס געזעץ, לויט וועלכען די אַלץ וואַקסענדע מאַסע פון די
פּראָדוקציאָנס־מיטלען קאָן, אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פון דער גע־
זעלשאַפטליכער ארבייט, געבראַכט ווערען אין באַוועגונג מיט אַ
רק קלענערן און קלענערן פאַרלוסט פון מענשליכער קראַפט, — אָט
דאָס געזעץ דריקט זיך אויס אויף דעם קאַפּיטאַליסטישען באַזיס,
וואו ניט דער ארבייטער פּאַסט צו צו זיך די געצייג, נאָר די גע־
צייג פּאַסען צו צו זיך די אַרבייטער, — אין פאָלגענדען : וואָס
העכער עס איז די פּראָדוקטיווע קראַפט פון דער ארבייט, אַלץ גרע־
סער איז דער דרוק פון די אַרבייטער אויף די מיטלען פון זייער
באַשעפטיגונג, אַלץ ווענינגער זיכער, הייסט דאָס, איז די נויטיגע
באַדינגונג פון זייער עקזיסטענץ — דער פאַרקויף פון זייער אייגע־
נער קראַפט אויף צו פאַרגרעסערען פרעמד רייכטום, אויף צו גע־
בען דעם קאַפּיטאַל אַ מעגליכקייט צו פאַרגרעסערן זיך. אויף אַזאַ
אופן באַקומט פאַרקערט דער וואוקס פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען
און פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט, וועלכער קומט פאָר
שנעלער, ווי דער וואוקס פון דער פּראָדוקטיווער באַפעלקערונג, אַ
קאַפּיטאַליסטישען אויסדרוק אין דעם, וואָס די אַרבייטער־באַפעל־
קערונג וואַקסט שטענדיג שנעלער, ווי די באַדערפניש פונ׳ם קאַ־
פּיטאַל אין אָנוואַקסען.

אין דער פערטער אָפּטיילונג האָבען מיר ביים אַנאַליז פון דער
פּראָדוקציע פון דעם פאַרהעלטניסמעסיגען מעהר־ווערט געזעהן,
אַז ביי דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם אַנטוויקלען זיך אַלע מע־
טאָדען פון העכערן די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־קראַפט פון
דער ארבייט אויפ׳ן חשבון פון דעם אינדיווידועלען אַרבייטער.
אַלע מיטלען צו אַנטוויקלען די פּראָדוקציע ווערען פאַרוואַנדעלט אין
מיטלען צו אונטערוואַרפען און עקספּלואַטירען דעם פּראָדוצענט:
זיי פאַרקריפּלען דעם אַרבייטער, מאַכען פון איהם אַ טייל פון אַ

מענשען, ניט קיין פאַלשטענדיגען מענשען; דערנידעריגען איהם צו דער ראָליע פון א שרייפעל צו דער מאשין; צוזאַמען מיט דער שווערקייט פון דער ארבייט, נעמען זיי אויך אָפּ איהר אינהאַלט; רייסען אָפּ פונ'ם ארבייטער די גייסטיגע קרעפטען פונ'ם פּראָצעס פון ארבייט אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל די וויסענשאַפט פאַר־איינינגט זיך מיט אָט דעם פּראָצעס אלס א פאַלשטענדיגע קראַפט; זיי צעדרעהען די באַדינגונגען, ביי וועלכע דעם ארבייטער קומט אויס צו ארבייטען, — וואַרפען איהם אונטער אין דער צייט פון דעם פּראָצעס פון דער ארבייט אונטער א קליינליכען, העסליכען דעספּאָטיזם; פאַרוואַנדלען די גאַנצע צייט פון זיין לעבען אין ארבייט־צייט; וואַרפען זיין פרוי און קינדער אונטער די רעדער פונ'ם קאַפּיטאַל. אָבער אַלע מעטאָדען פון פּראָדוצירען מעהר־ווערט זיינען אין דערזעלבער צייט מעטאָדען פון אַנזאַמלונג און יעדע אויסברייטונג פון דער אַנזאַמלונג ווערט, פאַרקערט, א מיטעל צו אַנטוויקלען אָט די מעטאָדען. פון דעם איז געדרונגען, אז לויט דעם ווי עס זאַמעלט זיך אָן דער קאַפּי־טאַל, מוז די לאַגע פון דעם ארבייטער ערגער ווערען, ווי הויך אָדער נידעריג עס זאָל ניט זיין זיין לוין. און ענדליך, דאָס געזעץ, לויט וועלכען די פאַרהעלטניסמעסיגע איבערבאַפעלקערונג אָדער די אינ־דוסטריעלע רעזערוו־ארמיי ווערט שטענדיג אונטערגעהאַלטען אינ'ם צושטאַנד פון גלייך־געוויכט מיט דער גרויס און ענערגיע פון אַנ־זאַמלונג, שמידט צו דעם ארבייטער צום קאַפּיטאַל פעסטער, איי־דער דער האַמער פון העפעסטוס'ען האָט צוגעשמידט פּראָמעטעוס'ען צום פעלז.*) דאָס געזעץ רופט ארויס די אַנזאַמלונג פון אָרימקייט, וואָס אַנטשפּרעכט דער אַנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל. די אַנזאַמלונג פון רייכטום אויף איין פּאָלוס מיינט אויף אזא אופן די אַנזאַמלונג פון אָרימקייט, פון פּיין, פון קנעכטשאַפט, אומוויסענהייט, פאַר־

*) די אַלט־גריכישע הייליגע מעשה דערצעהלט, אַז דער טיטאַן (גבור) פּראָמעטעוס האָט גע'גנב'עט דעם פייער פון הימעל און האָט איהם געבראַכט צו די מענשען. דערפאַר איז אויף איהם דער גרעסטער פון די געטער, זעאוס, אין כעס געוואָרען און האָט געהייסען דעם גאָט פון שמידעריי, העפעסטוס'ען, צו שמידען פּראָמעטעוס'ען צו אַ פעלז. (אַנ־מערקונג פון דעם רעדאַקטאָר.)

ווילדונג און מאָראַלישען צוריק־טריט אויפ'ן געגענגעזעצליכען פּאָ־
לוס, ד. ה., אויף דער זייט פונ'ם קלאַס, וואָס פּראָדוצירט זיין איי־
גענעם פּראָדוקט אַלס קאַפּיטאַל.

אַט דער אַנטאַגאָניסטישער כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליס־
טישער אָנזאַמלונג ווערט אונטער פאַרשיידענע פאָרמען אָנערקענט
פון די עקאָנאָמיסטען, הגם זיי מישען צונויף מיט איהם עהנליכע
אָבער דאָך אין גרונט גאַנץ פאַרשיידענע ערשיינונגען פון די
פאַר־קאַפּיטאַליסטישע אופנים פון פּראָדוקציע.

דער ווענעציאַנישער מאָנאַך אָרטעס, איינער פון די גרעסטע
שרייבער־עקאָנאָמיסטען פונ'ם 18־טען יאָהר־הונדערט, באַטראַכט
דעם אַנטאַגאָניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אַלס אַן
אַלגעמיין נאַטירליכען געזעץ פון געזעלשאַפטליכען רייכטום. „דאָס
עקאָנאָמישע גוטס און עקאָנאָמישע שלעכטס אין יעדער נאַציאָן
ווערען איינס דורכ'ן אַנדערען אויסגעגלייכט; דער איבערפלוס פון
רייכטימער ביי איין נאַציאָן מיינט אַלעמאָל א מאַנגעל אין רייכ־
טימער ביי אַנדערע. גרויסע עשירות פון איינעם איז אַלעמאָל
פאַרבונדען מיט'ן אַבסאָלוטען פעהלען פון אַלעם נויטיגען ביי ניט
אין אַן ערך א גרעסערער צאָל אַנדערע. דאָס רייכטום פון דער
נאַציאָן אַנטשפּרעכט איהר באַפעלקערונג, און איהר אָרימקייט
אַנטשפּרעכט איהר רייכטום. די פלייסיגקייט פון איינע רופט
אַרויס דאָס לעדיג־געהן פון די אַנדערע. אָרימע און לעדיג־געהער
זיינען א נויטיגער פּראָדוקט פון רייכע און טעטיגע" א. א. וו.
כמעט אין צעהן יאָהר אַרום נאָך אָרטעס'ען לויבט דער אַנגליקאַ־
נישער גלח טאַנסענד אויף א צינישען אופן די אָרימקייט אַלס נוי־
טיגע באַדינגונג פאַר רייכטום. „דער רעכטליכער צוואַנג צו אַר־
בייט איז פאַרבונדען מיט צו גרויסע שוועריגקייטען, מיט גוואַלד־
טאַט און מיט טומעל; אָבער דער הונגער שטעלט פאַר ניט
נאָר א פרידליכען, שטילען און אומאויפהערליכען דרוק, נאָר ער
רופט נאָך אַרויס אַלס נאַטירליכער מאָטיוו פאַר אַרבייט און פלאַנ־
מעסיגקייט די שטאַרקסטע אָנשטרענגונג". אַלץ הענגט אָפּ, הייסט
דאָס, פון דעם, ווי צו מאַכען דעם הונגער פאַר א שטענדיגען גאַסט
ביים אַרבייטער קלאַס, און לויט דער מיינונג פון טאַנסעד'ען זאָרגט
זיך שוין וועגען דעם דאָס געזעץ פון באַפעלקערונג, וואָס ווירקט

באַזאָנדערס שטאַרק צווישען די אָרימע. „עס איז שוין, קאָנטיג, אַזוי דאָס געזעץ פון דער נאַטור, אַז די אָרימע זיינען ביז אַ געוויסען גראַד ניט פאָראויסזיכטיג (ד. ה. ניט פאָראויסזיכטיג אויף אַזוי פיעל, אַז זיי קומען אויף דער וועלט אָהן אַ גאָלדענעם לעפעל אין מויל), אַזוי אַז אין דער געזעלשאַפט זיינען אַלעמאָל פאַראַן מענשען, וואָס זאָלען טאָן די שקלאַפישסטע, שמוציגסטע און נידעריגסטע אַרבייטען. די סומע פון מענשליכען גליק ווערט אַ דאַנק דעם אויף פיעל פאַרגרעסערט, די דעליקאַטערע, איידעלערע מענשען ווערען ניט נאָר באַפרייט פון שווערער אַרבייט, נאָר זיי קאָנען אויך אומגעשטערט נאָכפאָלגען זייער הויכען באַרוף א. ד. ג. דאָס געזעץ וועגען די אָרימעלייט שטרעבט צו צעשטרען די האַרמאָניע און די שעהנקייט, די סעמעטריע און די אָרדנונג פון דעם סיסטעם, וואָס גאָט און די נאַטור קאָנען באַשאַפען אויף דער וועלט“. אויב דער ווענעציאַנישער מאָנאַך האָט אינ׳ם מזל, וואָס פאַראייביגט די אָרימקייט, געזעהן אַ באַרעכטיגונג פאַר דער עקזיסטענץ פון די קריסטליכע צדקה־איינריכטונגען, פון די קלויסטערס, מושב־זקנים׳ס און פון דעם מנהג, אַז די גלחים זאָלען ניט חתונה האָבען, געפינט פאַרקעהרט אויס דער פּראָטעסטאַנטישער גלח אין אָט דעם מזל אַן אויסרייד פאַר אַרויסטרעטען נעגען די געזעצען, לויט וועלכע דער אָרימאַן האָט געהאַט אַ רעכט אויף אַ קלעגליכער געזעלשאַפטליכער שטיצע.

„די אַנטוויקלונג פון דעם געזעלשאַפטליכען רייכטום, — זאָגט שטאָרך, — רופט אַרויס אָט דעם נוצליכען קלאַס פון דער געזעלשאַפט, וואָס טוט אָפּ די לאַנגווייליגסטע, נידעריגסטע און העסליכסטע אַרבייטען, קורץ, וואָס לעגט אַרויף אויף זיינע פּלייצעס אַלץ, וואָס עס איז נאָר פאַראַן אינ׳ם לעבען אומאַנגענעמעס און אַלץ, וואָס פאַרשקלאַפט, און פאַרזיכערט דערמיט פאַר די אַנדערע קלאַסען פרייע צייט, אַ פרעהליכע שטימונג און אַן איבערפלעכליכע (ריכטיג!) ווירדיגקייט פון כאַראַקטער א. אַ. וו.“ שטאָרך פרעגט: אין וואָס איינענטליך באַשטעהט די העכערקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע מיט איהר אָרימקייט און מיט דער דעגראַדאַציע פון די מאַסען אין פערגלייך מיט דעם באַרבאַריזם? ער געפינט בלויז איין ענטפער: אין זיכערקייט!

„אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און פון דער וויסענשאַפט — זאָגט סיסמאָנדי — קאָן יעדער ארבייטער פּראָדוצירען טעגליך פיעל מעהר, איידער עס איז נויטיג פאַר זיין אייגענעם געברויך. נאָר הגם זיין ארבייט פּראָדוצירט רייכטום, וואָלט דאָסזעלבע רייכטום געמאַכט איהם זעהר ווענינ פעהיג צו דער ארבייט, ווען ער וואָלט אליין געוועזן באַרופען דאָס רייכטום צו פאַרברויכען". לויט זיין מיינונג וואָלטען „מענשען (ד. ה. ניט ארבייטער) זיך אָפּגעזאָגט מן הסתם פון אַלע פאַרפאָלקאָמענונגען אין דער קונסט און אויך פון אַלע פאַרגעניגענס, וואָס די אינדוסטריע פאַרשאַפט, ווען זיי וואָלטען דאָס געדאַרפט קויפען מיט'ן פרייז פון אזא שווערער ארבייט, ווי די ארבייט פונ'ם ארבייטער... היינט צו טאָג זיינען די אָנשטרענגונגען אָפּגעטיילט פון דער באַלוינונג פאַר זיי; ניט איינער און דערזעלבער מענש ארבייט צוערשט און רוהט דערנאָך אָפּ; פאַרקעהרט, דערפאַר טאקע, וואָס איינער ארבייט, האָט דער צווייטער... די אומענדליכע פאַגרעסירונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטען פון דער ארבייט קאָן דעריבער ניט קריגען קיין שום אנדער רעזולטאַט ווי די פאַרמעהרונג פון לוקסוס און די פאַרגעניגענס פון ליידיג־געהענדע רייכע לייט".

און ענדליך דערקלערט ציניש און גראָב דעסטיוט דע־טראַסי, — דער בורזשואזער דאָקטרינער מיט בלוט אזוי קאַלט ווי ביי אַ פיש,—אזוי: „די אָרימע מלוכות זיינען יענע, אין וועלכע עס לעבט זיך דעם פאָלק גוט, און די רייכע מלוכות זיינען יענע, וואו דאָס פאָלק איז געוועהנליך אָרים".

## 5. אילוסטראַציעס פון דעם אַלגעמיינעם געזעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָנזאַמלונג.

מיר וועלען זיך אַלס ביישפּיעל אָפּשטעלען אויף אירלאַנד. צוערשט וועלען מיר בריינגען די פאַקטען, וואָס האָבען אַ שייכות דערצו.

די באַפעלקערונג פון אירלאַנד האָט אין 1841 דערגרייכט ביז 8,222,664 נפשות; אין 1851 איז זי אראָפּגעפאַלען ביז 6,623,982; אין 1861 — ביז 5,850,309; אין 1866 — ביז 5½ מיליאָן, אומגעפעהר ביז איהר צאָל פון 1801. די פאַרקלענערונג

פון דער באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבען אין׳ם הונגער־יאָהר פון 1846, אזוי אַז אירלאַנד האָט אין פאַרלויף פון 20 יאָהר פאַרלאָרען 5/16 פון איהר באַפעלקערונג. איהר גאַנצע עמיגראַציע פון מאַי 1851 ביז יולי 1865 איז באַשטאַנען פון 1,591,487 נפשות; פאַר די לעצטע פינף יאָהר האָט פון דאָרטען עמיגרירט מעהר ווי א האַלבער מיליאָן נפשות. די צאָל פון די הייזער, אין וועלכע מען וואוינט, האָט זיך פאַרקלענערט פון 1851 ביז 1861 אויף 52,990. פון 1851 ביז 1861 האָט זיך די צאָל פאַרמס מיט א שטח פון 15 ביז 30 אַקער פאַרגרעסערט אויף 61,000; די צאָל פון פאַרמס מיט מעהר פון 30 אַקער באָדען האָט זיך פאַרגרעסערט אויף 109,000, און די גאַנצע צאָל פון די פאַרמס אין לאַנד האָט זיך אין דערזעלביגער צייט פאַרקלענערט אויף 120,000. די דאָזיגע פאַרקלענערונג איז זיכער א רעזולטאַט אויסשליסליך פון דער פאַרניכטונג פון די פאַרמס מיט א באָדען וועניגער ווי 15 אַקער, ד. ה. א רעזולטאַט פון זייער קאָנצענטראַציע.

די פאַרקלענערונג פון דער באַפעלקערונג האָט נאַטירליך ארויסגערופען אויך אַן אַלגעמיינע פאַרקלענערונג פון די מאַסען פראָדוקטען. פאַר אונזער צוועק איז גענוג צו באַטראַכטען די פינף יאָהר פון 1861 ביז 1865, אין פאַרלויף פון וועלכע עס האָט עמיגרירט פון אירלאַנד מעהר ווי א האַלב מיליאָן נפשות, און די אבסאָלוטע צאָל פון דער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרקלענערט אויף מעהר ווי ⅓ מיליאָן.

ענגלאַנד, וועלכע איז א לאַנד פון אַן ענטוויקעלטער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע און באַזונדערס אַן אינדוסטריעל לאַנד, וואָלט אָפּגעגאַנגען מיט בלוט, ווען מען וואָלט איהר באַפעלקערונג געלאָזט צו דער אָדער אזוי, ווי מען האָט עס געטאָן דער באַפעלקערונג פון אירלאַנד. אָבער אירלאַנד איז איצט בלויז א לאַנדווירטשאַפטליכער דיסטריקט פון ענגלאַנד, אָפּגעצוימט פון איהר דורך א ברייטען וואסער־גראָבען, א דיסטריקט, וואָס שטעלט צו ענגלאַנד תבואה, וואָל, פיה, אינדוסטריעלע און מיליטערישע רעקרוטען.

די פאַרקלענערונג פון דער באַפעלקערונג האָט געבראַכט דערצו, אַז א סך באָדען זאָל ניט בעאַרבייט ווערען, אַז די צאָל פון

די פּראָדוקטען פון'ם באָדען זאָל שטארק פארקלענערט ווערען, און אז די פיה־צוכט זאָל ניט קוקענדיג אויף דער פארגרעסערונג פון'ם שטח, וואס מען ניט פאר איהר אָפּ, ארויסווייזען אין איינציגע צווייגען אפילו אן אבסאָלוטע פארקלענערונג און אין אנדערע צווייגען בלויז א קוים באמערקבארע אנטוויקלונג, וועלכע ווערט אויף אלע ווײַלע איבערגעריסען מיט טריט אויף צוריק. און דאָך, ניט קוקענדיג אויף דער פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג, איז די רענטע פון'ם באָדען און דער פארדיענסט פון'ם פארמער כסדר געוואקסען, הגם דער פארדיענסט ניט אזוי אויסגעהאלטען־שטענדיג, ווי די רענטע. די סיבה דערפון איז לייכט צו פארשטעהן. פון איין זייט האט זיך א גרעסערער טייל פון דעם גאנצען פּראָדוקט פארוואנדעלט אין איבער־פּראָדוקט א דאנק דער צענטראליזאציע פון די פארמס און דער פארוואנדלונג פון אקער־באָדען אין פיה־פּלעצער. דער איבער־פּראָדוקט איז געוואקסען, הגם דער גאנצער סכום פון די פּראָדוקטען, פון וועלכע דער איבער־פּראָדוקט איז נאָר א טייל, איז קלענער געוואָרען. פון דער אנדער זייט איז דער ווערט פון דעם איבער־פּראָדוקט אין געלט געוואקסען נאָך שנעלער איידער זיין גרויס א דאנק דעם, וואָס די לעצטע 20 יאָהר און באזונדערס די לעצטע 10 יאָהר זיינען אין ענגלאנד כסדר געוואקסען די מארק־פּרייזען אויף פליש, וואָל א. אז. וו.

צוברעקעלטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וועלכע דיענען פאר דעם פּראָדוצענט אליין אלס מיטעל פון באשעפטיגונג און מיט וועלכער ער מאכט א לעבען, ניט אויסנוצענדיג דערביי קיין פרעמדע אַרבייט, זיינען פונקט אזוי ווייניג „קאפּיטאל", ווי דער פּראָדוקט וואָס ווערט פארברויכט פון זיין אייגענעם פּראָדוצענט איז „סחורה". ווען צוזאמען מיט דער מאסע פון באפעלקערונג ווערט פארקלענערט אויך די מאסע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס ווערען אנגעווענדט אין דער לאנדווירטשאפט, וואקסט אין דערזעלבער צייט די מאסע פון קאפּיטאל, וואָס ווערט אין איהר אריינגעלייגט, ווייל א טייל פון די פריהערדיגע צוברעקעלטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען ווערען פארוואנדעלט אין קאפּיטאל.

דער גאנצער קאפּיטאל פון אירלאנד, וואָס איז אויסער אין דער לאנדווירטשאפט אריינגעטאָן אין אינדוסטריע און אין האנדעל, האט

זיך פאר די לעצטע צוויי צעהנדליג יאָהר אַנגעזאַמעלט לאַנגזאַם און זעהר ניט רעגעלמעסיג. דערפאר האָט זיך זעהר שנעל אַנט־וויקעלט די צענטראַליזאַציע פון זיינע אינדיווידועלע טיילען. און ענדליך, ווי קליין און שוואך עס איז ניט געוועזן זיין אבסאָלוטער וואוקס, האָט ער זיך דאָך פארהעלטניסמעסיג, אין פארגלייך מיט דער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך שטארק פארקלענערט, שטארק פארגרעסערט.

דאָ אנטוויקעלט זיך אויף אַזאַ אופן אויף אונזערע אייגענע אויגען אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב אַ פּראָצעס, וואָס קיין בעסערען קאָנען די אָרטאָדאָקסאַלע (קאָנסערוואַטיווע) פּאָליטישע עקאָנאָמען אליין זיך ניט ווינשען אויף צו אונטערשטיצען זייער דאָגמע, זייער כלל, אַז די אָרימקייט שטאַמט פון דער איבער־באַפעלקערונג און אַז דער גלייכגעוויכט אינ׳ם לעבען פון די מאַסען ווערט צוריק איינ־געשטעלט דורך דער פארקלענערונג פון דער באַפעלקערונג. דאָס איז אַ פיעל וויכטיגערער און באַלעהרזאַמערער עקספּערימענט, איי־דער די פּעסט (מגפה) פון מיטען פּערצעהנטען יאָהרהונדערט, וואָס די מאַלטוזיאַנער האָבען אַזוי באַזונגען. אגב, אויב עס איז שוין געוועזן נאַאיוו אַנצומעסטען אויף די פארהעלטניסען, וואָס האָבען געבראַכט צו דער באַפרייאונג און דער באַרייכערונג, דעם מאַס־שטאַב פון 14־טען יאָהרהונדערט, האָט די נאַאיוויטעט נאָך אויסערדעם אַרויסגע׳אָזען פון אויג דאָס, וואָס אויב אויף דער זייט קאַנאַל, אין ענגלאַנד, האָט די פּעסט און די פארקלע־נערונג פון דער באַפעלקערונג, וועלכע זי האָט אַרויסגע־רופען, געבראַכט צו דער באַפרייאונג און דער באַרייכערונג פון די דאָרפישע מאַסען, האָט דיזעלביגע מגפה אויף יענער זייט קאַנאַל, אין פראַנקרייך, אַרויסגערופען זייער גרעסערע קנעכט־שאַפט און ערגערע אָרימקייט.

דער הונגער פון 1846 האָט אין אירלאַנד פארטילינט העכער אַ מיליאָן מענשען, אָבער אַלץ נאָר אָרימעלייט. דעם רייכטום פונ׳ם לאַנד האָט ער קיין שום שאָדען ניט געבראַכט. די עמיג־ראַציע וועלכע האָט אין די נעכסטע צוואַנציג יאָהר נעהאַלטען אין איין פארגרעסערען זיך, האָט ניט פארקלענערט, ווי עס איז געוועזן דער פאַל אין דעם דרייסיג־יעהריגען קריעג, צוזאַמען מיט דער צאָל

מענשען אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די גאונות פון אירלאַנד האָט ערפונען א גאַנץ נייע מעטאָדע ווי מיט צויבער אוועקצוציהען די אָרימע באַפעלקערונג פאַר טויזענטער מיילען ווייט פון דעם אָרט פון זייער אָרימקייט. די עמיגראַנטען, וואָס האָבען זיך באַזעצט אין די פאַראייניגטע שטאַאטען, שיקען יעדעס יאָהר אהיים גרויסע סומען געלט, רייזע־קאָסטען פאַר די, וואָס זיינען פאַרבליבען אין דערהיים. יעדע קאָמפּאַניע, וואָס וואַנדערט אויס איין יאָהר, ציהט נאָך זיך נאָך דאָס נעכסטע יאָהר אַן אַנדער קאָמפּאַניע. אָנשטאָט צו קאָסטען אירלאַנד עטוואָס, איז די אויסוואַנדערונג נאָך געוואָרען איינער פון אירלאַנד'ס איינקונפט־פּולסטע צווייגען פון עקספּאָרט־געשעפט. די עמיגראַציע איז געוואָרען א סיסטעמאַטישער פּראָצעס; ניט זי בויערט צופעליג דורך א לאָך אין דער באַפעלקערונג, נאָר זי פּאָמפּעט יעדעס יאָהר ארויס פון דער לעצטער מעהר מענשען, איידער דער צו־וואוקס ברייננגט מיט זיך; אַזוי אַז די אבסאָלוטע צאָל פון דער באַפעלקערונג ווערט קלענער פון יאָהר צו יאָהר.

און וואָס זיינען געווען די רעזולטאַטען פאַר די אירלענדישע אַרבייטער, וואָס זיינען דאָרטען איבערגעבליבען און האָבען זיך באַפרייט פון דער איבער־באַפעלקערונג? — דער רעזולטאַט איז געווען אַז די פאַרהעלטעניסמעסיגע איבער־באַפעלקערונג איז היינט פּונקט אַזוי גרויס ווי פאַר'ן יאָהר 1846; אַז דער ארביים־לוין איז פּונקט אַזוי נידעריג; אַז די שווערקייט פון דער אַרבייט האָט זיך פאַרגרעסערט, אַז די אָרימקייט אין די דערפער פיהרט צו א נייעם קריזיס. די אורזאַכען דערפון זיינען פּשוט'ע. די רעוואָלוציע אין דער לאַנדווירטשאַפט געהט האַנט אין האַנט מיט דער עמיגראַציע. די שאַפונג פון א פאַרהעלטניסמעסיגער איבער־באַפעלקערונג געהט שנעלער, איידער די אבסאָלוטע פאַרקלענערונג פון דער באַפעלקערונג. ווען מיר דערלאַנגען א קוק אויף דער טאַבעלע ב, זעהען מיר, אַז די פאַרוואַנדלונג פון אַקער־באָדען אין פיה־פּלעצער האָט אין אירלאַנד געמוזט ווירקען נאָך שנעלער, ווי אין ענגלאַנד. ווייל אין ענגלאַנד וואַקסט צוזאַמען מיט דער פיה־צוכט אויף די בעאַרבייטונג פון גרינס, און אין אירלאַנד ווערט דער באָדען אונטער גרינס פאַרקלענערט. אין דער צייט וואָס גרויסע שטיקער פריי־

הער בעארבייטען באָדען שטעהען איצט אָדער גאָר ליידיג אָדער זיי זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין שטענדיגע לאַנקעס, ווערט איצט א גרויסער טייל פון די ווילדערנישען און פון די טאָרף־זומפּען, וואָס זיינען פריהער ניט אויסגענוצט געוואָרען, באַנוצט צו פאַרגרעסערען די פיה־צוכט. די קלענערע און מיטעלע פארמס — איך רעכען צו זיי צו אלע די, וואָס האָבען ניט מעהר ווי 100 אקער בעארבייטען באָדען — מאַכען נאָך אלץ אויס אומגעפער 4/5 פון דער גאַנצער צאָל פאַרמס. די קאָנקורענץ פון דער לאַנדווירטשאַפט, וואָס ווערט געפיהרט אויף א קאַפּיטאַליסטישען אופן, דריקט אויף זיי פיעל שטארקער, איידער פריהער, און זיי שטעלען דעריבער כסדר צו אלץ נייע רעקרוטען אין דער ארמיי פון די לוין־ארבייטער.

די איינציגע גרויסע אינדוסטריע פון אירלאנד, די פאַבריקאציע פון לייווענט, נויטיגט זיך פאַרהעלטניסמעסיג אין וועניג דערוואַקסענע מענער; זי באַשעפטיגט בכלל נאָר אן אומבאַדייטענדען טייל פון דער באַפעלקערונג, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס זי האָט זיך פאַרגרעסערט זינט עס איז טייערער געוואָרען באַוועל אין די יאָהרען 1861 ביז 1866. ווי יעדע אנדערע גרויסע אינדוסטריע שאַפט זי דורך שטענדיגע וואַקלונגען אין איהר אייגענעם קרייז א פאַרהעלטניסמעסיגע איבער־באַפעלקערונג, ווען די מאַסע פון ארבייטער, וואָס זי שלינגט איין, פאַרגרעסערט זיך אפילו אבסאָלוט. די אָרימקייט פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג שאַפט דעם באַזיס פאַר ריעזיגע העמדער־פאַבריקען א. ד. ג., וואָס זייערע ארבייטער זיינען מעהרסטענטייל צושפּרייט איבער די דערפער. מיר נעפינען דאָ ווידער דעם סיסטעם פון הויז־ארבייט, וואָס מיר האָבען פריהער געשילדערט, דעם סיסטעם, ביי וועלכען די איבער־ארבייט און די ניט־גענוגענדע געצאָלט פאַר דער ארבייט זיינען שטענדיגע מיטלען צו שאַפען „איבעריגע" ארבייטער. און ענדליך, הגם די פאַרקלענערונג פון דער באַפעלקערונג ברענגט דאָ ניט אזעלכע צושטערענדע רעזולטאַטען, ווי אין א לאַנד מיט אן אנטוויקעלטער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, דאָך בלייבט זי אויך דאָ ניט אָהן א שטענדיגער צוריקווירקונג אויף דעם אינערליכען מאַרק. די אויסוואַנדערונג לאָזט ניט נאָר איבער ליידיגע הייזער, נאָר זי רו־

אינירט אויף די בעלי־הבתים, וואָס פאַרדינגען זייערע הייזער אויף דירות. די אויסוואַנדערונג באַגרענעצט ניט נאָר דעם אָרטיגען נאָכפרעג אויף אַרבייט, נאָר זי מאַכט קלענער אויך די איינקונפט פון די קליינע קרעמער, פון די בעלי מלאכות, בכלל פון די קליינע געשעפטסלייט.

אַ קלאָר בילד פון דער לאַגע פון די געדרונגענע דאָרפישע אַר־בייטער אין אירלאַנד געפינען מיר אין די באַריכטען פון די אינ־ספּעקטאָרען פון די אירלענדישע אַנשטאַלטען פאַר אָרימע לייט (1870). בעאַמטע פון אַ רעגיערונג, וואָס האַלט זיך נאָר מיט דער הילף פון באַיאָנעטען און פון אָפענעם אָדער געהיימען בעלאַגע־רונגס־צושטאַנד, מוזען זיין פאָרזיכטיג מיט זייערע אויסדריקען, אַ פאָרזיכטיגקייט, וואָס זייערע קאָלעגען אין ענגלאַנד פאַראַכטען; און דאָך לאָזען זיי ניט זייער רעגירונג לעבען מיט אילוזיעס.

לויט זייערע באַריכטען האָט דער פאַרדיענסט פון די אַרביי־טער, וואָס שטעהט נאָך איצט אויף זעהר נידעריג, זיך פאַרגרעסערט פאַר די לעצטע 20 יאָהר אויף 50 ביז 60 פּראָצענט, און מאַכט איצט אויס דורכשניטליך פון 6 ביז 9 שילינג אַ וואָך. אָבער הינ־טער אָט דעם אויפ׳ן ערשטען בליק פאַרהעכערטען פאַרדיענסט איז אין דער אמת׳ן פאַרבאָרגען אַ פאַרקלענערונג פונ׳ם אַרבייט־לוין, ווייל די העכערונג פון פאַרדיענסט ווערט ניט אויסגעגליכט מיט דער פאַרהעכערונג פון די פּרייזען אויף די נויטיגע לעבענס־מיט־לען. דער פּרייז פון די נויטיגע לעבענס־מיטלען איז פאַר די 20 יאָהר געוואָרען אַן ערך צוויי מאָל אַזוי הויך, און פון קליידער טאַקע געגוי צוויי מאָל אַזוי הויך.

און לאָזענדיג אָן אַ זייט די אָנגעוויזענע ניט־ריכטיגע פּראָ־פּאָרציע, מוז מען בכלל געדענקען, אַז די פאַרגלייכונג פון די פאַר־דיענסטען, ווי זיי זיינען אויסגעדריקט אין געלט, גיט נאָך ווייט ניט קיין ריכטיגען רעזולטאַט. ביז׳ן הונגער פלעגט דער גרעסטער טייל פון די פאַרדיענסטען פון די דאָרפישע איינוואוינער אויסגע־צאָלט ווערען אין פּראָדוקטען פון דער ערד און אין געלט פלעגט אויסגעצאָלט ווערען נאָר דער קלענערער טייל; איצט אָבער ווערט געוועהנליך געצאָלט מיט געלט. דערפון אַליין שוין איז געדרונגען, אַז ווי עס זאָלען ניט געוועזן זיין די ענדערונגען פון דעם אמת׳ן פאַר־

דיענסט, האָט זיין אויסדרוק אין געלט געמוזט ווערען העכער. „פאר'ן הונגער האָט דער דאָרפּישער ארבייטער פארמאָגט א שטי־קעלע באָדען, אויף וועלכען ער האָט געזייהט קארטאָפּעל און געהאָדעוועט חזירים און עופות. און היינט מוז ער ניט נאָר קויפען אַלע זיינע לעבענס־מיטלען, נאָר ער האָט אויך אָנגעוואָרען די איינ־קונפטען, וואָס ער פלעגט האָבען פון פארקויפען חזירים, עופות און אייער".

אין דער אמת'ן זיינען פריהער די דאָרפישע ארבייטער גע־וועזן צונויפגעגאָסען מיט די קליינע פויערים־פארמער, און האָבען מעהרסטענס אויסגעבילדעט דעם אריער־גארד, די הינטערשטע ריי־הען פון די מיטעלע און גרויסע פארמס, אויף וועלכע זיי פלעגען האָבען זייער ארבייט. ערשט זינט דער קאטאסטראָפע פונ'ם הונ־גער פון 1846 האָבען זיי אָנגעהויבען צו זיין א טייל פונ'ם קלאַס פון ריינע לוין־ארבייטער, א באזונדער שטאנד, וואָס איז פאר־בונדען מיט זיינע ארבייט־געבער דורך געלט־באציהונגען.

עס איז באוואוסט, וואָס עס זיינען געוועזן די וואוינונג־באַ־דינגונגען פון די ארבייטער פאר 1846. אָבער זינט דאמאלסט זיינען אָט די באדינגונגען נאָך ערגער געוואָרען. א טייל פון די געדונגענע דאָרף־ארבייטער, וועלכער ווערט, אמת, מיט יעדען טאָג קלענער, וואוינט נאָך אויף דעם באָדען פון די פארמס אין איבער־פילטע הייזלאך, וואָס זייער עקעלהאפטער צושטאנד שטייגט אריי־בער דאָס ערגסטע, וואָס מיר האָבען געזעהן אין דער הינזיכט אין די ענגלישע לאנד־ווירטשאפטליכע דיסטריקטען. און אזוי איז עס אומעטום אין אירלאנד, אויסער אין איינינע דיסטריקטען פון אול־סטער; אזוי איז עס אין דרום אין די גראפשאפטען קאָרק, לימע־ריק, קילקעני, א. אז. וו. אין מזרח — אין וויקלאו, וועקספאָרד א. אז. וו., אין צענטער פון אירלאנד — אין די קאונטיס פון קינג און קווין, אין דער גראפשאפט דובלין א. אז. וו., אין צפון — אין די גראפשאפטען דאון, אנטרים, טאיראָן א. אז. וו., און ענדליך אין מערב — אין סליגאָ, ראָס קאמאָן, מעיאָ, גאלוויי א. אז. וו. „די הייזלאך פון די דאָרפּישע ארבייטער, — שרייט אויס איינער פון די אינספּעקטאָרען, — זיינען א חרפּה פאר דער רעליגיע און דער ציוויליזאציע פון דעם לאנד." כדי צו מאכען די לעבער, אין וועל־

כע די אַרבייטער וואוינען, מעהר אנציהענד פאַר זיי, נעהמט מען
ביי זיי סיסטעמאַטיש אָפּ די שטיקלעך באָדען, וואָס האָבען פון
אור־אַלטע צייטען געהערט צו אַט די הייזלאַך. „דאָס באַוואוסט־
זיין, אַז די לאָרדען און זייערע פאַרוואַלטער האַלטען זיי אין אַזאַ
אַרט קנעכטישער אונטערדריקונג, האָט ביי די דאָרפּישע לוין־אַר־
בייטער אַרויסגערופען אַ געפיהל פון געגנערשאַפט און האַס געגען
יענע, וואָס באַהאַנדלען זיי ווי אַ רעכטלאָזע ראַסע".

דער ערשטער אַקט פון דער לאַנד־ווירטשאַפטליכער רעוואָלו־
ציע איז באַשטאַנען אין אַראָפּטראָגען די הייזלאַך, וואָס זיינען גע־
שטאַנען אויף די ערטער פון דער אַרבייט. און דאָס איז געטאָן
געוואָרען אויף זעהר אַ גרויסען מאַסשטאַב און ווי לויט אַ סיגנאַל,
וואָס איז געגעבען געוואָרען פון אויבען. אַ סך אַרבייטער זיינען
אויף אַזאַ אופן געצוואונגען געוועזען צו זוכען אַ דאַך אין די דערפער
און אין די שטעדט. דאָרטען האָט מען זיי, ווי אָפּפאַל, אַריינגע־
וואָרפען אין די שאַלקעס, אין אַלערליי לעכער, קעלערן, אין חורבות
אין די ערגסטע קוואַרטאַלען. טויזענטער אירלענדישע פאַמיליעס,
וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער זעלטענער צוגעבונדענקייט
צו זייערע היימען, מיט זייער זאָרגלאָזיגער פרעהליכקייט און מיט
זייער משפחה־ריינקייט און צניעות — ווי עס גיבען צו אפילו
די ענגלענדער, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיט זייערע נאַציאָנאַלע
פאָראורטיילען — אָט די טויזענטער פאַמיליעס זיינען מיט אַמאָל
אַריינגעפאַלען אין פּלעצער, וואו עס ווערען ערצויגען זינד און פאַר־
ברעכען. די מענער מוזען איצט זוכען אַרבייט ביי שכנ'ישע פאַרמס
און ווערען נעדונגען בלויז אויפ'ן טאָג, ד. ה. אויף די אומזיכערסטע
לוין־באַדינגונגען; דערצו „האָבען זיי נאָך איצט צו געהן אַ לאַנגען
וועג אויף דער פאַרם און צוריק, אָפט אויסגענעצטע פון רעגען ווי
די הענער, אָפט אויסגעמאַטערטע פון אַנדערע אומאַנגענעמליכקיי־
טען, וועלכע ברייננען געוועהנליך מיט זיך אָפּשוואַכונג, קראַנקהייט
און אָרימקייט".

די שטעדט האָבען יאָהר איין, יאָהר אויס געדאַרפט אַריינ־
נעמען די אַלע אַרבייטער, וואָס זיינען געוואָרען „איבעריג" אין די
לאַנדווירטשאַפטליכע דיסטריקטען און נאָכדעם וואונדערט מען
זיך נאָך, „וואָס אין די שטעדט זיינען פאַראַן איבעריגע אַרבייטער

און אויף די פארמס הערשט א מאנגעל, אפט א שרעקליכער מאנ־
געל אין ארבייטער!" דער אמת איז, אז מען פיהלט דאָרטען א
מאנגעל בלויז אין דער צייט פון שניט אָדער פריהלינג־צייט ביי
דער אָנגעשטרענגטער פעלד־ארבייט; אין אַלע אנדערע צייטען
בלייבען דאָרט א סך ארבייטער אויסען אָהן ארבייט; „אז נאָכ'ן
אראָפּנעמען די קארטאָפעל, וואָס איז דאָרטען דער הויפּט־פּראָדוקט,
פון אָקטאָבער ביז'ן אָנהויב פונ'ם נעכסטען פריהלינג, געפינען זיי
פאר זיך קוים וואָס צו טאָן". און אז אפילו אין דער צייט, ווען
זיי זיינען פארנומען, „טרעפט אָפט, אז זיי פארלירען גאַנצע טעג
א דאנק די הפסקות אין דער ארבייט".

אָט די רעזולטאטען פון דער לאנד־ווירטשאפטליכער רעוואָ־
לוציע, ד. ה. פון דער פארוואַנדלונג פון אַקער־באָדען אין פיה־פּלע־
צער, פון באנוצען מאשינעס, פון איינפיהרען שטרענגע עקאָנאָמיע
אין דער ארבייט א. אז. וו. — ווערען נאָך ערגער א דאנק די מוס־
טער־פריצים, ד. ה. די וואָס זיינען אזוי גנעדיג און זיצען אין לאנד
גופא אין זייערע הויפען, אנשטאט אויסצוגעבען זייערע הכנסות
אין אויסלאנד. כדי אויף קיין אופן אָנצוריהרען דאָס הייליגע
געזעץ פון נאָכפּרעג און אָנבאָט, ציהען „איצט די דאָזיגע הערען
אַלע ארבייטער, אין וועלכע זיי נויטיגען זיך, פון זייערע קליינע
פארמער־ארענדאַטאָרען, וואָס זיינען אויף אַזאַ אופן געצוואונגען
צו האָרעווען אויף זייערע פריצים, ווען נאָר יענע פאָדערן עס פון
זיי, און פאר א לוין וואָס איז א סך קלענער ווי דער לוין פון די
געוועהנליכע טאָג־ארבייטער; און די פארמערס מוזען אזוי טאָן,
ניט קוקענדיג אויף די אַלע אומבאַקוועמליכקייטען און פארלוסטען,
וואָס זיי האָבען דערפון איבער דעם, וואָס זיי קומט אוים צו פאר־
נאכלעסיגען זייערע אייגענע פעלדער אין די קריטישע מאָמענטען
פון פארזייהען און אראָפּקלייבען די תבואה".

די ניט־זיכערקייט און ניט רעגעלמעסיגקייט פון באשעפטיגונג,
די אָפטע און לאַנג־דויערנדע הפסקות פון דער ארבייט, אָט די
אַלע סמנים פון א פארהעלטניסמעסיגער איבער־באפעלקערונג פיגו־
רירען אויף אַזאַ אופן אין די באריכטען פון די אינספעקטאָרען פון
די אנשטאַלטען פאר אָרימעלייט אַלס שוועריגקייטען, וואָס עס

קומט אויס אויסצושטעהן דעם אירלענדישען לאַנד־ווירטשאַפטלי־
כען פּראָלעטאַריאַט. מיר דערמאָנען זיך, אז מיר האָבען ביים
ענגלישען פּראָלעטאריאַט באַגעגענט עהנליכע ערשיינונגען. דער
אונטערשייד אָבער איז, וואָס אין ענגלאַנד, אין אַן אינדוסטריעלען
לאַנד, זאַמלען זיך אָן די אינדוסטריעלע רעזערוועז אין די דערפער,
אין דער צייט וואָס אין אירלאַנד, אין אַן אגריקולטורעלען לאַנד,
ווערען די לאַנדווירטשאַפטליכע רעזערוועז אָנגעזאַמעלט אין די
שטעדט, וואו עס האַלטען זיך אויף די פאַרטריבענע דאָרף־ארביי־
טער. אין ענגלאַנד ווערען די „איבעריגע" דאָרפישע ארבייטער פאַר־
וואַנדעלט אין פאַבריק־ארבייטער; אין אירלאַנד פאַרבלייבען די
ארבייטער, וואָס זיינען פאַרטריבען געוואָרען אין די שטעדט, לאַנד־
ווירטשאַפטליכע ארבייטער און זיי ווערען שטענדיג ארויסגעשיקט
אין דאָרף, אויף די פאַרמס, צו זוכען ארביים, הגם זיי דריקען אין
דערזעלבער צייט אויך אויף דעם שטאָדטישען פאַרדיענסט.

די פּאַרפּאַסער פון די אָפיציעלע באַריכטען גיבען איבער אין
קורצען זייערע שלוסען וועגען דער מאַטעריעלער לאַגע פון דעם
לאַנד־ווירטשאַפטליכען ארבייטער אויף אַזאַ אופן: „הגם ער לעבט
זעהר שטאַרק אויסגערעכענט, דאָך איז זיין פאַרדיענסט קוים גענוג
אויף צו פאַרזאָרגען זיך און די פאַמיליע מיט שפּייז און צו באַ־
צאָלען דירה־געלט; אויף קליידונג פאַר איהם און פאַר דער פאַמי־
ליע פאָדערן זיך זייטיגע פאַרדיענסטען... די לופט פון זייערע וואוי־
נונגען צוזאַמען מיט אַנדערע ניט־באַפרידיגטע באַדערפעגישען האָט
געבראַכט דערצו, אַז אָט דער קלאַס מענשען זאָלען לייכטער ווי
אַנדערע קרענקען אויף טיפוס און שווינדזוכט". נאָכדעם איז שוין
קיין וואונדער ניט, וואָס, לויט דעם איינשטימיגען עדות־זאָגען פון
די פּאַרפּאַסער פון די באַריכטען, עס פאַרשפּרייט זיך אַלץ מעהר אַ
טיעפע אומצופרידענהייט אין די רייהען פון אָט דעם קלאַס; וואָס
ער וואָלט וועלען, עס זאָל זיך צוריקקעהרען די פאַרגאַנגענהייט;
וואָס ער האַסט די געגענוואַרט, איז זיך מיאש וועגען דער צוקונפט,
„גיט זיך אונטער דעם געפעהרליכען איינפלוס פון דעמאַגאָגען" און
חלומ'ט נאָר וועגען איין זאַך — וועגען עמיגרירען קיין אַמעריקאַ.
אָט אין וואָס פאַר אַן ארץ זבת חלב ודבש די גרויסע מאַלטוזיאַנישע
פּאַנאַצייע, דער מאַלטוזיאַנישער אַלגעמיינער הייל־מיטעל, וואָס באַ־

שטעהט אין פאַרקלענערונג פון דער באַפעלקערונג, האָט פאַרוואַנ־
דעלט די גרינע אירלאַנד!

ווי גליקליך עס לעבען די אירלענדישע פאַבריק־אַרבייטער,
וועלען מיר קאָנען זעהן פון איין ביישפּיעל.

„ווען איך בין געוועזן אויף מיין אינספּעקטאָר־רייזע איבער'ן
צפון פון אירלאַנד, — זאָגט דער ענגלישער פאַבריק־אינספּעקטאָר
ראָבערט בייקער, — האָט מיך שטאַרק פאַרוואונדערט, ווי איינער
אַ געשיקטער אַרבייטער האָט זיך געפּלייסט צו געבען זיינע קינ־
דער בילדונג אויף זיינע קאַרגע מיטלען. איך גיב איבער ווערט־
ליך זיין דערצעהלונג, ווי איך האָב זי געהערט פון איהם פּערזענ־
ליך. אַז ער איז ווירקליך אַ געשיקטער אַרבייטער איז קענטיג דער־
פון, וואָס מען האָט זיך מיט איהם באַנוצט צו פּראָדוצירען סחורות
פאַר'ן מאַרק פון מאַנטשעסטער. אָט זיינען זיינע ווערטער:
„מען רופט מיך דזשאָנסאָן. לויט דער פּראָפעסיע בין איך אַ שטאָף־
פּרעסער; איך אַרבייט פון 6 אַ־זייגער אין דער פריה ביז 11 אין
אָווענט, פון מאָנטאָג ביז פרייטאג; שבת ענדיגען מיר די אַרבייט
6 אין אָווענט און מיר האָבען דריי שטונדען אויף מיטאג עסען און
אויף אָפּרוה. איך האָב פינף קינדער. פאַר מיין אַרבייט באַקום
איך 10 שילינג 6 פּענס אַ וואָך; מיין פרוי אַרבייט אויך און פאַר־
דיענט 5 שילינג אַ וואָך. די עלטערע מיידעל מיינע, וואָס איז אַלט
12 יאָהר, גיט אַכטונג אויפ'ן הויז. זי איז אונזער קעכין און אונזער
איינציגע העלפערין. זי גרייט צו די אינגערע קינדער צו דער שול.
מיין פרוי שטעהט אויף גלייך מיט מיר און געהט אַוועק גלייך מיט
מיר. אַ מיידעל, וואָס געהט פאַרביי אונזער הויז, וועקט מיך אויף
האַלב נאָך פינף אַ־זייגער יעדען אין דער פריה. פאַר דער אַרביי־
טען מיר גאָרנישט. אין משך פון טאָג גיט אונזער צוועלף־יעהרי־
גע מיידעלע אַכטונג אויף די קלענערע קינדער. אָנבייסען עסען מיר
8 אַ־זייגער אין דער פריה. מיר געהען עסען אַהיים. טיי טרינקען
מיר איין מאָל אין וואָך. געוויינטליך עסען מיר קאַשע פון האָבער־
נע מעהל אָדער פון קוקורוזע־מעהל; עס ווענדט זיך אָן דעם, וואָס
מיר זיינען אין שטאַנד צו קויפען. ווינטער גיבען מיר צו דער קוקו־
רוזע מעהל אַ ביסעל צוקער מיט וואַסער. זומער נעמען מיר אַראָפּ אַ
ביסעל קאַרטאָפעל, פון'ם שטיקעל גאָרטען וואָס מיר האָבען, און

ווען דער קאַרטאָפעל לאָזט זיך אויס געהען מיר ווידער איבער צו קאַשע. אזוי געהט עס טאָג נאָך טאָג, אין די וואָכענדיגע טעג און זונטאג, אַ גאַנץ יאָהר. ווען איך ענדיג די אַרבייט פיהל איך זיך אין אָווענט זעהר מיעד. אַ שטיקעל פלייש זעהען מיר אין די אוי־גען זעהר זעלטען, נאָר אין אויסנאַם־פאַלען. דריי פון אונזערע קינ־דער געהען אין שול. מיר צאָהלען דערפאַר צו 1 פעני אַ וואָך פּאַר יעדעס קינד. דירה געלט קאָסט אונז 9 פענס אַ וואָך, טאָרף און באַהייצונג קאָסטען וויינגסטענס 1 שילינג 6 פענס יעדע צוויי וואָ־כען". אָט דאָס זיינען די אירלענדישע פאַרדינסטען, אָט דאָס איז דאָס אירלענדישע לעבען!

---

### אכטער טייל

# די אַזוי־גערופענע אָנפאַנגליכע אָנזאַמלונג.

אַכט און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## דער סוד פון אָנפאַנגליכער אָנזאַמלונג

מיר האָבען געזעהן, ווי געלט ווערט פאַרוואַנדעלט אין קאַפּי־טאַל; ווי דורך קאַפּיטאַל ווערט געשאַפען מעהר־ווערט און פון מעהר־ווערט — מעהר קאַפּיטאַל. דערביי זעצט פאָראויס די אָנ־זאַמלונג פון קאַפּיטאַל — די עקזיסטענץ פון מעהר־ווערט, און מעהר־ווערט — די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע. די לעצטע אָבער

זעצט שוין פּאָראויס די עקזיסטענץ פון באַדייטענדע מאַסען קאַפּי־טאַל און אַרבייט־קראַפט אין די הענט פון וואַארע־פּראָדוצירער. עס דוכט זיך דעריבער, אַז די דאָזיגע גאַנצע באַוועגונג דרעהט זיך אום אין אַ פאַר׳כישופ׳טען קרייז, פון וועלכען מיר קאָנען ניט אַרויס סיידען דורך אָננעמען, אַז עס עקזיסטירט אַן אָנפאַנגליכע אַנזאַמ־לונג („פּריוויאוס אַקיומוליישאַן" פון אַדאַם סמיטה), וואָס געהט פאָראויס דער קאַפּיטאַליסטישער אָנזאַמלונג; אַן אָנזאַמלונג, וועל־כע איז ניט קיין רעזולטאַט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוק־ציאָנס־אופן, נאָר זיין אויסגאַנג־פּונקט.

די דאָזיגע אָנפאַנגליכע אַנזאַמלונג שפּיעלט אין דער פּאָליטי־שער עקאָנאָמיע כמעט די זעלבע ראָליע, ווי די ערשטע זינד אין טעאָלאָגיע. אדם הראשון האָט געגעסען פון עץ הדעת און דורך דעם איז אויף דעם מענשליכען מין אַראָפּגעקומען די זינד. און די אָפּשטאַמונג פון דער אָנפאַנגליכער אָנזאַמלונג ווערט אויך דער־קלערט דורך אַן אַנעקדאָט פון דער פאַרגאַנגענהייט. אין שוין לאַנג פאַרגאַנגענע צייטען האָבען געלעבט צווייערליי מענשען: פון איין זייט פלייסיגע, אינטעליגענטע און שפּאָרזאַמע לייט, און פון דער אַנדער זייט פוילענצער און לומפּען, וואָס האָבען פאַרשלאַטאַנע־וועט נאָך מעהר, איידער זיי האָבען געהאַט זייער אייגענס. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די ערשטע האָבען אָנגעזאַמעלט עשירות און די לעצטע האָבען לסוף גאָרנישט געהאַט צו פאַרקויפען, אויסער זייער אייגענע פעל. און פון דער דאָזיגער צייט שטאַמט די אָרימ־קייט פון די ברייטע מאַסען, וועלכע האָבען נאָך ביז איצט, ניט קו־קענדיג אויף זייער שטענדיגער אַרבייט, גאָרנישט צום פאַרקויפען אויסער זיך אַליין, און די רייכקייט פון די ווייניגע, וועלכע וואַקסט נאָכאַנאַנד, הגם זיי האָבען שוין לאַנג אויפגעהערט צו אַרבייטען.

די לעגענדע וועגען דער טעאָלאָגישער ערשטער זינד דערקלערט אונז, פאַר וואָס דער מענש איז פאַראורטיילט געוואָרען צו עסען זיין ברויט מיט׳ן שוויים פון זיין פּנים; און די געשיכטע פון דער עקאָנאָמישער ערשטער זינד דערקלערט אונז די אומדערקלערבאַרע אויסנאַם, פאַרוואָס עס זיינען פאַראַן מענשען, פאַר וועלכע די אַל־געמיינע קללה איז ניט גילטיג.

אַזעלכע נאַרישע בבא־מעשׂות ווערען איבערגע׳חזר׳ט נאָך עד

היום. הערר טיערס צ. ב. האָט נאָך געפונען פאַר מעגליך צו ווידער־
האָלען זיי מיט דעם גאַנצען ערנסט פון אַ שטאַאַטסמאַן אין אַ בוך,
באַשטימט פאַר די פראַנצויזען, וואָס זיינען אַמאָל געווען אַזוי
גייסטרייך. און דערביי מיינט ער, אַז ער האָט איינגאַנצען פאַרניכ־
טעט די אָנפאַלען פון סאָציאַליזם קעגען אייגענטום. וויבאַלד עס
האַנדעלט זיך וועגען דער אייגענטום־פראַגע, ווערט עס אַ הייליגע
פליכט אַרויסצושטעלען דעם שטאַנדפּונקט פון דער דאָזיגער בבאַ־
מעשה אַלס די איינציגע דערקלערונג וואָס פּאַסט פאַר אַלע צייטען
און אַלע אַנטוויקלונגס־שטופען. אין דער ווירקליכער געשיכטע
שפּיעלען, ווי באַוואוסט, עראָבערונגען, פאַרשקלאַפונג, רויבעריי,
קורץ: געוואַלד־טאַטען, די גרעסטע ראָלע. אָבער אין דער איידעלער
פּאָליטישער עקאָנאָמיע הערשט פון אייביג אָן אַן אידיליע. רעכט
און „אַרבייט" זיינען, כלומרש'ט, אַלע מאָל געווען די איינציגע
מיטלען פון רייך ווערען, אָבער יעדעס מאָל מיט דער אויסנאַם נאַ־
טירליך פון „היי־יאָהר". אין דער אמת'ן זיינען די מעטאָדען פון
אָנפאַנגליכער אָנזאַמלונג אַלץ וואָס איהר ווילט, נאָר ניט קיין איד־
דיליע.

געלט און סחורה זיינען אַז און פאַר זיך פּונקט אַזוי ווייניג
קאַפּיטאַל, ווי פּראָדוקציאָנס־מיטלען אָדער לעבענסמיטלען. זיי
באַדאַרפען ערשט פאַרוואַנדעלט ווערען אין קאַפּיטאַל. אָבער די־
דאָזיגע פאַרוואַנדלונג קאָן פאָרקומען נאָר אונטער באַשטימטע אומ־
שטענדען, וועלכע דאַרפען זיך צוזאַמענטרעפען: עס דאַרפען זיך
צונויפקומען און קומען אין באַריהרונג צווייערליי גאַנץ פאַרשיידענע
סאָרטען פון סחורה־באַזיצער — פון איין זייט אייגענטימער פון
געלט. פּראָדוקציאָנס־ און לעבענס־מיטלען, וועלכע זיינען להוט
צו פאַרמעהרען זייער ווערט דורך איינקויפען פרעמדע אַרבייט־
קראַפט, און פון דער אַנדער זייט פרייע אַרבייטער, פאַרקויפער פון
זייער אייגענער אַרבייט־קראַפט, און דעריבער פאַרקויפער פון אַר־
בייט. „פרייע" אַרבייטער אין צווייענדיגען זין: אַז ניט זיי געהע־
רען אַליין אונמיטעלבאַר צו די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ווי אַמאָל
די שקלאַפען און לייב־אייגענע, ניט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען גע־
הערען צו זיי, ווי ביים זעלבסטשטענדיגען פויער־אייגענטימער. זיי
זיינען דעריבער פיעל מעהר פריי, לויז און ליידיג. די דאָזיגע צו־

שפּאַלטונג פון דעם סחורה־מאַרק שאַפט די גרונט־באַדינגונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. דער קאַפּיטאַליסטישער סיס־טעם זעצט פאָראויס דאָס שיידען זיך פונ׳ם ארבייטער מיט דעם איינענטום אויף די מיטלען, דורך וועלכע ער קאָן פאַרווירקליכען זיין ארבייט. און ווי נאָר די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע האָט זיך איינמאָל געשטעלט אויף איהרע אייגענע פיס, האלט זי ניט נאָר אָן די דאָזיגע צושיידונג, נאָר זי רעפּראָדוצירט זי אויף אלץ א גרע־סערן מאַסשטאַב. דער פּראָצעס, וואָס שאַפט דעם קאַפּיטאַליסטי־שען סיסטעם, מוז אלזאָ אויך זיין דער פּראָצעס פון צושיידען דעם ארבייטער מיט דעם איינענטום אויף זיינע ארבייטס־מיטלען; מוז זיין דער פּראָצעס, וואָס פאַרוואַנדעלט פון איין זייט די געזעלשאַפט־ליכע לעבענס־מיטלען און פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין קאַפּיטאַל און פון דער אנדער זייט די אוממיטעלבארע פּראָדוצירער אין לוין־ארבייטער. די אזוי־גערופענע אָנפאַנגליכע אָנזאַמלונג איז אלזאָ נישט מעהר ווי דער היסטאָרישער פּראָצעס פון צושיידען דעם פּראָדוצענט מיט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען. ער ערשיינט אלס „אָנ־פאַנגליכער“, ווייל ער בילדעט די פאַר־היסטאָרישע שטופע פון דעם קאַפּיטאַל און פון דעם פּראָדוקציאָנס־אופן, וואָס אַנטשפּרעכט איהם.

דער עקאָנאָמישער בוי פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפט איז ארויסגעוואַקסען פון דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט. די אויפלייזונג פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט האָט פריינעלאָזען די עלעמענטען פון דער קאַפּיטא־ליסטישער.

דער אונמיטעלבארער פּראָדוצענט, דער ארבייטער, האָט ערשט דאַמאָלסט געקאָנט ווערען א בעל־הבית אויף זיך אליין, ווען ער האָט אויפגעהערט צו זיין צוגעבונדען צום באָדען און ווען ער איז ניט מעהר געווען קיין לייב־אייגענער אָדער קיין שקלאַף פון אַן אנדערן. כדי צו ווערען א פרייער פאַרקויפער פון ארבייט־קראַפט, וואָס קאָן טראָגען זיין סחורה אין יעדן פּלאַץ וואו זי גע־פינט נאָר א מאַרק פאַר זיך, האָט ער פריהער געמוזט באַפרייען זיך פון דער הערשאַפט פון די צעכען מיט זייערע בינדענדע און שטערענדע פאַרשריפטען וועגען לערן־אינגלעך און פועלים און

זייערע רעגולאַציאָנען וועגן אַרבייט. דערפון איז אַרויסגעקומען די געשיכטליכע באַוועגונג, וואָס האָט די פּראָדוצענטען פאַרוואַנדעלט אין לוין־אַרבייטער. פון איין זייט האָט דאָס זיי באַפרייט פון שקלאַפעריי און פון די קייטען פון צעך (און פאַר אונזערע געשיכטע־שרייבער עקזיסטירט טאַקע נאָר די זייט אַליין), אָבער פון דער אַנדער זייט מוזען די דאָזיגע נאָר וואָס באַפרייטע מענשען ווערען פאַרקויפער פון זיך אַליין, ווייל מען האָט ביי זיי אָפּגערויבט אַלע זייערע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און אַלע יענע גאַראַנטיעס פאַר זייער עקזיסטענץ, וועלכע די פעאָדאַלע איינריכטונגען האָבען פאַר זיי געהאַט. און די דאָזיגע געשיכטע פון זייער עקספּראָפּריאירונג איז אָנגעשריבען אויף די בלעטער פון דער מענשליכער היסטאָריע מיט בולט'ע שטריכען פון בלוט און פייער.

די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען, די נייע מאַכט־האָבער, האָבען פון זייער זייט געמוזט אַרויסשטויסען ניט בלויז די צעכאָווע האַנט־ווערקער, נאָר אויך די פּריצים, די באַזיצער פון די קוואַלען פון רייכטום. אין דער דאָזיגער הינזיכט ערשיינט זייער דערהויבען זיך צו מאַכט אַלס רעזולטאַט פון אַ זיעגרייכען קאַמף סיי מיט דער פעאָדאַלער מאַכט און איהרע פּריווילעגיעס, סיי מיט די צעכען און זייערע קייטען, וועלכע האָבען געשטערט אי דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע, אי דער פרייער עקספּלואַטאַציע פון מענשען דורך מענשען. די ריטער פון אינדוסטריע האָט זיך אָבער איינגעגעבען אַרויסצושטויסען די ריטער פון שווערד בלויז דורך אויסנוצען די געשעהעניסען, צו וועלכע זיי אַליין האָבען גאָרנישט ביינגעטראָגען. זיי זיינען אויפגעשוואונגען פּונקט דורך אַזוינע געמיינע מיטלען ווי די, דורך וועלכע דער רוימישער פרייגעלאָזענער קנעכט איז אַמאָל געוואָרען דער האַר פון זיין געוועזענעם באַזיצער.

דער אויסגאַנגס־פּונקט פון דער אַנטוויקלונג, וועלכער האָט אַרויסגערופען סיי דעם לוין־אַרבייטער סיי דעם קאַפּיטאַליסט, איז געוועזען די קנעכטשאַפט פון דעם אַרבייטער. דער פאָרטשריט וואָס זי האָט געמאַכט איז בעשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס זי האָט געביטען די פאָרמע פון דער קנעכטשאַפט; וואָס זי האָט פאַרוואַנדעלט די פּריצישע עקספּלואַטאַציע אין דער קאַפּיטאַליסטי־

שער. כדי צו פֿאַרשטעהן איהר וועג, דאַרפען מיר גאָר ניט ווייט צוריקגעהן. הגם מיר שטויסען זיך אָן אויף די ערשטע שפּורען פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אין איינינגע שטעדט ביים מיטטעללענדישען ים שוין אין 14־טען און 15־טען יאהרהונדערט, דאַרף דער אָנהויב פון דער קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע דאָך גערעכענט ווערען ערשט פון 16־טען יאָהרהונדערט. וואו נאָר זי ערשיינט, איז די באַפרייאונג פון לייב־אייגענטום שוין לאַנג פּאַרענדיגט און דער גלאַנץ פון מיטעל־אַלטער, די עקזיסטענץ פון פרייע שטעדט, איז שוין לאַנג אָפּגעבלאַקירט.

אין דער געשיכטע פון דער אָנפאַנגליכער אַנזאַמלונג שפּיעלען אַן עפּאָכע־מאַכענדע ראָלע די אַלע רעוואָלוציעס, וועלכע האָבען געדיענט אַלס הויב־שטאַנג פאַר דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס, וואָס האָט זיך געהאַלטען אין בילדען, און פריהער פאַר אַלץ די מאָמענטען, ווען גרויסע מאַסען מענשען זיינען פּלוצלונג און מיט גוואַלד אָפּגעריסען געוואָרען פון זייערע לעבענס־מיטלען און ארויסגעשליידערט געוואָרען אויפ'ן ארבייטס־מאַרק אַלס פויגעלפרייע פּראָלעטאַריער. די עקספּראָפּריאירונג פונ'ם ערד־ארבייטער פון זיין באָדען איז געוועזען דער יסוד פון דעם גאַנצען פּראָצעס. מיר דאַרפען דעריבער צוערשט באַטראַכטען די דאָזיגע עקספּראָפּריאירונג. איהר געשיכטע נעמט אָן אין פאַרשיידענע לענדער פאַרשיידענע פאָרמען, און געהט דורך אין פאַרשיידענע פאַזען און פאַרשיידענער אָרדנונג אין פאַרשיידענע געשיכטליכע עפּאָכען. בלויז אין ענגלאַנד איז זי ארויסגעטראָטען אין איהר קלאַסישער פאָרמע און מיר נעמען זי דעריבער אַלס ביישפּיעל.*)

---

*) אין איטאַליען, וואו די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע האָט זיך אַנטוויקעלט פריהער, איידער אַנדערשוואו, איז אויך פריהער איידער ערגעץ־וואו פאָרגעקומען די באַפרייאונג פון לייב־אייגענטום. דער לייב־אייגענער איז אין דעם לאַנד באַפרייט געוואָרען, איידער ער האָט באַקומען פאַרזיכערט וועלכע־עס־איז רעכט אויף זיין באָדען. זיין באַפרייאונג האָט איהם אַלזאָ גלייך פאַרוואַנדעלט אין אַ פויגעל־פרייען פּראָלעטאַריער, וועלכער האָט דערצו שוין גלייך געפונען גרייט אַ נייעם בעל־הבית אין די שטעדט, וואָס זיינען דאָרט מעהרסטענטיילס איבערגעבליבען נאָך פון דער אַמאָליגער רוימישער צייט. ווען די רעוואָלוציע פון דעם וועלט־

# די עקספּראָפּריאירונג פון דער ערד ביי די פויערים.

אין ענגלאנד איז די לייב־אייגענשאפט אין דער ווירקליכקייט פארשוואונדען אין לעצטען טייל פון 14־טען יאָהרהונדערט. דער ניט בערך גרעסטער טייל פון דער באפעלקערונג *) איז דאָרטען דאמאלסט, און נאָך מעהר אין 15־טען יאָהרהונדערט, באשטאנען פון פרייע פויערים לאנד־אייגענטימער, עס מאכט ניט אויס אונטער וואָס פאר א פעאָדאלען שילד זייער אייגענטום־רעכט איז געווען פארבאָרגען. פון די גרעסערע פריצישע מאיאָנטקעס איז

*) די קליינע ערד־אייגענטימער, וואָס האָבען זייערע אייגענע פעלדער בעאַרבייט מיט זייערע אייגענע הענט און האָבען געמאַכט א באַשיידענעם לעבען.... האָבען דעמאָלט אויסגעבילדט א פיעל וויכטיגערן טייל פון פאָלק, ווי איצט.... ניט ווענינגער ווי 100,000 ערד־אייגענטימער, וועלכע האָבען צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליען אויסגעמאַכט מעהר ווי איין זיבעטעל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, האָבען געלעבט פון זייערע קליינע אייגענע פרייע ווירטשאַפטען. די דורכשניטליכע הכנסה פון אַזעלכע קליינע ערד־אייגענטימער ווערט געשאַצט אין 60 ביז 70 פונט סטערלינג א יאָהר. עס ווערט גערעכענט, אַז די צאָל פון די, וואָס האָבען בעאַרבייט זייער אייגענעם באָדען, איז געווען גרעסער, איידער די, וואָס האָבען אַרענדירט פרעמדען (מאַקאָליי: „די געשיכטע פון ענגלאַנד. 10טע אויפלאַגע, לאָנדאָן, 1854“, באַנד I, זייטען 333, 334). נאָך אין לעצטען דריטעל פון 13טען יאָהרהונדערט האָט פיער־פינפטעל פון דער ענגלישער פאָלקס־מאַסע געלעבט פון ערד־אַרבייט (דאָרטען, זייט 413). — איך ציטיר מאַקאָליי'ען, ווייל ער, אַלס סיסטעמאַטישער געשיכטס־פעלשער שניידט געוועהנליך אַרום אויף וויפיעל נאָר מעגליך אַזוינע פאַקטען.

מאַרק האָט פארניכטעט זייט דעם סוף פון 15־טען יאָהרהונדערט די אויבער־האַנט פון דעם צפון־איטאַליענישען האַנדעל, איז ענטשטאַנען א באַוועגונג אין דער געגענזעצליכער ריכטונג. די אַרביימער פון שטאָדט זיינען מאַסענווייז אַרויסגעטריבען געוואָרען אין די דערפער און זיי האָבען דאָס פאַראורזאַכט די אויפבליהונג פון דער „קליין קולטור“ אין פאָרמע פון גאָרטען־אַרבייט אין א מאָס, וואָס איז ביז דעמאָלט נאָך געווען אומבאַקאַנט.

דער אמאָליגער לייב־אייגענער באַאיליף (האַלב־קנעכט) גרויסגע־
שטויסען געוואָרען דורך דעם פרייען ערנדאַטאָר־פּאַרמער. די
לאַנדווירטשאַפטליכע לוין־אַרבייטער זיינען באַשטאַנען טיילווייז
פון פויערים, וועלכע האָבען זייער פרייע צייט אויסגענוצט אויף
אַרבייטען ביי די גרויסע גוט־באַזיצער, און טיילווייז פון אַ
זעלבסטשטענדיגען, כיי פאַרהעלטניסמעסיג סיי אבסאָלוט, קליי־
נעם קלאַס פון עכטע לוין־אַרבייטער. די לעצטע זיינען אין דער
ווירקליכקייט אויך געווען פויערים מיט אייגענע ווירטשאַפטען,
ווייל אויסער זייערע שכירות פלעגען זיי נאָך באַקומען צום בע־
אַרבייטען פאַר זיך אליין אַ 4 אָדער מעהר אַקער לאַנד צוזאַמען
מיט די נויטיגע געביידעס. אויסערדעם האָבען זיי צוזאַמען מיט
די אמת'ע פויערים באַנוצט דעם געמיינדע־באָדען, וואו עס האָט
זיך געפיטערט זייער פיה און פון וואַנען זיי פלעגען באַקומען צום
הייצען האָלץ, טאָרף א. ד. ג.

אין אלע לענדער פון אייראָפּאַ ווערט די פעאָדאַלע פּראָדוק־
ציע כאַראַקטעריזירט דורך צוטיילונג פונ'ם באָדען צווישען אַ מעג־
ליכסט גרעסערער צאָל אונטער־באַזיצער, די מאַכט פונ'ם פּריץ,
ווי פון יעדען הערשער, איז געווען אָפּהענגיג ניט אזוי פון דער
גרויס פון זיינע הכנסות אין צינז, ווי פון דער צאָל אונטערטאַנען
זיינע; און די לעצטע איז געווען אָפּהענגיג פון דער צאָל פויערים
מיט אַ זעלבסטשטענדיגער ווירטשאַפט. הגם דער ענגלישער באָ־
דען איז נאָך דער עראָבערונג פון די נאָרמאַנען איינגעטיילט גע־
וואָרען אין ריעזיגע באַראָן־גיטער, פון וועלכע איין־איינציגער גוט
פלעגט אָפטמאָל איינשליסען 900 אלטע אַנגלאָ־זאַקסישע לאָרד־
גיטער, איז ער דאָך געווען באַשפּרייט מיט קליינע פויערשע ווירט־
שאַפטען, צווישען וועלכע עס האָט זיך נאָר זעלטען וואו דורכגע־
וואָרפען אַ גרעסערער פּריצישער גוט. די דאָזיגע באַדינגונגען, צו־
זאַמען מיט דער גלייכצייטיגער אויפבליהונג פון די שטעדט, וועל־
כע האָט אויסגעצייכענט דאָס 15־טע יאָהרהונדערט, האָבען מעג־
ליך געמאַכט יענע פאָלקס־רייכקייט, וועלכע דער קאַנצלער פאָר־
טעסקיו שילדערט אזוי שעהן אין זיין בוך „לאודיבוס לעגום אנג־
ליע“, אָבער זיי האָבען אויסגעשלאָסען די מעגליכקייט פון קאַפּי־
טאַליסטישער רייכקייט.

דער פאָרשפּיעל פון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט אוועקגע־ליינט דעם יסוד פון דעם קאפּיטאליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, איז פאָרגעקומען אינ׳ם לעצטען דריטעל פון 15־טען און אין די ערשטע פאָר צעהנדליג יאָהר פונ׳ם 16־טען יאָהרהונדערט. א מאסע פון פרייע פּראָלעטאריער איז ארויסגעוואָרפען געוואָרען אויפ׳ן ארבייטס־מארק דורך דעם, וואָס עס זיינען אויפגעלייזט געוואָרען די באנדעס פון די הויף־דיענער, וועלכע האָבען, לויט׳ן געלונגענעם אויסדרוק פון סער דזשיימס סטיוארט, „אָהן קיין נו־צען אָנגעפילט הויז און הויף“. הגם די קעניגליכע מאכט, אליין א פּראָדוקט פון דער בורזשואזער אנטוויקלונג, האָט אין איהר שטרעבונג צו אבסאָלוטער הערשאפט שטארק פארשנעלערט די אויפלייזונג פון די הויף־דיענער־באנדעס, איז זי דאָך ניט געווען די איינציגע אורזאך דערפון. די גרויסע פעאָדאלע לאָרדען האָ־בען ביי זייער שארפען קאָנפליקט מיט׳ן קעניג און מיט׳ן פארלא־מענט באשאפען א ניט אין אָן ערך גרעסערן פּראָלעטאריאט דורך דעם, וואָס זיי האָבען מיט גוואלד ארויסגעטריבען די פויערים פון דער ערד, אויף וועלכע די לעצטע האָבען געהאט די זעלבע פעאָ־דאלע רעכט, ווי די לאָרדען אליין, און וואָס זיי האָבען אוזורפּירט, פארכאפּט דעם געמיינדע־באָדען.

דער שנעלער וואוקס פון דער פלעמישער וואָל־אינדוסטריע און דער אנטשפּרעכענדער וואוקס פון די פרייזען אויף וואָל אין ענגלאנד, זיינען געווען די דירעקטע אורזאך פון די דאָזיגע מיט גוואלד דורכגעפיהרטע ארויסשטויסונגען. די אלטע פעאָדאלע יחוס־פאמיליעס זיינען פארשלונגען געוואָרען דורך די גרויסע פע־אָדאלע מלחמות; די נייע פּריצישע פאמיליעס זיינען געווען קינ־דער פון זייער צייט, פאר וועלכער געלט איז געווען די קראפט איבער אלע קרעפטען. זייער לאָזונג איז דעריבער געווען — פאר־וואנדלען דאָס אקער־לאנד אין שאָף־פּיטער־פּלעצער. הארסאָן באשרייבט אין זיין „דעסקריפּשאָן אָוו אינגלענד“, ווי די עקספּראָ־פּריאירונג פון די קליינע ערד־אייגענטימער, פּויערים, רואינירט דאָס לאנד.

„וואָס געהט דאָס אָן אונזערע גרויסע אוזורפּאטאָרען?“ די וואוינונגען פון די פּויערים און די הייזלעך פון די פעלד־ארביי־

טער זיינען צונומען געוואָרען ביז'ן גרונט אָדער פּאַראָרטיילט געוואָרען אויף פּוילען. „ווען מען זאָל פאַרגלייכען די דאָקומענ־טען פון יעדען אַלטען ריטער־גוט, וועט מען אויסגעפינען, אַז עס זיינען פאַרשוואונדען אַ צאָל הייזער און קליינע פּויערשע ווירט־שאַפטען; אַז דער באָדען פאַרנעמט פיעל וויינינגער מענשען; אַז פיעל שטעדט זיינען איינגאַנצען רואינירט, הגם איינינגע נייע האָבען אויפגעבליהט. איך וואָלט אויך עטוואָס געקאָנט דער־צעהלען פון שטעדט און דערפער, וועלכע מען האָט פאַרניכטעט און פאַרוואַנדעלט אין פיטער־פּלעצער, און אויף וועלכע עס זיינען פאַרבליבען נאָר די הויפען פון די פּריצים אַליין".

די קלאָגערייען פון יענע אַלטע כראָניקעס זיינען שטענדיג איבערגעטריבען, אָבער זיי שפּיגלען געטריי אָפּ דעם איינדרוק פון דער רעוואָלוציע אין די פּראָדוקציאָנס־פאַרהעלטענישען אויף די, וואָס האָבען געלעבט אין יענער צייט. אַ פאַרגלייך צווישען די שריפטען פון'ם קאַנצלער פאָרטעסקיו און פון טאָמאַס מאָר מאַכט קלאָר דעם אָפּגרונט צווישען דעם 15־טען און 16־טען יאָהרהונ־דערט. דער ענגלישער אַרבייטער־קלאַס איז, לויט'ן געלונגענעם אויסדרוק פון טהאָרנטאָן, אָהן יעדען צווישען־איבערגאַנג אַריינ־געפאַלען פון דעם גאָלדענעם צייט־אַלטער אין דעם אייזערנעם.

די געזעצגעבונג האָט זיך דערשראָקען פאַר דער רעוואָלוציע. זי איז נאָך דאַמאַלסט ניט געשטאַנען אויף דער הויך פון ציוויליזאַציע, וואו דאָס „פאָלקס־רייכטום", דאָס מיינט די אויסבילדונג פון קאַפּיטאַל און די אומ'ברחמנות'דיגע עקספּלואַטאַציע און פאַר־אָרמונג פון די פאָלקס־מאַסען ווערען גערעכענט אַלס העכסטער אויסדרוק פון מלוכה־חכמה. אין זיין געשיכטע וועגען היינריך דעם 7־טען זאָגט באַקאָ: „אום דער דאָזיגער צייט האָבען זיך פאַרמעהרט די באַקלאָגונגען אויף פאַרוואַנדלען אַקער־לאַנד אין פיטער־פּלעצער, וועלכע קאָנען לייכט באַזאָרגט און געהיט ווע־רען דורך עטליכע פאַסטוכער. און גיטער, אַרענדירטע אויף עט־ליכע יאָהר, אויף לעבענסלאַנג אָדער אויף אַ יאָהר (פון וועלכע אַ גרויסער טייל פון די יאָומען, די פרייגעזעסענע פאַרמער, האָבען געלעבט) זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פּריצישע גיטער. דאָס האָט אַרויסגערופען די רואינירונג פון דער באַפעלקערונג און דער־

מיט אויך די רואינירונג פון די שטעדט, פון די קירכען, פון דעם מעשר־אָפּצאָהל... ביים אָפּהאַלטען דעם דאָזיגען אומגליקס־צו־שטאַנד איז צו באַוואונדערן די חכמה פונ'ם קעניג און פונ'ם פּאַר־לאַמענט. זיי האָבען פּארעפּענטליכט באַפעלען קעגען פאַרכאַפּען דעם געמיינדע־באָדען און קעגען דער פיהצוכט־ווירטשאַפט, וועלכע פאַרקלענערן די באַפעלקערונג".

א באַפעהל פון הענרי דעם 7טען (1489, קאַפּ. 10) פאַרבאָט צו צושטערען די פּויערשע הייזער, צו וועלכע עס געהערען ווענינגסטענס 20 אקער לאַנד. אין דעם באַפעהל 25 פון הענרי דעם 7טען ווערט דער פאַרבאָט באַנייט. דאָרט ווערט צווישען אַנדערעס געזאָגט: „פיעל פאַרמס און גרויסע פיה־טשערעדעס, באַזונדערס שעפּסען, האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אין די הענט פון אַ קליינער צאָל מענשען; דורכדעם זיינען שטאַרק געשטיגען די ערענדע־פּרייזען אויף לאַנד, די ערד־אַרבייט איז רואינירט געוואָרען, קירכען און הייזער זיינען צושטערט געוואָרען; אומגעהייער גרויסע פאָלקסמאַסען האָבען פאַרלאָרען זייערע מיטלען צו מאַכען אַ לעבען פאַר זיך און זייערע באַמיליעס". דאָס געזעץ באַפעהלט דעריבער צוריקצובויען די צו־שטערטע פּויערשע הויפען, באַשטימט די פאַרהעלטעניס צווישען אַקער־לאַנד און פיטער־לאַנד א. ד. ג. אַן אַקט פון 1533 דערצעהלט, אַז אייניגע אייגענטימער פאַרמאָגען 24,000 שעפּסען, און ער באַ־גרעניצט די צאָל מיט 2000.

די געשרייען פון פאָלק און די געזעצגעבונג קעגען דער עקספּראָפּריאירונג פון די קליינע ערענדאַטאָרס און פּויערים, וועלכע איז אָנגעגאַנגען פון הענרי דעם 7־טען אָן אין אַ משך פון 150 יאָהר, זיינען גלייך געוועזן אָהן רעזולטאַטען. דעם סוד פון זייער אומער־פאָלג אַנטדעקט אונז באַקאָ אָהן זיין אייגענעם ווילען. „דער אַקט פון הענרי דעם 7־טען", זאָגט ער אין זיינע „ציווילע און מאָראַלע אויפזאַצען", אָפּטיילונג 20, „איז געוועזן טיעפזיניג, און צום באַ־וואונדערן; ער האָט באַשאַפען פאַרמס און פאַרם־הייזער פון אַ באַשטימטער נאָרמאַלער גרויס, דאָס הייסט ער האָט זיי באַזאָרגט מיט אַזוי פיעל באָדען, אַז זיי זאָלען זיין פעהיג ארויסצוברייננגען אויף דער וועלט געניג פאַרמעגליכע און ניט־פאַרקנעכטעטע אונ־

טערטאַגען, און זאָלען מאַכען מעגליך אַז דער פּלוג זאָל זיך געפינען אין די הענט פון אייגענטימער, ניט פון געדונגענע אַרבייטער".

די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע האָט, פאַרקערט, געפאָדערט די פאַרקנעכטונג פון די פאָלקס־מאַסען, זייער פאַרוואַנדלונג אין געדונגענע אַרבייטער, און די פאַרוואַנדלונג פון זייערע אַרבייטס־מיטלען אין קאַפּיטאַל. אין משך פון דער דאָזיגער איבערגאַנגס־עפּאָכע האָט די געזעצגעבונג געשטרעבט צו איבערלאָזען אויף די 4 אַקער לאַנד ביי די הייזלאַך פון די לאַנדווירטשאַפטליכע לוין־אַרבייטער און זי האָט זיי פאַרבאָטען אַריינצונעמען קוואַרטיראַנ־טען אין זייערע וואוינונגען. נאָך אין 1627, אין דער צייט פון דזשיימס דעם 1־טען, איז ראָדזשער קראָקער פון פראָנטמיל פאַראור־טיילט געוואָרען דערפאַר, וואָס ער האָט אויפגעבויט אַ הויז אויף דעם פּריצישען באָדען פון פראָנטמיל און ניט צוגעשניטען צו דעם קיין שטענדיגע 4 אַקער לאַנד. נאָך אין 1638, אין דער צייט פון קאַרל דעם 1־טען, איז באַשטימט געוואָרען אַ קעניגליכע קאָמיסיע, וועמעס אויפגאַבע איז געוועזען דורכצופיהרען דאָס אַלטע געזעץ, דע־רין אויך וועגען די 4 אַקער לאַנד; קראָמוועל האָט נאָך פאַרבאָטען אויסער דעם 4־מייל גרעניץ אַרום לאָנדאָן צו בויען אַ הויז, ניט צו־שניידענדיג דערצו קיין 4 אַקער לאַנד. נאָך אין דער ערשטער העלפט פונ'ם 18־טען יאָהרהונדערט פלעגט מען אָנקלאָגען, ווען די הייזער פון די לאַנד־אַרבייטער האָבען ניט פאַרמאָגט פון 1 ביז 2 אַקער לאַנד נעבען זיך. היינטיגע צייטען איז דער לאַנד־ווירט־שאַפטליכער אַרבייטער גליקליך, ווען זיין וואוינונג האָט בלויז אַ קליינעם גרינס־גאָרטען, אָדער ווען ער קאָן ווייט פון איהר דינגען אַ שטיקעל באָדען. „די לענדלאָרדס און די פאַרמער", זאָגט דר. האָנטער, „האַנדלען דאָ האַנט אין האַנט. עטליכע אַקער ביי דער וואוינונג פונ'ם אַרבייטער, וואָלטען איהם געמאַכט צו אומאָפּהענ־גיג".

אַ נייעם שרעקליכען שטויס האָט דער פּראָצעס פון דער מיט־געוואַלד דורכגעפיהרטער עקספּראָפּריאירונג פון די פאָלקס־מאַסען באַקומען אין 16־טען יאָהרהונדערט אַ דאַנק דער רעפאָרמאַציע און דעם קאָלאָסאַלען באַ'גנב'ענען פון די קירכען־גיטער. די קאַטוילי־שע קירכע איז אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציע געוועזען די פעאָ־

דאלע אייגענטימערין פון א גרויסען טייל באָדען אין ענגלאנד. די אונטערדריקונג פון די קלויסטערס א. ד. ג. האָט ארויסגעוואָרפען זייערע איינוואוינער און פארוואנדעלט די לעצטע אין פראָלעטאַ־ריער. די קירכען־גיטער אליין זיינען מעהרסטענטייל צושיינקט גע־וואָרען צו די נאָך רויב דורשטיגע ליעבלינגע פונ'ם קעניג אָדער פארקויפט געוואָרען צו שפּאָט־ביליגע פרייזען צו ספּעקולירענדע פארמער אָדער שטאָדטיגע איינוואוינער; און די לעצטע האָבען אראָפּגעטריבען מאסענווייז די אלטע „אונטער־באזיצער", וואָס האָ־בען פון דורות בירושה באקומען דעם באָדען צום בעארבייטען, און רואינירט זייערעווירטשאַפטען. דאָס געזעצליך גאראנטירטע איי־גענטום פון די אָרימע ערד־ארבייטער, וואָס האָבען געארבייט פאר קירכען־מעשר, איז שטילערהייט קאָנפיסקירט געוואָרען. „אומעטום טרעפט מען אָרימעלייט!" האָט אויסגערופען קעניגין עליזאבעט נאָך איהרער א רייזע איבער ענגלאנד. „אינ'ם 43־סטען יאָהר פון איהר רעגיערונג איז מען ענדליך געצוואונגען געווען אָפּיציעל צו אנערקענען דעם פּאופּעריזם, די שרעקליכע פאראָרימטקייט, איינ־פיהרענדיג דעם אָרימעלייט־שטייער. „די פארפאסער פון דעם גע־זעץ האָבען זיך געשעמט ארויסצוזאָגען די אורזאכען, וואָס האָבען איהם ארויסגערופען, און האָבען איהם דעריבער געלאָזען ערשיינען, אין היפּוך צו דעם געוועהנליכען געזעצגעבערישען מנהג, אָהן יעדער הקדמה. דורך דעם 16־טען אקט פון קארל דעם 1־טען, קאפּ. 4, איז דאָס געזעץ ערקלערט געוואָרען פאר דויערנד, און ערשט אין 1834 האָט עס אין דער ווירקליכקייט אָנגענומען א פעסטערע פאָר־מע. *)

---

*) צווישען אַנדערעס קאָן מען אַרויסזעהן דעם גייסט פון פּראָטעס־טאַנטיזם פון פאָלגענדעם: אין דרום ענגלאַנד האָבען איניגע לאַנד־אייגענטימער און פאַרמעגליכע פאַרמער צונויפגערעדט זיך און פאַרפאַסט צעהן פראַגען וועגען דער ריכטיגער אויסטייטשונג פון עליזאַבעט'ס אָרי־מעלייט־געזעץ. די פראַגען האָבען זיי פאָרגעלייגט אַ באַוואוסטען יוריסט פון יענער צייט — סוירדזשענט כניג (שפּעטער אַ ריכטער אין דער צייט פון דזשיימס דעם 1־טען) — און געפרעגט זיין מיינונג. פראַגע 9: „איניגע רייכערע פאַרמער פון אונזער קירכען־דיסטריקט האָבען פּראָ־יעקטירט אַ מיטעל, דורך וועלכען מען זאָל קאָנען אויסמיידען אַלע שווע־

די דאָזיגע אומכּיטעלבאַרע רעזולטאַטען פון דער רעפאָרמאַציע זיינען ניט געווען די וויכטיגסטע. דאָס קירכען־אייגענטום איז געווען דער רעליגיעזער יסוד פון די אַלטע אייגענטום־פאַרהעלטעניססען פון באָדען און מיט זיין פאַלען האָבען די דאָזיגע פאַרהעלטעניססען מעהר ניט געקאָנט עקזיסטירען.

נאָך אין די לעצטע צעהנדליגער פון דעם 17־טען יאָהרהונדערט האָבען די יאָומען פאָרגעשטעלט מיט זיך אומאָפּהענגיגע פּויערים און זיינען לויט זייער צאָל געווען מעהר, איידער דער קלאַס פון די פאַרמער. זיי האָבען אויסגעבילדעט די הויפּט־קראַפט פון קראָמוועל'ן און, אפילו לויט דער אַנערקענונג פון מאַקאָליי, זיינען זיי געשטאַנען פיעל העכער איידער די פאַר'שכור'טע פּריצים און זייערע דיענער, די דאָרף־גלחים, וועלכע האָבען געדאַרפט פיהרען צו דער חופּה די קעפּסווייבער פון זייערע האַרען. די לאַנדווירטשאַפטליכע לוין־אַרבייטער אפילו זיינען נאָך דאַן געווען שותפים אין דעם גע־

ריגקייטען ביים אויספיהרען די פאָרשריפטען פון דעם אַקט. זיי האָבען פאָרגעלייגט, מיר זאָלען אויפבויען אַ טורמע אין'ם דיסטריקט. יעדער אָרימאַן, וואָס וועט זיך ניט לאָזען איינשפאַרען אין טורמע, זאָל מען אָנזאָגען אין שטיצע און מען זאָל לאָזען וויסען אין דער סביבה, אַז אויב איינער איז געניגט צו באַנוצען די אָרימעלייט פון דיסטריקט ביי ערד־אַרבייט, זאָל ער אין אַ באַשטימטען טאָג אַריינגעבען אַ פאַר'חתמ'ע־טען פאָרשלאָג און אָנווייזען דעם נידעריגסטען פּרייז, לויט וועלכען ער וויל נעהמען ביי אונז די אָרימעלייט. די פאַרפאַסער פון דעם פּלאַן רעכענען, אַז אין דער סביבה געפינען זיך פּערזאָנען, וועלכע ווילען ניט אַרבייטען און האָבען ניט קיין מיטלען אָדער קיין קרעדיט צו דינגען אָדער צו ערווערבען זיך אַ פאַרם אָדער אַ שיף, אַזוי אַז זיי זאָלען קאָנען לעבען ניט־אַרבייטענדיג. אַזוינע לייט דאַרפען זיין געניגט צו מאַכען דעם דיסטריקט פּאַסענדע פאָרשלאַגען. און וועט אונטער דער אויפזיכט פון אַ קאָנטראַקטאָר דאָ אָדער דאָרטען אַן אָרימאַן געהן קאַפּוט, וועט די זינד פאַלען אויף זיין קאָפּ, ווייל דער דיסטריקט וועט האָבען זיין פליכט צום אָרימאַן ערפילט. מיר האָבען אָבער מורא, אַז דער אַקט, וועגען וועלכען עס האַנדעלט זיך, ערלויבט ניט אָנצונעהמען אַזאַ קלוגען מיטעל. נאָר איהר מוזט וויסען, אַז די איבעריגע אומאָפּהענגיגע ערד־באַזיצער פון דער גראַפשאַפט און פון די אַרומיגע וועלען צושטעהן צו אונז, כדי צו ווירקען אויף אונזערע פאָרשטעהער אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע זיי זאָלען אַריינטראָגען אַ געזעץ־פּראָיעקט צו ערלויבען צוואַנגס־איינשפּאַרונג און צוואַנג־אַרבייט פאַר אָרימעלייט, אַזוי אַז יעדע פּערזאָן, וועל־

מיינדע־באָדען. אַן ערך אַרום 1750 זיינען די יאָומען פאַרשוואונ־
דען און אין די לעצטע צעהנדליגער פון 18־טען יאָהרהונדערט זיי־
נען פאַרשוואונדען די לעצטע שפּורען פון געמיינדע־אייגענטום פון
די פּויערים. מיר לאָזען דאָ אָן אַ זייט די ריין־עקאָנאָמישע אור־
זאַכען פון דער לאַנדווירטשאַפטליכער רעוואָלוציע. מיר ווילען נאָר
באַטראַכטען איהרע גוואַלד־מיטלען.

נאָך דער רעסטאַווראַציע פון די סטיוּאַרטס האָבען די לאַנד־
אייגענטימער דורכגעפיהרט געזעצליך די אוזורפּירונג, וועלכע איז
אומעטום אויפ׳ן קאָנטינענט אין אייראָפּאַ פאָרגעקומען אָהן געזעצ־
ליכע פאָרמאַליטעטען. זיי האָבען אָפּגעשאַפט די פעאָדאַלע געזעצ־
צען פון לאַנד־אייגענטום, ד. ה. זיי האָבען אַראָפּגעוואָרפען פון זיך
אַלע התחיבות׳ן צו דער מלוכה, וואָס זיינען געווען פאַרבונדען מיט
לאַנד־באַזיצונג, האָבען „פאַרגיטיגט“ דער מלוכה דורך שטייערן
אויף די פּויערים און די אַנדערע פאָלקס־מאַסען, האָבען זיך גענו־

בע לאָזט זיך ניט איינשפּאַרען, זאָל ניט האָבען קיין רעכט אויף שטיצע.
דאָס וועט, האָפען מיר, איינהאַלטען די מענשען, וואָס געפינען זיך אין
נויט, פון ווענדען זיך נאָך שטיצע.“ (ר. בלאַקי: דהי היסטאָרי אָוו
פּאָליטיקעל ליטעריטיור. לאָנדאָן, 1855, באַנד 2, ז. ז. 84־85.) — אין
שאָטלאַנד איז דאָס אָפּשאַפען פון לייב־אייגענטום פאָרגעקומען מיט עט־
ליכע יאָהרהונדערט שפּעטער, איידער אין ענגלאַנד. נאָך אין 1698 האָט
פלעטשער פון סאָלטאַון ערקלערט אין שאָטלענדישען פּאַרלאַמענט: „די
צאָל פון בעטלער אין שאָטלאַנד ווערט געשאַצט אין ניט ווייניגער, ווי
200,000. דאָס איינציגע הילפס־מיטעל, וואָס איך, אַ פּרינציפּיעלער רע־
פּובליקאַנער, קאָן פאָרשלאָגען, איז — צוריק איינפיהרען דאָס אַלטע לייב־
אייגענטום און מאַכען פאַר שקלאַפען די אַלע, וואָס זיינען ניט אים שטאַנד
אַליין פאַר זיך צו זאָרגען“. עדען, אין זיין „דער שטאַט פון די אָרימע־
לייט“ (באַנד 1, קאַפּ. 1, ז. ז. 60, 61) זאָגט: „די אָפּשאַפונג פון לייב־
אייגענטום האָט, ווייזט אויס, געמוזט ברייננען מיט זיך די אָרימקייט.
מאַנופאַקטור און האַנדעל זיינען די עלטערן פון די אָרימעלייט פון אונ־
זער פאָלק“. ווי יעדער פּרינציפּיעלער רעפּובליקאַנער אין שאָטלאַנד, מאַכט
עדען נאָר דעם טעות, וואָס ער זעהט ניט, אַז ניט די אָפּשאַפונג פון לייב־
אייגענטום נאָר די אָפּשאַפונג פון דעם אייגענטום פון די פּויערים אויף
זייער באָדען האָט זיי געמאַכט פאַר פּראָלעטאַריער און פאָלגליך פאַר אָרימע
לייט. עהנליך צו די געזעצען וועגען אָרימעלייט אין ענגלאַנד זיינען דער
באַפעהל פון מולען אין 1571 און דער עדיקט פון 1656 אין פראַנקרייך,
וואו די עקספּראָפּריאַירונג איז פאָרגעקומען אויף אַן אַנדער אופן.

מען דאָס מאָדערנע (אבסאָלוטע) אייגענטום־רעכט אויף באָדען, אין דער צייט וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט נאָר פעאָדאַלע רעכט אויף איהם, און האָבען ענדליך אַרויפגעצוואונגען אויף די לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבייטער פון ענגלאַנד די באַזעצונג־געזעצען (לאָאָס אָוו סעטלעמענט), וועלכע האָבען זיי צוגעבונדען צו דער געמיינדע, פּונקט אַזוי ווי דער באַפעהל פון דעם טאָטער באָריס גאָדונאָוו האָט צוגעבונדען צו דער געמיינדע די רוסישע פּויערים.

די „הערליכע רעוואָלוציע” האָט צוזאַמען מיט ווילהעלם פון אָראַניען געבראַכט אין מאַכט די ערד־באַזיצערישע און קאַפּיטאַליסטישע פּראָפיטען־מאַכער. זיי האָבען געעפענט די נייע עפּאָכע דערמיט, וואָס זיי האָבען אָנגעהויבען צו פּראַקטיצירען גנבה פון די מלוכה־גיטער, וועלכע איז פריהער פאָרגעקומען אויף אַ באַשיידענעם אופן, אויף אַ קאָלאָסאַלען מאַסשטאַב. די דאָזיגע גיטער זיינען צושיינקט געוואָרען, אָדער פאַרקויפט געוואָרען צו שפּאָט־ביליגע פּרייזען, אָדער גאָר דורך דירעקטער אוזורפּאַציע צוגעגעבען צו פּריוואַטע גיטער. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אָהן דער קלענסטער געזעצליכער פאָרמאַליטעט. די מלוכה־גיטער, וואָס זיינען פאַרכאַפּט געוואָרען אויף אַזאַ פאַרברעכערישען אופן צוזאַמען מיט דעם רויב פון די קירכען־גיטער, אויף וויפיעל זיי זיינען אין דער צייט פון דער רעפּובליקאַנער רעוואָלוציע ניט פאַרלאָרען געגאַנגען, בילדען דעם הויפּט־יסוד פון די היינטיגע פירשטליכע פאַרמעגענס פון די ענגלישע אָליגאַרכען. די בורזשואַזע קאַפּיטאַליסטען האָבען געקוקט וואויל־געניינגט אויף דער אָפּעראַציע, האָבענדיג אין אויסזיכט צווישען אַנדערעס, אַז דאָס וועט דעם באָדען פאַרוואַנדלען אין אַ פּשוט'ן האַנדעלס־אַרטיקעל, וועט אויסברייטען דעם געביט פון לאַנדווירטשאַפטליכער גרויס־פּראָדוקציע, וועט פאַרגרעסערן דעם צופלוס פון פרייע פּראָלעטאַריער פון די דערפער א. ד. ג. אויסערדעם איז די נייע ערד־אַריסטאָקראַטיע געווען די נאַטירליכע פריינדליכע שותּפ'טע פון דער באַנק־אַריסטאָקראַטיע, פון דער הויכער פינאַנץ־וועלט, וואָס האָט זיך דאַמאַלסט ערשט פון דער איי אויסגעשיילט, און פון די גרויסע מאַנופאַקטוריסטען, וואָס האָבען זיך דאַמאַלסט געשטיצט אויף דעם שוץ־טאַריף. די ענגלישע בורזשואַזיע האָט געהאַנדעלט אין איהרע אייגענע אינטערעסען פּונקט אַזוי ריכ־

טיג, ווי די שוועדישע בורזשואַזיע האָט געהאַנדעלט, ווען זי האָט, להיפּוך, צוזאַמען מיט איהרע דאָרטיגע עקאָנאָמישע שותּפים, די פּויערים, אונטערשטיצט די קעניגען אין זייער מיט גוואַלט־דורכגע־פיהרטער עקספּראָפּריאַציע פון די קרוין־גיטער, וואָס די שוועדיש'ע אַריסטאָקראַטיע האָט אַמאָל גנב'יש פאַרכאַפּט. (דאָס איז פאָרגע־קומען זייט 1604 און אין דער צייט פון קאַרל דעם 10־טען און קאַרל דעם 11־טען.)

דאָס געמיינדע־אייגענטום — וואָס איז גאַנץ אַנדערש פון דעם ערשט־באַטראַכטען מלוכה־אייגענטום — איז געווען אַן אַלט־גערמאַנישע איינריכטונג, וועלכע האָט פאָרטגעזעצט צו לעבען אונ־טער דעם דעקטוך פון פעאָדאַליזם. מיר האָבען געזעהן, ווי די מיט גוואַלד־דורכגעפיהרטע אוזורפּירונג פון געמיינדע אייגענטום, וועלכע איז מעהרסטענס באַגלייט געווען מיט דער פאַרוואַנדלונג פון'ם אַקערלאַנד אין פּיטער־פּלעצער, האָט זיך אָנגעהויבען אין סוף פון 15־טען און געדויערט אין משך פון 16־טען יאָהרהונדערט. אָבער דאַמאַלסט איז דער פּראָצעס פון אוזורפּירונג פאָרגעקומען אין דער פאָרמע פון אַ רייהע אינדיווידועלע גוואַלד־טהאַטען, געגען וועלכע די געזעצגעבונג האָט אין אַ משך פון 150 יאָהר אומזיסט געקעמפּט. דער פאָרטשריט פון 18־טען יאָהרהונדערט איז באַשטאַ־נען אין דעם, וואָס דאַמאָלסט איז דאָס געזעץ אַליין פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ רויב־געצייג פון פאָלקס־לאַנד, הגם די גרויסע פאַר־מער האָבען צוזאַמען דערמיט פּראַקטיצירט אויך זייערע אייגענע קליינע אומאָפּהענגיגע פּריוואַט־מעטאָדען. די פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרמע פון דער אוזורפּאַציע שטעלען מיט זיך פאָר די „געזעצען פאַר איינצוימען פון געמיינדע־באָדען", אַנדערש גערעדט, די דע־קרעטען, דורך וועלכע די לאַנד־באַזיצער שיינקען זיך אַליין אַוועק דאָס פּריוואַט־אייגענטום אויף דעם געמיינדע־באָדען, די דעקרע־טען צו עקספּראָפּריאירען דאָס פאָלק. סער פ. מ. עדען לייקענט אַליין אָפּ זיינע כיטרע אַדוואָקאַטען־פּלוידערייען, דורך וועלכע ער פּלייסט זיך פאָרצושטעלען דאָס געמיינדע־אייגענטום אַלס פּריוואַט־אייגענטום פון די גרויסע לאַנדלאָרדס, וועלכע האָבען פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די פעאָדאַלע לאַנד־באַזיצער, ווען ער פאָדערט אַלי „אַן אַלגעמיינעם אַקט פון פּאַרלאַמענט פאַר דער איינצוימונג פון גע־

מיינדע־באָדען" און גיט דערמיט אליין צו, אז עס איז נויטיג א פּארלאַמענטארישער מלוכה־שטרייק, כדי ערשט צו פּארוואנדלען עס אין פּריוואט־אייגענטום; און דערצו פאָדערט ער נאָך פון דער גע־זעצגעבונג „פאַרגיטיגונג" פאַר די עקספּראָפּריאירטע אָרימעלייט.

אין דער צייט וואָס דעם אָרט פון די אומאָפּהענגיגע יאָומען האָבען פאַרנומען שכנים־פּארמער, ארענדאַטאָרס אויף א יאָהר, אַן אָפּהענגינער עולם, וואָס איז געווען אונטערגעוואָרפען דעם ווילקיר פון די לאַנדלאָרדס, האָט דאָס סיסטעמאטישע בע'גנב'ענען דעם געמיינדע־באָדען, צוזאַמען מיט דער רויבעריי פון די מלוכה־גיטער, געהאָלפען דעם אומגעהייערען וואוקס פון יענער ארט גרויסע פּארמס, וועלכע מען האָט גערופען אין 18־טען יאָהרהונדערט די קאַפּיטאַל־פּארמס, אָדער סוחר'ישע פּארמס, און האָט „פריי גע־מאכט" די דאָרפישע באַפעלקערונג אלס פּראָלעטאריאט פאַר דער אינדוסטריע.

דאָס 18־טע יאהרהונדערט האָט אָבער נאָך ניט באַגריפען, אַזוי קלאָר ווי דאָס 19־טע, אז נאַציאָנאלע רייכקייט און פאָלקס־אָרימ־קייט באַדייטען איינס און דאָס זעלבע. דערפון שטאַמט די הייסע פּאָלעמיק אין דער עקאָנאָמישער ליטעראַטור פון יענער צייט וועגען דער איינצוימונג פון געמיינדע־באָדען. איך ברענג דאָ עטליכע שטעלען פון דעם רייכען מאטעריאל, וואָס ליגט פאַר מיר, ווייל דורכדעם ווערען די אומשטענדען פון יענער צייט לעבעדיגער און בולט'ער ארויסטרעטען.

„אין פילע קירכען־געמיינדען פון הארטפאָרדשיר", — שרייבט אן אויפגעבראכטע פעדער, — „זיינען 24 פּארמס, יעדע פון 50 ביז 150 אקער דורכשניטליך, צוזאַמענגעגאָסען אין 3 פּארמס". „אין נאָרטהעמפּטאָנשיר און לינקאָלנשיר זיינען די איינצוימונגען פון געמיינדע־באָדען פאָרגעקומען אויף א גרויסען מאסשטאב און די לאָרדשאפּטען, וועלכע זיינען אנטשטאנען פון די איינצוימונגען, זיינען מעהרסטענס פארוואנדעלט געוואָרען אין פּיטער־פּלעצער. אלס רעזולטאט דערפון זיינען אין פילע לאָרד־שאַפטען איצט אונטער'ן פּלוג בלויז 50 אקער, וואו פריהער זיינען געווען 1500... חורבות פון געוועזענע הייזער, שייערן, שטאַלען, א. ד. ג." זיינען די איינציגע שפּורען פון די אמאָליגע איינוואוי־

נער. פון 100 הייזער און פאַמיליען זיינען אין פיעלע ערטער גע־
בליבען. . . 8 אָדער 10. . . די צאָל פון די ערד־באַזיצער אין די מעהר־
סטע קירכען־געמיינדען, וואו די איינצוימונג איז פאָרגעקומען ערשט
מיט 15—20 יאָהר צוריק, איז זעהר קליין אין פאַרגלייך מיט די,
וואָס האָבען דאָרט בעאַרבייט דעם באָדען, איידער ער איז איינגע־
צוימט געוואָרען. עס איז ניט קיין אומגעוועהנליכע זאַך, אַז 4
אָדער 5 רייכע פיה־צוכט פּריצים זאָלען פאַרכאַפּען די ניט־לאַנג
אַרומגעצוימטע לאַנדשאַפטען, וועלכע האָבען זיך פריהער געפונען
אין די הענט פון 20 ביז 30 פאַרמער און נאָך אַזוי פיעל קלענערע
איינגענטימער און ארענדאַטאָרס. זיי אַלע זיינען איצט צוזאַמען
מיט זייערע פאַמיליען אַרויסגעוואָרפען געוואָרען פון זייערע ווירט־
שאַפטען און אינאיינעם מיט זיי פיעל אַנדערע פאַמיליען, וועלכע
האָבען ביי זיי געהאַט אַרבייט און אַרום זיי געמאַכט אַ לעבען.

און פאַרכאַפּט איז געוואָרען פונ׳ם שכנ׳ישען לאַנדלאָרד אונ־
טער׳ן שלייער פון איינצוימונג ניט נאָר דער ליידיגער באָדען, נאָר
אויך דער, וואָס איז בעאַרבייט געוואָרען געמיינשאַפטליך אָדער
פאַר אַ באַשטימטען אָפּצאָל צו דער געמיינדע. „איך רייד דאָ ווע־
גען דער איינצוימונג פון די אָפענע פעלדער און פונ׳ם באָדען, וועל־
כע זיינען שוין בעאַרבייט. אפילו די שרייבער, וועלכע פאַרטיידי־
גען די איינצוימונגען, גיבען צו, אַז די איינצוימונג פאַרגרעסערט די
מאָנאָפּאָליזירונג פון די פאַרמס, הויבען אויף די פּרייזען אויף לע־
בענס־מיטלען און מאַכט נאָך גרעסער די פאַרמס. וועלכע זיינען
שוין אַזוי אויך צו גרויס“.

„ווען דער באָדען פאַלט אַריין אין די הענט פון איייניגע גרוי־
סע פאַרמער“, זאָגט דר. פּרייס, „ווערען די קליינע פאַרמער, (וועלכע
ער האָט פריהער באַצייכענט אַלס „אַ סך קליינע איינגענטימער און
אַרענדאַטאָרס וואָס ערנעהרען זיך און זייערע פאַמיליעס מיט די
פּראָדוקטען פון דעם באָדען, וואָס זיי בעאַרבייטען, פון די שאָף,
עופות, חזירים א. ד. ג., וואָס זיי פיטערען אויף דעם געמיינדע־באָ־
דען, אַזוי אַז זיי האָבען אַ קליינע באַדערפעניש צו קויפען לעבענס־
מיטלען“) פאַרוואַנדעלט אין מענשען, וואָס פאַרדינען זייערע לע־
בענס־מיטלען דורך אַרבייטען פאַר אַנדערע און זיינען געצוואונגען
צו גערן אין מאַרק נאָך אַלץ, וואָס זיי באַדאַרפען... עס וועט פּי־

לייכט אָפּגעטאָן ווערען מעהר ארבייט, ווייל עס הערשט א שטאַר־
קערער צוואַנג... שטעדט און מאַנופאַקטורען וועלען וואַקסען, ווייל
עס וועלען אין זיי אריינגעטריבען ווערען מעהר מענשען, וועלכע
זוכען ארבייט. דאָס איז דער וועג, אויף וועלכען עס ווירקט נאַטיר־
ליך די קאָנצענטרירונג פון די פארמס, און אויף וועלכען זי האָט
אין דעם קעניגרייך שוין זייט פיעלע יאָהרען פּראַקטיש געווירקט.“

אָט אז דער סך־הכל וואָס ער מאַכט וועגען דער ווירקונג פון
די איינצוימונגען: „אין גאַנצען גענומען, האָט זיך די לאַגע פון די
נידעריגערע פאָלקס־מאַסען פארערגערט כמעט אין יעדער הינזיכט;
די קלענערע ערד־באַזיצער און פּאַרמער זיינען אראָפּגעדריקט גע־
וואָרען צו דער לאַגע פון לוין־ארבייטער און טאָג־ארבייטער; און
אין דערזעלבער צייט איז פאר זיי אין דער דאָזיגער לאַגע געוואָרען
שווערער צו מאַכען א לעבען“.*)

און פאַקטיש האָט די אוזורפּירונג פון דעם געמיינדע־באָדען
און די רעוואָלוציע אין דער לאַנדווירטשאַפט, וועלכע איז צוזאַמען
מיט איהר געגאַנגען, געווירקט אזוי שאַרף אויף די לאַנדווירטשאַפט־
ליכע ארבייטער, אַז, אפילו לויט עדען, האָט צווישען 1765 און
1780 דער לוין זייערער אָנגעהויבען צו פאַלען אונטער דעם מיני־
מום, אזוי אז ער האָט געדאַרפט דערגענצט ווערען דורך אונטער־

---

*) דאָס דערמאָנט אונז אין דעם אַלטען רוים. „די רייכע לייט האָ־
בען פאַרנומען דעם גרעסטען טייל פון דעם ניט־צוטיילטען מלוכה־באָדען.
זיי האָבען געגלויבט אין די אומשטענדען פון דער צייט, אַז מען וועט
דאָס ביי זיי ניט צוריקנעמען, און זיי האָבען דעריבער צוגעקויפט שטי־
קער באָדען פון זייערע אָרימע שכנים, טיילמאָל מיט דער צושטימונג פון
די לעצטע און טיילמאָל האָבען זיי עס צוגענומען מיט גוואַלד, אַזוי אַז
זיי האַבען געהאַט די מעגליכקייט צו בעאַרבייטען גרויסע ווייט און ברייט
אויסגעשפּרייטע פעלדער אנשטאט איינצעלנע קליינע שטיקלאַך באָדען.
דערביי האָבען זיי באַנוצט שקלאַפען ביי פעלד־אַרבייט און פיה־צוכט,
ווייל די פרייע מענשען פלעגט מען צונעמען פון דער אַרבייט צו מילי־
טער־דיענסט. און דאָס באַנוצען זיך מיט שקלאַפען האָט נאָך געהאַט
פאַר זיי די מעלה, וואָס זייענדיג באַפרייט פון מיליטער־דיענסט האָבען
די שקלאַפען זיך אומגעשטערט געקאָנט פאַרמעהרען און ברייגען אויף
דער וועלט אַ סך קינדער. אזוי האָבען די גבירים זיך פאַרכאַפּט אַלע רייכ־
טימער און די גאַנצע געגענד איז געווען איבערפילט מיט שקלאַפען. די

שטיצונג פון די געלדער פאַר אָרימעלייט. זייער לוין, זאָגט ער, „האָט געקלעקט בלויז פאַר די אַבסאָלוט נויטיגע לעבענס־באַדער־פענישען“.

לאָמיר נאָך אַ ווײַלע אויסהערען אַ פּאַרטיידיגער פון די אײַנ־צוימונגען און אַ געגנער פון דר. פּרייס. „עס איז ניט ריכטיג, אַז די באַפעלקערונג ווערט קלענער, ווייל מען זעהט ניט מעהר ווי די מענשען פאַרשווענדען זייער אַרבייט אויפ׳ן אָפענעם פעלד: אויב דורך דער פאַרוואַנדלונג פון קליינע פּויערים אין מענשען, וואָס מוזען אַרבייטען פאַר אַנדערע, ווערט אָפּגעטאָן מעהר אַרבייט, איז דאָס אַ פאַרדיענסט, וועלכער איז זעהר ווינשבאַר פאַר דער נאַ־ציאָן (צו וועלכער די פאַרוואַנדעלטע געהערען נאַטירליך ניט)... דער פּראָדוקט פון דער אַרבייט וועט זיין גרעסער, ווען זייער פאַר־אייניגטע אַרבייט וועט אָנגעווענדט ווערען אויף איין פאַרם: עס וועט זיך דאַמאַלסט אויסבילדען איבער־פּראָדוקט פאַר די מאַנו־פאַקטורען און דורכדעם וועלען די מאַנופאַקטורען (איינע פון די גאָלד־גרובען פון דער נאַציאָן) זיך פאַרמעהרען אין פּראָפּאָרציע צו דער פּראָדוקציע פון תבואה“.

די סטאָאישע נייסטיגע רוהיגקייט, מיט וועלכער דער פּאָלי־טישער עקאָנאָם קוקט אויף דער העזה׳דיגסטער שענדונג פון׳ם „היי־ליגען אייגענטום־רעכט“ און אויף דער גרעבסטער גוואַלד־טהאַט סענען פּערזאָנען אויב זיי זיינען נאָר נויטיג צו אוועקלייגען דעם

צאָל פון די פריוע איטאַליענער אָבער איז אַלץ קלענער און קלענער גע־וואָרען, ווייל זיי זיינען אַלץ מעהר רואינירט געוואָרען דורך אָרימקייט, שטייערן און מיליטער־דיענסט. און פלעגען אַמאָל אָנקומען פריעדליכע צייטען, פלעגען זיי זיין פאַראורטיילט צו פאָלשטענדיגער אומטעטיגקייט, ווייל די בעלי־בתים פון דעם באָדען זיינען געוועזן די רייכע לייט, און צו בעאַרבייטען דעם באָדען האָבען די לעצטע באַנוצט ניט קיין פריע מענשען, נאָר שקלאַפען“. (אפּיון: „רוימישע בירגער־קריגער, באַנד 1, בוך 1, קאַפּ. 7). די דאָזיגע שטעלע אין בוך באַציהט זיך צו דער צייט פון פאַר די געזעצען פון ליציניאוס. די מיליטער־דיענסט, וואָס האָט אַזוי שטאַרק פאַרשנעלערט דעם אונטערגאַנג פון די רוימישע פּלעבייער, איז אויך געוועזן איינס פון די הויפּט־מיטלען, דורך וועלכע קאַרל דער גרויסער האָט פאַרוואַנדעלט פריע דייטשע פּויערים אין לייב־אייגענע, און קנעכט.

יסוד פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, ווייזט אונז, אגב אורחא, סער פ. מ. עדען, וועלכער איז דערצו נאָך אַ פילאַנטראָפּ און אַ טאָריער. די אַלע רויבערייען, שאַנד־טהאַטען און פאָלקס־אומגליקען, וועלכע האָבען באַגלייט די מיט גוואַלד־דורכגעפיהרטע עקספּראָפּריאירונג פונ'ם לעצטען דריטעל פון 15־טען ביז'ן סוף פון 18טען יאָהרהונדערט, רופען ביי איהם אַרויס נאָר פאָלגענדען „טרייסטענדען" אויספיהר: „די ריכטיגע פּאַרהעלטעניש צווישען אַקער־לאַנד און פּיטער־פּלאַץ דאַרף צוריקגעשטעלט ווערען. נאָך אינ'ם גאַנצען 14טען און גרעסטען טייל פון 15־טען יאָהרהונדערט האָט אויסגעמאַכט 1 אַקער פּיטער־פּלאַץ אויף 2, 3 און אפילו 4 אַקער אַקער־לאַנד. אין מיטען פון 16־טען יאָהרהונדערט איז די פּאַרהעלטעניש געוואָרען 2 אַקער פּיטער־פּלאַץ אויף 2 אַקער אַקער־לאַנד און שפּעטער — פון 2 אַקער פּיטער־פּלאַץ צו 1 אַקער אַקער־לאַנד, ביז עס איז ענדליך געקומען צו דער ריכטיגער פּאַרהעלטעניש פון 3 אַקער פּיטער־פּלאַץ אויף איין אַקער אַקער־לאַנד".

אין 19־טען יאָהרהונדערט איז נאַטירליך פּאַרלאָרען געגאַנגען אפילו די ערינערונג וועגען צוזאַמענהאַנג צווישען פּויער און גע־מיינדע־אייגענטום. שוין ניט ריידענדיג וועגען דער שפּעטערדיגער צייט, — האָט די דאָרפישע באַפעלקערונג באַקומען אַמאָל אַ פּעניג פּאַרגיטיגונג פאַר די 3,511,770 אַקער געמיינדע־באָדען, וועלכע זיינען ביי איהר אַוועקגערויבט געוואָרען צווישען 1801 און 1831 זיינען פּאַרלאַמענטאַריש אַוועקגעשיינקט געוואָרען צו די לאָרדען?

דעם לעצטען גרויסען פּראָצעס פון עקספּראָפּריאירען דעם באָדען ביים פּויער שטעלט פאָר דער אַזוי־גערופענער „אַקט פון אָפּ־רייניגען די גיטער" (אין דער אמת'ן — פון אָפּרייניגען זיי פון מענשען). אַלע ביז אַהער באַטראַכטע ענגלישע מעטאָדען האָבען געפונען זייער העכסטען אויסדרוק אין דעם דאָזיגען „אָפּרייניגען".

ווי מיר האָבען געזעהן ביי דער שילדערונג פון דעם היינטיגען צושטאַנד אין פאָריגען קאַפּיטעל, דערגעהט איצט דאָרטען, וואו עס זיינען ניטאָ מעהר קיין פּויערים, וועמען אָפּצורייניגען, צום אָפּריי־ניגען דעם באָדען פון די וואוינונגען, אַזוי אַז די לאַנדווירטשאַפט־ליכע ארבייטער קאָנען אויף דעם באָדען, וואָס זיי וועלען אליין בע־ארבייטען, ניט געפינען קיין פּלאַץ צום וואוינען. וואָס אָבער באַ־

דייט „אָפריינינגען די גיטער“ אין דעם אמת׳ן זין פון וואָרט, דאָס
קאָנען מיר ערשט דערוויסען זיך אין דעם גן־עדן פון דער מאָדער־
נער ראָמאנען־ליטעראטור אין הויך־שאָטלאנד, דאָרטען צייכענט זיך
דער פּראָצעס אוים מיט זיין סיסטעמאטישען כאראקטער, מיט דער
גרויס און פארנעם, לויט וועלכע ער ווערט דורכגעפיהרט מיט איין
קלאפּ (אין אירלאנד זיינען די לאנדלאָרדס דערגאנגען דערצו, אז זיי
פלעגען ארויסטרייבען צו עטליכע דערפער מיט איין מאָל. אין
הויך־שאָטלאנד פלעגט דאָסזעלבע פּאסירען אויף שטיקער לאנד
די גרויס ווי א דייטשעס הערצאָגטום) — און ענדליך מיט דער
באזונדערער פאָרמע פון ערד־אייגענטום.

די קעלטישע איינוואוינער פון הויך־שאָטלאנד זיינען געווען
אָרגאניזירט אין קלאנען, און יעדער קלאן איז געווען דער אייגענ־
טימער פון דעם לאנד, אויף וועלכען ער איז געזעסען. דער פאָר־
שטעהער פון׳ם קלאן, זיין עלטסטער אָדער „גרויסער מאן“, איז
נאָר געווען דער נאָמינעלער טיטולירטער אייגענטימער פון דעם
באָדען, אזוי ווי די קעניגין פון ענגלאנד איז די טיטולירטע אייגענ־
טימערין פון דעם גאנצען נאציאָנאלען באָדען. ווען דער ענגלישער
רעגירונג איז געלונגען צו אונטערדריקען די אינערליכע קריגערייען
פון די „גרויסע מענער“ און זייערע אונאויפהערליכע אָנפאלען אויף
די נידער־שאָטלענדישע טאָלען, האָבען די „עלטסטע“ פון די קלאנען
דאָך ניט אויפגעגעבען זייער רויב־ארבייט, צו וועלכער זיי האָבען
זיך פון לאנג צוגעוועהנט; זיי האָבען נאָר געענדערט איהר פאָרמע.
בלויז מיט זייער אייגענער אויטאָריטעט האָבען זיי דאָס טיטולערע
אייגענטום־רעכט פארוואנדעלט אין פּריוואט־אייגענטום־רעכט. און
ווען זיי האָבען אויסגעפונען, אז די קלאן־לייט, וועמעס בלוט צו
פארגיסען זיי האָבען מעהר ניט געדארפט, האָבען זיך געוואָלט שטע־
לען אנטקעגען זייער שטרעבונג צו באריכערן זיך, האָבען זיי באַ־
שלאָסען ארויסצויאָגען די קלאן־לייט מיט געוואלד. „א קעניג פון
ענגלאנד וואָלט זיך מיט דעם זעלבען רעכט געקאָנט פארמעסטען צו
פארטרייבען אין ים אלע זיינע אונטערטאנען“, זאָגט פּראָפעסאָר
ניומאן. די ערשטע פאזען פון דער דאָזיגער רעוואָלוציע, וועלכע
האָט זיך אין שאָטלאנד אָנגעהויבען נאָך דעם לעצטען אויפשטאנד
פון די אָנהענגער פון דעם פּרעטענדענט אויפ׳ן טראָן, קאָן מען גע־

פינען באַשריבען ביי סער דזשיימס סטיואַרט און דזשיימס אַנדער־
סאָן. פון סטיואַרט דערוויסען מיר זיך, אַז אין זיין צייט אין לעצ־
טען דריטעל פון 18־טען יאָהרהונדערט, האָט הויך־שאָטלאַנד פּאַר־
געשטעלט מיט זיך אין קליינעם פאָרמאַט דאָס זעלבע בילד, וואָס
אייראָפּאַ מיט 600 יאָהר פריהער. ווען מען האָט אין סטיואַרט׳ס
צייטען אָנגעהויבען אַראָפּצוטרייבען די גזלען פון דער ערד, האָט
מען זיי גלייכצייטיג אויך פאַרבאָטען אויסצואוואַנדערן פון לאַנד,
כדי מיט גוואַלד אַריינצוטרייבען זיי אין גלאַסגאָו און אין אַנדערע
פאַבריק־שטעדט.

אַלס ביישפּיעל פון דעם מעטאָד *), וואָס האָט געהערשט אין
19־טען יאָהרהונדערט, וועט זיין גענוג די „אָפּריינינונג“, וואָס די
הערצאָגין פון סאדהערלאַנד האָט געמאַכט . די דאָזיגע פּערזאָן,
וועלכע איז געווען וואוילגעלערנט אין עקאָנאָמיע, האָט באַשלאָסען,
גלייך ווי זי האָט אָנגעהויבען צו רעגירען, דורכצופיהרען אַ ראַדי־
קאַלע עקאָנאָמישע אָפּעראַציע און פאַרוואַנדלען אין איין פּיטער־
פלאַץ די גאַנצע גראַפשאַפט, אין וועלכער די באַפעלקערונג איז
דורך עהנליכע פּראָצעסען שוין ביז דאַמאַלסט פאַרקלענערט גע־

*) אויפ׳ן הויך־לאַנד פון שאָטלאַנד“, זאָגט בוקענאַן, דער קאָמענטאַ־
טאָר פון אַ. סמיטה אין 1814, „ווערט דער אַלטער איגענטום־צושטאַנד
טעגליך מיט גוואַלד געענדירט. דער לאַנדלאָרד גיט אָפּ דעם באָדען, ניט
קוקענדיג אויף די בירושה־אַרענדאַטאָרס (דאָ איז אויך די דאָזיגע קאַ־
טעגאָריע אָנגעווענדט ניט ריכטיג), צו דעם, וועלכער שלאָגט פאָר מעהר;
און אויב דער לעצטער איז אַ פאַרבעסערער, פיהרט ער באַלד איין אַ נייעס
סיסטעם פון בעאַרבייטונג. דער באָדען, וועלכער איז פריהער געווען
באַשפּרייט מיט קליינע פּויערים, איז אין פאַרהעלטניש מיט די פּראָדוק־
טען, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען, געוועזען באַפעלקערט; אָבער ביי דעם
נייעם סיסטעם פון פאַרבעסערטער בעאַרבייטונג און פאַרגרעסערטען אַרענדע־
פּרייז, באַקומען זיך פיעל פּראָדוקטען ביי די קלענסטע אויסגאַבען, און
אויף אַזאַ אופן ווערען די איבעריג געוואָרענע הענט אַוועקגעטריבען.. די,
וואָס ווערען אַרויסגעוואָרפען פון זייערע היימען, זוכען מיטלען צום
לעבען אין די פאַבריק־שטעדט א. ז. וו.“ (דייוויד בוקענאַן: „בעאָב־
אַכטונגען א. אַ. וו. סמיטה׳ס „דייכטום פון פעלד־אַקער“, עדינבורג,
באַנד 4, ז. 144.) „די שאָטלענדישע „גרויסע מענער“ האָבען עקספּראָ־
פּריאירט גאַנצע פאַמיליעס אַזוי ליכט, ווי זיי וואָלטען אויסגעריסען
די ווילדע גראָזען; זיי האָבען באַהאַנדעלט דערפער און זייער גאַנצע בע־

וואָרען כמעט ווי ביז 15,000. פון 1814 ביז 1820 זיינען די דאָזיגע 15,000, אַן ערך 3000 פאַמיליעס, סיסטעמאַטיש פאַריאָגט און פאַרטריבען געוואָרען, זייערע אַלע דערפער האָט מען צושטערט און פאַרברענט, זייערע אַלע פעלדער — אין פיטער־פּלעצער פאַרוואַנדעלט. ענגלישע סאָלדאַטען זיינען געשיקט געוואָרען דורכצופיהרען די ארבייט און עס איז אפילו געקומען צו געשלעגען צווישען זיי און די איינוואוינער. אַן אַלטע פרוי, וועלכע האָט ניט געוואָלט אַרויסגעהן פון איהר שטיבעל, איז פאַרברענט געוואָרען אין די פלאַמען מיט איהר שטיבעל צוזאַמען. אויף אַזאַ אופן האָט די דאָזיגע הויך־געשטעלטע מאַדאַם זיך צוגענומען 794,000 אַקער לאַנד, וועלכע האָבען פון אַלטע, אַלטע צייטען געהערט צום קלאַן. די פאַרטריבענע איינוואוינער האָט זי אָפּגעגעבען אַן ערך 6000 אַקער לאַנד אויפ'ן ברעג פון ים, צו 2 אַקער אויף אַ פאַמיליע. די 6000 אַקער לאַנד זיינען ביז דאַמאַלסט געשטאַנען ליידיג און האָבען זייער אייגענטימער ניט אַריינגעבראַכט קיינע הכנסות. די הערצאָגין איז אין איהר איידעלקייט און נוט־הערציגקייט געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי האָט גערעכענט אין דורכשניט נאָר צו צוויי שילינג 6 פענס אַן אַקער רענט צו די קלאַן־לייט, וועלכע האָבען אין משך פון יאהרהונדערטער פאַרגאָסען זייער בלוט פאַר איהר משפחה. דעם גאַנצען אָפּגערויבטען קלאַן־באָדען האָט זי איינגעטיילט אין 29 שאָף־פאַרמס, און אויף יעדער פאַרם האָט געוואוינט איין פאַמיליע, מייסטענס פון ענגלישע פאַרם־קנעכט. אין 1825 זיינען אויף דעם אָרט פון די 15,000 געלען שוין געוועזען 131,000 שעפּסען. און דער טייל פון די איינוואוינער, וואָס איז פאַרוואָרפען געוואָרען אויפ'ן

---

פעלקערונג, ווי די אינדיאַנער באַהאַנדלען, ביים נקמה נעמען, די חיילען פון ווילדע היות... אַ מענש ווערט פון זיי פאַרשאַצערט פאַר אַ שעפּסען־פעל, פאַר אַ האַלבען באַראַן, וואָס רעד איך — נאָך פאַר ווייניגער. . . ווען די מאָנגאָלען זיינען אָנגעפאַלען אויף די צפון־פּראָווינצען פון כינע, האָט מען אין זייער ראַט פאָרגעשלאָגען צו אויסראָטען די איינוואוינער פון די פּראָווינצען און דאָס לאַנד פאַרוואַנדלען אין פיטער־פּלעצער. דעם זעלבען פאָרשלאַג האָבען אַ סך שאָטלענדישע לענדלאָרדס דורכגעפיהרט אין זייער לאַנד קעגען זייערע אייגענע לאַנדסלייט". (דזשאָרדזש ענסאָר: „אַן אויספאָרשונג וועגען דער באַפעלקערונג פון נאַציאָנען. לאָנדאָן 1818", ז. 215, 216.)

ברעג פון ים, האָט געזוכט צו לעבען פון פיש־פאַנגערײַ. זיי זיינען געוואָרען אמפיביען, און האָבען געלעבט, לויט דעם אויסדרוק פון אַן ענגלישען שרייבער, האַלב אויף דער יבשה און האַלב אויפ'ן וואַסער און מיט דעם אַלעם פון ביידע נאָר האַלב געלעבט.

אָבער די בראַווע געלען האָבען נאָך אויף אַ שווערערען אופן געמוזט אויסקויפען זייער בערג־ראָמאַנטישע פאַרגעטערונג פון די „גרויסע מענער" פון קלאַן. דער ריח פון די פיש איז דערגאַנגען צום נאָז פון די גרויסע מענער. זיי האָבען דערשמעקט דערביי פּראָפיטען און האָבען פאַרדונגען דעם ברעג ים צו די גרויסע פיש־הענדלער פון לאָנדאָן און די געלען זיינען צום צווייטען מאָל פאַר־יאָגט געוואָרען.

צום סוף איז אַ טייל פון די פּיטער־פּלעצער פאַרוואַנדעלט גע־וואָרען אין יאַגד־פּלעצער. עס איז באַוואוסט, אַז אין ענגלאַנד זיי־נען קיין עכטע וועלדער ניט פאַראַן. די יאַגד־חיות אין די פּאַרקען פון די גרויסע לייט זיינען עכטע הויז־חיות, פעט ווי די לאָנדאָנער אָלדערמען (שטאָדט־רעפּוטאַטען). שאָטלאַנד איז דעריבער דער לעצטער עיר־מקלט פון דער יחוס'דיגער „ליידענשאַפט" (די יאַגד).

„אין די הויך־לענדער", זאָגט סאָמערס אין 1848, „האָבען זיך די וועלדער שטאַרק פאַרשפּרייט. דאָ, אויף איין זייט פון גאַאיק, האָט איהר דעם נייעם גלענפעשי־וואַלד, און דאָרטען, אויף דער אַנדער זייט, דעם נייעם אַרדווועריקי־וואַלד. אין דערזעלבער ריכ־טונג האָט איהר דעם בלעק־מאַונט, אַן אומגעהייערן ליידינען פּלאַץ, אויך ניט לאַנג פאַרלאָזען. פון מזרח ביז מערב, פון אַרום אַבערדין ביז די פעלזען פון אָבאַן האָט איהר איצט איין גאַנצע וואַלד־ליניע; און אין אַנדערע טיילען פון הויך־לאַנד געפינען זיך די נייע וועלדער פון לאָס אַרטשייג, גלענגערי, גלענמאָריסטאָן א. אז. וו... די געלען האָבען געמוזט איבערגעהן אויף אומפּרוכטבאַרע ערטער, ווייל זייער באָדען איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פּיטער־פּלעצער. איצט הויבען די יאַגד־חיות אָן צו פאַרבייטען די שעפּסען, און די געווע־זענע פּויערים פאַלען אַריין נאָך אין אַ גרעסערן עלענד. די ווילדע וועלדער און דאָס פאָלק קאָנען ניט לעבען צוזאַמען. איינער אָדער דער אַנדערער מוז אָפּליידינען דעם פּלאַץ. לאָזט די יאַגד־פּלעצער וואַקסען אין צאָל אין די קומענדע פינף און צוואַנציג יאָר ווי אין

די פּאַרגאַנגענע, און איהר וועט מעהר ניט געפינען קיין איין געל אויף זיין היים־לאַנד. אין דער דאָזיגער באַוועגונג צווישען די איי־ גענטימער פון הויך־לאַנד זיינען טיילווייז שולדיג: מאָדע, אריס־ טאָקראַטישע אַמביציע, יאַגד־ליעבהאָבעריי א. ד. ג. טיילווייז אָבער באַשעפּטיגען זיי זיך מיט׳ן האַנדעל מיט יאַגד־חיות אויסשליסליך צוליעב פּראָפיט. ווייל עס איז אַ פאַקט, אַז אַ שטיק בארג־לאַנד, אָפּגעגעבען פאַר יאַגד־צוועקען, טראָגט אין פיעלע פעלען אריין מעהר פּראָפיט, איידער אַ שאָף־פיטער־פּלאַץ... דער יאַגד־ליעבהאָ־ בער, וועלכער זוכט אַ יאַגד־געגענד צום קויפען, באַגרעניצט זיין אָנבאָט נאָר מיט דער גרויס פון זיין געלט־בייטעל. די ליידען, וואָס זיינען פאַרשאַפט געוואָרען די איינוואוינער פון די הויך־לענדער, זיינען ניט ווייניגער שרעקליך, איידער די פּאָליטיק פון די נאָרמאַ־ נישע קעניגען האָט פאַרשאַפט ענגלאַנד. די יאַגד־חיות האָבען באַ־ קומען אַ מעגליכקייט צו לעבען אַלץ גרוימער, אין דער צייט וואָס די מענשען ווערען פאַרטריבען אין אַלץ אָן ענגערן און ענגערן קרייז... ביים פאָלק ווערען אָפּגערויבט איין פרייהייט נאָך דער אנ־ דערער. . . און די אונטערדריקונג וואַקסט נאָך מיט יעדען טאָג. די אייגענטימער פיהרען דורך די „אָפּרייניגונג“ און פאַריאָגונג פון פאָלק ווי אַ בעסטען פּרינציפּ, ווי אַ לאַנדווירטשאַפטליכע נויטווענ־ דיגקייט, אַזוי ווי עס ווערען אָפּגערייניגט פון בוימער און קוסטען די ווילדערניסען פון אַמעריקאַ און אויסטראַליען, און די גאַנצע אָפּעראַציע געהט אָן אויף אַ רוהיגען, געשעפטמעסיגען אופן.“ *)

די רויבעריי פון די קירכען־גיטער, די פאַרברעכערישע אָפּ־

---

*) ראָבערט סאָמערס: „בריף פון הויכלאַנד; אָדער דער הונגער פון 1847. לאָנדאָן 1848“, ז. ז. 12 — 28, טייל 2. די בריף זיינען ערשינען צוערשט אין „טיימז“. די ענגלישע עקאָנאָמען האָבען די הונגער־נויט פון די געלן אין 1847 נאַטירליך דערקלערט אַלס רעזולטאַט פון זייער— איבער־באַפעלקערונג. אַלענפאַלס האָבען זיי זיך „געשפּאַרט“ אויף זייע־ רע נאַהרונגס־מיטלען. — די „אָפּרייניגונג פון די גיטער“, אָדער ווי דאָס האָט געהייסען אין דייטשלאַנד „באַוערנלעגען“ האָט זיך באַזונדערס גע־ לאָזט פיהלען אין דייטשלאַנד נאָך דעם דרייסיג־יאָהריגען קריעג און האָט אין קורזאַקסען אַרויסגערופען פּויערים אויפשטאַנדען. זי האָט באַזונ־ דערס געהערשט אין מזרח־דייטשלאַנד. אין מעהרסטענטייל פּראָווינצען פון פּרייסען האָט ערשט פרידריך דער צווייטער פאַרזיכערט די פּויערים

פרעמדונג (פאַרכאַפּונג) פון די מלוכה־גיטער, דאָס באַגנב'ענען פון געמיינדע־אייגענטום, די אוזורפּאַטאָרישע, מיט גרענעצלאָזען טעראָר דורכגעפיהרטע פאַרוואַנדלונג פון דעם פעאָדאַלען און קלאַן־אייגענטום אין מאָדערנעם פּריוואַט־אייגענטום — דאָס זיינען די פיעלע אידילישע מעטאָדען פון דער אָנפאַנגליכער אָנזאַמלונג. זיי האָבען איינגענומען אַ פעלד פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט, האָבען געמאַכט דעם באָדען פאַר בלוט און פלייש פון'ם קאַפּיטאַל און האָבען געשאַפען פאַר דער שטאָדטישער אינדוסטריע דעם נויטיגען צופלוס פון פויגעל־פרייע פּראָלעטאַריער.

דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

## בלוטיגע געזעצגעבונג קעגען די עקספּראָפּריאירטע זינט דעם סוף פון 15טען יאָהרהונדערט. — געזעצען אַראָפּצודריקען דעם אַרבייט־לוין.

דער פויגעל־פרייער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז אַנטשטאַנען דורך דער אויפלייזונג פון די באַנדעס פון פעאָדאַלע הויף־דיענער און דורך דער מיט געוואַלד דורכגעפיהרטער עקספּראָפּריאירונג פון'ם

---

זייער אייגענטום־רעכט. נאָך דער עראָבערונג פון שלעזיען האָט ער גע־צוואונגען די ערד־באַזיצער אויפצובויען צוריק די הייזער, שייערן א.ד.ג., צו פאַרזאָרגען די פויערים־ווירטשאַפטען מיט פיה און אַרבייט־געצייג. ער האָט זיך גענויטיגט אין סאָלדאַטען פאַר זיין אַרמיי און אין שטייערן צאָהלער פאַר דער מלוכה־קאַסע. אגב, וואָס פאַר אַן אנגענעמען אַרט לעבען די פויערים האָבען געפיהרט אונטער פריעדריך'ס פינאַנץ־סיסטעם און רעגירונגס־מישמאַש פון דעספּאָטיזם, ביוראָקראַטיזם און פעאָדאַליזם, קאָן מען זעהן פון פאָלגענדער שטעלע אין בוך פון זיין פאַרעהרער מי־ראַבאָ: „פלאַקס איז איינס פון די גרעסטע רייכטימער פון דעם ערד־אַרבייטער אין צפון־דייטשלאַנד. צום אומגליק אָבער פאַר דעם מענשלי־כען מין איז עס נאָר אַ מיטעל קעגען אויסערגעוועהנליכער אָרימקייט, אָבער ניט קיין קוואַל פון וואוילשטאַנד. די דירעקטע שטייערן, די אַר־בייט אויפ'ן פריץ און די אַלערליי שולדיגקייטען דריקען דעם דייטשען פויער, וועלכער צאָלט נאָך פאַר אַלץ, וואָס ער קויפט, אינדירעקטע שטיי־ערן... און אַזוי ווי צוליב רואינירען איהם אינגאַנצען, איז איהם נאָך פאַרבאָטען צו פאַרקויפען זיינע פּראָדוקטען דאָרטען און אַזוי, ווי ער וויל. ער טאָר אויך ניט קויפען דאָס, אין וואָס ער נויטיגט זיך, ביי יענע הענדלער. וועלכע קאָנען עס איהם פאַרקויפען לויט נידעריגערע

באַדרען, האָט ניט געקאָנט ווערען איינגעזויגט פון דער אויפגעקומענער מאַנופאַקטור אַזוי שנעל ווי ער איז געבראַכט געוואָרען אויף דער וועלט. פון דער אַנדער זייט האָבען די, וואָס זיינען פלוצלונג אַרויסגעשליידערט געוואָרען פון זייער געוועהנליכער לעבענס־קאָלעע, אויך ניט געקאָנט אַזוי פלוצלונג צוגעוועהנען זיך צו דער דיסציפּלין פון דעם נייעם צושטאַנד. זיי זיינען מאַסענווייז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין בעטלער, רויבער, אַרומשלעפּער, טיילווייז אויס נייגונג אָבער אין מעהרסטע פעלען דורך דעם צוואַנג פון די אומשטענדען. און דערפון נעמט זיך, אין סוף פון 15־טען און אין משך פון גאַנצען 16־טען יאָהרהונדערט, אין גאַנץ מערב־אייראָפּאַ די געזעצען קעגען אַרומשלעפּעריי. די פאָטערס פון דעם איצטיגען אַרבייטער־קלאַס פלעגט מען באַשטראָפען דערפאַר, וואָס זיי זיינען געצוואונגען געוועזען צו ווערען אַרומשלעפּער און אָרימע לייט. די געזעצגעבונג האָט זיי באַהאַנדעלט ווי „פרייוויליגע" פאַרברעכער און זי האָט גערעכענט, אַז עס הענגט אָפּ פון זייער איינענעם גוטען ווילען צו געהן צוריק אַרבייטען אונטער די אַלטע אומשטענדען, וועלכע האָבען שוין ניט עקזיסטירט.

---

פּריזען. דאָס אַלץ רואינירט דעם פויער אומבאַמערקט און ער וואָלט ניט אימשטאַנד געוועזען צו צאָלען אין צייט די דירעקטע שטייערן, ווען ער וואָלט ניט געהאַט די שפּינעריי. די לעצטע טראָגט איהם אַריין אַ געוויסע איינקונפט, געבענדיג אַ נוצליכע באַשעפטיגונג זיין ווייב, זיינע קינדער, זיינע דיענער, זיינע אַרבייטער און אויך איהם אַליין. אָבער וואָס פאַר אַ קלאָגעדיג לעבען עס קומט איהם אויס צו פיהרען מיט דער דאָזיגער הילף־באַשעפטיגונג! זומער אַרבייט ער ווי אַ קאַטאָרזשניק ביים אַקערן און אָראָפּנעמען פון פעלד. ער לייגט זיך שלאָפען 9 אַ־זייגער און שטעהט־אויף 2 פאַר־טאָג, כדי ווי עס איז דורכקומען מיט זיין אַרבייט. ווינטער־צייט וואָלט ער אייגענטליך געדאַרפט דורך לענגערן אָפּרוהען זיך אַ־ביסעל אָפּפרישען זיינע כחות; אָבער עס וואָלט ביי איהם ניט געבליבען קיין תבואה צום עסען און פאַר זריעה, ווען ער וואָלט געמוזט נאָכ׳ן אָראָפּשניידען פאַרקויפען זיין גאַנצע תבואה, כדי צו באַצאָלען די שטייערן. ער מוז דעריבער, כדי צו פאַרשטאָפּען די דאָזיגע לאָך, שפּינען... ער מוז דערביי באַנוצען די גרעסטע פלייסיגקייט. אויף אַזאַ אופן לייגט זיך דער פויער ווינטער־צייט שלאָפען אַרום איינס אַ־זייגער ביינאַכט און שטעהט אויף אַרום 5 אָדער 6 פאַר־טאָג, און אַזוי געהט עס יעדען טאָג פון זיין לעבען, אויסער זונטאָג. דאָס דאָזיגע צו־

אין ענגלאנד האָט זיך די ראָזיגע געזעצגעבונג אָנגעפאנגען
פאר הענרי דעם 7־טען.

הענרי דער 8־טער, 1530: אַלטע און צו ארבייטען מעהר
אומפעהיגע בעטלער באקומען די ערלויבעניש צו בעטלען. געזונטע
ארומשלעפער, פארקערט, דארף מען אָפּשמייסען און פארשפארען
אין טורמע. מען דארף זיי צובינדען הינטער א וועגענדעל און
שמייסען, ביז בלוט זאָל שפּריצען פון זייער קערפּער; דערנאָך זאָ־
לען זיי שווערען, אז זיי וועלען זיך צוריקקערען אין זייער געבורט־
פּלאַץ אָדער אין דעם אָרט, וואו זיי האָבען געוואוינט די לעצטע
דריי יאָהר, און וועלען זיך צוריקנעמען צו דער ארבייט. וואָס פאר
אַן אכזריות'דיגע איראָניע! אין דעם קאפּיטעל 27 פון הענרי דעם
8־טען, ווערט דאָס פאָריגע געזעץ איבערגע'חזר'ט, נאָר עס ווערט
פארשטרענגערט דורך נייע צוגאָבען. ווען מען כאַפּט איינעם א
צווייטען מאָל ארומשלעפּען זיך, דארף מען איהם ווידער שמייסען
און אָפּשניידען איהם א האַלבען אויער. ביים דריטען מאָל אָבער
ווערט דער געבאַפּטער פאררעכענט אַלס שווערער פארברעכער און
פיינט פון דער געזעלשאפט און דארף הינגעריכטעט ווערען.

---

ווענינ שלאָפען און צופיעל־אַרבייטען מאַטערן אויס דעם מענשען און
דאָס איז די סבה, וואָס די מענער און פרויען אין דאָרף עלטערן זיך פיעל
פריהער, ווי אין שטאָדט." (מיראַבאָ: „וועגען דער פּרייסישער מאָנאַר־
כיע. לאָנדאָן 1788", באַנד 3, ז. 212 און פאָלגענדע.)

צוגאָב צו דער צווייטער אויסגאַבע. אין אַפּריל 1866, 18 יאָהר
נאָכדעם ווי דאָס אויבענציטירטע בוך פון ראָבערט סאָמערס איז פאַרעפענט־
ליכט געוואָרען, האָט דער פּראָפעסאָר לעאָן ליווויי געהאַלטען אַ פאָרטראָג
אין דער קוניגל־געזעלשאַפט וועגען דער פאַרוואַנדלונג פון די שאָף־פּיטער־
פּלעצער אין יאַגד־וועלדער און האָט דערביי געשילדערט דעם פאָרטשריט
פון פאַרוויסטונג, וואָס געהט אָן אויף די שאָטלענדישע הויכלענדער.
„... אַז אַ יאַגד־וואַלד זאָל פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון שאָף־פּיטער־פּלאַץ
איז אַ געוועהנליכע זאַך אויפ'ן הויכלאַנד. די שאָף ווערען פאָרטריבען
פון ווילדע היות, ווי מען האָט פריהער פאָרטריבען די מענשען, כדי צו
מאַכען אַ פּלאַץ פאַר די שאָף... מען קאָן געהן פון די גיטער פון גראָף
פון דאַלהאָוזי אין פאָרפאַרשיר ביז צו דזשאָן אָ'קראָוטס כסדר דורך
וואַלד. — אין פיעלע פון די וועלדער זיינען דער פוקס, די ווילדע קאַץ,
דער מאַרדער, דער באַרס, דער וויזעלטיר און דער אַלפּישער האָז שטענדיגע
איינוואוינער, און דער קעניגעל, די וועווערקע און די ראַט זיינען ניט

עדוארד דעם 6־טער: אַ געזעץ פון זיין ערשטען רעגירונגס־יאָהר, 1547, פאַראָרדענט, אז אויב איינער זאָגט זיך אָפּ צו אַרביי־טען, זאָל ער אָפּגעגעבען ווערען אַלס שקלאַף צו דער פּערזאָן, וועלכע האָט איהם פאַר׳מסר׳ט אַלס ליידיג־גייהער. דער בעל־הבית זאָל זיין שקלאַף ערנעהרען בלויז מיט ברויט און וואַסער, שוואַכע גע־טראַנקען און אַזוינע פלייש־אָפּפאַלען, וועלכע ער וועט געפינען פאַר פּאַסיג. ער האָט דאָס רעכט צו טרייבען איהם אויף יעדער אַרבייט, ווי עקעלהאַפט זי זאָל ניט זיין, דורך שמייסען און שמידען אין קיי־טען. אויב דער שקלאַף אַנטלויפט אויף צוויי וואָכען, ווערט ער פאַר־אורטיילט צו שקלאַפעריי אויף זיין גאַנצען לעבען, און מען דאַרף אויף זיין שטערן אָדער באַק אויסברענען דעם בוכשטאַב S; ווען ער אַנטלויפט צום דריטען מאָל, ווערט ער פאַררעכענט אַלס מלוכה־פאַרברעכער און דאַרף הינגעריכטעט ווערען. דער בעל־הבית מעג איהם פאַרקויפען, אָפּזאָגען בירושה, פאַרדינגען איהם אַלס שקלאַף, אַזוי ווי יעדעס אַנדערע באַוועגליכע אייגענטום אָדער פיה. ווען די שקלאַפען מאַכען אַ פּאַרזוך קעגען זייער האַר, דאַרפען זיי אויך הינגעריכטעט ווערען. פרידענס־ריכטער, באַקומענדיג אַ מסירה,

---

לאַנג אַהין געקומען. אומגעהייערע שטיקער באָדען וועלכע האָבען אין דער שאָטלענדישער סטאַטיסטיק פיגורירט אַלס אויסערגעוועהנליך פרוכט־באַרע פּיטער־פּלעצער, זיינען איצט אויסגעשלאָסען פון יעדער קולטור און פאַרבעסערונג און דיענען נאָר צום יאַגד־פאַרגעניגען פאַר עטליכע פּערזאָן, און דאָס אויך נאָר אין משך פון אַ קורצער צייט אין יאָהר".

דער „לאָנדאָן עקאָנאָמיסט" פון 2־טען יוני 1866 זאָגט: „אַ שאָט־לענדישע צייטונג דערצעהלט צווישען אַנדערע נייעס: איינע פון די בעס־טע שאָף־פאַרמס אין סאדהערלאנדשיר, פאַר וועלכער מען האָט ניט לאַנג, ווען דער ביז איצטיגער אַרענדע־קאָנטראַקט איז אויסגעגאַנגען, געבאָטען 1200 פונט סטערלינג, ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ יאַגד־וואַלד"! מיר זעהען דאָ, ווי די מאָדערנע פעאָדאַלע אינסטינקטען אַרבייטען... פּונקט אַזוי ווי אין דער צייט, ווען דער נאָרמאַנישער ערָאבערער... האָט צושטערט 36 דערפער, כדי צו מאַכען איין יאַגד־וואַלד... צוויי מיליאָן אַקער, צווישען וועלכע עס געפינען זיך איניגע פרוכטבאַרסטע פּלעצער פון שאָטלאַנד, זיינען געלאָזען אינגאַנצען וויסט און ליידיג. דאָס נאַ־טירליכע גראָז פון גלען־טילט רעכענט זיך צווישען די סאַמע נאַהרהאַפטסטע אין דער גראַפשאַפט פּוירטה; דער יאַגד־וואַלד פון בען אָלדער איז גע־ווען דער גרעסטער גראָז־באָדען אין דעם גרויסען באַדענאָק דיסטריקט;

דארפען דעם ארומשלעפער נאכשפירען. ווען זיך ארויסווייזען אז
דער ארומשלעפער האט זיך ארומגעדרעהט ליידיג דריי טעג, דארף
מען איהם ברייננגען אין זיין געבורטס־ארט, אויסברענען ביי איהם
אויפ'ן ברוסט מיט אן אנגעגליהטען אייזען דעם בוכשטאב V און
אויסשטעלען איהם דארטען א געשמידטען אויף גאס־ארבייט אדער
אויף אנדערע ארביים. ווען דער ארומשלעפער גיט אן ניט דעם
ריכטיגען געבורטס־ארט, זאל ער אלס שטראף אויף זיין גאנץ לע־
בען ווערען דער שקלאף פון דעם ארט, פון די איינוואוינער זיינע
אדער פון דער קארפאראציע, און מען זאל אויף איהם אפשטעמפ־
לען דעם בוכשטאב S. יעדער איינער האט דאס רעכט אפצונעמען
ביים ארומשלעפער זיינע קינדער און האלטען זיי אלס לערן־יונגען.
אינגלעך מעג מען האלטען ביז 24 יאהר און מיידלעך ביז 20. אויב
זיי אנטלויפען, זאלען זיי ביז צו דעם זעלבען עלטער פארבלייבען
שקלאפען פון זייערע בעלי־בתים, וועלכע קאנען זיי שמידען, שמיי־
סען א. ד. ג. ווי זיי ווילען. יעדער בעל־הבית דארף אנטאן אן
אייזערנעם רינג אויפ'ן האלז און אויף די הענט און פיס פון זיין
שקלאף, כדי ער זאל איהם בעסער דערקענען און זיין מיט איהם
זיכערער. דער לעצטער טייל פון דעם געזעץ באזארגט, אז גע־
וויסע ארימעלייט זאלען ווערען באנוצט צום ארבייטען פונ'ם פלאץ
אדער פון די איינצעלנע מענשען, וועלכע וועלען זיי געבען עסען

---

איין טייל פון דעם בלעק־מאונט וואלד איז געווען דאס בעסטע שאפ־
לענדישע פיטער־לאנד פאר די שווארץ־פנים'דיגע שאף. וועגען דער אויס־
ברייטונג פון דעם ליידיגען באדען, וואס איז פארלאזען געווארען פאר
די צוועקען פון יאגד־ליעבהאבעריי, קאן מען באקומען א פארשטעלונג פון
דעם פאקט, אז עס פארנעהמט א גרעסערן שטח, איידער די גאנצע גראפ־
שאפט פערטה. אויף וויפיעל דער באדען האט פארלארען אין פראדוק־
ציאנס־פעהיגקייט א דאנק דער דאזיגער גוואלדיגער פארוויסטונג, קאן
מען זעהן דערפון, וואס אויף דעם באדען פון דעם בען־אלדער־וואלד וואלט
מען געקאנט פיטערן 15,000 שעפסען, און אז עס פארנעמט נאר איין
דרייסיגסט־חלק פון דעם גאנצען יאגד־שטח פון שאטלאנד... דאס דאזיגע
גאנצע יאגד־לאנד איז אינגאנצען אומפראדוקטיוו... עס וואלט גאנץ גלייך
געקאנט פארטרונקען ווערען פון די ים־כוואליעס. צו אזעלכע ווילדער־
נישען און וויסטענישען, וואס זיינען געשאפען צוליעב פארגעניגען,
דארף די שטארקע האנט פון דער געזעצגעבונג מאכען א סוף."

און טרינקען און געפינען ארבייט פאַר זיי. די דאָזיגע ארט געמיינ־דע־שקלאַפען זיינען פארבליבען אין ענגלאַנד ביז טיעף אין 19־טען יאהרהונדערט אונטער דעם נאָמען אומגעהער (ראָונדסמען).

עליזאַבעט, 1572: בעטלער אָהן אַ ערלויבניש־צעטעל אין עלטער פון 14 יאָהר, אויב קיינער וויל זיי ניט נעמען אין דיענסט אויף צוויי יאָהר, זאָלען אומ׳ברחמנות׳דיג געשמיסען ווערען און מ׳זאָל זיי אָפּשטעמפּלען אויפ׳ן לינקען אויער. ווען מען כאַפּט איי־נעם בעטלען צום צווייטען מאָל, זאָל מען איהם טויטען, אויב ער איז עלטער פון 18 יאָהר, און אויב קיינער וויל איהם ניט נעמען אין דיענערשאַפט אויף צוויי יאָהר. כאַפּט מען איינעם אָבער צום דריטען מאָל, זאָל מען איהם אַלס מלוכה־פארברעכער היגריכטען אָהן יעדען רחמנות. עהנליכע געזעצען: 18, עליזאַבעט, קאַפּ. 13 און אַ צווייטער פון 1597.

דזשיימס דער 1־טער: איינער, וואָס וואַנדערט אַרום און בעטעלט, זאָל ערקלערט ווערען אַלס אַרומשלעפּער. די פרידענס־ריכטער — עס פארשטעהט זיך לויטער פּריצים, פאַבריקאַנטען, גלחים, ווען עס איז אָנגעטרויט דער גערעכטער משפט — זיינען בעפאָלמעכטיגט צו לאָזען איהם עפענטליך אָפּשמייסען, און ביים כאַפּען איהם צום ערשטען מאָל געבען איהם 6 מאָנאַטען טורמע, און צום צווייטען מאָל 2 יאָהר. בשעת זיי זיצען אין טורמע זאָל מען זיי אַזוי אָפּט און פיעל שמייסען, ווי דער פרידענס־ריכטער וועט געפינען פאַר גוט... די געפעהרליכע אַרומשלעפּער וואָס בעס־סערן זיך ניט, זאָל מען אויף דעם לינקען אַקסעל שטעמפּלען מיט דעם בוכשטאַב R און שטעלען אויף צוואַנג־ארבייט און כאַפּט מען זיי ווידער ביים בעטלען, זאָל מען זיי אָהן רחמנות היגריכטען. די דאָזיגע פאַראָרדנונגען זיינען געוועזן גילטיג ביז אין אָנהויב פון 18־טען יאָהרהונדערט און זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען ערשט דורך דעם באַפעהל 12 פון אננא, קאַפּ. 23.

עהנליכע געזעצען זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען אויך אין פראַנקרייך, וואו עס האָט זיך אין מיטען פון 17־טען יאָהרהונדערט אויסגעבילדעט אין פאַריז אַ מלוכה פון אַרומשלעפּער. נאָך אין דער ערשטער צייט פון לודוויג דעם 16־טען (דער באַפעהל פון 13־טען יולי 1777) האָט מען יעדען געזונטען מענשען אינ׳ם עלטער

פון 16 יאָהר ביז 60, אויב ער האָט ניט געהאַט קיין מלאכה און קיין מיטלען צום לעבען, פאַרשיקט אויף די גאַלערעס (אין קאַטאָרגע). עהנליך צו דעם איז דאָס געזעץ פון קארל דעם 5-טען, פון אָקטאָבער 1537, פאַר האָלאַנד; דער ערשטער עדיקט פון די שטאַטען און שטעדט פון האָלאַנד פון 19-טען מערץ 1614, דער „פּלאַקאַט" פון די פאַראייניגטע פּראָווינצען פון 25-סטען יוני 1649 א. ד. ג.

אזוי האָט מען ביי דער דאָרפישער באַפעלקערונג צוערשט מיט געוואַלד עקספּראָפּריאירט איהר באָדען, פאַריאָגט זי און מעהרסטענטייל פאַרוואַנדעלט אין ארומשלעפער, און שפּעטער דורך טעראָריסטישע געזעצען, דורך שמייסען, אָפּשטעמפּלען און פּייניגען צוגעוועהנט זי צו דער נויטיגער דיסציפּלין פון דעם לוין-ארבייט סיסטעם.

עס איז נאָך ניט גענוג, וואָס די ארבייט-באַדינגונגען אין דער פאָרמע פון קאַפּיטאַל ערשיינען אויף איין זייט פון דער געזעלשאַפט און אויף דער אנדער זייט ערשיינען מענשען, וואָס האָבען גאָרנישט צו פאַרקויפען, אויסער זייער ארבייט-קראַפט. עס איז אויך ניט גענוג צו צווינגען זיי, זיי זאָלען זיך פרייוויליג פאַרקויפען. אין׳ם גאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אַנטוויקעלט זיך אַן ארבייטער-קלאַס, וועלכער אנערקענט אַ דאַנק דער ערציהונג, טראַדיציע און געוועהנהייט די פאָדערונגען פון דעם דאָזיגען פּראָדוקציאָנס-אופן אלס אַ זעלבסט-פאַרשטענדליך נאַטור-געזעץ. די אָרגאַניזאַציע פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויסגעבילדעט, צוברעכט יעדען ווידערשטאַנד; די שטענדיגע רעלאַטיווע איבער-באַפעלקערונג האַלט דאָס געזעץ פון אָנבאָט און נאָכפראַגע פון ארבייט און דעריבער אויך פון ארבייט-לוין אין דער ריכטונג, וועלכע אַנטשפּרעכט די באַדערפעניסען פון קאַפּיטאַל. דער שטומער צוואַנג פון די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישען מאַכט ענד-גילטיג די הערשאַפט פון דעם קאַפּיטאַליסט איבער דעם ארבייטער. אונמיטעלבאַרע, ניט-עקאָנאָמישע געוואַלד-טהאַטען ווערען נאָך אפילו אַלץ אָנגעווענדט, אָבער בלויז אַלס אויסנאַם. בדרך כלל אָבער קאָן מען דעם ארבייטער איבערלאָזען צו די „נאַטור-געזעצען פון דער פּראָדוקציע", ד. ה. צו דער

אָפּהענגיגקייט פונ׳ם קאַפּיטאַל, וועלכע שפּראָצט ארויס פון די פּראָ־
דוקציאָנס־באַדינגונגען אליין און ווערען פון זיי גאַראַנטירט און
פאַראייביגט. די אויפגעקומענע בורזשואזיע באַנוצט זיך מיט דער
מלוכה־מאַכט און ווענדט זי אָן צו „רעגולירען“ דעם אַרבייטס־לוין,
ד. ה. צו אַריינשטויסען איהם אין אַזוינע גרעניצען, אַז זי זאָל קאָנען
מאַכען רעכטע פּראָפיטען, אַז דער אַרבייטס־טאָג זאָל פאַרלענגערט
ווערען און דער אַרבייטער אליין זאָל ווערען געהאַלטען אויף אַ
נאָרמאַלער שטופע פון אָפּהענגיגקייט. דאָס איז אַ וויכטיגער מאָ־
מענט אין דער אַזוי־גערופענער אָנפאַנגליכער אָנזאַמלונג.

דער קלאַס פון די לוין־אַרבייטער, וועלכער איז אָנטשטאַנען
אין דער לעצטער העלפט פון 14־טען יאָהרהונדערט, האָט דאַמאַלסט
און אויך אינ׳ם נעכסטען יאָהרהונדערט, געבילדעט בלויז אַ קליי־
נעם טייל פון דער באַפעלקערונג און איז געווען גוט געשיצט אין
זיין לאַגע דורך די זעלבסטשטענדיגע פּויערים־ווירטשאַפטען פון
דאָרף און דורך דער צעכען־אָרגאַניזאַציע פון שטאָדט. אין דאָרף
און אין שטאָדט זיינען די בעלי־הבתים און די אַרבייטער סאָציאַל
געשטאַנען נאָהענט איינע צו די אַנדערע. די אונטערוואָרפענקייט
פון די אַרבייטער אונטער דעם קאַפּיטאַל איז געווען נאָר אַ פאָר־
מעלע, ד. ה. דער פּראָדוקציאָנס־אופן אליין האָט נאָך ניט פאַרמאָגט
קיין ספּעציפישען קאַפּיטאַליסטישען כאַראַקטער. דער פאַרענדער־
ליכער טייל פונ׳ם קאַפּיטאַל האָט אויף זעהר פיעל איבערגעשטיגען
דעם שטענדיגען טייל. די נאָכפראַגע אויף לוין־אַרבייטער איז
דעריבער געוואַקסען זעהר שנעל מיט יעדער אָנזאַמלונג פון קאַפּי־
טאַל, אין דער צייט וואָס דער אָנבאָט פון לוין־אַרבייטער איז גע־
וואַקסען נאָר לאַנגזאַם. אַ גרויסער טייל פון דעם נאַציאָנאַלען פּראָ־
דוקט, וועלכער איז שפּעטער פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דעם אָנ־
זאַמלונגס־פאָנד פונ׳ם קאַפּיטאַל, איז נאָך דאַמאַלסט אַריין אין
געברויכס־פאָנד פון דעם אַרבייטער.

די געזעצגעבונג וועגען לוין־אַרבייט, שוין פון אָנהויב צוגע־
פּאַסט צו דער עקספּלואַטאַציע פונ׳ם אַרבייטער און אין איהר ווייַ־
טערדיגען גאַנג שטענדיג פיינדליך צו איהם, הויבט זיך אָן אין ענג־
לאַנד מיט דעם „סטאַטוטען וועגען אַרבייטער“ פון עדוואַרד דעם
3טען, 1349. אין פראַנקרייך אַנטשפּרעכט איהם די פאַראָרדנונג

פון 1350, ארויסגעגעבען אין נאָמען פון קעניג זשאן. די ענגלישע און פראַנצויזישע געזעצגעבונג געהען פּאַראַלעל און זיינען עהנליך אין זייער אינהאַלט. אויף וויפיעל די ארבייטער־געזעצען האָבען נעשטרעבט צו פאַרלענגערן דעם ארבייטס־טאָג, וועל איך זיך מעהר צו זיי ניט צוריקקערען, ווייל איך האָב זיי פריהער בעהאַנדעלט (8־טער קאַפּיטעל, 5).

דער סטאַטוט וועגען ארבייטער (ארבייטער־געזעץ) איז אַרויס־גענגעבען געוואָרען פון דעם „האוז אָוו קאָמאָנס" (אונטערשטע פּאַ־לאַטע פון פּאַרלאַמענט). „פריהער — זאָגט נאַאיוו א טאָריע — האָבען די אָרימעליים געפּאָדערט אזא הויכען ארבייט־לוין, אז זיי האָבען גערראָהט דער אינדוסטריע און דעם רייכטום. איצט איז זייער לוין אזוי נידעריג, אז ער דראָהט אויף דער אינדוסטריע און דעם רייכטום, אָבער אויף אַן אנדער אופן און פּיליינט נאָך גע־פערליכער, איידער דאַמאָלסט". עס איז פעסט־געשטעלט געוואָרען א געזעצליכער לוין־טאַריף פאַר שטאָדט און דאָרף, פאַר שטיק־אר־בייט און טאָג־ארבייט. די דאָרף־ארבייטער האָבען זיך געדארפט פאַרדינגען אויף א יאָהר, די שטאָדטישע — „אויפ'ן אָפענעם מארק". עס ווערט פאַרבאָטען, אונטער דער שטראָף פון טורמע, צו צאָלען א העכערן לוין, איידער דעם געזעצליכען; אָבער נעמען העכערן לוין ווערט נאָך שטרענגער באַשטראָפט, ווי צאָלען אזא. אזוי ווערט נאָך אין די אָפּטיילונגען 18 און 19 פון עליזאַבעט'ס געזעץ וועגען לערן־יונגען באַשטימט די שטראָף פון צעהן טאָג טורמע פאַר דעם, וואָס צאָלט א העכערן לוין, אָבער גאַנצע איין־און־צוואַנציג טעג טורמע פאַר דעם וואָס נעמט א העכערן לוין. א געזעץ פון יאָהר 1360 מאַכט די שטראָפען שטרענגער און באַפאָלמעכטיגט דעם בעל־הבית צו צווינגען דעם ארבייטער דורך קערפּערליכע שטראָף (דורך שמייז) צו ארבייטען פאַר דעם געזעצליכען לוין־טאַריף. אלע פאַראייניגונגען, אָפּמאַכען און שבועות, דורך וועלכע די מויערער און בויער פלעגען זיך פאַרבינדען צווישען אנאנד, זיינען ערקלערט געוואָרען אלס בטל ומבוטל. יעדע פאַראייניגונג פון ארבייטער ווערט גערעכענט אלס א שווערער פאַרברעכען, פונ'ם 14־טען יאָהרהונדערט ביז 1825, דעם יאָהר ווען עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען די געזעצען קעגען די טרייד־יוניאָנס (פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען). דער גייסט פון

דעם ארבייטער־געזעץ פון 1349 און פון די, וואָס זיינען ארויסגע־
געבען געוואָרען נאָך איהם, ווערט קלאָר דערפון, וואָס עס ווערט
אין זיי באשטימט א מאקסימום פון לוין אָבער פאַר קיין פאַל ניט
קיין מינימום.

אין 16־טען יאָהרהונדערט האָט זיך די לאַגע פון די ארביי־
טער, ווי באוואוסט, שטארק פארערגערט. דער געלט־לוין איז גע־
שטיגען, אָבער ניט אין פארגלייך מיט דעם, אויף וויפיעל דער
פרייז פון געלט איז געפאלען און אויף וויפיעל עס איז צוזאמען
דערמיט געשטיגען דער פרייז פון פראָדוקטען. אין דער ווירקליכ־
קייט אלזאָ איז דער לוין געפאלען. און דאָך האָבען אלץ עקזיסטירט
די געזעצע, וועלכע האָבען געציעלט צו ארונטערדריקען דעם לוין צו־
זאמען מיט די געזעצען וועגען אָפּשניידען דעם אויער און שטעמפּ־
לען די, „וועמען קיינער וויל ניט נעמען אין דיענערשאַפט" — דאָס
געזעץ וועגען לערן־יונגען פון עליזאבעט, 5 קאַפּ. 3, האָט געגעבען
די פרידענס־ריכטער די פאָלמאכט פעסטצושטעלען דעם לוין פאַר
געוויסע ארבייטער און ענדערן איהם לויט די צייטען פון יאָהר און
לויט דעם פרייז פון סחורות. דזשיימס דער 1־טער האָט אויסגע־
ברייט די דאָזיגע רעגולירונג פון דער ארבייט אויך אויף די וועבער,
שפּינער און אלע אנדערע קאַטעגאָריעס ארבייטער.*) דזשאָרדזש

*) פון איין אַרטיקעל פונ׳ם סטאַטוט 2 פון דזשיימס דעם 1־טען,
קאַפּ. 6, קאָן מען זעהן, אַז איניגע געוואַנט־מאַכער האָבען באַקומען דאָס
אויסנאַם־רעכט אַליין אָפיציעל אַלס פרידענס־ריכטער צו דיקטירען דעם
לאַנד־טאַריף אין זייערע אייגענע וואַרשטאַטען. — אין דייטשלאַנד זיינען
באַזונדערס נאָך דעם דרייסיג־יעהריגען קריעג אָפט אַרויסגעגעבען געוואָ־
רען געזעצען צו אַרונטערדריקען דעם אַרבייט־לוין. „דער מאַנגעל אין
דיענער און אַרבייטער האָט פאַרשאַפט פיעל זאָרגען די ערד־באַזיצער אויף
זייערע גיטער, וואָס זיינען געווען ליידיג פון מענשען. אַלע איינוואוי־
נער פון דאָרף האָט מען פאַרבאָטען צו פאַרדינגען צימערן צו ניט־פאַר־
הייראטע מענער אָדער פרויען. וועגען אַלע אַזוינע אומפאַרהייראַטע האָט
מען געדאַרפט מעלדען דער פּאָליציי און מען האָט זיי געדאַרפט פאַרזעצען
אין טורמע, אין פאַל זיי האָבען זיך אַנטזאַגט אָנצוקומען אַלס דיענער,
ווען זיי פלעגען אפילו געפינען פאַר זיך מיטלען צום לעבען דורך אַנדע־
רע אַרבייט, ווי דורך זייהען פאַר׳ן פויער פאַר אַ געוויסען טעגליכען לוין,
אָדער דורך האַנדלען מיט געלט און מיט תבואה (קייזערליכע פריווילע־

דער 2־טער האָט אויסגעבריט די געזעצען קעגען ארבייטער־פאַר־איינינונג אויף אַלע מאַנופאַקטורען.

אין דעם מאַנופאַקטור־פּעריאָד אין אייגענטליכען זין איז דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן אויף אזוי פיעל שטאַרק גע־וואָרען, אז די געזעצען צו רעגולירען דעם אַרבייט־לוין זיינען גע־וואָרען איבעריג, נאָר מען האָט אָנפאַנגס געוואָלט האָבען גרייט די געוועהר פון אַלטען אַרסענאַל אויף אַ פאַל פון נויט. נאָך האָט דאָס געזעץ 8 פון דזשאָרדזש דעם 2־טען פאַרבאָטען צו צאָלען די שניי־דער־פּועלים אין לאָנדאָן און דער אומגעגענט מעהר ווי 2 שילינג 7½ פּענס אַ טאָג אויסער אין פאַלען פון אַלגעמיינעם טרויער; נאָך האָט דאָס געזעץ 13 פון דזשאָרדזש דעם 3־טען קאַפּ. 68 אי־בערגעלאָזען צו די פרידענס־ריכטער די רעגולירונג פון דעם אַרבייט־לוין פון זייד־אַרבייטער; נאָך אין 1796 האָבען די העכערע געריכט־אַנשטאַלטען צוויימאָל געדאַרפט אַנטשיידען, צי די באַפעהלען פון די פרידענס־ריכטער וועגען אַרבייט־לוין זיינען גילטיג אויך פאַר ניט־לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבייטער; נאָך אין 1799 האָט אַן אַקט פון פּאַרלאַמענט באַשטעטיגט, אַז דער לוין פון די מינען־אַרבייטער פון שאָטלאַנד ווערט רעגולירט דורך אַ סטאַטוט פון עליזאַבעט׳ס צייטען און דורך צוויי שאָטלענדישע אַקטען פון 1661 און 1671. אויף ווי וויים די באַדינגונגען האָבען זיך דערווייל אומגעביטען,

---

גיעס און סאַנקציעס פאַר שלעזיען, 1, 125). אין משך פון אַ גאַנצען יאָהרהונדערט הערען זיך נאָכאַנאַנד אין אַלע פאַראָרדנונגען פון די לאַנד־פירשטען ביטערע קלאָגעריען וועגען די פאַרפלוכטע, חוצפה׳דיגע אויס־וואורפען, וועלכע פאַסען זיך ניט אַריין אין די שווערע באַדינגונגען און שטעלען זיך ניט צופרידען מיט דעם געזעצליכען לוין; דעם איינצעלנעם ערד־באַזיצער ווערט פאַרבאָטען צו צאָהלען מעהר, איידער די גאַנצע סביבה האָט באַשטימט אין איהר טאַקסע. און דאָך זיינען די באַדינגונגען פון דער אַרבייט נאָך דעם קריעג צייטענווייז געווען בעסער, איידער זיי זוי־נען געווען מיט 100 יאָהר שפּעטער; אין 1652 האָט נאָך יעדע געזינד אין שלעזיען צוויי מאָל אין וואָך געגעסען פלייש, אין דער צייט וואָס אין אונזער יאָהרהונדערט זיינען דאָרטען נאָך גאָר ניט לאַנג געווען דיסטריק־טען, וואו זיי האָבען געהאַט פלייש נאָר דריי מאָל אין יאָהר. אויך דער טאָג־לוין איז נאָכ׳ן דרייסיגיעהריגען קריעג געווען העכער איידער אין דעם נעכסטען יאָהרהונדערט". (ג. פריימאַג.)

באַוויזט אַ צופאַל, ביז דאַמאָלסט אַן אומערהערטער, אינ'ם אונ־טערשטען הויז פון ענגלישען פּאַרלאַמענט. דאָ, אין דעם פּלאַץ, וואו מען האָט אין משך פון 400 יאָהר פאַבריצירט בלויז געזעצען וועגען דעם מאַקסימום פון אַרבייט־לוין, איבער וועלכען דער לוין טאָר בשום אופן ניט שטייגען, האָט וואַהיטברעד אין 1769 פאָרגעשלאָגען אַ געזעצליכען מינימום־לוין פאַר לאַנדווירטשאַפט־ליכע אַרבייטער. און הגם פּיט האָט זיך געשטעלט קעגען איהם, האָט ער דאָך צוגעגעבען, אַז „די לאַגע פון די אָרימע אַרבייטער איז שרעקליך". ענדליך, אין 1813, זיינען די געזעצען וועגען רע־גולירען דעם אַרבייטער־לוין אָפּגעשאַפט געוואָרען. זיי זיינען גע־וואָרען אַ לעכערליכע אַנאָמאַליע זינט דער קאַפּיטאַליסט האָט אָנ־געהויבען צו רעגולירען די פאַבריק דורך זיינע פּריוואַטע פאַראָרד־נונגען און האָט דערצו געקאָנט דורך דעם אָרימעלייט־שטייער דורכ־פיהרען דעם לוין פון די לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבייטער ביז דעם נויטיגען מינימום. די באַשטימונגען פון די אַרבייטער־געזעצען וועגען קאָנטראַקטען צווישען די בעלי־בתים און די לוין־אַרבייטער, וועגען דער צייט פון אויפזאָגען דעם קאָנטראַקט א. ד. ג., וואָס האָבען ערלויבט צו פאַרפאָלגען דעם בעל־הבית פאַר ברעכען דעם קאָנ־טראַקט נאָר אין ציוויל־געריכט, אָבער דעם אַרבייטער פאַר ברע־כען דעם קאָנטראַקט — אין קרימינעלען געריכט, זיינען נאָך אין קראַפט ביז היינטיגען טאָג.*)

די גרויזאַמע געזעצען קעגען פאַראייניגונג זיינען געפאַלען אין 1825 איבער דער דראָהענדער שטעלונג פון די אַרבייטער. אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם זיינען זיי געפאַלען בלויז טיילווייז. איינינע שעהנע איבערבלייבעכצען פון דעם אַלטען געזעץ זיינען פאַרשוואונדען ערשט אין 1859. ענדליך האָט דער אַקט פון פּאַר־לאַמענט פון 29־סטען יוני 1871 געזאָלט אָפּשאַפען די לעצטע שפּו־רען פון דער דאָזיגער קלאַס־געזעצגעבונג דורך דער געזעצליכער אָנ־ערקענונג פון די טרייד־יוניאָנס. אָבער אַ פּאַרלאַמענטאַרישער אַקט פון דעם זעלבען דאַטום (אַן אַקט צו אַמענדירען דאָס קרימי־נאַל־געזעץ בנוגע צו גוואַלד־טאַט, דראָהונגען און שטערונג צו אַר־

*) זיי זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען אין 1875.

בייטען) האָט פּאַקטיש צוריקגעשטעלט די פאָריגע לאַגע אין אַ נייער פאָרמע. דורך די דאָזיגע פּאַרלאַמענטאַרישע קונצשטיק־מאַכעריי האָט מען די מיטלען, מיט וועלכע די אַרבייטער האָבען זיך געקאָנט באַנוצען ביי אַ סטרייק אָדער אַ לאָקאוט, אַרויסגענומען פון דער ספערע פון אַלגעמיינעם געזעץ און געשטעלט זיי אונטער אַן אויסנאַמליכער שטראָף־געזעצגעבונג, וועמעס אויסטייטשונג עס איז איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענט פון די פאַבריקאַנטען אליין, ווייל זיי זיינען געווען די פרידענס־ריכטער. מיט צוויי יאָהר פריהער האָט דאָסזעלבע אונטער־הויז און דערזעלבער גלאַדסטאָון אויף דעם זעלבען עהרליכען אופן אריינגעטראָגען אַ געזעץ־פּראָיעקט וועגען אָפּשאַפען אַלע אויסנאַמס־שטראָף־געזעצען קעגען דעם אַרבייטער־קלאַס, אָבער ווייטער ווי ביז צו דער צווייטער לעזונג האָט מען איהם קיינמאָל ניט דערלאָזט; און אַזוי האָט מען די זאַך פאַרשלעפּט אַזוי לאַנג, ביז די „גרויסע ליבעראַלע פּאַרטיי“ האָט דורך איהר אַליאַנס מיט די טאָריעס באַקומען מוט צו שטעלען זיך אַנטשיידען קעגען דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט זי אריינגעבראַכט אין מאַכט. ניט צופרידענשטעלענדיג זיך מיט דעם דאָזיגען פאַרראַט, האָט די „גרויסע ליבעראַלע פּאַרטיי“ ערלויבט די ענגלישע ריכטער, וואָס זיינען שטענדיג „גרייט צו דיענסטען“ פאַר דעם הערשענדען קלאַס, ווידער אויסצוגראָבען די אַלטע געזעצען קעגען „פאַרשווערונגען“ און אָנצואווענדען זיי קעגען אַרבייטער־פאַראייניגונגען. מיר זעהען, אַז נאָר קעגען זיין איינענעם ווילען און אונטער דעם דרוק פון די מאַסען, האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט אויפגעגעבען די געזעצען קעגען סטרייקס און טרייד־יוניאָנס נאָכדעם ווי ער אַליין האָט אין משך פון פינף יאָהרהונדערט פונקציאָנירט מיט דער צינישער אומפאַרשעמטקייט אַלס אַ שטענדיגע טרייד־יוניאָן פון די קאַפּיטאַליסטען קעגען די אַרבייטער.

פון דער אַנדער זייט האָט די בורזשואַזיע אין פראַנקרייך גלייך אין אָנהויב פון דעם רעוואָלוציאָנס־שטורם געוואָגט ווידער אָפּצונעמען ביי די אַרבייטער דאָס רעכט פון פאַראייניגונג, וואָס איז ערשט ערגעבערט געוואָרען. דורך דעם געזעץ פון 14־טען יוני 1791 האָט זי ערקלערט אַלע אַרבייטער־פאַראייניגונגען אַלס „אַטענטאַט אויף דער פרייהייט און אויף דער דעקלאַראַציע פון מענשען־

רעכט" און אונטערגעוואָרפען זיי אונטער א שטראָף פון 500 ליווּר און איין יאָהר פארלוסט פון אקטיווע בירגער־רעכט. דאָס דאָזיגע געזעץ, וואָס האָט דורך פּאָליציי־אישער מאכט איינגעצוימט דעם קאָנקורענץ־קאמפּף צווישען קאפּיטאל און ארבייט אין די גרעניצען, וועלכע זיינען באקוועם פאר דעם קאפּיטאל, האָט איבערגעלעבט רע־וואָלוציאָנען און דעם אומבייט פון דינאסטיעס. אפילו די טעראָר־רעגירונג האָט עס געלאָזט אונגעריהרט. ערשט גאָר ניט לאנג האָט מען עס אויסגעשטראָכען פון דעם שטראָף־קאָדעקס.

קיין זאך איז ניט מעהר כאראקטעריסטיש, איידער דער תירוץ פון דעם דאָזיגען בירגערליכען מלוכה־שטרייך. שאפּעליע, דער באריכט־אָפּגעבער פאר דער נאציאָנאלער פארזאמלונג, וועמען קאַ־מיל דעמולען רופט אָן „עלענדער רעכט־האָבער", האָט געזאָגט: „הגם עס איז ווינשענסווערט, אז דער ארבייט־לוין זאָל שטייגען העכער, איידער ער שטעהט איצט, כדי דער וואָס באקומט איהם זאָל ניט זיין אין אן אבסאָלוטער אָפּהענגיקייט, וועלכע ווערט ארויסגערופען דורך דעם, וואָס עס פעהלען איהם די נויטיגסטע לעבענסמיטלען, אָן אָפּהענגיגקייט, וועלכע איז כמעט עהנליך צו שקלאפעריי", דאך טאָרען די ארבייטער ניט צופריידען זיך צווי־שען זיך וועגען זייערע אינטערעסען און געמיינזאם האנדלען כדי דורכדעם צו פארקלענערן זייער „אבסאָלוטע אָפּהענגיגקייט, וועלכע איז עהנליך צו שקלאפעריי", ווייל דערמיט וואָלטען זיי אָנגעריהרט „די פרייהייט פון די געוועזענע בעלי־מלאכות, די איצטיגע אונ־טערנעמער" (די פרייהייט צו האלטען די ארביימער אין שקלא־פעריי!), און ווייל א פאראייניגונג קעגען דער דעספּאָטיע פון די אַמאָליגע צעך־בעלי־מלאכות — טרעפט וואָס! — וואָלט צוריק־געשטעלט די צעכען־אָרגאניזאציע, וואָס איז אָפּגעשאפט געוואָרען דורך דער פראנצויזישער קאָנסטיטוציע!

# דאָס אויפקומען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פאַרמער.

נאָכדעם ווי מיר האָבען באטראכט די מיט גוואַלד־דורכגע־פיהרטע שאַפונג פון די פויגעל־פרייע פּראָלעטאַריער; די בלוטיגע דיסציפּלין, וועלכע האָט זיי פארוואנדעלט אין לוין־ארבייטער; די שמוציגע מלוכה־טאַטען, וועלכע האָבען, פארגרעסערענדיג די עקס־פּלואטאציע פון די ארבייטער, דורך פּאָליציייאישע מיטלען פאַר־שנעלערט די אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל, — דארפען מיר שטעלען די פראַגע: פון וואַנען־זשע האָבען זיך די קאַפּיטאַליסטען גענומען? ווייל די עקספּראָפּריאירונג פון די פויערים שאַפט אוממיטעלבאַר נאָר גרויסע ערד־באזיצער. וואָס איז שייך צו דער אַנטשטעהונג פון די פארמער־ארענדאטאָרס, קאָנען מיר דאָס, אזוי צו זאָגען, מיט די הענט אָנטאַפּען, ווייל דאָס איז אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס, וואָס האָט זיך געצויגען אין משך פון פיעל יאהרהונדערטער. די לייב־אייגענע אליין, און אויך די פרייע קליינע ערד־אייגענטימער, האָבען זיך געפונען אין זעהר פארשיידענע פארהעלטענישען פון אייגענ־טום און זיינען דעריבער באפרייט געוואָרען אויף אונטער זעהר פארשיידענע עקאָנאָמישע באדינגונגען.

אין ענגלאַנד איז דער ערשטער ארענדאטאָר־פארמער געוועזען דער באַיליף (עקאָנאָם, פארוואַלטער פון פריצישען גוט), אליין אַ לייב־אייגענער. זיין לאַגע איז עהנליך צו דער לאַגע פון דעם רוי־מישען „וויליקוס", נאָר אין אַן ענגערן ווירקונגס־קרייז. אין משך פון דער צווייטער העלפט פון 14־טען יאָהרהונדערט ווערט ער פאַר־ביטען דורך אַן ארענדאטאָר, וועלכען דער פריץ פארזאָרגט מיט זריעה, פיה און אַקער־געצייג. די לאַגע פונ'ם ארענדאטאָר שיידט זיך זעהר ווייניג אונטער פון דער לאַגע פונ'ם פויער. ער עקספּלואַ־טירט בלויז מעהר ארבייטער. באַלד ווערט ער אַ מעטיע, אַ האַל־בער ארענדאטאָר. ער שטעלט צו איין טייל פון דעם קאַפּיטאַל, וואָס איז נויטיג צו דער ארבייט, דער פריץ דעם צווייטען און ביי־

רע טיילען די איינטראָג־פּראָדוקטען אין אַ פּראָפּאָרציע, וואָס ווערט באַשטימט אין קאָנטראַקט. די דאָזיגע פאָרמע פארשווינדט אין ענגלאַנד גאַנץ שנעל, און איהר אָרט פאַרנעמט דער ריכטיגער אָרענ־דאַטאָר, וועלכער לאָזט וואַקסען זיין קאַפּיטאַל, באַנוצענדיג לוין־אַרבייטער, און צאָלט אַ טייל פון דעם מעהר־פּראָדוקט — אין געלט אָדער אין נאַטור (אין פּראָדוקטען) — דעם לאַנדלאָרד, אַלס ערד־רענט.

כל־זמן דער אומאָפּהענגיגער פויער און דער פּאַרעבאָק, וואָס האָט צוגלייך מיט זיין דיענען פאַר שכירות אויך געפיהרט אַ זעלבסטשטענדיגע ווירטשאַפט, פלעגען אין משך פון 15־טען יאהר־הונדערט ציהען זייער חיונה פון זייער אַרבייט, זיינען די אומשטענ־דען פאַר'ן פאַרמער־אַרענדאַטאָר און זיין אַרבייט־פעלד געווען ביי־דע גלייך מיטעלמעסיג. די לאַנדווירטשאַפטליכע רעוואָלוציע אין לעצטען דריטעל פון 15־טען יאהרהונדערט, וועלכע האָט אויך גע־דויערט אין משך פון דעם גאַנצען 16־טען יאהרהונדערט (מיט'ן אויסנאַם דאָך פון די לעצטע צעהנדליגער יאָהר) האָט איהם, דעם אַרענדאַטאָר, פונקט אַזוי שנעל באַרייכערט, ווי זי האָט די דאָרפי־שע באַפעלקערונג פאַראָרימט. די אוזורפּירונג פונ'ם געמיינדע־באָדען א. ד. ג. האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט אויף פיעל צו פאַרמעהרען זיין פיה־רייכטום כמעט אָהן יעדע אויסגאַבען, אין דער צייט וואָס ער האָט פון דעם דאָזיגען פיה אַרויסגעצויגען ריינעם פּראָפיט סיי באַנוצענדיג איהם ביי דער פעלד־אַרבייט, סיי דורך פאַרקויפען און סיי דורך אויסנוצען זיין מיסט פאַר דעם באָדען.

אין 16־טען יאהרהונדערט איז צוגעקומען אַן אנטשיידענד־וויכטיגער מאָמענט. דאַמאַלסט פלעגען די אַרענדע־קאָנטראַקטען זיין אויף לאַנגע טערמינען, אָפט אויף 99 יאָהר. דאָס כסדר'דיגע פאַלען פונ'ם ווערט פון די עדעלע מעטאַלען און דעריבער אויך פון געלט פלעגט דעם אַרענדאַטאָר אריינברענגען גאָלדענע פרוכט. און אָפּגעזעהן פון די אַלע אויבענדערמאָנטע אומשטענדען האָט ער אַלץ מעהר געשניטען דעם אַרבייט־לוין. אַ טייל פונ'ם לעצטען איז איצט צוגעגעבען געוואָרען צו די אַרענדע־פּראָפיטען. די פּרייזען אויף תבואה, וואָל, פלייש, קורץ אויף אַלע פּראָדוקטען פון לאַנדווירט־שאַפט זיינען כסדר געוואַקסען און האָבען אַלץ דיקער געמאַכט דאָס

געלט־בייטעל פון דעם ארענדאטאָר אָהן יעדע מיה פון זיין זייט, אין דער צייט וואָס די ערד־רענט, וואָס ער האָט געדאַרפט צאָלען האָט זיך גערעכענט לויט דעם אַלטען ווערט פון געלט *) אַזוי איז ער גלייכצייטיג רייכער געוואָרען סיי אויפ'ן רעכענונג פון זיינע

*) וועגען דעם איינפלוס, וואָס דאָס פאַלען פונ'ם ווערט פון געלד אינ'ם 16־טען יאהרהונדערט האָט געהאַט אויף פאַרשיידענע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט: „אַ קאָמפּענדיום אָדער אַ קורצע אונטערזוכונג וועגען איניגע געוועהנליכע באַקלאָגונגען פון אונזערע פאַרשיידענע לאַנדסלייט אין אונזערע צייטען“. פון וו. ס. דזשענטעלמען (לאָנדאָן 1581). די דיאַלאָגישע פאָרמע פונ'ם בוך האָט געהאָלפען, אַז מען זאָל עס אַ לאַנגע צייט צושרייבען שעקספּיר'ן, און נאָך אין 1751 האָט מען עס אַרויס־געגעבען אונטער זיין נאָמען. דער אמת'ער מחבר זיינער איז וויליאַם סטאַפאָרד. אין איין אָרט רעזאָנירט דער ריטער אַזוי:

דער ריטער: „איהר, מיין שכן, דער לאַנד־ווירטשאַפטלער, איהר, העהר קרעמער און איהר פעטער שמיעד און אַנדערע האַנטווערקער, איהר אַלע קאָנט אָפּהיטען אייערע אינטערעסען גאַנץ גוט. ווייל אויף אַזוי פיעל אויף וויפיעל אַלע זאַכען זיינען איצט טייערער געוואָרען, ווי זיי זיינען געוועזען, אויף אַזוי פיעל העכערט איהר די פרייזען אויף אייערע פראָדוקטען אָדער באַשעפטיגונגען וואָס איהר פאַרקויפט. מיר האָבען אָבער גאָרנישט צו פאַרקויפען, ביי וואָס מיר זאָלען קאָנען העכערען דעם פרייז, כדי צו שטעלען עס אַנטקעגען די זאַכען, וועלכע מיר מוזען קוי־פען“. — אויף אַ צווייטען אָרט פרעגט דער ריטער דעם דאָקטאָר: „איך בעט אייך, וואָס זיינען דאָס פאַר אַ מענשען, וועמען איהר מיינט? און פריהער פאַר אַלץ ווער זיינען דאָס די, וואָס דאַרפען דערביי גאָרנישט ניט פאַרלירען?“ — דאָקטאָר: „איך מיין יענע אַלע, וואָס לעבען פון קויפען און פאַרקויפען, ווייל ווי זיי צאָהלען טייער, אַזוי פאַרקויפען זיי עס אויך דערנאָך“. — ריטער: „און וואָס זיינען דאָס פאַר מענשען, וועלכע, ווי איהר זאָגט, געווינען דערביי?“ — דאָקטאָר: „אָה, יע! דאָס זיינען די, וואָס בעאַרבייטען אַ פאַרם, לויט דעם אַלטען רענט־חשבון. ווייל אין דער צייט וואָס זיי צאָלען רענט לויט דעם אַלטען ווערט פון געלט, פאַרקויפען זיי זייערע פּראָדוקטען לויט דעם נייעם; דאָס הייסט: זיי צאָלען פאַר דעם באָדען זעהר ביליג און פאַרקויפען אַלץ, וואָס עס וואַקסט דערויף, טייער...“ — ריטער: „און וואָס זיינען דאָס פאַר מענשען, וועלכע, ווי איהר זאָגט, פאַרלירען דערביי מעהר, איידער יענע געווינען?“ — דאָקטאָר: „דאָס זיינען די אַדעל־לייט, ריטער און אַלע אַנדערע, וואָס לעבען פון אַ פעסטגעשטעלטער רענטע אָדער געהאַלט, אָדער וואָס פאַרבייטען אַליין ניט זייער באָדען אָדער באַשעפטיגען זיך ניט מיט קויפען און פאַרקויפען“.

לוין־ארבייטער סיי אויפ'ן רעכענונג פון זיין לאַנדלאָרד. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס ענגלאַנד האָט אין סוף פון 16־טען יאָהרהונדערט געהאַט א קלאַס פון, לויט די דאַמאַלסדיגע פאַר־העלטנישען, רייכע קאפּיטאַליסטישע ארענדאַטאָרס־פאַרמער *)

צוויי און דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

## די ווירקונג פון דער לאַנדווירטשאַפטליכער רע־וואָלוציע אויף דער אינדוסטריע. די שאַפונג פונ'ם אינערליכען מאַרק פאַר דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל.

די עקספּראָפּריאירונג און פאַריאָגונג פון דער דאָרפישער באַ־פעלקערונג, וואָס איז פאָרגעקומען שטויסענווייז אָבער האָט זיך כסדר ווידערהאָלט, האָט, ווי מיר האָבען געזעהן, צוגעשטעלט פאַר דער שטאָדטישער אינדוסטריע אלץ נייע און נייע מאַסען פּראָלע־טאריער, וואָס זיינען געשטאַנען אויסער יעדער שייכות מיט די צעכען, א גליקליכער אומשטאַנד, וועלכער האָט ביים אַלטען א. אנ־דערסאָן (מען דאַרף ניט צונויפּמישען מיט דזשיימס אנדערסאָן) אין זיין האַנדעלס־געשיכטע ארויסגערופען דעם גלויבען אין א דירעק־

*) אין פראַנקרייך איז דער רעזשיסאָר, וועלכער איז אין אָנהויב פון מיטעלאַלטער געווען דער פאַרוואַלטער און דער קאָלעקטאָר פון די שולדיגקייטען פאַר דעם פעאָדאַל, אין גיכען געוואָרען זיין געשעפטס־פיה־רער, וואָס האָט דורך אויספּרעסונגען און אָפּנאַרעריי זיך אַרויפגעשווינ־דעלט אויף אַ קאַפּיטאַליסט. די דאָזיגע רעזשיסאָרס זיינען אָפטמאָל אַליין געווען גרויסע יחסנים. צום ביישפּיעל: „דאָס איז דער חשבון, וואָס העדר זשאַק דע טאָרען, ריטערליכער קאַסטעלאַן פאַר בעזאַנסאָן, שטעלט צו זיין האַר, וועלכער פיהרט אין דיזשאָן אַ רעכענונג פאַר דעם הערצאָג און גראַף פון בורגונדיע וועגען די רענטען, וואָס געהערען דעם אָנגעצייגטען שלאָס פון 25־סטען דעצעמבער 1359 ביז צום 28־סטען דעצעמבער 1369 (אַלעקסיס מאָנטעיל: „די געשיכטע פון די מאַנוסקריפּ־טען, מאַטעריאַלען א. אַז. וו., ז. 244). עס ווייזט זיך שוין דאָ אַרויס, ווי אין אַלע ספערען פון געזעלשאַפטליכען לעבען פאַלט צו אַ לייבען־טייל דעם פאַרמיטלער. אויפ'ן עקאָנאָמישען געביט צ. ב. נעמען די פינאַנסי־רען, בערזען־לייט, סוחרים און קליין־הענדלער אַראָפּ די סמעטענע; ביי ציווילע פּראָצעסען פליקט דער אַדוואָקאַט אָרום זיינע קליענטען; אין

טער אריינמישונג פון דער השגחה העליונה. מיר מוזען זיך נאך א ווײלע אפשטעלען ביי דעם דאזיגען עלעמענט פון דער אנפאנגליכער אנזאמלונג. די פארקלענערונג פון דער אפהענגיגער דארפישער באפעלקערונג האט ארויסגערופען ניט נאר אן ענטשפרעכענדע פארמעהרונג פון דעם שטאדטישען פראלעטאריאט, ווי זשאפרוא־סענט־אילער דערקלערט די פארמעהרונג פון דער וועלט־מאטעריע אין איין ארט דורך איהר פארקלענערונג אין א צווייטען. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די צאל מענשען, וועלכע האבען בעארבייט דעם באדען, האט זיך פארקלענערט, האט דער באדען דאך ארויסגעגעבען ניט ווענינער און אפילו מעהר פראדוקטען, ווי פריהער, ווייל צוזאמען מיט דער רעוואלוציע אין די אייגענטום־פארהעלטענישען אויפ'ן באדען זיינען אויך געגאנגען די פארבעסערטע קולטור־מעטאדען, אנטוויקעלטערע קאאפעראציע, קאנצענטראציע פון די פראַ־

---

דער פאליטיק האט דער רעפרעזענטאנט מעהר באדייטונג, אײדער די וועהלער, דער מיניסטער מעהר אײדער מאנארך; אין דער רעליגיאן ווערט גאט פארשטופט אויף דער הינטער־סצענע דורך דעם „פארמיטלער" (דעם פאפסט), און דער לעצטער ווידער ווערט פארדרוקט אן א זייט פון די גלחים, וועלכע זיינען ווידער די אומפארמיידליכע פארמיטלער צווישען דעם גוטען פאסטוך און זיינע שאף. — ווי אין ענגלאנד אזוי זיינען אויך אין פראנקרייך די גרויסע פעאדאלע טעריטאריעס געוועזען צוטיילט אויף אומענדליך פיעל קליינע ווירטשאפטען, אבער די באדינגונגען פאר די דארפסלייט זיינען דא געוועזען נים אין פארגלייך ערגער, אין 14־טען יאהר־הונדערט זיינען אנטשטאנען די פארמס, די „טעריערס". זייער צאל איז בסדר געוואקסען, ווייט איבער 100,000. זיי האבען געצאלט די ארענדע פאר'ן באדען, פון איין צוועלפטעל ביז איין פינפטעל פון די פראדוקטען אין געלט אדער אין נאטור. די דאזיגע פארמס זיינען געוועזען פיפס, סוב־פיפס (נאדיעלען, האלבע נאדיעלען) א. ד. ג. עס ווענדט זיך אן דעם ווערט און שטח פון דעם באזיץ; אייניגע פון זיי האבען געצעהלט נאר עטליכע אקער. די אלע פארמס האבען פארמאגט אין א געוויסען גראד געריכטס־רעכט איבער זייערע איינוואוינער. עס זיינען געוועזען פיער גראדען. מען קאן זיך פארשטעלען וואס פאר אן אונטער־דריקונג די דארפישע באפעלקערונג האט איבערגעלעבט אונטער די דאזיגע אלע קליינע טיראנען. מאנטעיל זאגט, אז דאמאלסט זיינען אין פראנקרייך געוועזען 160,000 געריכטען, וואו היינט זיינען געגוג בלויז 4000 טריבונאלען (געריכטס־אנשטאלטען), אריינגערעכענט די פרידענס־געריכטען.

דוקציאָנס־מיטלען א. ד. ג. און ווייל די לאַנדווירטשאַפטליכע אַר־בייטער זיינען ניט נאָר געצוואונגען געווען אינטענסיווער צו אַר־בייטען, נאָר אויך דאָס פעלד, אויף וועלכען זיי האָבען געאַרבייט פאַר זיך אליין, איז אַלץ איינגעצוויגענער, קלענער געוואָרען. צוזאַ־מען מיט דער באַפרייאונג פון אַ טייל פון דער דאָרפישער באַפעל־קערונג זיינען אויך פריי געוואָרען זיינע פריהערדיגע לעבענס־מיט־לען. זיי זיינען איצט פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דעם מאַטעריאַל־עלעמענט פון דעם פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל. דער פויער, וואָס איז געלאָזען געוואָרען אויפ'ן ווינט, האָט איצט געמוזט קויפען זיינע לעבענס־מיטלען ביי זיין נייעם בעל־הבית, דעם אינדוסטריע־לען קאַפּיטאַליסט, אין דער פאָרמע פון אַרבייט־לוין. און ווי עס איז געשעהן מיט די לעבענס־מיטלען, אַזוי איז אויך געשעהן מיט די היימישע לאַנדווירטשאַפטליכע רויהע מאַטעריאַלען פאַר דער אינדוסטריע. זיי האָבען זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ טייל פון דעם שטענדיגען קאַפּיטאַל.

לאָמיר צ. ב. אָננעמען, אַז ביי אַ טייל פון די וועסטפאַלישע פויערים, וועלכע האָבען אין דער צייט פון פרידריך דעם 2־טען אַלע געשפּונען פלאַקס (ווען אפילו ניט קיין זייד), האָט מען מיט גוואַלד עקספּראָפּריאירט זייער באָדען און אַרויסגעטריבען זיי, און דעם צווייטען טייל, דעם איבערגעבליבענעם, האָט מען פאַרוואַנדעלט אין טאָג־אַרבייטער פון די גרויסע אַרענדאַטאָרס־פאַרמער. גלייכצייטיג וואַקסען אויס גרויסע פלאַקס־שפּינערייען און וועבערייען, וואו די „פריי־געוואָרענע" אַרבייטען איצט פאַר לוין. דער פלאַקס זעהט איצט אויס פּונקט ווי פריהער; קיין איין פאָדעם אין איהם איז ניט אַנדערש געוואָרען, אָבער אַ נייע סאָציאַלע נשמה איז אַריין אין זיין קערפּער. ער בילדעט איצט אַ טייל פון דעם שטענדיגען קאַפּיטאַל פון זיין מאַנופאַקטור־בעל־הבית. פריהער פלעגט ער זיין צוטיילט צווישען אַ גרויסער צאָל פון קליינע פּראָדוצירער, וועלכע האָבען איהם אליין קולטיווירט און אליין געשפּונען אין קליינע סכום'ען צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס. און איצט איז ער קאָנ־צענטרירט אין דער האַנט פון איין קאַפּיטאַליסט, פאַר וועלכען אַנ־דערע שפּינען און וועבען. די עקסטרע אַרבייט (פון ליין־שפּינען) פלעגט פריהער רעאַליזירט ווערען אין עקסטרע הכנסה פון אומגע־

הייער פיעל פויערים־פאַמיליעס אָדער אויך, אין דער צייט פון פרידריך דעם 2־טען, אין שטייער־ן פאַר דעם קעניג פון פרייסען. איצט ווערט זי רעאַליזירט אין פראַפּיט פאַר עטליכע קאַפּיטאַליס־טען. די שפּינדלען און וועב־שטולען, וואָס זיינען פריהער געווען פאַרשפּרייט איבער די דערפער, זיינען איצט צוזאַמענגעדריקט אין עטליכע ארבייטער־קאַזאַרמעס צוזאַמען מיט די ארבייטער און מיט דעם רויהען מאַטעריאַל. און די שפּינדלען, וועב־שטולען און דער רויהער מאַטעריאַל ווערען פון איצט אָן פאַרוואַנדעלט פון מיטלען פון אַן אומאָפּהענגיגער עקזיסטענץ פאַר די שפּינער און וועבער אין מיטלען צו קאָמאַנדעווען מיט זיי און אויסצוזויגען ביי זיי אומבאַ־צאָלטע ארבייט. קוקענדיג אויף די גרויסע מאַנופאַקטורען, ווי אויך אויף די גרויסע פאַרמס באַמערקט מען ניט, אז זיי זיינען צונויפ־געשטעלט געוואָרען פון פיעל קליינע פּראָדוקציאָנס־צענטרען און האָבען זיך אויסגעבילדעט דורך עקספּראָפּריאירונג פון פיעל קליינע אומאָפּהענגיגע פּראָדוצענטען. דאָך אָבער וועט דער זייטיגער צו־שויער, וואָס האָט ניט קיין זייטיגע פּניה, קיין טענות ניט האָבען.

צו דער צייט פון מיראַבאָ, דעם לייב פון דער רעוואָלוציע, האָבען די גרויסע מאַנופאַקטורען נאָך געהייסען „מאַניופאַקטיור רעיוני“ (פאַראייניגטע ווארשטאַטען), אזוי ווי מיר זאָגען „פאַר־אייניגטע פעלדער“. „מען נעמט גאָר געוועהנליך אין אכט, — זאָגט מיראַבאָ, — די גרויסע מאַנופאַקטורען, וואו הונדערטער מענ־שען ארבייטען אונטער איין דירעקטאָר און וועלכע מען רופט גע־וועהנליך פאַראייניגטע מאַנופאַקטורען. אויף יענע, פאַרקערט, אין וועלכע עס ארבייט זעהר אַ גרויסע צאָל ארבייטער יעדער באַ־זונדער אויף זיין אייגענעם חשבון, גיט מען קוים אַ קוק: מען לאָזט זיי געוועהנליך אין הינטער־גרונט. דערהווייל באַגעהט מען אַ גרוי־סען פעהלער, ווייל זיי אַליין בילדען אַן אמת־וויכטיגען טייל פון פאָלקס־רייכטום... די פאַראייניגטע פאַבריק וועט איינעם אָדער צוויי אונטערנעמער אומגעהייער רייך מאַכען, אָבער די ארבייטער איהרע, זיינען בלויז בעסער אָדער ערגער־באַצאָלטע לוין־באַקומער און זיי נעמען ניט קיין אַנטייל אין דער עשירות פונ׳ם אונטער־נעמער. אין דער אָפּגעזונדערטער פאַבריק, פאַרקערט, ווערט קיי־נער ניט רייך, אָבער אַ גרויסע צאָל ארבייטער איז פאַרמעגליך...

די צאָל פון פליסיגע און שפּאָרזאַמע ארבייטער וועט וואקסען, ווייל זי' זעהען אין אַן אַנשטענדיגען און טעטיגען ארט לעבען א מיטעל באַדייטענד צו פאַרבעסערן זייער לאַגע, אין דער צייט וואָס א קליי־נע העכערונג פון ארבייט־לוין קאָן קיינמאָל ניט זיין קיין וויכטיגע זאַך פאַר דער צוקונפט, אויסער העכסטענס וואָס זי מאַכט מעגליך פאַר די ארבייטער עטוואָס בעסער צו לעבען פון האַנט אין מויל אריין. די אָפּגעזונדערטע אינדיווידועלע מאַנופאַקטורען, מיס־טענס פאַרבונדען מיט קליינע ערד־ארבייט ווירטשאַפטען, זיינען די איינציג־פרייע". אויב מיראַבאָ האַלט די אָפּגעזונדערטע וואַרשטאַ־טען פאַר מעהר עקאָנאָמיש און פּראָדוקטיוו, איידער די „פאַראיי־ניגטע", און באַטראַכט די לעצטע בלויז אַלס קינסטליכע אָראַנ־זשעריע־פּלאַנצען, אויסגעהאָדעוועט אונטער דעם זאָרגפעלטיגען אויג פון די מלוכה־רעגירונגען, קאָן מען דאָס ערקלערען מיט דעם דאַמאָלסדיגען צושטאַנד פון א גרויסען טייל מאַנופאַקטורען אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט.

די געשעהעניסען, וועלכע האָבען די קליינע פּויערים פאַרוואַנ־דעלט אין לוין־ארבייטער און זייערע לעבענס־מיטלען אין ארבייטס־מיטלען און מאַטעריעלע עלעמענטען פון דעם אינדוסטריעלען קאַ־פּיטאַל, האָבען גלייכצייטיג געשאַפען פאַר דעם לעצטען אַן אינער־ליכען מאַרק. פריהער האָבען די פּויערים־פאַמיליעס פּראָדוצירט און בעאַרבייט די לעבענס־מיטלען און דעם רויהען מאַטעריאַל, וועל־כע זיי האָבען נאָכדעם מעהרסטענטייל אַליין פאַרברויכט. די דאָ־זיגע רויהע מאַטעריאַלען און לעבענס־מיטלען זיינען איצט געוואָרען סחורות; דער פּויער פאַרקויפט זיי מאַסענווייז און געפינט א מאַרק פאַר זיי אין די מאַנופאַקטורען. וואָל־פעדים, לייווענט, גראָבע וואָל־שטאָף — זאַכען, פון וועלכע דער רויהער מאַטעריאַל האָט זיך פריהער געפונען אין יעדער פּויערשער פאַמיליע און וועלכען זיי האָבען צוליעב זייער אייגענעם געברויך געשפּינט און געוועבט, — זיינען איצט אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין מאַנופאַק־טור־ארטיקלען, פאַר וועלכע די דאָרפישע דיסטריקטען האָבען טאַקע אויסגעבילדעט דעם אָפּזאַץ־מאַרק. די גרויסע צאָל קויפער, פריהער צושפּרייט, ווייל זי איז באַשטאַנען פון א גרויסער צאָל קליינע פּראָ־דוצירער, וואָס האָבען געאַרבייט פאַר זיך אַליין, קאָנצענטרירען

זיך איצט אין איין גרויסען מארק, וואָס ווערט באַזאָרגט פונ'ם אינ־דוסטריעלען קאפיטאל. אזוי געהט האנט אין האנט מיט דער עקס־פּראָפּריאירונג פון די פריהער זעלבסטשטענדיגע פויערים און זייער צושיידונג מיט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען אויך די פארניכטונג פון דער דאָרפישער נעבען־אינדוסטריע, דער פּראָצעס פון אָפּרייסען די מאנופאקטור פון דער ערד־ארבייט. און נאָר די פארניכטונג פון דער דאָרפישער הויז־אינדוסטריע קאָן שאפען פאר דעם אינערליכען מארק פון א לאנד די פעסטע לאגע, אין וועלכער עס נויטיגט זיך דער קאפיטאליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן.

און דאָך האָט דער מאנופאקטור־פּעריאָד אין אייגענטליכען זין ניט געבראכט צו קיין ראדיקאלע אומענדערונג. מען דארף זיך דער־מאָנען, אז די אזוי־גערופענע מאנופאקטור האָט באהערשט נאָר טיילענווייז די נאציאָנאלע פּראָדוקציע און האָט זיך שטענדיג גע־שטיצט אויף דער שטאָדטישער האנט־ווערקעריי און דער דאָרפי־שער הויז־אינדוסטריע. ווען זי האָט די לעצטע פארניכטעט אין גע־וויסע פאָרמען, אין באזונדערע געשעפט־צווייגען, אויף געוויסע פּונק־טען, האָט זי זיי ווידער ארויסגערופען אין אנדערע פאָרמען, צוויי־גען און פּונקטען, ווייל זי האָט זיי ביז א געוויסען גראד באדארפט האָבען צו בעארבייטען די רויהע מאטעריאלען. זי האָט דעריבער געשאפען א נייעם קלאס פון קליינע דאָרף־לייט, ביי וועלכע די ערד־ארבייט איז געווען נאָר א ביי־זאך און די הויפּט־באשעפטיגונג — די אינדוסטריעלע ארבייט, די פּראָדוקטען פון וועלכע זיי פארקוי־פען אין דער מאנופאקטור דירעקט אָדער דורך הענדלער. דאָס איז איינע פון די סבות, וועלכע ברענגט אריין אין א טעות דעם פאָר־שער פון דער ענגלישער געשיכטע. פונ'ם לעצטען דריטעל פון 15־טען יאָהרהונדערט שטויסט ער זיך כסדר אָן אויף באקלאָגונגען, וועלכע ווערען נאָר צייטענווייז אנטשוויגען, וועגען דעם שטענדיגען וואוקס פון דער קאפיטאליסטישער פארמעריי און דער כסדר'דיגער פארניכטונג פון די פויערים. פון דער אנדער זייט געפינט ער די דאָזיגע פויערים שטענדיג פון דאָס ניי, הגם אין א קלענערער צאָל און אלע מאָל אונטער ערגערע באדינגונגען. *)

*) אָן אויסנאַם בילדעט נאָר קראָמוועל'ס צייט. אזוי לאנג ווי די

די הויפּט־סיבה איז: ענגלאַנד איז צייטענווייז הויפּטזעכליך א תבואה־פּראָדוצירערין, צייטענווייז א פיה־צוכטערין, ווי נאָך א פּעריאָד נאָך; און לויט די דאָזיגע פּעריאָדען וויעגט זיך דער אומ־פאַנג פון דער פויערישער פּראָדוקציע.

ערשט די גרויסע אינדוסטריע שטעלט צו, צוזאַמען מיט די מאַשינען, דעם שטענדיגען גרונט־באַזיס פאַר דער קאַפּיטאַליסטי־שער לאַנד־ווירטשאַפט; זי עקספּראָפּריאירט ראַדיקאַל די אומגע־הייערע מעהרהייט פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג און פאַרענ־דיגט די צוטיילונג צווישען ערד־אַרבייט און דאָרפישער הויז־אינ־דוסטריע, די וואָרצלען פון וועלכער — די שפּינערייע און וועבעריי — זי רייסט אויס. זי, די גרויסע אינדוסטריע, עראָבערט ערשט דעריבער פאַר דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל אויף דעם גאַנצען אינערליכען מארק.

דריי און דרייסיגסטער קאַפּיטעל

# די געבורט פון דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַליסט.

די געבורט פון דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַליסט איז פאָרגע־קומען ניט אַזוי פּאַמעליך ווי פון דעם אַרענדאַטאָר־פאַרמער. אָהן ספק זיינען איינינגע קליינע צעך־מייסטערס און נאָך מעהר זעלבסט־שטענדיגע קליינע האַנט־ווערקער אָדער אפילו לוין־אַרבייטער צו־ערשט געוואָרען קליינע קאַפּיטאַליסטען און דערנאָך, דורך אלץ פאַר־גרעסערטער עקספּלואַטאַציע פון געדונגענע אַרבייטער און אַנט־שפּרעכענדער אָנזאַמלונג — עכטע קאַפּיטאַליסטען. אין דעם קינד־הייט־פּעריאָד פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע איז אָפטמאָל צוגעגאַנגען ווי אין דער קינדהייט פון די מיטעלאַלטערליכע שטערט, וואו די פראַגע — ווער פון די אַנטלאָפענע לייב־אייגענע זאָל זיין מייסטער און ווער דיענער — פלעגט מעהרסטענטייל אַנטשיידען ווערען לויט דעם, ווער פון זיי איז פריהער אַנטלאָפען און ווער שפּעטער.

---

רעפּובליק האָט געדויערט, האָבען אַלע שיכטען פון די ענגלישע פאָלקס־מאַסען זיך אויפגעהויבען פון דער דעגראַדאַציע, צו וועלכער זיי זיינען אַראָפּגעזונקען אין דער צייט פון די טיודאָרען.

דער לאנגזאמער גאנג פון דעם ראזיגען מעטאד האט אבער בשום אופן ניט אנטשפראכען די האנדעלס־בארערפעניסען פון דעם נייעם וועלט־מארק, וואס איז געשאפען געווארען א דאנק די גרויסע אנטדעקונגען פונ׳ם סוף פון 15־טען יאהרהונדערט. דער מיטעל־אלטער האט אבער איבערגעלאזען צוויי פארשיידענע פארמען פון קאפיטאל, וועלכע ווערען צייטיג אין די פארשיידענסטע עקאנאמי־שע פארמאציעס פון דער געזעלשאפט און גילטען פאר דעם פעריאד פונ׳ם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן אלס קאפיטאל אן און פאר זיך — דאס זיינען: דער וואוכער־קאפיטאל און דער האנ־דעל־קאפיטאל.

„איצט, — זאגט אן ענגלישער שרייבער, וועלכער פארשטעהט אגב ניט די ראלע פון דעם האנדעל־קאפיטאל, — געהט די גאנצע עשירות פון דער געזעלשאפט אין די הענט פון דעם קאפיטאליסט... ער צאלט דעם ערד־אייגענטימער זיין רענט, דעם ארבייטער זיין לוין, דעם זאמלער פון די שטייערן און פונ׳ם קירכען־מעשר דאס, וואס זיי קומט, און לאזט א גרויסען טייל — אין דער ווירקליכקייט דעם גרעסטען און מיט יעדען טאג וואקסענדען טייל, — פונ׳ם יעהר־ליכען פראדוקט פון דער ארבייט פאר זיך אליין. דער קאפיטאליסט קאן איצט באטראכט ווערען אלס דער ערשטער אייגענטימער פון דעם גאנצען געזעלשאפטליכען רייכטום, הגם קיין געזעץ האט איהם ניט איבערגעגעבען דאס רעכט אויף דעם ראזיגען אייגענטום... די ראזיגע ענדערונג אין אייגענטום איז ארויסגערופען געווארען דורך נעמען פראצענט אויף קאפיטאל... און עס איז ניט ווייניג מערקוויר־דיג, אז די געזעצגעבער פון גאנץ אייראפא האבען זיך געפלייסט צו בארהיטען דערפון דורך געזעצען קעגען וואוכעריי. די מאכט פון די קאפיטאליסטען איבער דער גאנצער עשירות פון לאנד איז א פאלשטענדיגע רעוואלוציע אין אייגענטום־רעכט, און דאך — דורך וועלכען געזעץ אדער דורך וועלכער רייהע פון געזעצען איז זי ארויס־גערופען געווארען?" דער פארפאסער וואלט געדארפט געדענקען אז רעוואלוציעס ווערען ניט געמאכט דורך געזעצען.

די פעאדאלע ארדנונג אין די דערפער און די צעכען־ארדנונג אין די שטעדט האבען געשטערט דעם געלט־קאפיטאל, וואס האט זיך אויסגעבילדעט דורך וואוכעריי און האנדעל, צו פארוואנדלען

זיך אין אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל. די דאָזיגע באַשרענקונגען זיינען געפאַלען מיט דער אויפלייזונג פון די פעאָדאַלע הויף־דינער־באַנדעס און מיט דער עקספּראָפּריאירונג און טיילווייזער פּאַריאַגונג פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג. די נייע מאַנופאַקטורען זיינען געגרינדעט געוואָרען אין די האַפן־שטעדט ביים ים אָדער אין אַזוינע פּונקטען אין לאַנד, וועלכע האָבען זיך געפונען אויסער דער קאָנטראָל פון דער אַלטער שטאָדטישער און צעכען־אָרדנונג. דערפון נעמט זיך אין ענגלאַנד דער פאַרביטערטער קאַמף פון די אינקאָרפּאָרירטע (אַלטע פּריווילעגירטע) שטעדט קעגען די דאָזיגע נייע אינדוסטריעלע צענטרען.

די אַנטדעקונג פון גאָלד און זילבער אין אַמעריקאַ, די אויסראָטונג, פאַרשקלאַפונג און באַגראָבונג פון דער איינגעבאָרענער באַפעלקערונג אין די בערג־גרובען, די עראָבערונג און פאַרוויסטונג פון אָסט־אינדיען, וואָס האָט זיך דאַמאַלסט אָנגעפאַנגען, די פאַרוואַנדלונג פון אַפריקאַ אין אַ פּלאַץ פאַר געיעג אויף שוואַרץ־הויטיגע צוליב האַנדעל מיט זיי, — דאָס האָט באַצייכענט דעם זון־אויפגאַנג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־פּעריאָד. די דאָזיגע אידילישע פּראָצעסען זיינען די הויפּט־מאָמענטען פון דער אָנפאַנגליכער אָנזאַמלונג. און נאָך זיי געהט די האַנדעל־מלחמה פון די אייראָפּעאישע נאַציאָנען, פאַר וועלכער עס האָט אַלס סצענע געדיענט דער גאַנצער ערד־קוגעל. זי הויבט זיך אָן מיט דעם אויפשטאַנד פון נידערלאַנד קעגען שפּאַניען, נעמט אָן אַ ריעזיגען אומפאַנג אין דער אַנטי־יאַקאָבינישער מלחמה פון ענגלאַנד, און געהט נאָך איצט פאָר אין דער פאָרמע פון רויב־אָנפאַלען, ווי די אָפּיום־מלחמות קעגען בינאַ, א. ד. ג.

די פאַרשיידענע מאָמענטען פון אָנפאַנגליכער אָנזאַמלונג געהען מעהר אָדער וועניגער אין אַ כראָנאָלאָגישען סדר אין שפּאַניען, פּאָרטוגאַל, האָלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד. אין ענגלאַנד ווערען זיי אין סוף פון 17־טען יאהרהונדערט סיסטעמאַטיש פאַראייניגט אין דעם קאָלאָניאַל־סיסטעם, מלוכה־חוב־סיסטעם, מאָדערנע שטייערן־סיסטעם און פּראָטעקציאָנס־סיסטעם. די דאָזיגע מעטאָדען שטיצען זיך טיילווייז אויף דער ברוטאַלסטער גוואַלד־מיטעל, צום ביישפּיעל דער קאָלאָניזאַציאָנס־סיסטעם. אָבער אַלע זיי באַ־

נוצען די מלוכה־מאכט, די דאָזיגע קאָנצענטרירטע און אָרגאניזיר־
טע גוואַלד־מאכט פון דער געזעלשאפט, כדי קינסטליך צו פאר־
שנעלערן דעם פּראָצעס פון פארוואנדלען דעם פעאָדאלען פּראָדוק־
ציאָנס־אופן אין דעם קאפיטאליסטישען און צו פארקירצען דעם
איבערגאנגס־וועג. די גוואלד איז די אקושארין פון יעדער אלטער
געזעלשאפט, וועלכע איז שוואנגער מיט א נייער. זי אליין איז
אן עקאָנאָמישע קראפט.

ווענען דעם קריסטליכען קאָלאָניאל־סיסטעם זאָגט איינער וו.
האוואט, וואָס האָט קריסטענטום געמאכט פאר זיין ספּעציאליטעט,
פאָלגענדעס: „די ווילדקייט און רציחות פון די אזוי־גערופענע
קריסטליכע ראסען אין יעדען טייל פון דער וועלט און קעגען יעדען
פאָלק, וואָס זיי האָבען נאָר געקאָנט פארקנעכטען, געפינען ניט זיי־
ער גלייכען אין קיין פּעריאָד פון דער וועלט־געשיכטע ביי קיין אנ־
דער ראסע, ווי ווילד און אומגעבילדעט, ווי אום׳ברחמנות׳דיג און
שעמלאָז זי זאָל ניט זיין." די געשיכטע פון דער האָלענדישער
קאָלאָניאל־ווירטשאפט — און האָלאנד איז געווען דאָס קאפּיטאליס־
טישע מוסטער־פּאָלק פון 17־טען יאהרהונדערט — „וויקעלט פא־
נאנדער אן אויסערגעוועהנליך בילד פון פארראט, שוחד, רציחות
און נידערטרעכטיגקייט". קיין זאך איז ניט אזוי כאראקטעריסטיש,
ווי איהר סיסטעם פון גנב׳ענען מענשען אין צעלעבעס, כדי צו בא־
קומען שקלאפען פאר יאווא. מענשען־גנבים זיינען ספּעציעל פאר
דעם צוועק געשולט געוואָרען. דער גנב, דער איבערזעצער און דער
פארקויפער זיינען געווען די הויפּט־אגענטען אין דעם האנדעל, און
די איינגעבאָרענע פּרינצען — די הויפט פארקויפער. די אוועק־
גע׳גנב׳עטע יונגע לייט פלעגט מען פארשפּארען אין געהיימע טור־
מעס אין צעלעבעס, ביז זיי פלעגען זיין גרייט צום איבערשיקען אויף
שקלאפען־שיפען. אן אָפּיציעלער באריכט זאָגט: „די דאָזיגע
שטאָדט מאקאסאר, צ. ב., איז פול מיט געהיימע טורמעס, איינע
שרעקליכער פון דער אנדערע, אָנגעשטאָפּט מיט אומגליקליכע
קרבנות פון גייציגקייט און טיראניי, געשמידט אין קייטען, מיט
גוואלד אָפּגעריסען פון זייערע פאמיליעס". כדי צו באהערשען מא־
לאקא, האָבען די האָלענדער אונטערגעקויפט דעם פּארטוגעזישען
גובערנאטאָר. ער האָט זיי אין 1641 אריינגעלאָזען אין שטאָדט.

דאַן זיינען זיי שנעל צוגעקומען צו זיין הויז און האָבען איהם דער־הרג'עט, כדי „פּטור צו ווערען" פון באַצאָלען די אונטערקויף־סומע פון 21,875 פונט סטערלינג. וואו נאָר זייער פוס איז געטראָטען, איז מיטגעגאַנגען פאַרוויסטונג און אָפּרייניגונג פון דער באַפעלקע־רונג. אין באַניוואַנגי, א פּראָווינץ פון יאַווא, האָט די באַפעלקע־רונג אין 1750 געצעהלט איבער 80,000 נפשות, און אין 1881 — שוין בלויז 8000. אָט וואָס עס הייסט „איידעלער האַנדעל!"

די ענגלישע אָסט־אינדיער קאָמפּאַניע האָט, ווי באַוואוסט, באַקומען אויסער דער פּאָליטישער הערשאַפט און אָסט־אינדיען אויך דעם מאָנאָפּאָל אויפ'ן טיי־האַנדעל, אויפ'ן האַנדעל מיט כינא און אויף טראַנספּאָרט פון סחורה פון און אין אייראָפּאַ. אָבער דער האַנדעל ביי די ברעגען פון אינדיען, צווישען די אינזלען און אין אינדיען גופא איז געווען דער מאָנאָפּאָל פון די העכערע בע־אַמטע פון דער קאָמפּאַניע. דער מאָנאָפּאָל פון זאַלץ, אָפּיום, בעטעל און אַנדערע סחורות זיינען געווען אומערשעפּליכע קוואַלען פון רייכקייט. די בעאַמטע אַליין פלעגען באַשטימען די פּרייזען און האָבען געשונדען פון די אומגליקליכע אינדוסען וויפיעל זיי האָבען אַליין געוואָלט. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט גענומען אַן אַנ־טייל אין דעם דאָזיגען פּריוואַט־האַנדעל. זיינע מקורבים פלעגען באַקומען קאָנטראַקטען אונטער באַדינגונגען דורך וועלכע זיי האָבען געקאָנט, נאָך קליגער פון די אַלכעמיקער, מאַכען גאָלד פון גאָר־נישט. גרויסע פאַרמעגענס פלעגען אויסוואַקסען ווי שוועמלעך, אין איין טאָג. די אָנפאַנגליכע אָנזאַמלונג פלעגט פאָרקומען אָהן איין שילינג אויסלאַג־געלט. די געריכט־פאַרפאָלגונג פון וואָררען הייסטינגס איז פול מי טאַזוינע ביישפּיעלען. אַ געוויסער סאָליוואַן האָט באַקומען אַ קאָנטראַקט אויף האַנדלען מיט אָפּיום אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט, לויט אַן אָפּיציעלער אויפפאָדערונג, גע־ראַרפט אָפּפאָהרען אין אַ טייל פון אינדיען, וואָס ליעגט זעהר ווייט פון יעדען אָפּיום־דיסטריקט. סאָליוואַן האָט פאַרקויפט זיין אָפּיום־קאָנטראַקט פאַר 40,000 פונט סטערלינג צו אַ געוויסען ב י ן. בין האָט דעמזעלבען טאָג פאַרקויפט דעם קאָנטראַקט פאַר 60,000 פונט. און דער לעצטער קויפער און אויסנוצער פון דעם קאָנטראַקט האָט דערקלערט, אז ער האָט נאָך אַלעם ארויסגעשלאָגען פונ'ם

קאנטראקט אן אומגעהייער גרויסען פראפיט. לויט איינעם פון די ליסטען, וואס זיינען צוגעשטעלט געווארען דעם פארלאמענט, האט די קאמפאניע און איהרע בעאמטע פון 1757 ביז 1769 באקומען פון די אינדוסען בתורת מתנה 6 מיליאן פונט סטערלינג! צווישען 1769 און 1770 האבען די ענגלענדער ארויסגערופען א הונגער־נויט אין אינדיען, דורכדעם וואס זיי האבען אויסגעקויפט דעם גאנצען רייז און האבען זיך אפגעזאגט צו פארקויפען איהם צוריק, סיידען פאר מאוים׳דיג־הויכע פרייזען.

שרעקליכער ווי אומעטום, נאטירליך, איז די באהאנדלונג פון די איינגעבארענע געווען אין די פלאנטאציע־קאלאניעס, ווי אין וועסט־אינדיען, וועלכע זיינען געווען באשטימט פאר עקספארט־האנדעל, און אין די רייכע און געדיכט־באפעלקערטע לענדער, ווי מעקסיקא און אסט־אינדיען, וועלכע זיינען פאראורטיילט געווען צו רויב און רציחה, נאר אויך אין די קאלאניעס אין אייגענטליכען זין האט דער קריסטליכער כאראקטער פון דער אנפאנגליכער פארזאמ־לונג זיך בולט ארויסגעוויזען. אט די ניכטערע פראטעסטאנטישע נזירים, די פוריטאנער אין ניו־ענגלאנד, האבען דורך די באשלוסען פון זייער אסעמבלי (געזעצגעבענדער פארזאמלונג) באשטימט א פרע־מיע פון 60 פונט סטערלינג פאר יעדען אינדיאנישען שארבען און יעדען געפאנגענעם רויט־הויטיגען. אין 1720 האבען זיי באשטימט א פרעמיע פון 100 פונט פאר יעדען אינדיאנישען סקאלפ (שאר־בען); אין 1744, נאכדעם ווי דער מאסאטשוזעטס־בעי האט א גע־וויסען שבט ערקלערט אלס רעבעלען, האבען זיי באשטימט פאל־גענדע פרייזען: פאר מענער־שארבענס פון 12 יאהר און העכער — 100 פונט (נייע געלט); פאר מענער־געפאנגענע — 105 פונט (נייע געלט); פאר געפאנגענע פרויען און קינדער — 55 פונט; פאר שארבענס פון פרויען און קינדער — 50 פונט! מיט עטליכע צעהנדליג יאהר שפעטער האט זיך דער קאלאניאל־סיסטעם נוקם געווען אן די קינדער פון די פרומע פילגרים־פאטערס (אזוי רופט מען די ערשטע פוריטאנער, וואס האבען איינגעוואנדערט אין אמע־ריקע פון ענגלאנד), וועלכע זיינען דאמאלס געווען אין אן אויפ־שטאנד. לויט דער איינפארעדונג פון די ענגלענדער און פאר זייי־ער באצאלט האבען די רויט־הויטיגע זיי, די קינדער פון די פיל־

גרימס, געשלאָגען מיט זייערע טאָמאָהאָוקס. דער ענגלישער פּאַר־לאַמענט האָט ערקלערט דאָס בלוט־געיעג און די סקלאַפירונג אַלס מיטלען, וואָס גאָט און די נאַטור האָבען געגעבען אין זייערע הענט.

דער קאָלאָניאַל־סיסטעם האָט קינסטליך פאַרשנעלערט די אַנט־וויקלונג פון האַנדעל אין ים־נאַוויגאַציע. די „געזעלשאַפטען מאָ־נאָפּאָליא" פון לוטער זיינען געווען מעכטיגע מיטלען פון דער קאָנ־צענטראַציע פון קאַפּיטאַל. די קאָלאָניעס האָבען געשאַפען אַ זי־כערן אָפּזאַץ־מאַרק פאַר די אויפשפּראָצענדע מאַנופאַקטורען און דורך דער מאָנאָפּאָל — אַ פאַרגרעסערטע אָנזאַמלונג. די אוצרות, וואָס מען האָט אויסער איירָאָפּאַ אַנגערויבט דירעקט דורך פאַר־שקלאַפונג און רציחות, זיינען אַריינגעקומען אין דער מעטראָפּאָליע (מוטער־לאַנד) און זיינען דאָרטען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין קאַ־פּיטאַל. האָלאַנד, וועלכע האָט די ערשטע פאָלשטענדיג אַנטווי־קעלט דעם קאָלאָניאַל־סיסטעם, איז שוין אין 1648 געשטאַנען אויפ׳ן שפּיץ פון איהר האַנדעלס־גרויסקייט. צו איהר „האָט כמעט אויסשליסליך געהערט דער אָסט־אינדישער האַנדעל און דער פאַר־קער צווישען דרום־מערב און צפון־מזרח פון איירָאָפּאַ. איהרע פי־שערייען, איהר פלאָט, איהרע מאַנופאַקטורען זיינען געשטאַנען הע־כער, ווי פון יעדען אַנדער לאַנד. די קאַפּיטאַלען פון דער רעפּובליק זיינען פיליכט געווען מעהר איידער די קאַפּיטאַלען פון אַלע אַנ־דערע לענדער פון איירָאָפּאַ צוזאַמענגענומען". ג׳וליק פאַרגעסט צוצוגעבען: די פאָלקס־מאַסען אין האָלאַנד זיינען שוין אין 1648 געווען מעהר איבערגעאַרבייט און פאַראָרעמט אין ברוטאַלער אונ־טערגעדריקט איידער די פאָלקס־מאַסען פון אַלע אַנדערע לענדער פון איירָאָפּאַ צוזאַמענגענומען.

היינט צו טאָג פיהרט די אינדוסטריעלע פאָרהערשאַפט מיט זיך די האַנדעלס־פאָרהערשאַפט. אין דעם מאַנופאַקטור־פעריאָד אין אייגענטליכען זין האָט, פאַרקערט, די האַנדעלס־פאָרהערשאַפט געבראַכט מיט זיך די אינדוסטריעלע. דערפון נעמט זיך די איבער־וועגענדע ראָלע, וואָס דער קאָלאָניאַל־סיסטעם האָט דאַמאַלס גע־שפּיעלט. דאָס איז געווען „דער פרעמדער גאָט", וואָס האָט זיך געשטעלט ביים אַלטאַר קעגען די אַלטע אָפּגעטער פון איירָאָפּאַ און האָט זיי אַלעמען אין איין שעהנעם טאָג מיט איין שטויס און בריק

ארויסגעוואָרפען. ער האָט ערקלערט די פּראָפּיטען־מאַכעריי אַלס דעם לעצטען און איינציגען צוועק פון דער מענשהייט. דאָס איז געווען דער געבורטס־טאָג פון דעם מאָדערנעם סיסטעם פון מלוכה־חובות און מלוכה־קרעדיט. דער סיסטעם פון עפענטלי־כען קרעדיט, ד. ה. די מלוכה־חובות, דעם אָנפאַנג פון וועלכען מיר געפינען אין גענוא און ווענעדיג שוין אין מיטעלאַלטער, האָט זיך פאַרשפּרייט אין דעם מאַנופאַקטור־פעריאָד איבער גאַנץ אייראָפּאַ. דער קאָלאָניאַל־סיסטעם מיט זיין ים־האַנדעל און האַנדעלס־מלחמות האָבען קינסטליך פאַרשנעלערט זיין אַנטוויקלונג. אַזוי האָט ער זיך צוערשט איינגעוואָרצעלט אין האָלאַנד. די מלוכה־חובות, ד. ה. די פאַרפּרעמדונג פון דער מלוכה — אַלץ איינס צי דעספּאָטיש, צי קאָנסטיטוציאָנעל, צי רעפּובליקאַניש — לייגען אַוועק אויף דעם קאַפּיטאַליסטישען פעריאָד זייער שטעמפּעל. דער איינציגער טייל פון דעם אַזוי־גערופענעם נאַציאָנאַל־רייכטום, וועלכער איז ווירקליך דאָס געמיינזאַמע פאַרמעגען פון די מאָדערנע פעלקער, איז — זייע־רע מלוכה־חובות. דערפון נעמט זיך גאַנץ קאָנסעקווענט די מאָ־דערנע לעהרע, אַז וואָס מעהר אַ פאָלק איז פאַרשולדיגט, אַלץ רייכער איז עס. דער עפענטליכער קרעדיט ווערט דער אַני־מאמין פונ'ם קאַפּיטאַל. און צוזאַמען מיט'ן אַנטשטעהן פון מלוכה־חוב פאַרנעמט דער גלויבען אין מלוכה־חוב דעם פּלאַץ פון דער זינד קעגען דעם הייליגען גייסט, וועלכע קאָן ניט פאַרגעבען ווערען.

דער מלוכה־חוב ווערט איינער פון די ענערגישסטע מיטלען פון דער אָנפאַנגליכער אָנזאַמלונג. ווי דורך אַ קלאַפּ פון אַ צויבער־שטעקעלע גיט ער איבער דעם אומפּראָדוקטיווען געלט די צויבער־קראַפט צו פאַרוואַנדלען זיך אין קאַפּיטאַל, אָהן יעדער נויטיגקייט צו אונטערוואַרפען זיך די דאגות און דער ריזיקע, וואָס זיינען פאַר־בונדען מיט דער אינדוסטריע אָדער אפילו מיט פּריוואַטער וואו־כעריי. די מלוכה־קרעדיטאָרען גיבען אין דער ווירקליכקייט גאָר־נישט, ווייל די געליהענע סומע ווערט פאַרוואַנדעלט אין עפענטלי־כע אָבליגאַציעס, וועלכע מען קאָן לייכט איבערגעבען און וועלכע פונקציאָנירען אין זייערע הענט, ווי דאָס וואָלט געווען באַר געלט. אָבער אויסער דעם וואָס דער מלוכה־חוב האָט געשאַפען אַ קלאַס פון ליידיג־געהער־רענטהאַלטער און די איבער נאַכט אויסגעוואַקסע־

נע פאַרמעגענס פון די פינאַנסירען, וועלכע דיענען אַלס פאַרמיט־
לער צווישען דער רעגירונג און דעם פאָלק — ווי אויסער די סבאַר־
שטשיקעס וואָס נעמען אין אַרענדע דאָס שטייערן־זאַמלען, סוחרים
און פּריוואַטע פאַבריקאַנטען, צו וועלכע עס פאַלט אימער אַ פעטער
חלק פון יעדער מלוכה־אַנלייהע, ווי אַ גאָב פון הימעל, — האָט
ער אויך געבראַכט צום לעבען די אַקציען־געזעלשאַפטען, דעם האַנ־
דעל מיט אַלערליי ווערט־פּאַפּירען, פאַרשיידענע ספּעקולאַציעס און
אַזשיאָטאַזש, קורץ — די בערזען־שפּיעל און די מאָדערנע הער־
שאַפט פון די בענק.

פון זייער געבורט אָן האָבען די גרויסע בענק, וואָס זיינען גע־
ווען באַטיטעלט מיט הויכע נאַציאָנאַלע נעמען, פאַרגעשטעלט מיט
זיך בלויז געזעלשאַפטען פון פּריוואַטע ספּעקולאַנטען, וועלכע האָבען
זיך געשטעלט ביי דער זייט פון די רעגירונגען און האָבען געהאַט
די מעגליכקייט, אַ דאַנק די באַקומענע פּריווילעגיעס, צו אויסלייהען
זיי געלט. דעריבער האָט דער וואוקס פון די מלוכה־חובות ניט
קיין ריכטיגערע מאָס, ווי דאָס כסדר'דיגע שטייגען פון די אַקציעס
פון די דאָזיגע בענק, די פולע אַנטוויקלונג פון וועלכע עס הויבט
זיך אָן פון דער גרינדונג פון דער ענגלישער באַנק. די ענגלישע
באַנק האָט אָנגעהויבען דערמיט, וואָס זי האָט אויסגעליהען דער
רעגירונג געלט אויף 8 פּראָצענט; צו דערזעלבער צייט האָט זי
פון פּאַרלאַמענט באַקומען די מאַכט אויסצוגיסען מטבעות פון דעם
זעלבען קאַפּיטאַל, און זי האָט עס דערנאָך אויסגעליהען דעם פּוב־
ליקום נאָך אַ מאָל אין דער פאָרמע פון באַנק־נאָטען (אַסיגנאַציעס).
זי האָט מיט די דאָזיגע נאָטען געקאָנט דיסקאָנטירען וועקסלען, גע־
בען זיי אַלס אויפגאָב אויף וואַארע און קויפען פאַר זיי איידעלע
מעטאַלען. עס האָט ניט לאַנג געדויערט, און דאָס קרעדיט־געלט,
וואָס זי אַליין האָט פאַבריצירט, איז געוואָרען דאָס געלט, מיט
וועלכען זי, די באַנק פון ענגלאַנד, האָט געמאַכט דער מלוכה איהרע
הלוואות און האָט אויף דעם חשבון פון דער רעגירונג געצאָלט די
פּראָצענטען פאַר די עפענטליכע חובות. עס איז ניט גענוג וואָס
זי האָט מיט איין האַנט געגעבען, כדי מיט דער צווייטער מעהר צו
באַקומען; זי איז נאָך, אין דער זעלבער צייט וואָס זי האָט באַקו־
מען, אייביג געבליבען דער קרעדיטאָר פונ'ם פאָלק ביז דער לעצטער

גענגעבענער פּעני. ביסלעכווייז איז זי געוואָרען דער אומפּאַרטייד־ליכער אויפהאַלט־פּלאַץ פון די מעטאַל־אוצרות פונ'ם לאַנד און דער מיטעל־פּונקט, ארום וועלכען עס האָט זיך געדרעהט דער גאַנצער האַנדעל־קרעדיט. אין דערזעלבער צייט אַן ערך, ווען מען האָט אין ענגלאַנד אויפגעהערט צו פאַרברענען מכשפות, האָט מען דאָרט אָנגעהויבען צו הענגען די מאַכער פון פאַלשע אַסיגנאַציעס. וואָס פאַר איין איינדרוק עס האָט אויף די מענשען פון יענער צייט געמאַכט דאָס פּלוצלונדיגע ארויפשווימען פון דער גאַנצער חברה באַנקאָקראַטען, פינאַנסירען, רענט־האַלטער, מעקלער, ספּעקולאַנטען און בערזען־וועלף באַווייזען די שריפטען פון יענער צייט, צ. ב. פון באָלינגבראָק.

צוזאַמען מיט די מלוכה־חובות איז אַנטשטאַנען אַן אינטערנאַציאָנאַלער קרעדיט־סיסטעם, וועלכער אַנטהאַלט אָפט איינע פון די קוועלען פון אָנפאַנגליכער אָנזאַמלונג ביי דעם אָדער יענעם פאָלק. אַזוי האָבען די נידערטרעכטיגקייטען פון דעם ווענעציאַנישען רויב־סיסטעם געבילדעט אַ פאַרבאָרגענעם גרונט־באַזיס פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער עשירות פון האָלאַנד, וועמען די אונטערגעהענדע ווענעדיג האָט אויסגעליהען גרויסע סומען געלט. אַזוי איז אויך געווען מיט האָלאַנד און ענגלאַנד. שוין אין אָנהויב פון 18־טען יאהרהונדערט זיינען די מאַנופאַקטורען פון האָלאַנד איבערגעיאָגט געוואָרען, און האָלאַנד האָט אויפגעהערט צו זיין די הערשענדע אינדוסטריעלע און האַנדעלס־נאַציאָן. איינער פון איהרע הויפּט־געשעפטען פון 1701 ביז 1776 ווערט דעריבער דאָס אויסליהען פון אומגעהייער גרויסע קאַפּיטאַלען, ספּעציעל צו איהר קאָנקורענטין, וואָס האָט זי אַריבערגעיאָגט, — צו ענגלאַנד. עהנליכעס קומט איצט פאָר צווישען ענגלאַנד און די פאַראייניגטע שטאַטען. פיעלע קאַפּיטאַלען, וועלכע ערשיינען היינט אין די פאַראייניגטע שטאַטען אָהן אַ מעטריקע, זיינען ערשט נעכטען געווען אין ענגלאַנד קאַפּיטאַליזירט בלוט פון קינדער־אַרבייט.

אַזוי ווי די מלוכה־חובות שטיצען זיך אויף די מלוכה־הכנסות, וועלכע מוזען דעקען די יעהרליכע פּראָצענטען און אַנדערע צאָלונגען, איז דער מאָדערנער שטייערן־סיסטעם געוואָרען אַ נויטיגע דערגענצונג פון דעם סיסטעם פון נאַציאָנאַלע הלוואות. די הלוואות האָבען

געגעבען דער רעגירונג די מעגליכקייט צו מאַכען אויסעראָרדענט־ליכע הוצאות אַזוי, אַז דער שטייערן־צאָלער זאָל דאָס גלייך ניט פיה־לען, אָבער זיי האָבען געמוזט אַרויסרופען מיט דער צייט די העכע־רונג פון די שטייערן. פון דער אַנדער זייט האָט די כסדר'דיגע העכערונג פון די שטייערן, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך די זעהר אָפטע הלואות, געצוואונגען די רעגירונגען ביי יעדער נייע־ער אויסעראָרדענטליכער הוצאה מאַכען אַ נייע הלואה. דער מאָ־דערנער פינאַנץ־סיסטעם פון דער מלוכה, וועמעס הויפּט־שרויף זיי־נען די שטייערן אויף די נויטוועודיגסטע לעבענס־מיטלען (וואָס מאַכען די לעצטע נאַטירליך טייערער), טראָגט דעריבער אין זיך אַליין דעם קערן פון אויטאָמאַטישען וואוקס. די איבערשטייערונג איז ניט קיין צופעליגער אינצידענט, נאָר גיכער אַ פּרינציפּ. אין האָלאַנד, וואו דער דאָזיגער סיסטעם איז צוערשט איינגעפיהרט געוואָרען, האָט איהם דעריבער דער גרויסער פּאַטריאָט דע וויט אַרויסגעשטעלט אַלס דעם בעסטען סיסטעם צו מאַכען דעם אַרבייטער נאָכגעביג, פליסיג אין פּאַר אַ מסתפּק במועט און... צו איבער־לאָדען איהם מיט אַרבייט. די צושטערענדע ווירקונג, וואָס דער סיסטעם האָט אויף דער לאַגע פון די אַרבייטער, אינטערעסירט אונז דאָ אגב וויינינגער איידער די עקספּראָפּריאַציע פון די פּויערים, האַנט־ווערקער, קורץ — פון אַלע טיילען פון דעם קליינעם מיטעל־קלאַס, וועלכער איז דורך איהר אַרויסגערופען געוואָרען. וועגען דעם זיינען ניטאָ קיין צוויי מיינונגען אפילו ביי די בורזשואזע עקאָנאָמיסטען. די עקספּראָפּריאירענדע ווירקונג פון דעם סיסטעם ווערט נאָך פאַרשטאַרקט דורך דעם פּראָטעקציאָנס־סיסטעם (דער סיסטעם פון „שיצען די נאַציאָנאַלע אַרבייט"), וועלכע איז אַליין אַ וויכטיגער טייל פון איהר.

די גרויסע ראָליע וואָס די מלוכה־חובות אין דעם מאָדערנעם סיסטעם פון שטייערן האָבען געשפּיעלט ביים פאַרוואַנדלען די גע־זעלשאַפטליכע רייכטימער אין קאַפּיטאַל, ביים עקספּראָפּריאירען די זעלבסטשטענדיגע פּראָדוצירער און ביים אונטערדריקען די לוין־אַרבייטער, האָט איינינגע שריפטשטעלער, ווי קאָבעט, דאָובלדעי און אַנדערע געפיהרט דערצו, אַז זיי זאָלען אין דעם זוכען די הויפּט־סיבה פון אַלע היינטיגע פאָלקס־אומגליקען.

דער פּראָטעקציאָנס־סיסטעם איז געוועזן אַ קינסטליך מיטעל צו פאבריצירען פאבריקאַנטען, צו עקספּראָפּריאירען אומאָפּהייננגיגע ארבייטער, צו קאפּיטאליזירען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון דער נאַציאָן, מיט גוואלד צו פארקירצען דעם איבערגאַנג פון דעם אַל־טען פראָדוקציאָנס־אופן אין דעם מאָדערנעם. די אייראָפּעאישע מלוכות האָבען זיך געריסען צווישען זיך וועגען דעם, ווענען פון זיי געהערט דער פּאַטענט פון דער דאָזיגער ערפינדונג; און איינ־מאָל אריינגעטראָטען אין דיענסט פון די פּראָפּיטען־מאכער, האָבען זיי ניט בלויז ארויפגעלייגט צוליעב דעם צוועק אַ קאָנטריבוציע אויף זייער אייגען פּאָלק. אינדירעקט דורך פּראָטעקציאָנס־צאָלען, די־רעקט דורך עקספּאָרט־פּרעמיעס א. ד. ג. אין די אָפּהייננגיגע שכנ'י־שע לענדער האָבען זיי מיט גוואלד אויסגעראָט די גאַנצע אינדוס־טריע, ווי עס האָט צ. ב. ענגלאַנד אויסגעראָט די אירלענדישע וואָל־מאַנופעקטשור. אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט איז דער פּראָצעס, נאָך דער התחלה פון קאָלבער, נאָך פיעל איינפאכער געוואָרען. דער אָנפאנגליכער קאַפּיטאַל פון דעם אינדוסטריע־מאַן קומט דאָ אָפט טיילווייז דירעקט פון דעם מלוכה־אוצר. „צו וואָס, — רופט אויס מיראבאָ, — אזוי ווייט זוכען די סבה פון דעם גלאַנץ פון דער מאַנופאַקטור אין זאַקסען פאַר דעם זיבען־יאָהריגען קריעג? 180 מיליאָן מלוכה־חובות!“

דער קאָלאָניאַל־סיסטעם, די מלוכה־חובות, די שווערע שטייערן, דער פּראָטעקציאָנס־סיסטעם, די האַנדעל־מלחמות, א. ד. ג. די דאָזיגע יונגע בוימעלעך פון דעם מאַנופאַקטור־פּעריאָד אין אייגענט־ליכען זין, זיינען ריעזיג אויסגעוואַקסען אין משך פון דעם קינד־הייט־פּעריאָד פון דער גרויסער אינדוסטריע. די געבורט פון דער לעצטער ווערט געפּייערט דורך גרויסע הורדוס־ישע קינדער־רויבע־רייען. פּונקט ווי דער קעניגליכער פלאָט, האָבען אויך די פאבריר־קען רעקרוטירט זייערע ארבייטער מיט דער הילף פון כאַפּערס. ווי אונפּיהלבאר סער פ. מ. עדען איז ניט צו די שרעקען פון דער עקספּראָפּריאַציע פון דער דאָרפישער באפעלקערונג פון איהר באָ־דען זינט דעם לעצטען דריטעל פון 15־טען יאהרהונדערט ביז צו זיין צייט, דעם סוף פון 18־טען יאהרהונדערט; ווי זעלבסטצופרידען ער באגריסט ניט דעם דאָזיגען פּראָצעס, וועלכער איז „נויטווענדיג“

כדי איינצושטעלען די קאַפּיטאַליסטישע לאַנדווירטשאַפט און „די ריכטיגע פאַרהעלטעניש צווישען אַקער־לאַנד און פּיטער־פּלעצער", ווייזט ער דאָך ניט אַרויס די זעלבע עקאָנאָמישע איינזעהעניש בנוגע דער נויטווענדיגקייט פון קינדער־רויבעריי און קינדער־שקלאַפּעריי צוליב דער פּאַרוואַנדלונג פון דער מאַנופאַקטור פּראָדוק־ציע אין פאַבריק־פּראָדוקציע און צוליב איינשטעלען די ריכטיגע פאַרהעלטענישען צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט־קראַפט.

ער זאָגט: „עס איז פּיליכט ווערט, אַז דאָס פּובליקום זאָל שענקען זיין אויפמערקזאַמקייט דער פראַגע, צי קאָן אַן אינדוסטריע פאַרגרעסערן דאָס נאַציאָנאַלע און אינדיווידועלע גליק, אויב זי דאַרף צוליב איהר ערפאָלגרייכען גאַנג אוועקרויבען די קינדער פון די הייזער און וואווינונגען פון די אָרימע, כדי זיי זאָלען גרופּענווייז פאַרבייטענדיג איינע די אַנדערע אָפּאַרבייטען דעם גרעסטען טייל פון דער נאַכט און באַרויבט זיין פון זייער רוה; אויב זי טרייבט אויפערדעם צוזאַמען אַ גרויסע צאָל קינדער פוןביידע געשלעכטען, פון פאַרשיידענע עלטער און נייגונגען, אַזוי אַז די אַנשטעקעוודיג־קייט פון ביישפּיעל מוז פיהרען צו געשלעכטליכער אויסגעלאַסענ־הייט און פאַרדאָרבענהייט?

„אין דערבישיר, נאָטינגהעמשיר און באַזונדערס אין לאַנקאַ־שיר, — זאָגט פּיעלדען, — זיינען די ניט־לאַנג ערפונענע מאַשינען איינגעפיהרט געוואָרען אין גרויסע פאַבריקען, הארט ביי די טייכען, וועלכע קאָנען דרעהען די וואַסער־ראָד. טויזענטע הענט האָבען זיך מיט אַ־מאָל אַ פאָדער געטאָן אין די דאָזיגע ערטער ווייט פון די שטעדט; און לאַנקאַשיר באַזונדערס, וואָס איז ביז דאַמאַלסט געווען, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע, שיטער באַפעלקערט און אומ־פרוכטבאַר, האָט זיך פריהער פאַר אַלץ אָנגעהויבען צו נויטיגען אין אַ באַפעלקערונג. מעהר פון אַלץ האָט מען אָנגעהויבען צו זוכען די קליינע און פלינקע פינגער. און גלייך איז אַנטשטאַנען די גע־וועהנהייט צו אַרויסקריגען לערן־איינגלעך פון די פאַר־שיידענע קירכען־ארבייטס־הייזער פון לאָנדאָן, בירמינגהאַם און אַנדערע שטעדט. פּיעל, פּיעל טויזענדע פון די דאָזיגע קליינע הילפּ־לאָזע באַשעפּעניסען פון 7 ביז 13 אָדער 14 יאָהר אַלט זיינען אָפּ־געשיקט געוואָרען אין צפון ענגלאַנד. דער מייסטער (ד. ה. דער

קינדער־גנב) האָט נעוועהנליך געקליידט זיינע לערן־אינגלעך און נעגעבען זיי עסען און אַן אָרט צום שלאָפען אין אַ לערן־אינגלעך־הויז נעבען דער פאַבריק. אויפזעהער זיינען אָנגעשטעלט געוואָרען צו נאָכקוקען די קינדער ביי דער אַרבייט. און אין די אינ־טערעסען פון די דאָזיגע שקלאַפען־אויפזעהער איז געווען צו לאָזען די קינדער אַריבערטען אַריבער די כחות, ווייל זייער געצאָלט איז געווען אָפּהענגיג פון דעם סכום פּראָדוקטען, וואָס איז אַרויסגע־פּרעסט געוואָרען פון די קינדער. דער נאַטירליכער רעזולטאַט דער־פון איז געווען אכזריות... אין פיעל פאַבריק־דיסטריקטען, באַזונ־דער'ס אין לאַנקאַשיר, האָט מען אָנגעווענדט די האַרצרייסענדסטע פּייניגונגען אויף די דאָזיגע אומשולדיגע און עלענדע באַשעפעני־שען, וועלכע זיינען געווען טריי דעם בעל־הבית פון פאַבריק. מען האָט זיי דורך צו לאַנגער אַרבייט פאַרמוטשעט ביז צום טויט. מען האָט זיי געשמיסען, געשמידט אין קייטען און געפּייניגט מיט דער גרעסטער אכזריות; אין אַ סך פאַלען האָט מען זיי אויסגעהונגערט ביז צו סקעלעטען, און אין דערזעלבער צייט האָט מען זיי געהאַל־טען ביי דער אַרבייט מיט דער הילף פון קאַנטשיק... אין איינינע פאַלען זיינען זיי אפילו געבראַכט געוואָרען צו זעלבסטמאָרד... די שעהנע און ראָמאַנטישע טאָלען פון דערבישיר, נאָטינגהאַמשיר און לאַנקאַשיר, אָפּגעצוימט פון זייטיגע מענשליכע אויגען, זיינען פאַר־וואַנדעלט געוואָרען אין שרעקליכע ערטער פון פּייניגונג און אָפט אפילו פון מאָרד... די פּראָפיטען פון די פאַבריקאַנטען זיינען געווען אומגעהייער. דאָס האָט אָבער נאָר צורייצט זייער וועלפישען אַפּע־טיט. זיי האָבען אָנגעהויבען איינפיהרען נאַכט־אַרבייט, ד. ה. נאָכדעם, ווי איין גרופּע הענט איז אויסגעשעפּט געוואָרען ביז גאָר, האָבען זיי שוין געהאַט גרייט אַ צווייטע גרופּע פאַר נאַכט־אַרבייט; די טאָג־גרופּע פלעגט אַריבערוואַנדערן אין די בעטען, וואָס די נאַכט־גרופּע האָט ערשט געהאַט פאַרלאָזען, און פאַרקערט. אין לאַנקאַשיר געהט אַרום אַ ווערטעל אין פאָלק, אַז די בעטען קיהלען זיך קיין מאָל ניט אָפּ.*)

---

*) דזשאָן פיעלדען: „די קללה פון דעם פאַבריק־סיסטעם, לאָנדאָן 1836", ז. 5, 6. וועגען די ערשטע שענדליכע רעזולטאַטען פון דעם

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אין משך פון דעם מאַנופאַקטור־פּעריאָד האָט די עפנטליכע מיי־נונג פון אייראָפּאַ פאַרלאָרען דעם לעצטען רעשט פון בושה־געפיהל און פון געוויסען. די נאַציאָנען האָבען ציניש שטאָלצירט מיט יעדער געמיינהייט, וואָס האָט נאָר געדיענט אַלס מיטעל צו קאַפּי־טאַל־אָנזאַמלונג. לעזט צום ביישפּיעל די נאַאיווע האַנדעל־כראָני־קעס פון דעם עהרליכען אַ. אַנדערסאָן. דאָ ווערט אַרויסגעטרומיי־טערט אַלס טריאומף פון דער ענגלישער מלוכה־חכמה דאָס, וואָס ענגלאַנד, וועלכע האָט פריהער געמענט פיהרען דעם האַנדעל מיט נעגערס בלויז צווישען אַפריקאַ און דער ענגלישער וועסט־אינדיען,

---

פאַבריק־סיסטעם פאַרגל. דר. אייקין „די בעאַרבייטונג פונ'ם לאַנד פון דרייסיג ביז פערציג מייל אַרום מאַנטשעסטער, לאָנדאָן 1795, ז. 219, און גיסבאָרן: „אַן אויספאָרשונג וועגען די פליכטען פון אַ מענשען, 1795“. באַנד 2 — אַזוי ווי די דאַמף־מאַשין האָט איבערגעטראָגען די פאַבריקען פון די וואַסער־פאַלען ביי די טייכען אויסער דער שטאָדט אין די שטעדט אַריין, האָט דער פּראָפיטען־מאַכער באַקומען די מעגליכקייט צו האָבען דעם קינדער־מאַטעריאַל אונטער'ן האַנט און נים מעהר געדאַרפט ברייננגען די שקלאַפען מיט גוואַלט צו די אַרביימס־הייזער. — ווען סער ר. פּיל, דער פאָטער פון דעם „מיניסטער פון וואַרשיינליכקייט“, האָט אין 1815 אַריינ־געטראָגען זיין ביל וועגען קינדער־שוץ, האָט פרענסיס האָרנער (אַ שטערן פון דער בוליאָן־קאָמיטע און אַן אינטימער פריינד פון ריקאַרדאָ) ער־קלערט אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע: „עס איז אַלעמען באַוואוסט, אַז צוזאַמען מיט אַנדערע זאַכען פון איינעם אַ באַנקראָט, האָט מען אויך אָנאָנסירט און פאַרקויפט לויט אָוקציאָן אַ באַנדע (אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקען) פון פאַבריק־קינדער, אַלס טייל פון זיין אייגענטום. מיט צוויי יאָהר צוריק איז פאַר דעם אויבער־הויף געריכט פאָרגעקומען אַזאַ אַבשייליכער פאַל: עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ צאָל אינגלעך. אַ לאָנדאָנער קירכען־געמיינדע האָט זיי איבערגעגעבן צו אַ פאַבריקאַנט, וועלכער האָט זיי ווידער־אַמאָל איבערגעגעבן צו אַן אַנדערן. איינער אַ מענשען־פריינד האָט זיי ענדליך געפונען אין אַ צושטאַנד פון אַבסאָ־לוטער אויסגעהונגערטקייט. וועגען אַ צווייטען, נאָך מעהר אַבשייליכען פאַל האָט ער זיך דערוואוסט אַלס מיטגליעד פון דער פאַרלאַמענטאַרישער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע. מיט בלויז עטליכע יאָהר צוריק האָט אַ לאָנ־דאָנער קירכען־געמיינדע געשלאָסען אַן אָפּמאַך מיט אַ פאַבריקאַנט פון לאַנקשייר, לויט וועלכען אָפּמאַך עס איז פאָראויסגעזעהן, אַז דער פאַבריקאַנט פאַרפליכטעט זיך אויף יעדע 20 געזונטע קינדער יעדעס מאָל נעמען אויך איין אידיאָט.“

האט ביים אוטרעכט־שלום אויסגעדונגען ביי די שפאניער די פרי־
ווילעגיע צו פיהרען דעם האנדעל מיט נעגערס אויף צווישען אפרי־
קא און דער שפאנישער אמעריקא. ענגלאנד האט באקומען דאס
רעכט ביז 1743 יעהרליך צו באזארגען די שפאנישע אמעריקא מיט
4800 נעגערס. דאס האט שוין צוגלייך פארשאפט אן אפיציעלען
מאנטעל פאר דער ענגלישער קאנטראבאנדע. ליווערפול איז גרויס
געווארען א דאנק דעם שקלאפען־האנדעל. דער דאזיגער האנדעל
האט געבילדעט די מעטאדע פון אנפאנגליכער אנזאמלונג פאר לי־
ווערפול. און עד היום זיינען די ליווערפולער „פני" פארבליבען די
באזינגער פון שקלאפען־האנדעל, וועלכער — פארגל. די ציטירטע
שריפט פון דר. אייקין פון 1795 — „הויבט אויף דעם קאמערציע־
לען אונטערנעמונגס־גייסט ביז צו א ליידענשאפט, שאפט בארימטע
ים־רייזענדע און ברייננט אריין גרויסע סומען געלט". ליווערפול
האט אין 1730 באשעפטיגט ביי שקלאפען־האנדעל 15 שיפען, אין
1751 — 53 שיפען, אין 1760 — 74, אין 1770 — 96, און אין
1792 — 132 שיפען.

אין דערזעלבער צייט וואס די באוועל־אינדוסטריע האט אין
ענגלאנד איינגעפיהרט קינדער־שקלאפעריי, האט זי אויך געווירקט,
אז די פריהערדיגע מעהר אדער ווייניגער פאטריארכאלע שקלאפען־
ווירטשאפט פון די פאראייניגטע שטאאטען זאל זיך פארוואנדלען
אין א קאמערציעלע עקספלואטאציאנס־ווירטשאפט. און בכלל האט
די פארמאסקירטע שקלאפעריי פון די ארבייטער אין אייראפא גע־
דארפט האבען פאר א פיעדעסטאל די אפענע שקלאפעריי אין דער
נייער וועלט.

אט אזא גוואלדיגע מיה האט געקאסט צו באפרייען די „איי־
ביגע נאטור־געזעצען" פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־
אופן, צו פארענדיגען דעם שיידונגס־פראצעס צווישען די ארביי־
טער און די ארבייט־באדינגונגען; פון איין זייט פארוואנדלען די
פראדוקציאנס־מיטלען און לעבענס־מיטלען אין קאפיטאל און פון
דער אנדער זייט פארוואנדלען די פאלקס־מאסען אין לוין־ארביי־
טער, אין פרייע „ארבייטענדע ארימעלייט". אין דעם דאזיגען

קינסטליכען פּראָדוקט פון דער נייער געשיכטע.*) אויב דאָס געלט איז, לויט אָגיע, „געקומען אויף דער וועלט מיט נאַטירליכע בלוט־פלעקען אויף איין באַק“, איז דאָס קאַפּיטאַל געקומען איינגעריכט אין בלוט פון קאָפּ ביז די פיס און פון אַלע זיינע פּאָרען שפּריצט בלוט און שמוץ.

---

*) דעם אויסדרוק „לייבאָורינג פּור“ (אַרבייטער אָרימעליוט) טרעפט מען אין די ענגלישע געזעצען פון דעם מאָמענט אָן, זינט דער קלאַס פון די לוין־אַרבייטער איז געוואָרען קענטליך. דער טערמין „לייבאָו־רינג פּור“ ווערט באַנוצט אַלס קעגענזאַץ פון איין זייט צו „אַיידל פּור“ (ליידיג־געהענדע אָרימעליוט), בעטלער, א. ד. ג. און פון דער אַנדער זייט צו די אַרבייטער, וועלכע שטעלען מיט זיך ניט פאָר קיין אָפּגעפּליקטע הוהן, וועלכע זיינען נאָך די אייגענטימער פון זייערע אַרבייטס־מיטלען. פון דעם געזעץ איז דער אויסדרוק „לייבאָורינג פּור“ איבערגעגאַנגען אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע פון קיולפּיסער, דזש. טשיילד א. אַז. וו. ביז אַ. סמיטה און עדען. און געהט נאָך דעם און אורטיילט די באַגלויבט־קייט פון דעם „העסליכען פּאָליטישען פּראַזעאָלאָג“ עדמונד בוירק, ווען ער ערקלערט דעם אויסדרוק „אַרבייטענדע אָרימעליוט“ אַלס אַ „העסליכע פּאָ־ליטישע פּראַזע“. דער דאָזיגער חונף, וועלכער האָט, זייענדיג אויף געהאַלט ביי דער ענגלישער אָליגאַרכיע, געשפּיעלט די ראָלע פון אַ ראָ־מאַנטיקער אין קעגענזאַץ צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, פּונקט אַזוי ווי ער האָט פריהער, זייענדיג אויף געהאַלט ביי די צפון־אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס, אין אָנפאַנג פון דעם אַמעריקאַנישען אויפשטאַנד, געשפּיעלט די ראָלע פון אַ ליבעראַל קעגען דער ענגלישער אָליגאַרכיע, איז געוועזן דורך און דורך אַ סאַמע געוועהנליכער בורזשוי: „די געזעצען פון האַנ־דעל זיינען די געזעצען פון דער נאַטור און דעריבער די געזעצען פון גאָט“. (ע. בוירק: „געדאַנקען און דעטאַילען וועגען זעלטענהייטען“. לאָנדאָן 1800, ז. ז. 31, 32.) עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, אַז זייענדיג געטריי די געזעצען פון גאָט און פון דער נאַטור, האָט ער זיך אַלע מאָל פאַרקויפט אויף דעם בעסטען מאַרק. אַ גוטע כאַראַקטעריסטיק פון דעם דאָזיגען עדמונד בוירק אין דעם פּעריאָד פון זיין ליבעראַליזם קאָן מען געפינען אין דעם רעווערענד טאָקער׳ס שריפטען. טאָקער איז געוועזן אַ גלח און אַ טאָקער אין אַלע איבעריגע הינזיכטען, אָבער אַן אָנשטענדיגער מענש און אַ טיכטיגער פּאָליטישער עקאָנאָמיסט — אין היינטיגער צייט, ווען עס הערשט שענדליכע כאַראַקטערלאָזיגקייט, וועלכע גלויבט אונטערטעניג אין „די געזעצען פון האַנדעל“, איז אונזער פליכט נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל צו בראַנדמאַרקען די בוירקס, וועלכע שיידען זיך אונטער פון זייערע נאָכפאָלגער בלויז מיט איין זאַך — מיט טאַלאַנט.

# די געשיכטליכע טענדענץ פון דער קאפיטאליס־טישער אנזאמלונג.

אין וואס אלזא דריקט זיך אויס די אנפאנגליכע אנזאמלונג פונ'ם קאפיטאל, דאס הייסט זיין היסטארישע אפשטאמונג? אויף וויפיעל זי שטעלט מיט זיך ניט פאר קיין אוממיטעלבארע פאר־וואנדלונג פון שקלאפען און לייב־אייגענע אין לוין־ארבייטער, דאס הייסט איינפאך א פשוט'ע ענדערונג פון דער פארמע, באדייט זי נאר די עקספראפריאציע פון די אוממיטעלבארע פראדוצענטען, ד. ה. די אויפלייזונג פון פריוואט אייגענטום, וואס האט באזירט אויף אייגענער ארבייט.

פריוואט־אייגענטום אלס קעגענזאץ צום געזעלשאפטליכען, קאל־לעקטיווען אייגענטום, עקזיסטירט נאר דארט, וואו די ארבייטס־מיטלען און די אנדערע אויסערליכע ארבייטס־באדינגונגען געהע־רען צו פריוואטע לייט. אבער אפהענגיג דערפון צי די דאזיגע לייט זיינען ארבייטער אדער נים־ארבייטער, האט אויך דאס פריי־וואט־אייגענטום אן אנדער כאראקטער. די אומענדליכע שאטי־רונגען, וועלכע דאס פריוואט־אייגענטום שטעלט מיט זיך פאר אויפ'ן ערשטען בליק, שפיגלען נאר אפ די צווישענדיגע שטופען, וועלכע ליעגען צווישען די דאזיגע ביידע עקסטרעמען.

דאס פריוואטע אייגענטום פונ'ם ארבייטער אויף זיינע פראָ־דוקציאנס־מיטלען איז דער פונדאמענט פון קליין־פראדוקציע. די קליין־פראדוקציע איז א נויטיגע באדינגונג פאר דער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפטליכער פראדוקציע און פון דער פרייער אינדי־ווידואליטעט פון דעם ארבייטער אליין. נאטירליך עקזיסטירט דער דאזיגער פראדוקציאנס־אופן אויך ביי שקלאפעריי, לייב־אייגענטום און אנדערע פארהעלטעניסען פון אפהענגיגקייט. אבער ער בליהט, אויסערט זיין גאנצע ענערגיע און באקומט די קלאסישע פארמע, וועלכע איז פאר איהם ווי אנגעמאסטען, בלויז דארט, וואו דער אר־בייטער איז א פרייער פריוואט־אייגענטימער פון די ארבייטס־באַ־דינגונגען, וועלכע ער באנוצט — דער פויער פון דעם פעלד, וואס ער בעארבייט, דער האנט־ווערקער פון דעם אינסטרומענט, מיט וועלכען ער ארבייט ווי א קינסטלער.

פאַר דעם דאָזיגען פּראָדוקציאָנס־אופן איז נויטיג די צוברעק־
לונג פון'ם באָדען און פון די אַנדערע פּראָדוקציאָנס־מיטלען. ער
שליסט אויס סיי די קאָנצענטראַציע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען,
סיי די קאָאָפּעראַציע, סיי די אַרבייט־צוטיילונג אין דעם זעלבען
פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, סיי די געזעלשאַפטליכע באַהערשונג און
רעגולירונג פון דער נאַטור, סיי די פרייע אַנטוויקלונג פון די גע־
זעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־קרעפטען. ער איז מעגליך נאָר אין
ענגע און פּרימיטיווע גרעניצען פון פּראָדוקציע און געזעלשאַפט.
צו ווערען פאַראייביגען איהם הייסט, ווי פּעקער זאָגט מיט רעכט,
„דעקרעטירען די אַלגעמיינע מיטעלמעסיגקייט". אויף אַ געוויסער
שטופע פון אַנטוויקלונג ברייננגט ער אַליין אויף דער וועלט די
מיטלען פאַר זיין אייגענער פאַרניכטונג. פון דעם מאָמענט אָן
הויבען זיך אָן צו ריהרען אין שוים פון דער געזעלשאַפט די קרעפּ־
טען און ליידענשאַפטען, וועלכע האָבען זיך געפיהלט געבונדען פון
איהם. ער מוז פאַרניכטעט ווערען און ער ווערט פאַרניכטעט. זיין
פאַרניכטונג, די פאַרוואַנדלונג פון דיאינדיווידועלע און צוברעקעלטע
פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין געזעלשאַפטליך קאָנצענטרירטע, דער אי־
בערגאַנג פון'ם קליין־אייגענטום פון פיעלע אין דאָס גרויסע אייגענ־
טום פון ווענינגע און די עקספּראָפּריאַציע פון'ם באָדען ביי די גרויכע
פאָלקס־מאַסען און פון זייערע לעבענס־מיטלען און אַרבייטס־אינ־
סטרומענטען, — די דאָזיגע שרעקליכע און שווערע עקספּראָפּריאַ־
ציע פון די פאָלקס־מאַסען בילדעט אויס די פאָרגעשיכטע פון'ם
קאַפּיטאַל. זי נעמט אַרום אַ גאַנצע רייהע פון גוואַלד־מעטאָדען,
פון וועלכע מיר האָבען באַטראַכט בלויז יענע, וואָס מאַכען אָן עפּאָ־
כע אַלס מעטאָדען פון אָנפאַנגליכער אָנזאַמלונג. די עקספּראָפּרי־
אַציע פון די אוממיטעלבאַרע פּראָדוצענטען ווערט דורכגעפיהרט
מיט אומבאַרמהאַרציגען וואַנדאַליזם און אונטער דער ווירקונג פון
די שענדליכסטע, שמוציגסטע, קליינליכסטע און העסליכסטע ליי־
דענשאַפטען. דאָס פּריוואַט־אייגענטום, וואָס איז ערוואָרבען גע־
וואָרען מיט אייגענער אַרבייט, וואָס באַזירט אַזוי־צו־זאָגען אויף
דער צוזאַמענוואַקסונג פון'ם איינצעלנעם אומאָפּהענגיגען אַרביי־
טער מיט זיינע אַרבייטס־באַדינגונגען, ווערט אַרויסגעשטויסען דורך
דעם קאַפּיטאַליסטישען פּריוואַט־אייגענטום, וואָס באַזירט אויף

דער עקספּלואַטאַציע פון פרעמדער אָבער פאָרמעל פרייער אַרבייט.

אַזוי שנעל ווי דער דאָזיגער אומוואַנדלונגס־פּראָצעס האָט גע־נוג טיעף און ברייט פאַרנאַנדערגעלייגט די אַלטע געזעלשאַפט; אַזוי שנעל ווי די אַרבייטער זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פּראָ־לעטאַריער און זייערע אַרבייטס־באַדינגונגען אין קאַפּיטאַל; אַזוי שנעל ווי דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן האָט זיך גע־שטעלט אויף זיינע אייגענע פיס, — נעמען אָן אַ נייע פאָרמע די ווייטערע פאַרגעזעלשאַפטליכונג פון דער אַרבייט, די ווייטערע פאַר־וואַנדלונג פון דער ערד און פון די אַנדערע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין געזעלשאַפטליך־עקספּלואַטירטע און דעריבער געמיינשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און אויך די ווייטערע עקספּראָפּריאַציע פון פּריוואַט־אייגענטום. אויב מען דאַרף איצט עקספּראָפּריאירען — איז דאָס שוין ניט מעהר דעם אַרבייטער, וואָס אַרבייט אויף זיך, נאָר דעם קאַפּיטאַליסט, וואָס עקספּלואַטירט פיעל אַרבייטער.

די דאָזיגע עקספּראָפּריאַציע ווערט דורכגעפיהרט דורך דער ווירקונג פון די אימאַנענטע (אינערליכע) געזעצען פון דער קאַ־פּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אַליין, דורך דער צענטראַליזירונג פון די קאַפּיטאַלען. איין קאַפּיטאַליסט צושלאָגט אויף טויט פיעלע אַנ־דערע. האַנט אין האַנט מיט דער דאָזיגער צענטראַליזירונג אָדער דער עקספּראָפּריאירונג פון אַ סך קאַפּיטאַליסטען דורך עטליכע, אַנטוויקעלט זיך די קאָאָפּעראַטיווע פאָרמע פון דעם אַרבייט־פּראָ־צעס אויף אַ גרעסערן מאַסשטאַב, די באַוואוסטזיניגע טעכנישע אָנווענדונג פון דער וויסענשאַפט, די פּלאַנמעסיגע עקספּלואַטאַציע פון׳ם באָדען, די פאַרוואַנדלונג פון די אַרבייטס־מיטלען אין אַזעל־כע, וואָס ווערען אָנגעווענדט בלויז געמיינשאַפטליך, די עקאָנאָמי־זירונג פון אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען דורך באַנוצען זיי אַלס פּראָ־דוקציאָנס־מיטלען פון קאָמבינירטער געזעלשאַפטליכער אַרבייט; עס ווערען אויך אַריינגעצויגען אַלע פעלקער אין דער נעץ פון׳ם וועלט־מאַרק, און דאָס שאַפט דעם אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער פון דעם קאַפּיטאַליסטישען רעזשים. צוזאַמען מיט דער כסדר׳דיגער פאַרקלענערונג פון דער צאָל פון די קאַפּיטאַל־מאַגנאַטען, וועל־כע אוזורפּירען און מאָנאָפּאָליזירען אַלע מעלות פון דעם דאָזיגען [illegible]־פּראָצעס, וואַקסט די [illegible], דער דרוק, די

קנעכטשאַפט, די דערנידערונג, די עקספּלואַטאַציע; אָבער צוזאַמען דערמיט וואַקסט אויך דער צאָרן פון דעם אַרבייטער־קלאַס, דעם קלאַס, וואָס האַלט אין איין וואַקסען און וואָס ווערט דורך דעם מעכאַניזם פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס גופא פאַראייניגט און אָרגאַניזירט. דער מאָנאָפּאָל פון קאַפּיטאַל ווערט אַליין אַ קייט, אַ פּענטע פאַר דעם פּראָדוקציאָנס־אופן, וועלכער האָט אויפגעבליהט צוזאַמען מיט איהר און אונטער איהר ווירקונג. די צענטראַליזאַציע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און די פאַרגעזעלשאַפטליכונג פון דער אַרבייט דערגרייכען אַזאַ פּונקט, אַז זיי קאָנען מעהר ניט איבערטראָגען זייער קאַפּיטאַליסטישע הויט. און זי פּלאַצט. עס קומט די לעצטע שעה פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּריוואַט־אייגענטום. די עקספּראָפּריאַטאָרס ווערען עקספּראָפּריאירט.

דער קאַפּיטאַליסטישער אופן פון מאַכען פאַר אייגענס, וועלכער איז אַ רעזולטאַט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען אופן פון פּראָדוקציע, ד. ה. דאָס קאַפּיטאַליסטישע פּריוואַט־אייגענטום, איז די ערשטע פאַרניינונג פון דעם פּריוואַט־אייגענטום, וואָס באַזירט אויף אייגענער אַרבייט. אָבער די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע ברייננט אַרויס מיט דער נויטווענדיגקייט פון אַ נאַטור־פּראָצעס איהר אייגענע פאַרניינונג. דאָס איז די פאַרניינונג פון דער פאַרניינונג. זי שטעלט ניט צוריק דאָס פּריוואַט־אייגענטום פון׳ם אַרבייטער, אָבער זי גיט איהם אינדיווידועל אייגענטום אויף דעם גרונט פון דער עראָבערונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע: אויפ׳ן גרונט פון קאָאָפּעראַציע און געמיינשאַפטליכען באַזיץ פון דעם באָדען און פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס די אַרבייטער אַליין פּראָדוצירען.

די פאַרוואַנדלונג פון די צוברעקעלטע פּריוואַט־פאַרמעגענס, וועלכע האָבען באַזירט אויף דער אייגענער אַרבייט, אין קאַפּיטאַליסטישען איז נאַטירליך ניט אין אַן ערך אַ לאַנגזאַמערער און שווערערער פּראָצעס, ווי די פאַרוואַנדלונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען אייגענטום, וואָס באַזירט פּאַקטיש שוין אויף געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע, אין געזעלשאַפטליכען אייגענטום. דאָרט האָט זיך עס געהאַנדעלט וועגען דער עקספּראָפּריאַציע פון די פאָלקס־מאַסען דורך עטליכע אוזורפּאַטאָרס, דאָ האַנדעלט זיך עס וועגען דער עקספּראָ־פּריאַציע פון אַ קליינער צאָל אוזורפּאַטאָרס דורך די פאָלקס־מאַסען.

# צווייטער און דריטער באַנד „דאָס קאַפּיטאַל“

(אינהאַלט פוןביידע בענדער אין קורצען)

צווייטער בוך:

דער קרייזלויף פון קאַפּיטאַל.

דריטער בוך:

דער פּראָצעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אַלס גאַנצע.

# פאַרקאַפּיטאַליסטישעס

## וועגען וואוכעריי אָדער פּראָצענט־טראָגענדען קאַפּיטאַל ערב דער קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע.

**אַן אויסצוג פון 36טען קאַפּיטעל פון 3טען באַנד „דאָס קאַפּיטאַל“.**

דער פּראָצענט־טראָגענדער קאַפּיטאַל, פּונקט ווי זיין צווילינג־ברודער, דער קאָמערציעלער קאַפּיטאַל, געהערט צו די פּרימיטיווע פאָרמען פון קאַפּיטאַל, וואָס האָבען עקזיסטירט א סך פריהער איידער דער קאַפּיטאַליסטישער אופן פון פּראָדוקציע האָט זיך אָנגעהויבען, און וועלכע מען האָט געקאָנט געפינען אונטער די פאַרשיידענסטע עקאָנאָמישע געזעלשאַפטליכע אָרדנונגען.

די עקזיסטענץ פון אָט דעם וואוכער־קאַפּיטאַל, ווי מיר מעגען איהם רופען, האָט געפאָדערט דאָס אמווייניגסטען א טייל פון די פּראָדוקטען זאָלען פאַרוואַנדעלט ווערען אין סחורות און דאָס ג ע ל ט אין זיינע פאַרשיידענע פונקציעס זאָל זיך ענטוויקלען צוזאַמען מיט דעם אויסטויש פון סחורות.

די ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַל איז פאַרבונדען מיט האַנדעלס־קאַפּיטאַל, און באַזונדערס מיט פינאַנץ־קאַפּיטאַל אין אַלטען רוים, אָנפאַנגענדיג פון די לעצטע שטופען פון דער רעפּובליק, ווען מאַנופאַקטור איז געשטאַנען פיעל נידעריגער, ווי אין דער אַלטער דורכשניטליכער שטופע פון ענטוויקלונג, האָבען האַנדעלס־קאַפּיטאַל, פינאַנץ־קאַפּיטאַל און וואוכערער־קאַפּיטאַל דערגרייכט די העכסטע מדרגה אין די גרענעצען פון די אַלטע פאָרמען.

מיר האָבען געזעהן, אז דאָס קלייבען פון אוצרות קומט מיט דער ערשיינונג פון געלט. אָבער דער פּראָפעסיאָנעלער אוצרות־קלייבער ווערט וויכטיג ערשט דאַן, ווען ער ווערט פאַרוואַנדעלט אין א וואוכערער.

דער הענדלער אנטלייהעט געלט אום צו מאַכען פּראָפיט מיט דעם, דאָס הייסט, אום דאָס צו פאַרברויכען אלס קאַפּיטאַל. און

פּאַלגליך געפינט זיך דער מ ל ו ה פון די פריהעריגע שטופען פון דער גנזעלשאַפט אין די זעלבע פארהעלטניסען מיט דעם הענדלער, ווי דער מאָדערנער קרעדיטאָר אין באצוג צום מאָדערנעם קאפּיטאַ־ליסט. אויך די קאטוילישע אוניווערזיטעטען האָבען געפיהלט אָט די ספּעציפישע פארהעלטניסען. „די אוניווערזיטעטען פון אלקאלא, סאלאמאנקא, אינגאָלשטאַדט, פרייבורג אין מאינץ, ברעיסגאַ, קעלן, טרעוו, האָבען איינער נאָך דעם אנדערען אנערקענט די געזעצליכקייט פון פּראָצענט אויף קאָמערציעלע ה ל ו א ו ת. די ערשטע פינף פון די דאָזיגע ערלויבענישען זיינען אריינגעלייגט געוואָרען אין די ארכיוועז פון דעם ראַט פון דער שטאָדט ליאָז און פארעפענטליכט אין א ביילאַגע צו דער „אָפּהאַנדלונג וועגען וואוכעריי און פּראָצענט“ אין ליאָן, פון ברוסע־פּאָנטוס“.

אין אַלע פאָרמען, אין וועלכע שקלאַפען־ווירטשאַפט (ניט די פּאטריאַרכאלע, נאָר פון די שפּעטערדיגע גריכישע און רוימישע צייטען) דיענט אַלס א מיטעל פון אָנזאמלען אוצרות, וואו געלט איז א מיטעל פון אוועקנעמען די ארבייט פון אנדערע דורך דעם קויפען פון שקלאַפען, לאַנד א. אז. וו., ווערט געלט באַנוצט אלס קאַפּיטאַל, ברייננגט אריין פּראָצענט צוליעב דעם וואָס מען קאָן עס אריינלייגען אויף אזא אופן.

אָבער עס זיינען פאראַן צוויי כאראַקטעריסטישע פאָרמען פון פּראָצענט־קאַפּיטאַל, וואָס האָבען עקזיסטירט פאַר דער פּע־ריאָדע פון קאפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. איך זאָג אַביזכטליך— כאראקטעריסטישע פאָרמען. די זעלבע פאָרמען ווידערהאָלען זיך אויף דעם באָדען פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, אָבער בלויז אַלס אונטערוואָרפענע פאָרמען. זיי זיינען שוין מעהר ניט די פאָרמען וועלכע באַשטימען דעם כאַראַקטער פון פּראָצענט־טראָ־גענדען קאַפּיטאַל. די דאָזיגע צוויי פאָרמען זיינען: ערשטענס, וואוכעריי, וואָס בעשטעהט אין לייהען געלט צו אויסברענגער פון וואוכעריי וואָס באשטעהט אין לייהען געלט צו קליינע פּראָדוצענ־טען, וועלכע באַזיצען זייערע אייגענע געצייג פּאַר זייער באַשעפטי־גונג און דאָ זיינען איינגעשלאָסען די בעלי־מלאכות און באַזונדערס די פּויערים, ווייל אין די פּאָרקאַפּיטאַליסטישע אומשטענדען, אויף

וויפיעל זיי האָבען ערלויבט אומאָפּהענגיגע אינדיווידועלע פּראָדוק־
ציע, האָט דער פּויערים־קלאַס ענטהאַלטען די גרויסע מאַיאָריטעט
פון אַזעלכע פּראָדוצענטען.

אָבער דאָס רואינירען פון רייכע לאַנד־באַזיצער און די עקס־
פּלואַטאַציע פון די קליינע פּראָדוצענטען פיהרט צו דער ענטשטע־
הונג און נאַציאָנאַליזאַציע פון גרויסע געלט־קאַפּיטאַלען.
ביז וואָס פּאַר אַ גראַד דער דאָזיגער פּראָצעס שאַפט אָפּ דעם
אַלטען אופן פון פּראָדוקציע, ווי עס האָט פּאַסירט אין מאָדערנער
אייראָפּאַ, און צי דער דאָזיגער פּראָצעס פיהרט איין דעם קאַפּי־
טאַליסטישען אַרט פּראָדוקציע, ווענדט זיך אינגאַנצען אָן דער
שטופע פון היסטאָרישער ענטוויקלונג און די אומשטענדען וואָס
רינגלען זי אַרום.

וואוכערער־קאַפּיטאַל, אַלס די כאַראַקטעריסטישע פאָרמע פון
פּראָצענט־טראָגענדען קאַפּיטאַל, ענטשפּרעכט דער איבערהערשאַפט
פון קליין־פּראָדוקציע פון פּויערים, וואָס זיינען אליין זייערע אייגענע
ארבייט־געבער, און פון קליינע ב ע ל י ־ מ ל א כ ו ת. ווען דער
ארבייטער האָט פּאַר זיך די מיטעל פון באַשעפטיגונג און די פּראָ־
דוקטען פון ארבייט אין דער פאָרמע פון קאַפּיטאַל, ווי אין דעם
קאַפּיטאַליסטישען אַרט פּראָדוקציע, האָט ער קיין געלעגענהייט
ניט צו באָרגען געלט אלס אַ פּראָדוצענט. ווען ער באָרגט געלט,
ווי אין לאָמבאַרד, אַ שטייגער, טוט ער דאָס אום צו באַזאָרגען זיך
מיט זאַכען פאַר זיין פּערזענליכען געברויך. אָבער וואו נאָר
דער ארבייטער איז דער אייגענטימער — נאָמינעל אָדער אין דער
אמת׳ן — פון זיינע מיטעל פון באַשעפטיגונג און פון זיינע פּראָ־
דוקטען, מוז ער, אַלס פּראָדוצענט, זיך רעכענען מיט דעם קאַ־
פּיטאַל פון דעם קרעדיטאָר ווי מיט וואוכער־קאַפּיטאַל. ניומאַן
דריקט אויס שוואַך דעם געדאַנק, ווען ער זאָגט, אַז דער באַנקיר
איז רעספּעקטירט, ווערענד דער פּראָצענטניק איז געהאַסט און
פאַראַכטעט, ווייל דער באַנקיר לייהט געלט צו די רייכע, ווערענד
דער פּראָצענטנק לייהט צו די אָרימע. ער פאַרזעהט דעם
פאַקט, דאָס דער אונטערשייד צווישען די צוויי אַרטען פון סאָ־
ציאַלער פּראָדוקציע און פון די ענטשפּרעכענדע סאָציאַלע אָרד־

נונגען מישט זיך דאָ אריין, און דאָס די זאַך איז ניט ערשעפּט פון דעם אונטערשייד צווישען אָרים און רייך. פּאַרקערט, וואוכעריי וואָס ציהט ארויס די קראַפט פון דעם קליינעם פּראָדוצענט, געהט האַנט אין האַנט מיט דער וואוכעריי, וואָס צעהרט אויס דעם רייכען לאַנד־באַזיצער. אַזוי שנעל ווי די וואוכעריי פון די רוימישע פּאַטריציער האָט פולשטענדיג רואינירט די רוימישע פּלעבעער, די קליינע בויערען, האָט זיך די דאָזיגע פאָרם פון עקספּלואַטאַציע געענדיגט, און אומפּאַרמאַסקירטע שקלאַפּען־ווירטשאַפט האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון קליין בויערען־ווירטשאַפט.

אונטער דער פאָרמע פון פּראָצענט קאָן דאָ וואוכעריי (וואָס נעמט שפּעטער אָן די פאָרמע פון פּראָפיט און ערד־רענטע), איינשלינגען דעם גאַנצען איבערפלוס אריבער דער סומע פון די נויטיגע עקזיסטענץ־מיטעל פון די פּראָדוצענטען (וואָס ווערט שפּעטער פאַרוואַנדעלט אין לוין), און עס איז, פאָלגליך, גאַנץ אבסורד צו פאַרגלייכען די מאָס פון אָט דעם פּראָצענט, וואָס שלינגט איין אין גאַנצען דעם מעהר־ווערט, אויסער דעם טייל וואָס געהט צום שטאַאט, מיט דער מאָס פון דער מאָדערנער פּראָצענט־ראַטע, וואָס נעמט געוועהנליך אַוועק בלויז אַ טייל פון דעם מעהר־ווערט. אַזאַ פאַרגלייך לאָזט אויס דעם פאַקט, דאָס דער לוין־ארבייטער גיט דעם קאַפּיטאַליסט, וואָס באַשעפטיגט איהם, פּראָפיט, פּראָצענט און ערד־רענטע, דאָס הייסט, אין גאַנצען דעם מעהר־ווערט, וואָס ער פּראָדוצירט. קערי מאַכט אָט דעם אבסורדען פאַרגלייך, אום צו ווייזען, ווי דער ארבייטער געווינט דורך דער ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַל און דעם פאַלען פון דער פּראָצענט־ראַטע, וואָס איז איינע פון די נאַטירליכע פאָלגען פון דער דאָזיגער ענטוויקלונג. ווען מען זאָגט, אַז ניט גענוג וואָס דער וואוכערער זויגט אויס די איבערפלוס־ארבייט פון זיין קרבן, ווערט ער נאָך ביסלעכווייז דער בעל־הבית פון די מיטעל פון באַשעפטיגונג, פון דעם הויז און דער ערד פון זיין קרבן, און האַלט אַזוי ארום אין איין עקספּראָפּריאירען איהם, פאַרגעסט מען, אַז אָט די פאָלשטענדיגע עקספּראָפּריאַציע, דאָס אַוועקנעמען די מיטעל פון באַשעפטיגונג ביי דעם ארבייטער איז ניט קיין רעזולטאַט, וואָס דער קאַפּיטאַליסטישער אופן פון פּראָדוקציע זוכט צו דערגרייכען, נאָר

טאקע די פעסטגעשטעלטע באדינגונג, פון וועלכע די קאפיטאליס־
טישע פראדוקציע גערט ארויס. מען נעמט אוועק ביי דעם לוין־
שקלאף די מעגליכקייט צו ווערען א שקלאף ביי דעם פראצענטניק,
פונקט ווי מען האט עס געטאן מיט דעם לייב־אייגענעם, לכל הפחות
אין זיין ראלע אלס פראדוצענט. אלס א פארברויכער קען דער
לוין־שקלאף שפעטער ווערען א שקלאף פון דעם קרעדיטאר. וואוכע־
רער־קאפיטאל, אין דער דאזיגער פארמע, אין וועלכער ער נעמט
ווירקליך צו די גאנצע איבערפלוס־ארבייט פון די דירעקטע פראדו־
צענטען, ענדערט ניט די ארט פראדוקציע. די גרונט־באדינגונגען פון
דער דאזיגער ארט פראדוקציע זיינען: ערשטענס, דאס די פראדוצענ־
טען זאלען זיין די באזיצער פון זייערע מיטעל פון באשעפטיגונג,
און צווייטענס, די ענטשפרעכענדע פארמע פון קליין־פראדוקציע.
קאפיטאל, אין דעם פאל, אונטערווארפט ניט דעם ארבייטער צו זיך
דירעקט און ער ערשיינט ניט פאר דעם ארבייטער אלס אינדוסטריע־
לער קאפיטאל, ווערענד וואוכער־קאפיטאל צעהרט בלויז אויס די דא־
זיגע פארמע פון פראדוקציע, פאראליזירט איהרע פראדוקטיווע
קרעפטען אנשטאט זיי צו ענטוויקלען און צו דער זעלבער צייט
פאראייביגט ער די מיזעראבעלע באדינגונגען, אין וועלכע די סא־
ציאלע פראדוקטיוויטעט פון ארבייט איז ניט ענטוויקעלט אויף דעם
חשבון פון ארבייט גופא, ווי עס איז דער פאל אונטער דעם קא־
פיטאליסטישען ארט פראדוקציע.

פון איין זייט איבט אויס וואוכעריי, אזוי ארום, אן אונ־
טערגראבענדען און צושטערענדען איינפלוס אויף די אלטע
און פעאדאלע רייכטימער און אויף אלטען און פעאדאלען אייגענ־
טום. פון דער אנדער זייט אונטערגראבט זי און רואינירט די קליין־
בויערישע און קליין־בירגערליכע פראדוקציע, דאס הייסט, אלע פאר־
מען, וואו דער פראדוצענט שיינט נאך אליין צו זיין דער בעל־הבית
איבער זיינע באדינגונגען פון פראדוקציע. אונטער דער ענטוויקעל־
טער קאפיטאליסטישער ארט פראדוקציע איז דער ארבייטער ניט
דער אייגענטימער פון זיינע מיטעל פון באשעפטיגונג, פון דעם
פעלד וואס ער בעארבייט, פון די רויהע מאטעריאלען וואס ער
ארבייט איבער, א. אז. וו. אבער אונטער דעם דאזיגען סיסטעם
איז דעם ארבייטער'ס אבהענגיגקייט פון די מיטעל פון זיין

באַשעפטיגונג אַן אויסדרוק פון אַן אמת'ער רעוואָלוציע אין דער
אַרט פּראָדוקציע גופא. די איינצעלנע אַרבייטער ווערען צוזאַמענ־
געבראַכט אין גרויסע ווערקשטאַטען מיט דעם צוועק צו צוטיילען
די אַרבייט אַזוי, אַז איין מאַנ'ס טעטיגקייט איז פּונקט צוגעפּאַסט
צו אַ צווייטענס. דאָס געצייג ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ מאַשין.
די אַרט פּראָדוקציע ערלויבט שוין מעהר ניט די באַוועגליכקייט פון
די פּראָדוקציאָנס־מיטעל, זייער אַריבערטראָגען פון איין אָרט אויף
דעם צווייטען, ווי עס איז דער פאַל מיט קליין איינענטום,
און אויך ניט די איזאָלאַציע, די אָפּגעזונדערטקייט פון דעם אַר־
בייטער אַליין. אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער אַרט פּראָדוקציע
קען שוין וואוכעריי ניט אָפּטיילען דעם פּראָדוצענט פון די
פּראָדוקציאָנס־מיטעל, צוליעב דער פּשוט'ער אורזאַכע וואָס זיי
זיינען שוין אָפּגעטיילט.

וואוכעריי צענטראַליזירט געלט־רייכטום דאָרט וואו די פּראָ־
דוקציאָנס־מיטעל זיינען ניט צוזאַמענגעבונדען. זי ענדערט ניט
די אַרט פּראָדוקציע, נאָר זי טשעפּעט זיך צו איהר צו, ווי אַ פּאַ־
ראַזיט, און אונטערגראָבט איהר. זי זויגט איהר בלוט, טויטעט אָפּ
איהרע נערוועז און צווינגט דעם פּראָצעס פון רעפּראָדוקציע אָנצו־
געהן אונטער נאָך מעהר האַרצרייסענדע באַדינגונגען. דערפון
נעמט זיך דער האַס געגען דעם וואוכערער, וואָס איז געוועזן אַם
מעהרסטען אויסגעשפּראָכען אין דער אַלטער וועלט, וואו דעם פּראָ־
דוצענט'ס באַזיץ פון איינענע פּראָדוקציאָנס־מיטעל איז גע־
וועזן צו דער זעלבער צייט דער באַזיס פון דער פּאָליטישער אָרדנונג,
פון דער אומאָפּהענגיגקייט פון דעם בירגער. אַזוי ווייט, ווי
שקלאַפעריי האַלט אָן, אָדער אויף אַזוי ווייט ווי דער איבער־
פלוס־פּראָדוקט ווערט פאַרברויכט פון דעם פעאָדאַלען לאָרד און
זיין סוויטע, בעת דער שקלאַפען־איינענטימער אָדער דער
פעאָדאַלער לאָרד פאַלען אריין אין די נעגעל פון דעם וואוכערער,
פאַרבלייבט די אַרט פּראָדוקציע דיזעלבע. בלויז דעם אַר־
בייטער ווערט ערגער. דער פאַרשולדינטער שקלאַפען־איינענטימער
אָדער דער פעאָדאַלער לאָרד הויבט אָן דריקען שווערער, ווייל ער
אַליין ווערט געדריקט. אָדער ער מאַכט פּלאַץ פאַר דעם וואוכע־
רער, וועלכער ווערט אַליין אַ לאַנד־באַזיצער אָדער אַ שקלאַפען־

איינענטימער, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט די ריטטער פון אַלטען רוים. דעם פּלאַץ פון די אַלטע עקספּלואַטאַטאָרס, וועמעס עקספּלואַטאַציע איז געווען מעהר אָדער ווייניגער פּאַטריאַרכאַל, ווייל זי איז מעהרסטענס געווען אַ מיטעל פאַר פּאָליטישער מאַכט, פאַרנעמט דער האַרטער, געלט וואַנזיניגער, דער אויפגעקומענער גביר. אָבער די אַרט פּראָדוקציע גופא ווערט דורך דעם ניט גע־ענדערט.

וואוכעריי האָט אַ רעוואָלוציאָנערע ווירקונג אויף אַלע פאָר־קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָנס־פאָרמען בלויז אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל זי פאַרניכטעט און לעזט אויף די פאָרמען פון איי־גענטום, וועלכע שטעלען פאַר דעם פעסטען באָדען פון דער פּאָ־ליטישער אָרגאַניזאַציע און מוזען שטענדיג רעפּראָדוצירט ווערען כדי די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע זאָל זיך האַלטען. אונטער די אַזיאַטישע פאָרמען קאָן וואוכעריי אָנהאַלטען אַ לאַנגע צייט און פאַראורזאַכען בלויז צו עקאָנאָמישען פאַרנאַנדערפאַלען און אַ פּאָ־ליטישע פאַרפוילטקייט. ערשט ווען די נויטיגע פאַרבאַדינגונגען זיינען אנוועזענד ווערט וואוכעריי אַ מיטעל צו העלפען אין דער גרינדונג פון דעם נייעם אַרט פּראָדוקציע, פון איין זייט דורך דעם רואינירען פון דעם פעאָדאַלען לאָרד און פון קליין־פּראָדוקציע, און פון דער אַנדער זייט דורך דעם צענטראַליזירען די פּראָדוק־ציאָנס־מיטעל אין דער פאָרמע פון קאַפּיטאַל.

אין מיטעל־אַלטער האָט קיין לאַנד ניט געהאַט קיין אַלגע־מיינע פּראָצענט־ראַטע. די קירכע האָט פון אָנפאַנג פאַרבאָטען צו נעמען פּראָצענט אויף וועלכע עס איז הלואות. געזעצען און גע־ריכטען האָבען ווייניג וואָס באַשיצט הלואות. די פּראָצענט־ראַטע אין אינדיווידועלע פאַלען איז דערפאַר געווען זעהר הויך. דער באַגרענצטער אומלויף פון געלט, די נויטווענדיגקייט פון צאָהלען מזומן אין מעהרסטע איינצאָהלונגען, האָט געצוואונגען מענשען אַלץ מעהר צו לייהען געלט, וואָס ווייניגער דער אייסטויש פון געלט איז געווען ענטוויקעלט אי די פּראָצענט־ראַטע, אי דער באַגריף פון וואוכעריי זיינען גאַנץ פאַרשיידען. אין דער צייט פון די קאַרלאַ־כאַנגען האָט לייהען געלט אויף 100 פּראָצענט געמיינט וואוכעריי. אין לאַנדאַוי האָבען איינינגע בירגער, אין 1348, גענומען 216⅔%

אין צוריך האָט דער שטאַדט־ראַט געשטימט 43⅓% אַלס די גע־
זעצליכע פּראָצענט־ראַטע. אין איטאַליען האָט מען מאַנכעסמאָל
געצאָהלט 40%, כאָטש די געוועהנליכע ראַטע איז ניט געווען הע־
כער פון 20% פון דעם צוועלפטען ביז דעם פערצעהנטען יאָהרהונ־
דערט. ווערָאָנאַ האָט באַשטימט 12½% אַלס די געזעצליכע ראַטע.
אימפּעראַטאָר פרידריך דער צווייטער האָט באַשטימט די ראַטע
אַלס 10%, אָבער בלויז פאַר אידען. אין די רהיין־פּראָווינצען איז
10% געווען די געזעצליכע ראַטע נאָך אין דרייצעהנטען יאָהרהונ־
דערט.

וואוכערער קאַפּיטאַל באַנוצט זיך מיט דער קאַפּיטאַליסטי־
שער מעטאָדע פון עקספּלואַטאַציע, אָבער אָהן דעם קאַפּיטאַליסטי־
שען אַרט פּראָדוקציע. דער דאָזיגער צושטאַנד ווידערהאָלט זיך
אויך אין דער בורזשואַזער ווירטשאַפט, אין די אָפּגעשטאַנענע
צווייגען פון דער אינדוסטריע, אָדער אין אַזעלכע, וואָס ווערען זיך
נעגען דעם איבערגאַנג צו דעם מאָדערנעם אַרט פּראָדוקציע. צום
ביישפּיל, אויב מיר ווילען פאַרגלייכען די פּראָצענט־ראַטע אין
ענגלאַנד און אין אינדיען, מוזען מיר נעמען ניט די ראַטע פון דעם
„בענק אָוו ענגלאַנד", נאָר, לאָמיר זאָגען, פון דעם מלוה פון קליינער
מאַשינעריי, וואָס לייהט צו קליינע פּראָדוצענטען אין היימישע אינ־
דוסטריען.

וואוכעריי אַלס א שונא פון פאַרשווענדען רייכטימער
איז פון היסטאָרישער וויכטיגקייט, ווייל עס העלפט מיט דעם פּראָ־
צעס פון שאַפען קאַפּיטאַל. וואוכער־קאַפּיטאַל און דעם סוחר'ס
רייכטימער העלפען דער ענטשטעהונג פון געלט־רייכטום, וואָס
איז אומאָפּהענגיג פון לאַנד־אייגענטום. וואָס ווייניגער פּראָדוקטען
נעמען אָן דעם כאַראַקטער פון סחורות און וואָס ווייניגער טויש־
ווערט כאַפּט אַרום די גאַנצע ברייט און טיעפעניש פון
פּראָדוקציע, אַלץ מעהר ערשיינט געלט אַלס אמת'ער רייכטום,
דאָס הייסט, רייכטום אין אַלגעמיין, אין פאַרגלייך מיט זיין באַ־
גרענצטען עקזיסטענץ אין געברויך־ווערטען. דאָס איז דער באָדען
פון קלייבען אוצרות. א חוץ דער פאָרמע פון וועלט־געלט און פון
אַן אוצר, נעמט געלט אָן די אַבסאָלוטע פאָרמע פון סחורות, באַ־
זונדערס אַלס א צאָהל־מיטעל. און עס איז באַזונדערס אָט די

פונקציע פון געלט אַלס אַ צאָהל־מיטעל וואָס ענטוויקעלט פּראָ־
צענט־ און געלט־קאַפּיטאַל. פאַרשוואונדעריש און פּאָרדאַרבענדעס
רייכטום דאַרף געלט אַלס אזעלכעס, אַלס אַ מיטעל צו קויפען אַלצ־
דינג (און אויך אַלס אַ מיטעל פון צאָהלען חובות). דער קליינער
פּראָדוצענט דאַרף געלט מעהרסטענס אום צו מאַכען אָפּצאָהלונגען
(דאָס פאַרבייטען פון מעשר פאַר דער קירכע און דיענסטען צום
פּריץ, וואָס פּלעגען געצאָהלט ווערען מיט ארבייט אָדער ערד־פּראָ־
דוקטען, אויף געלט־רענטע און געלט־שטייערען שפּיעלט דאַריין אַ
גרויסע ראָל. איןביידע פּאַלען ווערט געלט געברויכט אַלס אזעל־
כעס, אַלס אַ צאָהל־מיטעל). פון דער צווייטער זייט ווערט אוצרות־
קלייבען פאַרווירקליכט בלויז אויף אַזאַ אופּן און ערפילט די טרוי־
מען פון דעם וואוכערער. וואָס דער אייגענטימער פון אַן אוצר
פאַרלאַנגט איז ניט קאַפּיטאַל, נאָר געלד אַלס אזעלכעס; אָבער דער
פּראָצענט גיט איהם אַ מעגליכקייט צו פאַרוואַנדלען זיין געלט־קאַ־
פּיטאַל פאַר זיך זעלבסט, דאָס הייסט אין אַ מיטעל ווי צו פאַרכאַ־
פּען אַ טייל אָדער אינגאַנצען די איבערפלוס־ארבייט און אויך אַ
טייל פון פּראָדוקציאָנס־באַדערפניסען גופא, אפילו ווען די לעצטע
בלייבען אָפּגעזונדערט פון איהם אַלס דאָס נאָמינעלע אייגענטום
פון אנדערע. וואוכעריי עקזיסטירט, ווי עס זעהט אויס, אין דעם
געוועב פון פּראָדוקציע, פּונקט ווי די געטער, לוט אפּיקורוס'ן
לעבען אין די רוימען צווישען די וועלטען. געלט איז אלץ שווערער
צו באַקומען, וואָס וועניגער די פּראָדוקטען נעמען אַן די אלגעמיינע
פאָרמע פון סחורות. דאַרום אנערקענט דער וואוכערער ניט קיינע
אנדערע שטערונגען, אַ חוץ די נויט אָדער די ווידערשטאַנד־
קראַפט פון די וואָס דאַרפען האָבען געלט. אין קליין
בויערען אָדער קליין־בירגער פּראָדוקציע דיענט געלט הויפּטזעכליך
אַלס אַ קויף־מיטעל, ווען נאָר דער ארבייטער (וואָס איז נאָך
אַלץ אין אַן איבערוועגענדער מאָס דער אייגענטימער פון זיינע
פּראָדוקציאָנס־מיטעל אונטער די דאָזיגע פּראָדוקציאָנס־פאָרמען)
פאַרלירט זיינע מיטעל פון באַשעפטיגונג דורך אַ צופאַל אָדער דורך
אויסערגעוועהנליכע פאַסירונגען, אָדער ווען ער איז ניט אימשטאַנד
צוריקצוגעווינען זיי אין דעם געוועהנליכען גאַנג פון רעפּראָדוקציע.
לעבענס־מיטעל און רויהע מאַטעריאַלען זיינען די וויכטיגסטע טייל

פון די דאָזיגע פּראָדוקציאָנס־באַדערפניסען. אויב די דאָזיגע זאַכען ווערען טייערער, קאָן עס זיין אוממעגליך צו רעפּראָדוצירען זיי פון די איינגאַמען פון די פּראָדוקטען, פּונקט ווי בלויז אַ שלעכטע גערע־טעניש איז גענוג אַז דער בויער זאָל ניט זיין אימשטאַנד צו רע־פּראָדוצירען די זריעה אין איהר נאַטירליכער פאָרמע. די זעלבע מלחמות, דורך וועלכע די רוימישע פּאַטריציער האָבען רואינירט די פּלעבעער, זיי צווינגענדיג צו ווערען סאָלדאַטען און אַזוי אַרום ניט האָבען קיין מעגליכקייט צו רעפּראָדוצירען די באַדערפניסען פון זייער פּראָדוקטיווער טעטיגקייט און פאַראָרימט ווערען, האָבען אָנ־געפּילט די קעלערס פון די פּאַטריציער מיט גערויבטען קופּער, דאָס געלט פון יענער צייט. אָנשטאָט צו געבען די פּלעבעער דירעקט די נויטיגע פּראָדוקטען — זוימען, פערד, פיה, האָבען זיי זיי געליהען קופּער, אַ זאַך וואָס פאַר זיי אַליין איז געווען נוצלאָז, און האָבען זיך באַנוצט מיט דעם דאָזיגען באַדינגג אום אַרויסצוצווינגען אַ גוואַלדיגע פּראָצענט־ראַטע, אַזוי אַרום פאַרוואַנדלענדיג די פּלע־בעער אין פאַרשולדיגטע שקלאַפען. אונטער דער הערשאַפט פון די קאַרלאָמאַנען זיינען די פראַנקישע בויערען אויך רואינירט געוואָ־רען דורך מלחמות, אַזוי אַז זיי איז געבליבען בלויז איין אויסוועג — צו ווערען לייב־אייגענע אָנשטאָט בעלי־חובות. אין דער רוימישער אימפּעריע האָט עס אָפט פּאַסירט, אַז ניט־געדעטעגישען האָבען געצוואונגען די בויערען צו פאַרקויפען זייערע קינדער און זאָגאַר זיך אַליין פאַר שקלאַפען צו די רייכע.

אַזוי פיעל וועגען די אַלגעמיינע ווענדונג־פּונקטען. אין איינ־צעלנע פעלע הענגט אָפּ דאָס אָנהאַלטען אָדער פאַרלוסט פון די פּראָדוקציאָנס־באַדערפנישען פון טויזענטער צופאַלען, און יעדער איינער פון אַזעלכע צופאַלען אָדער פאַרלוסטען באַדייטעט פאַראָרימ־קייט און דיענט אלס אַן עפענונג פאַר דעם פּאַראַזיט פון וואוכעריי אַריינצוקריכען. אַזאַ זאַך ווי דאָס פּגר׳ען פון אַ קוה קאָן זיין גענוג אַז דער קליינער פּראָדוצענט זאָל ניט זיין אימשטאַנד צו באַנייען זיין פּראָדוקציע אויף דעם פריהערדיגען מאַסשטאַב. דאַן פאַלט ער אַריין אין די נעגעל פון דעם פּראָצענטניק, און איינמאָל איז ער ביים וואוכערער אין די הענט, איז שוין פאַר איהם אוממעגליך זיך אַרויסצודרעהען.

אָבער דאָס טיפּיש, גרויס און ספּעציפיש פעלד פון דעם וואו־כערער איז די פונקציע פון געלט אַלס אַ צאָהל־מיטעל. יעדע אָפּ־צאָהלונג פון געלט, רענטע, שטייערען, א. אז. וו., וואָס מוז גע־מאכט ווערען אין אַ באַשטימטען טאָג, טראָגט מיט זיך די נויט־ווענדיגקייט צו באַקומען געלט פאר אַזאַ צוועק. דארום איז וואו־כעריי — פון די אַלטע רוימישע צייטען ביז די היינטיגע צייטען— פארבונדען מיט שטייערען און רענט־צאָהלער און זאַמלער. נאָך מעהר, דער האַנדעל און די פאַרשפּרייטונג פון סחורות באַשאַפען אַ געוויסע צייט־צוטיילונג צווישען קויפען און צאָהלען. געלט מוז זיין אָנגעגרייט אויף אַ באַשטימטען פּלאַץ און אַ באַשטימטער צייט. ווי אַזוי דאָס קאָן פיהרען צו די אומשטענדען, אין וועלכע דער געלט־קאַפּיטאַליסט און דער וואוכערער איז איינע און דיזעלבע פּערזאָן אפילו היינטיגע צייטען, קאָן מען זעהן פון די געלט־פּאַניקען. אָבער די זעלבע וואוכעריי ווערט איינע פון די הויפּט־מיטלען פון דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דער נויטווענדיגקייט צו געברויכען געלט אַלס אַ צאָהל־מיטעל, דורך דעם וואָס זי שלעפּט אריין דעם פּראָ־דוצענט אַלץ טיעפער און טיעפער אין חובות און צושטערט די גע־וועהנליכע צאָהל־מיטעל אַזוי ווייט, דאָס דער לאַסט פון פּראָצענט מאַכט אוממעגליך זאָגאר זיין נאָרמאַלע רעפּראָדוקציע. אין דעם דאָזיגען פאַל שפּראָצט וואוכעריי ארויס פון געלט אַלס אַ צאָהל־מיטעל און פאַרשפּרייט די דאָזיגע פונקציע פון געלט אויף איהר אייגענעם ספּעציפישען געביט.

די ענטוויקלונג פון דעם קרעדיט־סיסטעם קומט פאָר אַלס אַ רעאַקציע געגען וואוכעריי. אָבער דאָס דאַרף מען ניט מיספאַר־שטעהן אָדער פאַלש אויסטייטשען אַזוי ווי אַלטע שרייבער, די „טאַטעס" פון דער קירכע, לוטהער, אָדער די אַמאָליגע סאָציאַליס־טען האָבען דאָס געטאָן. עס מיינט ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי אונטערוואַרפען פּראָצענט־טראָגענדען קאַפּיטאַל צו די באַדינגונגען און באַדערפניסען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען ארט פּראָדוקציע.

אין אַלגעמיין גענומען איז דער פּראָצענט־טראָגענדער קאַפּי־טאַל אונטער דעם מאָדערנעם קרעדיט־סיסטעם צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. וואוכעריי אַלס אַזעלכע הערט ניט נאָר ניט אויף צו עקזיסטירען, נאָר זי ווערט

זאָגאר באפּרייט, אין די לענדער וואו די קאַפּיטאַליסטישע פּראָ־
דוקציע איז ענטוויקעלט, פון די שוועריגקייטען, וואָס מען האָט
אויף איהר ארויפגעלייגט אין דער געזעצגעבונג פון אמאָל. פּראָ־
צענט־טראָגענדער קאַפּיטאַל האלט אָן די פאָרמע פון וואוכערער־
קאַפּיטאַל אין באצוג צו פּערזאָנען אָדער קלאסען, וואָס לייהען
געלט ניט אין דעם זין וואָס ענטשפּרעכט דעם קאַפּיטאַליסטישען
אַרט פון פּראָדוקציע, אָדער אין אומשטענדען, אונטער וועלכע
דאָס לייהען פון געלט קאָן ניט האָבען דעם דאָזיגען זין. דאָס באַ־
ציהט זיך אויף לייהען געלט אין א לאָמבארד אום צו באפרידיגען
אינדיווידועלע בּאדערפניסען; אָדער אויף ענטלייהען געלט צו
רייכע פארשווענדער; אָדער צו פּראָדוצענטען, וואָס זיינען ניט
קיין קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוצענטען, ווי, צום ביישפּיעל, קליינע
ערד־אייגענטימער, בעלי־מלאכות, א. אז. וו., וועלכע זיינען נאָך
אַלץ די באזיצער פון זייערע פּראָדוקציאָנס־באדערפניסען; און
ענדליך באציהט זיך דאָס אויף קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוצענטען,
וועלכע אָפּערירען נאָך אַלץ אויף אזא קליינעם מאסשטאב, אז זיי
זיינען נאָהענט צו זיך־אליין־באשעפטיגענדע פּראָדוצענטען.

דאָס וואָס אונטערשיידעט פּראָצענט־טראָגענדען קאַפּיטאַל,
אויף וויפיעל ער איז א נויטיגער עלעמענט אין דעם קאַפּיטאַליס־
טישען אַרט פּראָדוקציע, פון וואוכערער־קאַפּיטאַל, איז בשום אופן
ניט דער כאראקטער פון דעם דאָזיגען קאַפּיטאַל גופא. עס איז
בלויז די פארענדערטע אומשטענדען אונטער וועלכע ער ווירקט,
און פאָלגליך, דער אין גאנצער פארענדערטער כאראקטער פון דעם
וואָס לייהט און פיהרט געשעפטען מיט דעם קרעדיטאָר. אפילו
אין פעלע, ווען ניט קיין רייכער מענש קריגט קרעדיט אַלס א קליי־
נער פּראָדוצענט אָדער א הענדלער, ווערט דאָס געטאָן מיט דער
האָפנונג, אז ער וועט ערפילען די פונקציע פון א קאַפּיטאַליסט און
וועט דעם געבאָרגטען קאַפּיטאַל פארגרעסערען דורך מעהר אָדער
ווייניגער אומבאצאָהלטער ארבייט. ער קריגט קרעדיט אַלס א
פּאָטענציעלער קאַפּיטאַליסט. אָט דער אומשטאנד, וואָס א מענש
אָהן רייכטום, נאָר מיט ענערגיע, פעהיגקייט און א געשעפט־חוש
קאָן אזוי צרום ווערען א קאַפּיטאַליסט, ווערט שטארק באוואונ־
דערט פון די פארטיידיגער פון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם,

און דער קאמערציעלער ווערט פון יעדען איינצעלנעם מענשען איז גאנץ גענוי אפגעשאצט אונטער דעם קאפיטאליסטישען ארט פראדוקציע. כאטש די דאזיגע מעגליכקייט ברייננט אלץ נייע, ניט־געוואונשענע אוואנטורדיסטען, וועלכע הויבען אן קאנקורירען מיט די עקזיסטירענדע איינצעלנע קאפיטאליסטען, פארזיכערט זי אויך דעם עקזיסטענץ פון קאפיטאל גופא, פארברייטעט זיין באדען, און מאכט מעגליך פאר איהם צו קריגען אלץ נייע קרעפטען פון די נידעריגע שיכטען פון דער געזעלשאפט. אויף אן עהנליכען אופן האט די קאטוילישע קירכע אין מיטעל־אלטער געבויט איהר יערארכיע פון די בעסטע מהות פון פאלק, ניט קוקענדיג אויף שטאנד, יחוס אדער רייכטום, און דאס איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע מיטעל אין באפעסטיגען די הערשאפט פון פריסטערטום און אונטערדריקען די אויסער־קירכישע מאכט. וואס מעהר א הערשענדער קלאס קאן אסימילירען פראמינענטע פערזאנען פון א באהערשטען קלאס, אלץ מעכטיגער און געפעהרליכער איז זיין הערשאפט.

ניט די פארדאמונג פון פראצענט־טראגענדען קאפיטאל אין אלגעמיין, נאר, פארקערט, זיין אפענע אנערקענונג איז דער אנפאנג פון דעם מאדערנעם קרעדיט־סיסטעם.

מיר רעדען דא ניט וועגען אזעלכע רעאקציעס נעגען וואר־כעריי, וואס האבען געזוכט צו באשיצען די ארימע לייט פון איהר, ווי די רעגירונגס־לאמבארדען (אין 1350 אין סארלינס אין דער פראנש קאנטעע, און שפעטער, אין 1400 און אין 1479 אין פע־רוזשיא און סאוואנא, אין איטאליען). די דאזיגע רעאקציעס זיי־נען מערקווירדיג הויפטזעכליך דערפאר, וואס זיי ציינען די אי־ראניע פון דער געשיכטע, וועלכע פארוואנדעלט פרומע וואונשען אין זייער געגענזאץ, אזוי שנעל ווי זיי ווערען ערפילט. לויט מעסיגער אפשאצונג צאהלט דער ענגלישער ארבייטער קלאס 100% צו די לאמבארדען. אויך רעדען מיר דא ניט וועגען די קרעדיט־פאנטאזיעס פון מענשען ווי דר. היו טשעמבערליין אדער דזשאהן בריסקאו, וועלכע האבען אין לעצטען יאהרצעהנדליג פון 17טען יאהרהונדערט געפרואווט צו באפרייען די ענגלישע אריסטאקראטיע פון וואוכעריי דורך א לאנד־באנק מיט פאפיר־געלט, געגרינדעט

איוף אומבאַוועגליכען אייגענטום. די קרעדיט־געזעלשאַפּטען, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרען אין ווענעדיג און גענוא אין דעם 12טען און 13טען יאָהרהונדערט, זיינען ענטשטאַנען פון דער נויטוועןדיגקייט פון ים־קאָמערץ און פון דעם גרויסען האַנדעל, וואָס איז געווען פארבונדען מיט איהר, זיך צו באַפרייען פון דער הערשאַפט פון וואוכעריי און פון דער מאָנאָפּאָליע אין דעם געלט־געשעפט. דער פאַקט דאָס די באַנקען, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרען אין די דאָזיגע שטאָדט־רעפּובליקען, האָבען צו דער זעלבער צייט אָנגענומען די פאָרמע פון אינסטיטוציעס פאַר געזעלשאַפטליכען קרעדיט, וואו דער שטאַאט האָט גע־ליהען געלט אויף דעם חשבון פון צוקונפטיגע איינקינפטע פון שטייערען, ערקלערט זיך דורך דעם, וואָס די הענדלער, וועלכע האָבען אַזוינע געזעלשאַפטען געגרינדעט, זיינען געווען פראָמי־נענטע פערזאָנען פון די דאָזיגע שטאַאטען, און זיי זיינען פונקט אַזוי געווען פאַראינטערעסירט אין באַפרייען זייער שטאַאט ווי זיך אליין פון די הויכע פּראָצענטען פון די וואוכערער און צו דער זעלבער צייט צו פארשטארקען זייער קאָנטראָל איבער דעם שטאַאט גופא. דעריבער, ווען מען האָט געפּלאַנט דעם „בענק אָוו ענגלאַנד“, האָבען די טאָריער אויסגעזעצט דאָס: „באַנקען זיינען רעפּובליקאַנישע אינסטיטוציעס. בליהענדע באַנקען עקזיסטירען אין ווענעדיג, גענוא, אַמסטערדאַם און האַמבורג. אָבער האָט עמיצער ווען געהערט פון אַ באַנק אין פראַנקרייך אָדער אין שפּאַניען?“

דער באַנק פון אַמסטערדאַם אין 1609, פּונקט ווי דער באַנק פון האַמבורג אין 1619, האָט ניט באַצייכענט קיין עפּאָכע אין דער ענטוויקלונג פון דעם מאָדערנעם קרעדיט־סיסטעם. דאָס איז געווען בלויז אַ באַנק פאַר דעפּאָזיטען, פאַר איינליינען געלט. די טשעקס וואָס דער באַנק האָט אַרויסגעגעבען זיינען געווען ניט מעהר ווי קוויטאַנציעס פאַר דעם איינגעלייגטען גאָלד און זילבער, און האָ־בען צירקולירט בלויז מיט דעם גוט־הייסען פון די וואָס האָבען זיי נעקראָגען. אָבער אין האָלאַנד האָט זיך דער קאָמערציעלער קרע־דיט און דאָס געלט־געשעפט ענטוויקעלט צוזאַמען מיט דעם האַנ־דעל און מאַנופעקטור, און דער פּראָצענט־טראָגענדער קאַפּיטאַל

איז פון דעם גאַנג פון ענטוויקלונג גופא אונטערוואָרפען געוואָרען צו דעם אינדוסטריעלען און קאָמערציעלען קאַפּיטאַל. דאָס האָט זיך צרויסגעוויזען זאָגאר אין די נידעריגע פּראָצענט־ראַטען. און אין דעם 17טען יאָהרהונדערט איז האָלאַנד באַטראַכט געוואָרען אַלס א מוסטער־לאַנד פון עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, פּונקט ווי ענגלאַנד איז דאָס איצט. דער מאָנאָפּאָל פון דער אַלט־מאָדישער וואוכעריי, געגרינדעט אויף אָרימקייט, איז אין יענעם לאַנד געפאַלען פון איהר אייגענעם געוויכט.

אין פאַרלויף פון דעם גאַנצען 18טען יאָהרהונדערט ווייזט מען אָן אויף האָלאַנד אַלס א ביישפּיעל און מען פאָדערט א געצוואונגענע פאַרקלענערונג פון פּראָצענט־ראַטען (און געזעצגעבונג איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין דער דאָזיגער ריכטונג) און צו מאַכען דעם פּראָצענט־טראָגענדען קאַפּיטאַל צו זיין אונטערוואָרפען דעם קאָמערציעלען און אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל, אָנשטאָט די פאַרקערטע פאַרהעלטניסען וואָס האָבען ביז דאַן עקזיסטירט.

דער דאָזיגער שטורמישער קאַמף געגען וואוכעריי, די דאָזיגע פאָדערונג דאָס דער פּראָצענט־טראָגענדער קאַפּיטאַל זאָל זיין אונטערוואָרפען צום אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל, איז בלויז דער אָנזאָגער פון די אָרגאַנישע איפּרודערונגען, וועלכע עטאַבלירען די דאָזיגע נויטיגע פאָר־באַדינגונגען פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אין דעם מאָדערנעם באַנק־סיסטעם, וועלכעס נעמט פון איין זייט אוועק דעם מאָנאָפּאָל פון דעם וואוכערער־קאַפּיטאַל דורך דעם וואָס עס קאָנצענטרירט די ליידיגע געלט־רעזערווען און וואַרפט זיי אַריין אין דעם געלט־מאַרק, און באַגרענעצט פון דער אַנדערער זייט דעם מאָנאָפּאָל פון די טייערע מעטאַלען גופא דורך דער באַשאַפונג פון קרעדיט־געלט.

דאָס באַנק־סיסטעם, וואָס אָנבאַלאַנגט זיין פאָרמעלע אָרגאַניזאַציע און צענטראַליזירונג, איז דער קינסטליכסטער און ענטוויקעלסטער פּראָדוקט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען אַרט פּראָדוקציע, א פאַקט, וואָס ס'איז שוין אין 1697 אויסגעדריקט געוואָרען אין א בוך פון יענער צייט. דאָס ערקלערט די געוואַלדיגע מאַכט פון אַזא אינסטיטוציע ווי די „בענק אָוו ענגלאַנד" איבער האַנדעל און אינדוסטריע, כאָטש זייערע

באַוועגונגען קומען פאַר אויסער דער ספערע פון אינדוסטריע, און די לעצטע איז פּאַסיוו צו זיי. דער באַנק האָט די פאָרמע פון אוניווערסאַלער בוכהאַלטעריע און פון דער פאַרטיילונג פון פּראָ־דוקטען אויף אַ סאָציאַלען מאַסשטאַב, אָבער דאָס איז בלויז די פאָרמע. מיר האָבען געזעהן, אַז דער דורכשניטליכער פּראָפיט פון דעם איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט, אָדער פון יעדען איינצעלנעם קאַפּיטאַל, ווערט באַשטימט ניט פון דער איבערפּלוס־אַרבייט, וואָס יעדער קאַפּיטאַל נעמט פאַר זיך צוערשט, נאָר פון דער גאַנצער קוואַנטיטעט פון איבערפּלוס־אַרבייט, וואָס ווערט אַוועקגענומען פון דעם גאַנצען קאַפּיטאַל, פון וועלכען יעדער איינצעלנער קאַ־פּיטאַל באַקומט אַ דיווידענד אַלס אַ טייל פון דעם גאַנצען קאַ־פּיטאַל. דער דאָזיגער סאָציאַלער כאַראַקטער פון קאַפּיטאַל ווערט פאַרשטאַרקט און פּאָלשטענדיג פאַרווירקליכט דורך דער פאָל־שטענדיגער ענטוויקלונג פון דעם באַנק און קרעדיט־סיסטעם. פון דער צווייטער זייט געהט ער נאָך ווייטער. ער מאַכט מעגליך פאַר די אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע קאַפּיטאַליסטען צו באַנוצען זיך מיט דעם גאַנצען גרייטען, אָדער זאָגאַר פּאָטענציעלען, קאַפּי־טאַל פון דער געזעלשאַפט, אויף אַזוי ווייט ווי ער איז ניט אַקטיוו אַריינגעלייגט, אַזוי דאָס ניט דער קרעדיטאָר און ניט דער געברוי־כער פון אַזאַ קאַפּיטאַל זיינען זיינע וואהרע אייגענטימער אָדער פּראָדוצענטען. דאָס שאַפט אָפּ דעם פּריוואַטען כאַראַקטער פון קאַפּיטאַל און, אויף אַזוי פיעל, מיינט עס די אָפּשאַפונג פון קאַ־פּיטאַל גופא. מיט דער הילף פון דעם באַנק־סיסטעם ווערט די פאַרטיילונג פון קאַפּיטאַל אַלס אַ ספּעציעלער געשעפט, אַלס אַ סאָציאַלע פונקציע, אַרויסגענומען פון די הענט פון פּריוואַטע קאַ־פּיטאַליסטען און וואוכערערס. אָבער צו דער זעלבער צייט ווערט דאָס באַנק־ און קרעדיט־סיסטעם דאָס ווירקזאַמסטע מיטעל אין טרייבען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע ווייטער פון איהרע איי־גענע גרענעצען, און איינער פון די מעכטיגסטע אינסטרומענטען פון קריזיסען און שווינדעל. נאָך מעהר, דאָס באַנק־סיסטעם, מיט דעם וואָס עס לאָזט אַרויס פאַרשיידענע פאָרמען פון צירקולירענדען קרעדיט אַנשטאַט געלט, באַווייזט, דאָס געלט איז אין דער אמת'ן ניט מעהר ווי אַ ספּעציעלער אויסדרוק פון דעם סאָציאַלען כאַראַק־

טער פון ארבייט און איהרע פּראָדוקטען, אזוי דאָס דער דאָזיגער כאַראַקטער, אין זיין אונטערשייד פון דעם באָדען פון אינדיווי־דועלער פּראָדוקציע, מוז זיך אין ענדליכען אנאַליז ארויסווייזען אַלס אַן אייגענטימליכע סחורה זייט ביי זייט מיט אנדערע סחורות.

לעצטענס, איז עס אויסער צווייפעל, אַז דאָס קרעדיט־סיסטעם וועט דיענען אלס א מעכטיגער ריטשאַג („לעווער“) אין פארלויף פון דעם איבערגאַנג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען ארט פּראָ־דוקציע צו א פּראָדוקציע פון א פאַראייניגטער ארבייטערשאַפט; אָבער בלויז אַלס איין עלעמענט אין פארבינדונג מיט אנדערע גרוי־סע אָרגאַנישע רעוואָלוציעס אין דעם ארט פּראָדוקציע גופא.

מיר האָבען געזעהן, דאָס האַנדעל־קאַפּיטאַל און פּראָצענט־טראָגענדער קאַפּיטאַל זייגען די עלטסטע פאָרמען פון קאַפּיטאַל. עס איז נאַטירליך, אַז אין דעם געוועהנליכען אומפאַנג ווערט באַ־טראַכט אַלס די הויפּט און רייגסטע פאָרמע פון קאַפּיטאַל ניט דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל, נאָר דער פּראָצענט־טראָגענדער קאַפּיטאַל. אין דעם פאַל פון האַנדעלס־קאַפּיטאַל איז קענטיג די טעטיגקייט פון א צווישען־מאַן, אַלצאיינס צי זי ווערט באַטראַכט אַלס שווינדעל, ארבייט אָדער אנאַנדער זאַך. אָבער אין דעם פאַל פון פּראָצענט־טראָגענדען קאַפּיטאַל ווערט די זעלבסט־פאַר־גרעסערונג פון ווערט און די באַשאַפונג פון מעהר־ווערט ארומגערינגעלט מיט געהיימע, פארבאָרגענע אייגענשאַפטען. דאָס ערקלערט דעם פאַקט, וואָס אפילו א טייל פון די פּאָ־ליטישע עקאָנאָמיסטען, באַזונדערס אין די לענדער, וואו אינ־דוסטריעלער קאַפּיטאַל איז נאָך ניט פאָלשטענדיג ענטוויקעלט, ווי אין פראַנקרייך, האַלטען פּראָצענט־טראָגענדען קאַפּיטאַל פאַר דער פונדאַמענטאַלער פאָרמע פון קאַפּיטאַל און באַטראַכטען ערד־רענטע, צום ביישפיעל, בלויז אַלס א מאָדיפיצירטע פאָרמע פון אזא קאַפּיטאַל. אויף דעם אופן ווערט די אינוועניגסטע צוגלידערונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער ארט פּראָדוקציע אין גאַנצען מיס־פאַרשטאַנען, מען פארקוקט אין גאַנצען דעם פאַקט, אז לאַנד, פּונקט אזוי ווי קאַפּיטאַל, ווערט בלויז געליהען (פארדונגען) דעם קאַפּי־טאַליסט. מען קאָן, נאַטירליך, אויך ליהען די פּראָדוק־ציאָנס־מיטעל, ווי מאַשינען, געביידעס א. אז. וו., אנשטאט געלט.

אָבער זיי שטעלען מיט זיך אימער פאָר א געוויסע סומע געלט. מען דארף צאָהלען ניט נאָר פּראָצענט אויף זיי, נאָר אויך דעם נוץ־פארלוסט און דאָס איז צוליעב זייער געברויך־ווערט, די ספּעציפישע, נאַטירליכע פאָרמע פון די דאָזיגע עלעמענטען פון קאַפּיטאַל. די ענטשיידענדע זאַך אין דעם דאָזיגען פאַל איז, צי מען לייהט זיי צו די דירעקטע פּראָדוצענטען, וואָס וואָלט געמיינט די אבוועזענהייט פון דעם קאפּיטאַליסטישען ארט פּראָדוקציע, אָם וועניגסטען אין דער ספערע וואו דאָס קומט פאָר, אָדער צי מען לייהט זיי צו די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען, וואָס ווערט אָנגענומען אלס א גרונד־זאַך אונטער דעם קאַפּיטאַליסטישען ארט פּראָדוקציע. עס איז נאָך מעהר אומפּאַסענד און זינלאָז אריינצושלעפּען אין דעם דאָזיגען טייל פון אונזער באַטראַכטונג אויף דאָס לייהען פון הייזער, און אַזוי ווייטער, פאַר דעם אינדיווידועלען פאַרברויך. דאָס דער אַרבייטער קלאַס ווערט באַשווינדעלט אין א גוואַלדיגער מאָס אויף דעם דאָזיגען געביט ווי אויף אַנדערע, איז אַן אויגענשיינליכער פאַקט; אָבער דאָס ווערט געטאָן אויך פון דעם קליינעם הענדלער, וועלכער פאַרקויפט זיי לעבענס־מיטעל. דאָס איז א צווייטער גראַד עקספּלואַטאַציע, וואָס קומט פאָר אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס גופא. דער אונטערשייד צווישען פאַרקויפען און לייהען האָט אין דעם דאָזיגען פאַל קיין באַדייטונג ניט און איז בלויז פאָרמעל, און קאָן ניט באַטראַכט ווערען אלס גרונד־וויכטיג, סיידען פון איינעם וואָס איז אין גאַנצען ניט באַקאַנט מיט די ווירקליכע באַדינגונגען פון דעם פּראָבלעם.

---

אי וואוכעריי אי האנדעל עקספּלואַטירען די פאַרשיידענע פאָרמען פון פּראָדוקציע. זיי באַשאַפען זי ניט, נאָר אַטאַקירען זי פון דרויסען. וואוכעריי זוכט זי אָנצוהאַלטען דירעקט אום צו זיין אימשטאַנד זי צו עקספּלואַטירען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, אָבער זי איז קאָנסערוואַטיוו און מאַכט פּראָדוקציע מעהר און מעהר קלעגליך. וואָס וועניגער די עלעמענטען פון פּראָדוקציע געהען אריין אין דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציע אלס סחורות און קומען ארויס אלס סחורות, אַלץ מעהר קוקט אויס זייער אורשפּרונג פון געלט אלס א באַזונדערער אקט. וואָס באַדייטענדער א ראָל די

צירקולאַציע שפּיעלט אין דער סאָציאַלער פּראָדוקציע, אַלץ מעהר בליהט וואוכעריי.

דאָס וואָס געלט־רייכטום ווערט ענטוויקעלט אַלס אַ באַזונדער מין רייכטום, מיינט, אין באַצוג צו וואוכערער־קאַפּיטאַל, דאָס ער מאָנט אויף אַלע זיינע חובות אין געלט. אַזאַ מין רייכטום ווערט אין יעדען לאַנד ענטוויקעלט אַלץ מעהר, וואָס מעהר די מאַסע פון פּראָדוקציע באַנוגענט זיך מיט נאַטירליכע דיענסטע א. אַז. וו., דאָס הייסט, מיט געברויך־ווערטען.

אויף אַזוי פיעל האָט וואוכעריי אַ דאָפּעלטע ווירקונג. ערשטענס, פאָרמירט זי אַן אומאָפּהענגיג געלט־רייכטום זייט ביי זייט פון דעם האַנדעל־קלאַס. צווייטענס, נעמט זי צו די נויטיגע פאַר־באַדינגונגען פון אַרבייט, דאָס הייסט, זי רואינירט די אייגענטי־מער פון די אַלטע פּראָדוקציאָנס־באַדערפניסען. אַזוי אַרום ווערט זי אַ מעכטיגער פאַקטאָר אין דער בילדונג פון די באַדערפניסען פון אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל.

# דער אינהאַלט פון דעם צווייטען און דעם דריטען באַנד פון „קאַפּיטאַל“.

## א פאַרבאַמערקונג.

קאַרל מארקס האָט ניט דערלעבט צו ענדיגען זיין הויפּט־ווערק. פון דעם צווייטען און דעם דריטען באַנד זיינען איבערגעבליבען אַ צאָל כתבים, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען צו פאַרשיידענע ציי־טען און זיינען ניט פאַרעפענטליכט געוואָרען פון מאַרקס׳ן אליין, ווייל ער האָט זיי ניט געהאַלטען פאַר אויסגעאַרבייט גענוג. נאָך זיין טויט האָט זיי זיין לעבענספריינד פרידריך ענגעלס צוזאַמענ־געשטעלט און פאַרעפענטליכט אַזוי ווי זיי זיינען געווען, מיט זעהר קנאַפּע ענדערונגען. מען קאָן זעהן, אַז ווען מאַרקס האָט די דאָזיגע קאַפּיטלען געשריבען, האָט ער געהאַט אין זינען נאָר פעסטצושטע־לען זיינע געדאַנקען פאַר זיך אַליין. אין זיין פאָררעדע צו דעם צווייטען באַנד זאָגט ענגעלס, אַז עס איז פאַר איהם געווען אַ שווערע אַרבייט צוזאַמענצושטעלען דעם איבערגעבליבענעם מאַ־טעריאַל. עס איז לייכט צו פאַרשטעהן, אַז פאַר דעם דורכשניט־ליכען לעזער איז זעהר שווער צו פאַרשטעהן די דאָזיגע בענדער, אַזוי ווי זיי זיינען געשריבען, דעריבער האָט דער רעדאַקטאָר גע־נומען אויף זיך צו געבען דעם לעזער דעם תמצית פון די צוויי בענדער אין אַ פאַרשטענדליכער פאָרמע.

## I. דער קרייזלויף פון קאַפּיטאַל.

ווי מיר ווייסען שוין, געהט דער קאַפּיטאַל דורך דריי מדרגות. ערשטענס, ערשיינט דער קאַפּיטאַליסט אין מאַרק אַלס קויפער פון סחורות, געציינג, מאַטעריאַלען און אַרבייט־קראַפט. צווייטענס, ניצט ער אויס די איינגעקויפטע וואַרען אין דער פּראָדוקציע פון נייע סחורות, וואָס זיינען ווערט מעהרער, ווי די אויסגעניצטע סחורות. דריטענס, קומט ער צוריק אין מאַרק, אלס אַ פאַרקויפער; פאַר זיין סחורה קריגט ער געלט. דער ווערט פון דעם געלט־קאַפּי־טאַל געהט אויף דעם אופן דורך די פאָלגענדע סטאַנציעס: געלט — סחורה — פּראָדוקציע — סחורה — געלט. דערביי אַבער האָט די

צווייטע סחורה א גרעסערן ווערט, ווי די ערשטע, און די צווייטע סומע געלט איז גרעסער, ווי די ערשטע. מיר שטעלען דאס פאר אין דער פארמע פון א ליניע מיט ראשי תיבות, וואו ג מיינט „געלט", ס—„סחורה", פ—„פראדוקציע", אט אזוי:

ג־1———ס־1 . . . פ . . . ס־2———ג־2

די ערשטע מדרגה: געלט—סחורה, טיילט זיך איין אין צוויי באזונדערע קלאסען איינקויפען. ערשטענס, מיט איין טייל פון זיין געלט קויפט דער קאפיטאליסט די ארבייט־קראפט, מען קאן דאס פארשטעלען אין דער ליניע מיט די ראשי־תיבות: ג—א. צווייטענס, מיט אן אנדער טייל פון זיין געלט קויפט ער איין פראדוקציאנס־מיטלען, דאס קאן מען פארשטעלען אין דער ליניע מיט די ראשי־תיבות: ג—פ"מ.

די צווייטע מדרגה, פראדוקציע איז אן אונטערברעכונג אין דעם קרייזלויף פון דעם געלט־קאפיטאל: ווען דער קאפיטאליסט האט איינגעקויפט די ארבייט־קראפט און די פארשיידענע פראדוקציאנס־מיטלען, דארף ער זיי ערשט אויסניצען אין דער פראדוקציע פון א נייער סחורה, איידער ער קאן ווידער ערשיינען אין מארק. דער קאפיטאל, וואס איז פון אנהויב איינגעלייגט געווען אין דער געלט פארמע, נעפינט זיך איצטער אין דער פארמע פון פ ר א ד ו ק ט י וו ע ן ק א פ י ט א ל.

די דריטע מדרגה הויבט זיך אן, ווען די פראדוקציע האט זיך שוין געענדיגט, די ארבייט־קראפט צוזאמען מיט די פראדוקציאנס־מיטלען זיינען פארוואנדעלט געווארען אין א נייע סחורה פון א גרעסערן ווערט. איצטער געפינט זיך דער קאפיטאל ווידער אין דער פארמע פון סחורה־קאפיטאל.

די לעצטע מדרגה: סחורה—געלט, פארוואנדעלט די פראדוצירטע סחורה, וואס האט א גרעסערן ווערט, ווי די איינגעקויפטע סחורות, אין א גרעסערע סומע געלט, ווי דער איינגעלייגטער געלט־קאפיטאל. דער קאפיטאל ערשיינט ווידער אין דער פארמע פון געלט־קאפיטאל, דערמיט ענדיגט זיך דער ערשטער קרייזלויף.

ווען איהר באטראכט דעם קרייזלויף אין גאנצען, טו ווייזט זיך ארויס, אז דער קאפיטאל געהט דורך פארשיידענע גלגולים. ערשט ערשיינט ער אין דער פארמע פון ג ע ל ט ־ ק א פ י ט א ל, דערנאך אין דער פארמע פון פ ר א ד ו ק ט י וו ע ן ק א פ י־ ט א ל, ווידער אין דער פארמע פון ס ח ו ר ה ־ ק א פ י ט א ל, און צולעצט קערט ער זיך אום ווידער צו זיין ערשטער געשטאלט פון ג ע ל ט ־ ק א פ י ט א ל. דעם קאפיטאל בכלל, וואס נעמט אן דעם פארשיידענע פארמען, באצייכענט מארקס מיט דעם נאמען א י נ ד ו ס ט ר י ע ל ע ר קאפיטאל.

דער רעזולטאַט פון די אַלע גלגולים איז וואָס פון דער קלע־נערע סומע געלט ג־1 איז געוואָרען אַ גרעסערע סומע געלט ג־2. אין דעם באַשטעהט דער קאַפּיטאַליסטישער עצם פון דעם קרייז־לויף פון דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל. דאָס וואָס ער ערשיינט צום סוף ווידער אין דער פאָרמע פון געלט גיט איהם די מעגליכ־קייט איבער־אַ־נייעס אָנצוהויבען די זעלבע גלגולים. ווען מיר באַ־טראַכטען נאָר די פאָרמען פון דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל, לאַ־זענדיג אָן אַ זייט די גרויס, טו קאָן זיין באַוועגונג פאָרגעשטעלט ווערען אין דער פאָרמע פון דער פאָלגענדער ליניע מיט ראשי־תיבות:

ג——ס..פּ..ס——ג——ס..פּ..ס——ס..פּ..ס——ג

ווען מיר קוקען זיך איין אין אָט די רייהע גלגולים, זעהען מיר, אַז דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַל דרעהט זיך אַזוי ווי אין אַ ראָד, — יעדע פון די געשטאַלטען אין וועלכע ער ערשיינט, חזר'ט זיך איבער כסדר ווידער און ווידער. איהר קענט אָננעמען יעדע פון די דאָזיגע געשטאַלטען פאַר דעם אָנהויב פון דעם קרייזלויף, נעמ־ליך:

1) פּראָדוקציע — סחורה — געלט — סחורה — פּראָדוקציע,
2) סחורה — געלט — סחורה — פּראָדוקציע — סחורה.

וואָס מיינט דאָס? מיר האָבען ביז אַהער באַטראַכט די באַ־וועגונג פון דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל אָנהויבענדיג מיט דעם געלט־קאַפּיטאַל, דער געלט־קאַפּיטאַל איז אַריינגעלייגט געוואָרען אין דעם אָנקויף פון פּראָדוקציאָנס־מיטלען און אַרבייט־קראַפט, אויף דעם האָט זיך די צירקולאַציע דערווייליע אָפּגעשטעלט, אום צו געבען פּלאַץ דער פּראָדוקציע. ווען די פּראָדוקציע האָט געשאַפען אַ נייע סחורה, איז זי אויסגעטוישט געוואָרען אויף געלט, די געלט (אָדער אַ טייל דערפון) איז ווידער אַריינגעלייגט געוואָרען אין דעם אָנקויף פון פּראָדוקציאָנס־מיטלען און אַרבייט־קראַפט א. א. וו. אָבער אַזוי ווי דאָס באַוועגט זיך אין אַ קרייז, קאָנען מיר זיך פאָר־שטעלען, אַז עס הויבט זיך אָן מיט דער פּראָדוקציע, די געשאַפענע סחורה ווערט פארקויפט פאַר געלט, די געלט ווערט ווידער אויסגע־געבען אויף סחורה — פּראָדוקציאָנס־מיטלען און אַרבייט־קראַפט — און עס הויבט זיך ווידער אָן די פּראָדוקציע. אָדער מיר קאָנען זיך פאָרשטעלען, אַז עס הויבט זיך אָן מיט דער פאָריגער סחורה, זי ווערט פארקויפט פאַר געלט, די געלט ווערט אויסגעטוישט אויף אַנ־דערע סחורה — פּראָדוקציאָנס־מיטלען און אַרבייט־קראַפט — די צירקולאַציע ווערט אונטערבראָכען פון דער פּראָדוקציע, וועלכע ענדיגט זיך מיט דער שאַפונג פון אַ נייער סחורה.

אין דער אמת'ען קומט דאָך פאָר אין דער געזעלשאַפט גלייכ־

צייטיג די באוועגונג פון א סך איינצעלנע קאפיטאלען און בעת
איינער געפינט זיך אויף איין מדרגה, טרעט אריין דער אנדערער
אין אנאנדער מדרגה. ווען מען באטראכט די קאפיטאליסטישע
געזעלשאפט אין גאנצען, ווייזט זיך אויס, אז צו יעדער צייט גע־
פינט זיך א טייל פון איהר גאנצען קאפיטאל אויף יעדער פון די
דאזיגע מדרגות. דורך דעם סיסטעם פון האנדעל און קרעדיט ווערט
געשאפען די מעגליכקייט פאר יעדען קאפיטאל צו צירקולירען אהן
אונטערברעכונג: דער געלט־קאפיטאל דארף ניט אפשטעלען זיין
צירקולאציע צו ווארטען, ביז עס וועט זיך ענדיגען די פראדוקציע
און עס וועט פארקויפט ווערען די פראדוצירטע סחורה, דער פרא־
דוקטיווער קאפיטאל דארף ניט ווארטען ביז זיינע פראדוקטען ווע־
לען פארקויפט ווערען, איידער ער הויבט אן צו פראדוצירען ווייי־
טער; דער סחורה־קאפיטאל, אדער האנדעלס־קאפיטאל, דארף ניט
ווארטען אויף די פראדוקציע פון נייע ווארען איידער ער הויבט אן
ווידער זיין צירקולאציע.

דער קאפיטאל, נאטירליך, באוועגט זיך ניט אליין, מענשען
ברייגגען איהם אין באוועגונג — די קאפיטאליסטען. די איינטיי־
לונג פון דעם אינדוסטריעלען קאפיטאל אין געלט־קאפיטאל, פרא־
דוקטיווען קאפיטאל און סחורה־קאפיטאל (אדער האנדעלס־קאפי־
טאל) איז נאר אן אנדער אויסדרוק פאר די איינטיילונג פון די קא־
פיטאליסטען אין געלט־קאפיטאליסטען (באנקירען), פראדוקטיווע
קאפיטאליסטען (אדער קאפיטאליסטישע פראדוצענטען) דאס הייסט
פאבריקאנטען, און האנדעלס־קאפיטאליסטען (סוחרים).

ווען מיר באטראכטען די אלע מדרגות פון דער צירקולאציע
פון קאפיטאל זעהען מיר, אז עס איז צווישען זיי פאראן א חילוק.
איין טייל איז די איינפאכע צירקולאציע פון סחורות, מיט וועלכער
מיר האבען זיך באקענט נאך איידער מיר זיינען געקומען צו דער
קאפיטאליסטישער פראדוקציע: סחורה ווערט אויסגעטוישט אויף
געלט און געלט ווערט ווידער אויסגעטוישט אויף סחורה, דער כלל
דערביי איז, אז עס ווערט אויסגעטוישט א גלייכער ווערט אויף א
גלייכען ווערט (אן עקוויוואלענט אויף אן עקוויוואלענט). דערפון
קאן קיין מעהר־ווערט ניט ארויסקומען. דער צווייטער טייל איז די
פראדוקציע, אין וועלכער עס ווערט געשאפען דער מעהר־ווערט.
דער פראדוקטיווער קאפיטאל איז אלזא יענע פארמע פון דעם אינ־
דוסטריעלען קאפיטאל, פון וועלכער עס הייבגען אפ די צוויי אנדערע
פארמען — דער האנדעלס־קאפיטאל און דער געלט־קאפיטאל.

דער רעזולטאט פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציע איז א
סחורה, וואס האט א גרעסערן ווערט, ווי די סחורות, וועלכע דער
קאפיטאליסט האט פון אנהויב איינגעקויפט, — די פראדוקציאנס־

מיטלען און די אַרבייט־קראַפט, פון דעם ווערט פון די ערשטע סחורות, ס־1, איז אויסגעוואַקסען אַ גרעסערער ווערט, ס־2, דער צוואוואַקס איז דער מעהר־ווערט. אי דער אריינגעלייגטער ווערט, אי דער מעהר־ווערט געפינען זיך נאָך דערווייל ביידע אין דער פאָרמע פון סחורות. *)

דער קאַפּיטאַליסט דאַרף איצטער פאַרקויפען די פּראָדוצירטע סחורה, איידער ער קאָן ווידער אָנהויבען די פּראָדוקציע. ווען ער האָט עס שוין אָבער פאַרקויפט, הייסט דאָס ניט, אַז ער דאַרף אריינ־לייגען זיין גאַנצע לייזונג אין די פּראָדוקציע. ער קאָן אויסגעבען דעם גאַנצען מעהר־ווערט, אָדער אַ טייל דערפון פאַר זיין אייגענעם פאַרברויך. לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אַז ער פאַרברויכט אויף זיך דעם גאַנצען מעהר־ווערט. דעמאָלט ווערען די סחורות, אין וועלכע ער ליגט, אויסגעביטען ווערען אויף געלט און די געלט וועט אויס־געגעבען ווערען ווידער אויף סחורות, און דערמיט וועט זיך די ציר־קולאַציע ענדיגען. עס וועט זיין אַן איינפאַכער אויסטויש: ס—ג—ס. דער אַנדערער טייל פון דער פּראָדוצירטער סחורה, יע־נער וואָס רעפּרעזענטירט דעם קרן, וועט אויך אויסגעטוישט ווע־רען אויף געלט, אָבער די געלט וועט אויסגעגעבען ווערען אויף צו קויפען פּראָדוקציאָנס־מיטלען און אַרבייט־קראַפט פאַר ווייטערע פּראָדוקציע.

געוועהנליך גיט דער קאַפּיטאַליסט ניט אויס דעם גאַנצען מעהר־ווערט אויף זיך אליין, נאָר ער לייגט אַוועק אַ טייל אָן אַ זייט אויף אויסצובייטען זיין געשעפט. דערצו אָבער איז נויטיג, אַז דער צוואוואַקס זאָל האָבען דערגרייכט אַ געוויסע גרויס, כדי מען זאָל קאָנען אריינשטעלען נייע מאַשינערי, צו דינגען מעהר אַר־בייטער, איינקויפען מעהר מאַטעריאַל, איידער דער אָנגעקליבענער מעהר־ווערט האָט ביי דעם איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט דערגרייכט די נויטיגע גרויס, מוז ער זיך מיט די געלט האַלטען. פּאַרצייטען האָט זיך דאָס געקליבען ביי יעדערען באַזונדער אין דער פאָרמע פון אַן אוצר. אין אַן ענטוויקעלטער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט טראָגט דאָס דער קאַפּיטאַליסט אַריין אין זיין באַנק. דאָרטען ווערט פון אַלע אַזעלכע דעפּאָזיטס צוזאַמען אַ געלט־קאַפּיטאַל, וועלכער קאָן באַנוצט ווערען פון אַנדערע קאַפּיטאַליסטען אויף נייע אונ־טערנעמונגען. אויף דעם אופן ווערט דער מעהר־ווערט באַנוצט אויף אויסצובייטען די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע, הגם

*) מיר קענען דאָס אויסדריקען אין אַן אַריפמעטישער פאָרמע. אויב מיר באַצייכענען דעם מעהר־ווערט מיט אַ קליינעם ס, הייסט עס, אַז ס+ס=ס2.

ניט יעדער איינצעלנער קאַפּיטאַליסט קאָן באַנוצען זיין מעהר־ווערט אויף אויסצובּרייטען זיין אייגענעם געשעפט.

ווייטער מוז דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס בּכלל שטענדיג אריינלייגען נייע קאַפּיטאַלען אויף צו קויפען פאַרגרעסערטע מאַשינערי. דערצו אויך דיענט דער מעהר־ווערט, וואָס קלייבּט זיך אָן אין די באַנקען.

א חוץ דעם ווערט אָט דער אָנגעקליבּענער מעהר־ווערט באַנוצט אַלס א רעזערוו־פאָנד, אפילו ווען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע ווערט ניט אויסגעבּרייט. עס טרעפט, אַז דער פאַרקויף פון דער פּראָדוצירטער סחורה פאַרציהט זיך לייגגער ווי געוועהנליך, אָדער עס קאָן טרעפען, אַז די פּרייזען פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען זיינען געשטיגען און דער קאַפּיטאַליסט דאַרף אויסגעבּען מעהר געלט אויף איינצוקויפען די נויטיגע פּראָדוקציאָנס־מיטלען פאַר זיין פאַבּריק. אָט דער מעהר־ווערט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבּען אין די באַנקען, קומט דעמאָלט צוניץ.

## II. די איינטיילונג פון קאַפּיטאַל אין דער צירקולאַציע.

אין באַטראַכטענדיג די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע (ערשטער בּוך), האָט מאַרקס איינגעטיילט דעם קאַפּיטאַל אין ב א ש ט ע נ ד י ג ע ן (ק אָ נ ס ט א נ ט ע ן) ק א פּ י ט א ל און פ א ר ע נ ד ע ר ל י כ ע ן (ו ו א ר י א ב ל ע ן) ק א פּ י ט א ל. דער באַשטענדיגער קאַפּיטאַל — דאָס זיינען די מיטלען פון פּראָדוקציע: מאַטעריאַלען, געבּיידען און מאַשינערי; זייער ווערט וואַקסט ניט אין דער פּראָדוקציע, ער ענדערט נאָר זיין קערפּערליכע געשטאַלט, פון פלאַקס ווערט לייוועגט, ער ווערט אינגאַנצען איבּערגעטראָגען אויף די סחורה. דער פאַרענדערליכער קאַפּיטאַל — דאָס זיינען די שכירות פון די אַרבּייטער, אָדער דער ווערט פון דער אַרבּייט־קראַפט. די אַרבּייט־קראַפט ווערט אויסגענוצט אין דער פּראָדוקציע און זי שאַפט א נייעם ווערט, וועלכער איז גרעסער ווי איהר אייגענער ווערט. די דיפערענץ צווישען דעם נייעם ווערט און דעם ווערט פון דער אויסגענוצטער אַרבּייט־קראַפט איז דער מעהר־ווערט. דער ווערט פון ד ע ם טייל פון דעם אריינגעלייגטען קאַפּיטאַל האָט זיך פאַרענדערט, ער איז געוואַקסען.

ווען מיר קומען איצטער צו באַטראַכטען די צירקולאַציע פון קאַפּיטאַל, געפינען מיר א נייע איינטיילונג. מיר נעמען קודם דעם באַשטענדיגען קאַפּיטאַל. איין טייל דערפון זיינען די אינסטרומענטען פון פּראָדוקציע, די מאַשינערי. זיי ווערען באַנוצט א לענגערע צייט, זייער ווערט ווערט אריינגעטראָגען אויף די פּראָדו־

צירטע סחורה ביסלעכווייז, אויף אַזוי פיעל ווי זיי ווערען אָפּגע־
ניצט, ביז וואַנען מען מוז זיי אינגאַנצען ארויסוואַרפען. אויב א
מאַשין קאָן דיענען אין דער פאַרמעריי צעהן יאָהר, ווערט נאָר א
צעהנט־חלק פון איהר ווערט אריבערגעטראָגען אויף דעם יעהרליכען
פּראָדוקט פון די פעלדער און קומט צוריק צו דעם פאַרמער, ווען די
תבואה ווערט פאַרקויפט. די אַנדערע ניין צעהנטעל בלייבען פאַר־
בונדען אין דעם באַשטענדיגען קאַפּיטאַל אויף מעהרערע יאָהרען.
דאָס איז דער פ י ק ס ע ר־ק א פּ י ט א ל.

די מאַטעריאַלען, וואָס געהען אריין אין דעם פּראָדוקט, טראָ־
גען איבער אויף איהם זייער גאַנצען ווערט. דאַסזעלבע איז מיט
אַזעלכע הילף־מיטלען, ווי קוילען, באַלייכטונג, וואָס געהען ניט
אריין אין דעם פּראָדוקט, אָבער העלפען איהם אויספּאַרטיגען: זיי
טראָגען אריבער זייער גאַנצען ווערט אויף די פּראָדוצירטע סחורה.
ווען די סחורה ווערט פאַרקויפט, קומט דער ווערט פון די מאַטע־
ריאַלען און פאַרצעהרטע הילף־מיטעל אין גאַנצען צוריק צו דעם
קאַפּיטאַליסט.

דער גאַנצער פאַרענדערליכער קאַפּיטאַל קומט אויך צוריק צום
קאַפּיטאַליסט אין דעם ווערט פון דער פּראָדוצירטער סחורה: דער
גאַנצער ווערט פון דער אויסגעניצטער ארבייט־קראַפט, ד. ה., די
שכירות פון די ארבייטער, בילדעט א טייל פון דעם ניי־פּראָדוציר־
טען ווערט און קומט צוריק צום קאַפּיטאַליסט אין דעם ווערט פון
דער פאַרקויפטער סחורה.

דער טייל פון דעם באַשטענדיגען קאַפּיטאַל, וואָס איז אריינ־
געלייגט געוואָרען אין די אויסגעניצטע מאַטעריאַלען און הילף־מיט־
לען, אין איינעם מיט דעם פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל, זיינען דער
פ ל י ס י ג ע ר אָדער צ י ר ק ו ל י ר ע נ ד ע ר ק א פּ י ט א ל.

צווישען דעם איבערקער פון דעם פיקסען און דעם איבערקער
פון דעם פליסיגען קאַפּיטאַל איז פאַראַן א וויכטיגע נפקא־מינה.
דער פליסיגער קאַפּיטאַל ווערט אריינגעלייגט אין די פּראָדוקציע
אויף א קורצע צייט, ביז דער פּראָדוקט ווערט אויסגעפאַרטיגט,
און ער קומט צוריק אין גאַנצען, ווען דער קאַפּיטאַליסט האָט פאַר־
קויפט די פּראָדוצירטע סחורה. ער קאָן דאַן באַלד ווידער אריינ־
טרעטען אין די צירקולאַציע. דער פיקסער־קאַפּיטאַל ווערט אריינ־
געלייגט אויף א לאַנגע צייט און זיין ווערט קומט צוריק ניט אויף
אַמאָל, נאָר אין קליינע חלקים. די דאָזיגע חלקים קאָנען ניט אריינ־
טרעטען ווידער אין צירקולאַציע, ביז וואַנען דער גאַנצער אָפּגע־
ניצטער ווערט האָט זיך אומגעקערט. אויב, למשל, א מאַשין קאָסט
15000 דאָלאַר און זי ווערט אָפּגעניצט אין 5 יאָהר, און זי ברייננט
ארויס איין שטיק ארבייט א שעה, טו רעכענענדיג 300 טעג אין

יאהר און 50 שטונדען א וואך, וועט זי אריבערטראגען איין דאלאר אויף יעדע שטיקעל סחורה, וואס איז פראדוצירט געווארען מיט איהר הילף. אויב עס נעמט דורכשניטליך א וואך צו פראדוצירען און פארקויפען די סחורה, וועט דער קאפיטאליסט קריגען צוריק יעדע וואך 50 דאל. פון דעם אריינגעלייגטען ווערט פון דער מאשין. די 50 דאלאר מוז ער אוועקלייגען אין א זייט און ווארטען ביז עס וועלען זיך ביי איהם אויף דעם אופן צוזאמענקלייבען די גאנצע 15,000 דאלאר, דעמאלט וועט ער קאנען קויפען א נייע מאשין. דערווייל ליגט די געלט ביי איהם אומבאנוצט, אין דער פארמע פון אן אוצר. אין אן ענטוויקעלטער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט מיט א קרע־דיט־סיסטעם וועט ער די געלט ביי זיך ניט האלטען, ער וועט עס אריינטראגען אין באנק. די באנק קאן עס אויסלייהען צו אנדערע קאפיטאליסטען, וועלכע וועלען דאס אריינלייגען אין נייע געשעפ־טען. אבער אין די צירקולאציע פון זיין אייגענעם קאפיטאל וועט די סומע אריינקומען נאר דעמאלט, ווען ער וועט זי האבען אין גאנצען.

פארשטעהט זיך, דער פיקסער־קאפיטאל פון יעדער קאפיטאליס־טישער אונטערנעמונג באשטעהט ווידער פון פארשידענע טיילען, וואס דויערען ניט אלע דיזעלביגע צייט. דעריבער קומט אויס, אז דער פיקסער־קאפיטאל טרעט אריין אין צירקולאציע און ווערט צו־ריקגעצויגען פון איהר אין פארשידענע אומגלייכע סומען.

אזוי ווי די קאפיטאליסטישע אינדוסטריע צייכענט זיך אויס מיט שטענדיגע פארבעסערונגען פון דער מאשינערי און די מעטאדען פון פראדוקציע, טו איז עס גאר א געוועהנליכע זאך, אז איידער די מאשין איז אין גאנצען אפגעניצט געווארען, ווערט זי שוין ארויס־געשטופט פון דער אינדוסטריע דורך א בעסערער מאשין.

אט דורך די אלע אורזאכען — די אומגלייכקייט אין דער צייט וואס עס פאדערט זיך צו באנייען די פארשידענע טיילען פון דעם פיקסען־קאפיטאל, און די איינפיהרונג פון נייע מאשינען, וואס מאכען ווערטלאז די אלטע פאר זייערע יאהרען, — „ווערט געשא־פען דער מאטעריעלער באזיס פאר פעריאדישע קריזיסען", זאגט מארקס. *) דאס איז וויכטיג צו געדענקען, ווען מען וויל פאר־שטעהן די אורזאכען פון קריזיסען.

מיר האבען אלזא פאר אונז א צווייפאכע אינטיילונג פון קא־פיטאל: אין דער פראדוקציע אונטערשיידען מיר דעם פ א ר ע נ־ד ע ר ל י כ ע ן פון דעם ב א ש ט ע נ ד י ג ע ן קאפיטאל, אין

*) „קאפיטאל", צווייטער בוך, נייעטער קאפיטעל, — ענגלישע איי־בערזעצונג, ז. 211.

דער צירקולאַציע — דעם צ י ר ק ו ל י ר ע נ ד ע ן (אָדער פ ל י־ ס י ג ע ן) פון דעם פ י ק ס ע ן. די בורזשואַזע פּאָליטישע עקאָ־ נאָמיע אנערקענט ניט, אז דער מעהר־ווערט קומט נאָר פון דעם גע־ ברויך פון דער סחורה ארבייט־קראַפט, דעריבער האָט מאַרקס'עס איינטיילונג פון דעם גאַנצען קאַפּיטאַל אין אַ באַשטענדיגען און פּאַרענדערליכען קיין פּלאַץ ניט אין איהר סיסטעם. זי אנערקענט נאָר די איינטיילונג פון קאַפּיטאַל אין באַצוג צו זיין צירקולאַציע אין אַ פיקסען און צירקולירענדען קאַפּיטאַל.

## III. דער איבערקער פון קאַפּיטאַל.

די גרונט־פאָרמע פון קאַפּיטאַל, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, איז דער פּראָדוקטיווער קאַפּיטאַל. ער ווערט מגולגל אין דעם גאַנג פון צירקולאַציע אין וואַארען־קאַפּיטאַל און געלט־קאַפּיטאַל. דע־ מאָלט הויבט ער אָן ווידער צו דרעהען זיך אין דעמזעלבען קרייז. איין סיזאָן פון פּראָדוקציע, צוזאַמען מיט דער צירקולאַציע פון דער פּראָדוצירטער וואַרע, בילדעט איין א י ב ע ר ק ע ר פון קאַ־ פּיטאַל. די צייט פון דעם איבערקער פון פאַרשיידענע קאַפּיטאַלען איז ניט גלייך. ווידער ביי דעמזעלבען קאַפּיטאַל איז די צייט פון דער פּראָדוקציע ניט דיזעלבע, ווי די צייט פון צירקולאַציע. אויב די צייט פון צירקולאַציע איז לענגער ווי די צייט פון דער פּראָ־ דוקציע, ד. ה., אויב עס נעמט לענגער צו פאַרקויפען די סחורה איידער זי צו פּראָדוצירען, איז כדי די פּראָדוקציע זאָל קאָנען אָנ־ געהן ווייטער, דאַרף מען אריינלייגען אין דער פּראָדוקציאָן אַ נייעם קאַפּיטאַל. פאַרקערט, אויב די צייט פון דער פּראָדוקציע איז לענ־ גער ווי די צייט פון דער צירקולאַציע, ד. ה., אויב עס נעמט לענגער צו פּראָדוצירען די סחורה איידער זי צו פאַרקויפען, טו ווען די סחורה איז שוין פאַרקויפט געוואָרען, בלייבט די געלט ליגען פריי איידער זי קאָן ווידער אריינגעלייגט ווערען אין דער פּראָדוקציע,— צום ביישפּיעל, אין דער פאַרמעריי: עס נעמט אַ האַלב יאָהר צו פּראָדוצירען די תבואה און עס נעמט נאָר עטליכע וואָכען צו בריינ־ גען זי אין מאַרק און פאַרקויפען, אָבער מען קאָן ניט אָנהויבען די ארבייט אויף די פעלדער באַלד ווי די תבואה איז פאַרקויפט געוואָ־ רען, דער געלט־קאַפּיטאַל ליגט דערווייל ליידיג.

ווייטער קומען פאָר צוליעב פאַרשיידענע אורזאַכען ענדערונגען אין די פּרייזען פון דער סחורה אָדער פון די מאַטעריאַלען וואָס זיי־ נען נויטיג איהר צו פּראָדוצירען. אָדער עס ענדערט זיך די צייט פון דער צירקולאַציע — דער פאַרקויף פון דער סחורה פאַרציהט זיך, אָדער זי ווערט פאַרקויפט גיכער. אָט די אַלע אומשטענדען

באפרייען אדער פארבינדען א טייל פון דעם קאפיטאל. צום ביי־שפיעל, אויב עס נעמט דריי וואכען צוצושטעלען קוילען צו א גאלד־גרוב, דארף דער אייגענטימער האבען צוגעגרייט קוילען אויף דריי וואכען, כדי די ארבייט אין די גרובען זאל זיך ניט אפשטעלען. אויב עס ווערט אויסגעבויט א נייע אייזענבאהן, אדער מען הויבט אן צו גראבען קוילען ניט ווייט פון די גאלד־גרובען, און די צייט פאר ליפערען קוילען ווערט פארקירצט אויף א העלפט, דעמאלט דארף דער אייגענטימער פון די גאלד־גרובען אריינלייגען סך הכל א העלפט פון דער פריהערדיגער סומע אין קוילען, די אנדערע העלפט בלייבט ביי איהם פריי.

ווען מיר באטראכטען די צירקולאציע פון דעם גאנצען געזעל־שאפטליכען קאפיטאל, טו זעהען מיר, אז זי קאן ניט אנגעהן גלייכ־מעסיג. אזוי אבער ווי די קאפיטאליסטישע פראדוקציע איז פאר־בונדען מיט דער צירקולאציע, טו מוז דער אפהאלט אין דער ציר־קולאציע ארויסרופען שטערונגען אין דעם גאנג פון דער קאפיטא־ליסטישער פראדוקציע.

ווי מיר האבען געזעהן, ווערט דער מעהר־ווערט פראדוצירט פון דעם פארענדערליכען קאפיטאל, וועלכער איז א טייל פון דעם צירקולירענדען קאפיטאל. די צייט, אין וועלכער עס קערט זיך אי־בער דער צירקולירענדער קאפיטאל, איז אבער ניט גלייך פאר פאר־שיידענע געשעפטען: אין דער לאנדווירטשאפט אין אונזער קלי־מאט נעמט עס א יאהר, אין א בעקעריי — א טאג, אדער העכסטענס א פאר טעג. היינט לאמיר זיך פארשטעלען צוויי אינדוסטריען, וואס אין איינער פון זיי קערט זיך איבער דער צירקולירענדער קא־פיטאל איין מאל א יאהר און אין דער אנדערער איין מאל א וואך. לאמיר ווייטער אננעמען, אז איןביידע ארבייט מען דיזעלבינע צאל שטונדען, און אז די ארבייטער קריגען דורכשניטליך דיזעלבינע שכירות. דאס הייסט, אז די נארמע פון דער עקספלואטאציע פון דעם ארבייטער איז אין ביידע גלייך, לאז זיין 100%, ד. ה., אז דער ארבייטער קריגט העלפט פון דעם געשאפענעם ווערט און דער קאפי־טאליסט אויך העלפט. אויב די אויסגאבע פון דעם פארענדערלי־כען קאפיטאל מאכט אויס וועכענטליך 100 דאלאר, טו ווערט גע־שאפען וועכענטליך א מעהרווערט פון 100 דאלאר. אין ביידע אינ־דוסטריען צאהלט דער קאפיטאליסט אויס די ארבייטער אין פאר־לויף פון א יאהר 5,200 דאלאר און מאכט דערביי א מעהר־ווערט פון 5,200 דאלאר. עס איז אבער פאראן אן אונטערשייד אין דער צירקולאציע פון די צוויי קאפיטאלען. וואו דער צירקולירענדער קאפיטאל קערט זיך איבער איין מאל א יאהר, דארף דער קאפיטא־ליסט אריינלייגען יעדע וואך נייע 100 דאלאר אויף אויסצוצאהלען

שכירות, צום סוף יאהר האט ער אויף דעם אופן אריינגעלייגט 5,200 דאלאר און האט געמאכט א מעהר־ווערט פון 5,200, די יעהרליכע נארמע פון מעהר־ווערט באטרעפט 100%. אין דער אנדערער אינדוסטריע, וואו דער צירקולירענדער קאפיטאל קערט זיך איבער איין מאל א וואך. צאלט דער קאפיטאליסט אויס יעדע וואך דיזעלבינגע 100 דאל. אויף שכירות און אין דער צייט פון א יאהר דיזעלבינגע 5,200 דאלאר, און ער מאכט דיזעלביגע 5,200 מעהר־ווערט. די נפקא־מינה איז נאר, וואס די 100 דאלאר, וועלכע ער האט אריינגעלייגט די ערשטע וואך, קומען צו איהם צוריק ענדע וואך און ער קאן דיזעלביגע 100 דאלאר באנוצען אויף אויסצוצאהלען די שכירות די צווייטע וואך, און אזוי כסדר, ד. ה., מיט די 100 דאלאר, וואס ער האט אריינגעלייגט די ערשטע וואך, קאן ער אויסצאהלען די 5,200 דאלאר. די 5,200 דאלאר מעהר־ווערט, וואס ער ציהט פון דעם געשעפט, באטרעפט אלזא 5,200% אויף דעם איינגעלייגטען פארענדערליכען קאפיטאל. דאס הייסט, אז אין איין אינדוסטריע טראגען יעדע 100 דאלאר פון דעם אריינגעלייגטען פארענדערליכען קאפיטאל 100 דאלאר מעהר־ווערט א יאהר, אין אן אנדערער —5,200, דער יעהרליכער פראצענט איז 100% אין דער ערשטער און 5,200% אין דער אנדערער. דער אונטערשייד הענגט אפ אן דער געשווינדקייט פון דער צירקולאציע.

דער אונטערשייד ווידער האט א ווירקונג אויף דער אנזאמלונג פון קאפיטאל. ווען דער מעהר־ווערט קומט צום קאפיטאליסט איז דער פארמע פון געלט אין קורצע טערמינען, קאן ער אויסניצען דעם מעהר־ווערט אויף זיינע פערזענליכע הוצאות און אויך אויף נויטיגע רעפעראטורען, אויף צו באנייען דעם פיקסען־קאפיטאל און אנדערע אומגעריכטע געשעפט־אויסגאבען. פארקערט, אויב דער איבערקער פון זיין צירקולירענדען קאפיטאל דויערט א לענגערע צייט, דארף דער קאפיטאליסט אויסלייגען א טייל קאפיטאל אין פאראויס אויף אזעלכע הוצאות.

## IV. די צירקולאציע פון מעהר־ווערט.

די איינפאכע צירקולאציע פון סחורות איז אן ערשיינונג וואס איז ניט פארוויקעלט און איז דעריבער לייכט צו פארשטעהן. עס הויבט זיך אן אין דער מענשליכער געשיכטע מיט דעם צופעליגען אויסטויש פון פראדוקטען אויף פראדוקטען. מיט דער ענטוויקלונג פון האנדעל ווערט א געוויסע סחורה — בהמות, פעלען פון ווילדע חיות, טאבאק — אנגענומען פאר אן אלגעמיינעם עקוויוואלענט, אויף וועלכען עס ווערען אויסגעטוישט אלע אנדערע סחורות. שפע־

מער פארדרענגען די מעטאלען—קופער, זילבער, גאלד—אלע אנ־
דערע אלגעמיינע עקוויוואלענטען. מיט דער ארגאניזירונג פון רע־
גירונגען ווערען באשטימטע געוויכטען פון די מעטאלען געשטעמ־
פעלט מיט דער חתימה פון דער מלוכה — דאס איז געלט. יעדע
סחורה ווערט אויסגעטוישט אויף געלט, די געלט ווערט ווידער אויס־
געטוישט אויף סחורה. דער צוועק פון יעדען אייגענטימער פון
סחורה איז דערגרייכט, ער האט אויסגעביטען זיין פראדוקט, וואס
ער דארף ניט, אויף אזעלכע פראדוקטען, וואס ער דארף זיי פאר
זיין פארברויך. דערמיט ענדיגט זיך די צירקולאציע פאר דעם
קויפער. דיזעלבינע מעטאדע אבער צירקולירט ווייטער: מיט די
געלט, וואס דער צווייטער פארקויפער האט געליזט פאר זיין
סחורה, קויפט ער אנדערע סחורות פאר זיך און אזוי געהט דאס
ווייטער איבער'ן גאנצען מארק. דא שטעלט זיך א קשיא: עס
מוז דאך ערגעץ זיין אן אנהויב, פון וואנען נעמט זיך זשע די ער־
שטע מטבע? דער ענטפער אויף די קשיא איז זעהר פראסט, ווען
מען געדענקט, אז איידער דער מעטאל איז געווארען א מטבע, איז
ער געווען א סחורה צוגלייך מיט אנדערע, און איז פראדוצירט גע־
ווארען צוליעב זיין געברויך־ווערט: פון קופער האט מען געמאכט
געצייג און געפעס, פון זילבער און גאלד — צירונג. די פראדוקציע
פון מעטאלען געהט אן ווייטער אין דער געזעלשאפט פון סחורה־
פראדוצענטען. דער פראדוצענט פון זילבער אדער גאלד ברייגגט
זיין מעטאל צו דער רעגירונג און זי בייט עס פאר איהם אויס אויף
שטיקער פון דעמזעלבען מעטאל, פון דערזעלבער געוויכט, נאר מיט
איהר שטעמפעל. מיט די מטבעות קויפט ער וואס ער באדארף און
אויף דעם אופן טרעט אריין די געלט אין דער צירקולאציע.

עס קאן זיך דא גאר ניט שטעלען קיין פראגע, צי די גאנצע
סומע געלט, וואס געפינט זיך אויף דעם אופן אין צירקולאציע, איז
גענוג אויף אויסצוטוישען אלע סחורות, — סחורות ווערען געקויפט
פאר געלט, ווער עס האט קיין געלט ניט, יענער קויפט קיין סחורה
ניט. עס פאסירט טאקע, אז צוליעב דעם, וואס עס פעהלען קונדען
אין מארק, אדער מיט אנדערע ווערטער — צוליעב דוחק אין געלט,
בלייבט א סך סחורה אין מארק ניט פארקויפט. אבער דאס מאכט
ניט אן קיין שטערונג אין דער איינפאכער צירקולאציע פון סחורות.
דאס וואס דער פויער האט ניט פארקויפט זיין תבואה פון דעם יאהר
שטערט איהם ניט צו פארזעען זיין פעלד אויף דעם קומענדען
יאהר, — ער האט אוועקגעלייגט די זריעה פאר דעם צוועק באזונ־
דער, ער האט זיינע אקסען מיט זיינע געצייג, ער ארבייט מיט זיינע
אייגענע הענט, און ער האט אוועקגעלייגט גענוג שפייז פאר זיך
און פאר זיינע בהמות, עס זאל איהם קלעקען ביז איבער־א־יאהר.

עס איז גאָר אנדערש מיט דער צירקולאַציע פון קאַפּיטאַל. דער קרייזלויף פון קאַפּיטאַל קאָן ניט אָנגעהן ווייטער, אויב די פּראָדוצירטע סחורה שטעלט זיך אָפּ אין דער פאָרמע פון וואַרען־קאַפּיטאַל און קאָן ניט איבערגעהן אין דער פאָרמע פון געלט־קאַפּיטאַל. עס שטעלט זיך דעריבער די פראַגע: פון וואַנען זשע נעמט זיך די געלט, מיט וועלכע דער וואַרען־קאַפּיטאַל ווערט מגולגל אין געלט־קאַפּיטאַל? דאָס הייסט, פון וואַנען נעמט זיך די געלט, מיט וועלכע די סחורה פון די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוצענטען ווערט געקויפט אין מארק? דאָס איז די פראַגע, ארום וועלכער אזוי פיעל טעאָרעטיקער ברעכען זיך נאָך עד היום די קעפּ: „אויף וואָס פאַר אַן אופן באַווייזט דער קאַפּיטאַליסט תמיד ארויסצוציהען פון דער צירקולאַציע מעהרער געלט, איידער ער האָט אין איהר אריינגעטראָגען? *) מארקס גיט דאָ איבער די קשיא, וואָס א בורזשואַזער עקאָנאָמיסט האָט געשטעלט. אָבער דיזעלביגע קשיא ווערט איבערגעחזר'ט אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור: וואו נעמען זיך די קויפער פאַר די סחורה, אין וועלכער עס ליגט דער מעהר־ווערט?

צו פאַרענטפערן די קשיא, דאַרף מען באַטראַכטען צוויי באַזונדערע פעלע: ערשטענס, ווען דער קאַפּיטאַליסט פאַרצעהרט זיין גאַנצען מעהר־ווערט פאַר זיין אייגענעם געברויך, און צווייטענס, ווען ער פאַרצעהרט נאָר א טייל און שפּאָרט אָפּ א טייל, כדי עס אריינצולייגען אין געשעפט.

יעדער קאַפּיטאַליסט הויבט אָן זיין געשעפט מיט א געוויסער סומע געלט. א טייל דערפון גיט ער אויס אויף פיקסען־קאַפּיטאַל (מאַשינערי, געביידען), א טייל אויף צירקולירענדען קאַפּיטאַל (מאַטעריאַלען, שכירות פון די ארבייטער). אויף אזוי וויים ווי די פּראָדוצירטע סחורה רעפּרעזענטירט נאָר דעם אריינגעלייגטען קאַפּיטאַל, האָט דאָך דער קאַפּיטאַליסט אליין אריינגעטראָגען א סומע געלט, וואָס איז גלייך צו דעם ווערט פון דער פּראָדוצירטער סחורה. ער קאָן זיי דעריבער איבערבייטען צוריק אויף דיזעלביגע סומע געלט. דאָס איז גאַנץ פּראָסט. עס בלייבט אָבער נאָך די קשיא: פון וואַנען נעמט זיך אין מארק די געלד אויף צו קויפען דעם מעהר־ווערט, וועלכער איז דאָך ערשט געשאַפען געוואָרען אין דעם ערשטען סיזאָן פון זיין פּראָדוקציע?

„אין דער אמת'ן" — ענטפערט מארקס — „ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל ניט אויסזעהן פון אויבען אויף, אָבער יענע געלט, וואָס ווערט באַנוצט אויף צו רעאַליזירען דעם מעהר־ווערט, וואָס ליגט

---

*) „קאַפּיטאַל", צווייטער בוך, זיבעצענטער קאַפּיטעל, ערשטע אָפּטיילונג, ז. 379 (ענגלישע איבערזעצונג).

אין דער סחורה, ווערט אריינגעטראָגען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס גופא. אָבער זיי טראָגען עס אריין אין צירקולאַציע ניט אַלס אריינגעלייגטע געלט, ניט אַלס קאַפּיטאַל. זיי גיבען עס אויס אַלס קויף־מיטעל פאַר זייער פערזענליכען פאַרברויך... לאָמיר נעמען אַן איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט, וואָס הויבט אָן ערגעץ אַן אונטערנעמונג, למשל, אַ פאַרמער. אין פאַרלויף פון דעם ערשטען יאָהר לייגט ער אריין אַ געלט־קאַפּיטאַל, לאָמיר זאָגען, פון 25,000 דאָלאַר, אויף צו באַצאָהלען פאַר מיטלען פון פּראָדוקציע 20,000 דאָלאַר און אויף ארבייט־קראַפט 5,000 דאָלאַר... די 25,000 דאָלאַר שליסען איין די גאַנצע געלט־קאַפּיטאַל. אָבער ער דאַרף דאָך עקזיסטירען, און קיין געלט קאָן ער ניט ארויסנעמען ביז סוף יאָהר. זיינע פערזענליכע הוצאות באַטרעפען 5,000 דאָלאַר אַ יאָהר. ער דאַרף דאָס האָבען... אין פאַרלויף פון דעם ערשטען יאָהר מוז ער דעקען די הוצאות אויף זיין פערזענליכען פאַרברויך פון זיין אייגענער קעשענע... די געלט לייגט ער ניט אריין אַלס קאַפּיטאַל. ער פאַרצעהרט עס, ער גיט עס אויס אויף לעבענסמיטלען, וועלכע ער פאַרצעהרט... די געלט, וואָס ער האָט דערפאַר באַצאָהלט, פאַרבלייבט אין צירקולאַציע... צום סוף יאָהר טראָגט ער אריין אין צירקולאַציע סחורה, וואָס איז ווערט 30,000 דאָלאַר און פאַרקויפט עס. ער נעמט ארויס: 1) דעם אריינגעלייגטען קאַפּיטאַל פון 25,000 דאָלאַר און 2) אַ מעהר־ווערט פון 5,000 דאָלאַר, וואָס איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין גאָלד. *) ער האָט אריינגעלייגט 25,000 דאָלאַר אַלס קאַפּיטאַל, ער האָט עס אריינגעטראָגען אין צירקולאַציע, ער ציהט ארויס פון צירקולאַציע 30,000 דאָלאַר, 25,000 אין דער פאָרמע פון קאַפּיטאַל און 5,000 אין דער פאָרמע פון מעהר־ווערט. די דאָזיגע 5,000 דאָלאַר זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין גאָלד מיט יענע געלט, וואָס ער האָט אַליין אריינגעטראָגען אין צירקולאַציע — ניט אַלס קאַפּיטאַליסט, נאָר אַלס קאָנסומענט... איצטער קומט עס צו איהם צוריק אַלס די געלט־פאָרמע פון דעם מעהרווערט וואָס ער האָט פּראָדוצירט. און אַזוי געהט עס כסדר פון יאָהר צו יאָהר. אָבער אָנהויבענדיג מיט דעם צווייטען יאָהר שטעלען פאַר די 5,000 דאָלאַר וואָס ער פאַר־צעהרט די געלט־פאָרמע, פון דעם מעהר־ווערט וואָס ער האָט פּראָ־דוצירט. ער פאַרצעהרט עס אַלע יאָהר, און עס קומט צו איהם צוריק אַלע יאָהר... די געלט טראָגט אריין דער קאַפּיטאַליסט ניט

*) מיר האָבען אָנגענומען, אַז דער קאַפּיטאַליסט פאַרצעהרט זיין גאַנצען מעהר־ווערט, נאָך דעם חשבון קומט אויס, אַז זיין מעהר־ווערט דאַרף זיין 5,000 דאָלאַר, גלייך ווי זיינע יעהרליכע הוצאה אויף לע־בענסמיטלען. — (אָנמערקונג פון רעדאַקציע.)

אַלס קאַפּיטאַל. אָבער דערצו איז ער דאָך אַ קאַפּיטאַליסט, אַז ער זאָל זיין אימשטאַנד דורכצולעבען מיט זיינע אייגענע מיטלען איידער ער וועט אַרויסשלאָגען דעם מעהר־ווערט." *)

„אויב מען קוקט נאָר אויף די פּראָדוקציע אין דעם איבערקער פון קאַפּיטאַל און מ'באַטראַכט דערביי דעם קאַפּיטאַליסט נאָר אַלס פּאַרקערפּערונג פון קאַפּיטאַל, ניט אַלס קאָנסומענט און אַ וועלטמאַן, טו ווייזט זיך אויס, אַז די קאַפּיטאַליסטען טראָגען שטענדיג אַריין אין צירקולאַציע זייער מעהר־ווערט אַלס אַ טייל פון זייער וואַרען־קאַפּיטאַל, און מען זעהט קיינמאָל ניט קיין געלט אין זייערע הענט אַלס הכנסה, מען זעהט קיינמאָל ניט, אַז זיי זאָלען אַריינטראָגען געלט אין צירקולאַציע אויף צו פאַרצעהרען זייער מעהר־ווערט... ווען אָבער דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס טראָגט אַריין אין צירקולאַציע געלט אויף צו פאַרצעהרען זיין הכנסה, ציהט ער דערנאָך אַרויס די זעלבע געלט פון צירקולאַציע, און ער קאָן תמיד אָנהויבען דיזעלבע מעשה איבער אַ נייעס, על כן פאַרבלייבט ביי איהם, אַלס קלאַס, די נויטיגע סומע געלט צו פאַרוואַנדלען דעם מעהר־ווערט אין גאָלד. און היות ווי די קאַפּיטאַליסטען נעמען פון דעם סחורה־מאַרק ניט נאָר דעם מעהר־ווערט אין דער געשטאַלט פון די סחורות, וואָס זיי פאַרצעהרען, אָבער עס קומט צוריק צו זיי די געלט, מיט וועלכע זיי האָבען געקויפט יענע סחורות, איז קלאָר באַשייַנפּערליך, אַז זיי האָבען אַרויסגעצויגען די סחורות פון צירקולאַציע אָהן אַן עקוויוואַלענט. די סחורה קאָסט זיי גאָרנישט, הגם זיי צאָהלען געלט פאַר איהר." **)

עס קאָן זיך נאָך שטעלען די פראַגע, פון וואַנען האָט זיך נאָר פון אָנהויב אָן גענומען די געלט, וואָס דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האָט אַריינגעטראָגען אין צירקולאַציע. דאָס שטאַמט פון דער געשיכטע: „די פאַרגרעסערטע צופוהר פון עדעלס־מעטאַלען, אָנהויבענדיג מיט דעם זעכצעהנטען יאָהרהונדערט, בילדעט אַ ממשות'דיגען מאָמענט אין דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע." ***)

לאָמיר איצטער באַטראַכטען דעם צווישען פאַל, ווען די קאַפּיטאַליסטען פאַרצעהרען ניט זייער גאַנצען מעהר־ווערט, נאָר באַנוצען אַ טייל דערפון אויף אויסצוברייטען די פּראָדוקציע. עס פרעגט זיך, וואו נעמט זיך די געלט אויף צו רעאַליזירען דעם דאַ־

*) זיבעצענטער קאַפּיטעל, ערשטע אָפּטיילונג, ז. ז. 385—287.

**) צוואַנציגסטער קאַפּיטעל, צוועלפטע אָפּטיילונג, ז. ז. 555—556.

***) זיבעצענטער קאַפּיטעל, ערשטע אָפּטיילונג, ז. 396 (ענגלישע איבערזעצונג).

זינען טייל פון דעם מעהר־ווערט, וואָס דאַרף אריינגעלייגט ווערען אין די פּראָדוקציע?

„יעדער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליסט, ווען ער מאַכט אַ נייעם געשעפט, טראָגט ער אריין מיט אַ מאָל אין צירקולאַציע די גאַנצע סומע געלט, וואָס ער האָט אריינגעלייגט אין זיין פיקסען־קאַפּיטאַל, וואָס ער וועט ארויסציהען פון דער צירקולאַציע נאָר ביסלעכווייז, אין אַ משך פון יאָהרען דורך דעם פאַרקויף פון זיין יעהרליכען פּראָדוקט, דאָס הייסט, אַז קודם כל טראָגט ער אריין אין צירקולאַציע מעהרער געלט ווי ער ציהט ארויס פון איהר. דאָס ווידערהאָלט זיך יעדען מאָל, ווען דער גאַנצער קאַפּיטאַל ווערט באַנייט אין זיין נאַטירליכער געשטאַלט; דאָס ווידערהאָלט זיך אַלע יאָהר אין יענע געשעפטען, וועמעס פיקסער־קאַפּיטאַל דאַרף אין גאַנצען באַנייט ווערען; דאָס ווידערהאָלט זיך טיילווייז ביי יעדער רעפּאַראַטור, ביי יעדען רעמאָנט, ביי יעדער טיילווייזער באַנייאונג פון דעם פיקסען־קאַפּיטאַל. אַלזאָ, אויב איינערזייטס ווערט ארויסגעצויגען פון צירקולאַציע מעהרער געלט, ווי עס ווערט אריינגעלייגט, טו קומט פאַר אנדערזייטס פונקט דער היפּוך דערפון.“ *)

ביי יעדען קאַפּיטאַליסט קלייבט זיך אויף דעם אופן אַ רעזערוו־פאָנד, וועלכען ער קאָן ניט פאַרברויכען באַלד. די געלט טראָגט ער אריין אין זיין באַנק. די באַנקען לייהען אויס די געלט צו זייערע קליענטען, אויף דעם אופן טרעט די געלט ווידער אריין אין צירקולאַציע. דער קרעדיט־סיסטעם גיט די מעגליכקייט אויסצוקומען מיט אַ קליינער צאָל מטבעות. ווען עס איז נויטיג אויסצוברייטען די פּראָדוקציע, קען דער קאַפּיטאַליסט ציהען פון אָט דעם פאָנד. א־חוץ דעם ווערט אויך פּראָדוצירט נייע גאָלד.

בקצור, די געלט וואָס איז נויטיג פאַר די צירקולאַציע פון יענעם טייל פון דעם מעהר־ווערט, וועלכער ווערט ניט פאַרצעהרט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס פּערזענליך, ווערט אויך געליפערט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס גופא. עס איז גאָר קיין אונטערשיד ניט פון דעם, ווי דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס קויפט אָפּ יענע סחורה, אין וועלכער עס איז פאַרקערפּערט דער טייל פון מעהר־ווערט, וואָס ער פאַרצעהרט פאַר זיין פּערזענליכען געברויך.

## V. די רעפּראָדוקציע און די צירקולאַציע פון דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל.

דער יעהרליכער פּראָדוקט באַשטעהט אין אַזוינע וואַרען,

*) צוואַנציגסטער קאַפּיטעל, צוועלפטע אַבטיילונג, ז. ז. 555—556 (ענגלישע איבערזעצונג).

וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פאַר'ן פערזענליכען פאַרברויך און פאַר'ן פּראָדוקטיווען פאַרברויך. די סחורות וואָס דיענען דעם פּראָ־דוקטיווען פאַרברויך קאָנען נאָר פאַרקויפט ווערען צו דעם קאַפּיטאַ־ליסטישען קלאַס, וועלכער באַנוצט זיי אויף צו באַנייען דעם פּראָ־דוקטיווען קאַפּיטאַל און אויף איהם אויסצוברייטען. די סחורות, וואָס דינען דעם פּערזענליכען פאַרברויך קאָנען איינגעטיילט ווע־רען אין צוויי קלאַסען: 1) יענע, וואָס ווערען פאַרצעהרט פון דעם אַרבייטער קלאַס, — זייער ווערט איז גלייך דעם ווערט פון דעם פאַרענדערליכען קאַפּיטאַל, 2) די סחורות, וואָס ווערען פאַרצעהרט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, — די מיטלען אויף צו קויפען די דאָזיגע סחורות ציהט דער קאַפּיטאַליסט פון דעם מעהר־ווערט.

דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס פאַרברויכט דעם מעהר־ווערט טיילווייז פערזענליך און טיילווייז פּראָדוקטיוו. דער מעהר־ווערט ווערט דעריבער פּראָדוצירט אין אַזעלכע סחורות, וואָס זאָלען דינען ביידע צוועקען. פאַר דעם פּערזענליכען פאַרברויך פון די קאַפּיטאַ־ליסטען ווערען פּראָדוצירט אַזעלכע סחורות, וואָס זיי באַדאַרפען און אַזוי פיעל, ווי עס באַטרעפט יענער טייל פון דעם מעהר־ווערט, וואָס זיי גיבען אויס געוועהנליך אויף זיך. פאַר דעם פּראָדוקטיווען נעברויך ווערען פּראָדוצירט פּראָדוקציאָנס־מיטעל. מען קאָן ווייזען מיט אַ חשבון, ווי אַזוי די פּראָדוקציע גלייכט זיך אויס מיט דעם פאַרברויך און זיי געפינען זיך ביידע אין גלייכגעוויכט.

לאָמיר ערשטענס זעהן, צי די פּראָדוקציע און דער פאַרברויך קאָנען בלייבען אין גלייכגעוויכט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפט, ווען די קאַפּיטאַליסטען זוכען ניט אויסצוברייטען זייער פּראָדוקציע, און דערנאָך וועלען מיר זעהן, וואָס קומט אַרויס, ווען זיי שפּאָרען אָפּ אַ טייל פון זייער מעהר־ווערט און לייגען עס אַריין אין ווייטערע פּראָדוקציע. די ציפערען נעמען מיר ביי מאַרקס'ן.

דעם גאַנצען יעהרליכען פּראָדוקט מוז מען צוטיילען אין צוויי חלקים: ערשטענס, די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, דאָס הייסט, מאַטע־ריאַלען, וואָס מען וועט דאַרפען איבער אַ יאָהר, אָפּגעניצטע מאַשי־נען און דערגלייכען; צווייטענס, וואָס עס געהט אויף דעם פערזענ־ליכען פאַרברויך. דעם צווייטען חלק קאָן מען ווידער איינטיילען אין צוויי חלקים: וואָס די אַרבייטער פאַרברויכען און וואָס די קאַ־פּיטאַליסטען גיבען אויס אויף זיך אַליין. די אַרבייטער פאַרצעהרען זייערע שכירות אין גאַנצען, און די קאַפּיטאַליסטען, האָבען מיר אָנ־גענומען, פאַרצעהרען זייער גאַנצען מעהר־ווערט. לאָמיר אָננעמען, אַז דער מעהר־ווערט באַטרעפט אַזוי פיעל, וויפיעל די שכירות. לאָז זיין אַ קאַפּיטאַל פון 5,000 מיליאָן דאָלאַר ליגט אין פּראָדוק־ציע פון אייזען, קופּער, מאַשינערי און דערגלייכען, קורץ, פון פּראָ־

דוקציאָנס-מיטלען, און 2500 מיליאָן דאָלאַר אין דער פּראָדוקציע פון די לעבענס-מיטלען: 1250 — פון פּראָדוקטען, וואָס די ארבייטער פאַרצעהרען און אַנדערע 1250 — פון אַזוינע, וואָס די קאַפּיטאַליסטען פאַרצעהרען. כדי אונזער רעכענונג זאָל זיין וואָס פּראָסטער, וועלען מיר אָננעמען, אַז די מאַשינערי ווערט אין גאַנצען אָפּגעניצט אין דער צייט פון דעם יאָהר, און מיר וועלען זיי אריינרעכענען צווישען די מאַטעריאַלען. אונזער חשבון וועט אויסזעהן, למשל, אַזוי:

א) פאַבריקאַציע פון פּראָדוקציאָנס-מיטלען:

הוצאות: מאַטעריאַלען, לאָז זיין 4,000, שכירות 1,000, צוזאַמען 5,000.

הכנסות (צום ענד יאָהר): דער קאָסט פון מאַטעריאַלען 4,000, דער קאָסט פון ארבייט-קראַפט 1,000, דער מעהר-ווערט אויך 1,000, צוזאַמען 6,000. דאָס ליגט איצט אין סחורות, וואָס קאָנען באַנוצט ווערען פאַר מאַטעריאַלען פאַר דעם נייעם יאָהר.

ב) פאַבריקאַציע פון לעבענס-מיטלען פאַר די ארבייטער:

הוצאות: מאַטעריאַלען, לאָז זיין 1,000, שכירות 250, צוזאַמען 1,250.

הכנסות: דער קאָסט פון מאַטעריאַלען 1,000, דער קאָסט פון ארבייט-קראַפט 250, מעהר-ווערט 250, צוזאַמען 1,500.

ג) פאַבריקאַציע פון לעבענס-מיטלען פאַר די קאַפּיטאַליסטען —נאָכאַמאָל די זעלבע רעכענונג ווי אין „ב".

דער גאַנצער יעהרליכער פּראָדוקט צוזאַמען באַטרעפט 9,000.

לאָמיר דאָס איצטער צוזאַמענשטעלען אין דער פאָרמע פון א טאַבעליצע:

| | מאַטעריאַלען | שכירות | מעהר-ווערט | ס"ה |
|---|---|---|---|---|
| פּראָדוקציאָנס-מיטלען (א) | 4,000 | 1,000 | 1,000 | 6,000 |
| לעבענס-מיטלען — | | | | |
| פאַר ארבייטער (ב) — | 1,000 | 250 | 250 | 1,500 |
| פאַר קאַפּיטאַליסטען (ג) | 1,000 | 250 | 250 | 1,500 |
| ס"ה — — — | 6,000 | 1,500 | 1,500 | 9,000 |

איצטער לאָמיר זעהן, ווי די דאָזיגע סחורות וועלען אויסגעטוישט ווערען אונטער אנאַנדער.

די 250 שכירות פון די ארבייטער „ב" זיינען פּראָדוצירט געוואָרען אין לעבענס-מיטלען פאַר ארבייטער. דיזעלבע ארבייטער וועלען מיט זייערע שכירות קויפען אָט די לעבענס-מיטלען. די 250 פּראָפיט פון די קאַפּיטאַליסטען „ג" זיינען פּראָדוצירט געוואָרען אין לעבענס-מיטלען פאַר קאַפּיטאַליסטען, די קאַפּיטאַליסטען וועלען

איינער בּיי דעם אַנדערן קויפען זייערע לעבּענס־מיטלען (שאַפּאַ־ניער, זיידענע קליידער, אויטאָמאָבּילען). אַלזאָ, 250 „ב“ און 250 „ג“ איז אַראָפּ פון מאַרק. עס געפינט זיך נאָך אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטען „ב“ 1250 אין לעבּענס־מיטלען פאַר אַרבּייטער. זיי פאַרקויפען 250 צו די אַרבּייטער „ג“, וואָס זייערע שכירות ליגען אין לעבּענס־מיטלען פאַר קאַפּיטאַליסטען און מיט די געלט קויפען זיי יענע 250. אויף דעם אופן האָבּען איצט די קאַפּיטאַליסטען „ב“ און די אַרבּייטער „ג“ יעדערע זייערע לעבּענס־מיטלען. ווייטער דאַרפען די קאַפּיטאַליסטען „ב“ אויף 1000 דאָלאַר פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די קאַפּיטאַליסטען „ב“ פאַרקויפען זייערע 1000 אין לע־בּענס־מיטלען פאַר אַרבּייטער צו די אַרבּייטער „א“ און מיט די געלט קויפען זיי אָפּ די 1000 פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אין וועלכע עס ליגען די שכירות פון די אַרבּייטער „א“. אַזוי זיינען מיר פּטור געוואָרען פון אַלע פּראָדוקטען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פאַר דעם פאַרבּרויך פון די אַרבּייטער.

די קאַפּיטאַליסטען „א“ דאַרפען פאַרקויפען זייער 1,000 מעהר־ווערט, וואָס ליגט אין אַלערליי מאַטעריאַלען, צו קויפען לע־בּענס־מיטלען. פאַרקערט, די קאַפּיטאַליסטען „ג“ האָבּען 1,000 אין לעבּענס־מיטלען פאַר קאַפּיטאַליסטען, וואָס זיי מוזען אויסבּיי־טען אויף אַלערליי מאַטעריאַלען פאַר זייערע פאַבּריקען. די 1,000 „ג“ ווערט אויסגעבּיטען אויף די 1,000 „א“. בּלייבּט נאָך די 4,000 „א“. דאָס ליגט אין פּראָדוקציאָנס־מיטלען, און עס מוז ווי־דער אַריינגעלייגט ווערען אין פּראָדוקציע אין דער זעלבּער אָפּטיי־לונג. אַלזאָ, וועלען די קאַפּיטאַליסטען „א“ איינער בּיי דעם אַנדערן אָפּקויפען די דאָזיגע מאַטעריאַלען. די קאַפּיטאַליסטען „א“, „ב“ און „ג“ קאָנען איצט ווידער אָנהויבּען די פּראָדוקציע אויף דעם נייעם יאָהר מיט דעם זעלבּען קאַפּיטאַל ווי פאַר־אַ־יאָהרען.

איצטער לאָמיר נעמען דעם פאַל, ווען די קאַפּיטאַליסטען ניבּען אויס אויף זיך נאָר אַ טייל פון זייער מעהר־ווערט, דעם אַנדערן לייגען זיי אַריין אין געשעפט: וואָס הייסט דאָס זיי לייגען עס אַריין אין געשעפט? דאָס הייסט, איבּער־אַ־יאָהר וועלען זיי מיט די געלט, אַנשטאָט זיידענע קליידער און אויטאָמאָבּילען, קויפען אייזען און קופּער און צאָהלען שכירות, פאַר וועלכע די אַרבּייטער וועלען קויפען פאַר זיך בּרויט.

אַלזאָ דער יעהרליכער פּראָדוקט מוז זיין אַנדערש איינגעטיילט, למשל, אַזוי:

א) פאַבּריקאַציע פון פּראָדוקציאָנס־מיטלען: מאַטעריאַלען 4,000, שכירות 1,000, מעהר־ווערט 1,000, צוזאַמען 6,000.

ב) פאַבריקאַציע פון לעבענס־מיטלען פאַר די אַרבייטער: מאַ־
טעריאַלען 1,000, שכירות 450, מעהר־ווערט 450, צוזאַמען 1,900.
ג) פאַבריקאַציע פון לעבענס־מיטלען פאַר די קאַפּיטאַליסטען:
מאַטעריאַלען 500, שכירות 300, מעהר־ווערט 300, צוזאַמען 1,100.
„א“ און „ב“ און „ג“ אין איינעם באַטרעפען די זעלביגע
9,000 ווי פריהער, אָבער זיי זיינען אַנדערש פאַרטיילט.
לאָמיר דאָס אויך צוזאַמענשטעלען אין דער פאָרמע פון א טאַ־
בעליצע:

| | מאַטעריאַלען | שכירות | מעהר־ווערט | ס"ה |
|---|---|---|---|---|
| פראָדוקציאָנס־מיטלען (א) | 4,000 | 1,000 | 1,000 | 6,000 |
| לעבענס־מיטלען — | | | | |
| פאַר אַרבייטער (ב) — | 1,000 | 450 | 450 | 1,900 |
| פאַר קאַפּיטאַליסטען (ג) | 500 | 300 | 300 | 1,100 |
| ס"ה — — — | 5,500 | 1,750 | 1,750 | 9,000 |

לאָמיר איצט א קוק טאָן וואו ליגט דער אונטערשייד. אין דעם
ערשטען ביישפּיעל האָבען די קאַפּיטאַליסטען „א“, „ב“ און „ג“ אָנ־
געהויבען מיט א קאַפּיטאַל פון 7,500, צום סוף האָבען זיי גע־
מאַכט א מעהר־ווערט פון 1,500, און דאָס איז ביי זיי געווען אָפּ־
געמאַכט צו פאַרצעהרען, — עס איז פּראָדוצירט געווען אין אַזעלכע
סחורות. פּראָדוקציאָנס־מיטלען אויף דעם נעקסטען יאָהר האָבען
זיי געהאַט 6,000 און 1,500 אין לעבענס־מיטלען פאַר אַרבייטער.
נאָך דעם נייעם פּלאַן מאַכען זיי א מעהר־ווערט פון 1,750, פון דעם
קאָנען זיי אָבער פאַרצעהרען ניט מעהר ווי 1,100, ווארים נאָר אויף
אַזוי פיעל איז פאַר זיי פּראָדוצירט געוואָרען. אָנגעהויבען האָבען
זיי מיט מאַטעריאַלען אויף 5,500, צום סוף יאָהר האָבען זיי אָבער
6,000, דאָס הייסט, עס איז פאַראַן אויף 500 מעהר מאַטעריאַלען
אויף צו פאַרגרעסערען די פּראָדוקציע. לעבענס־מיטלען פאַר אַר־
בייטער איז פּראָדוצירט געוואָרען אויף 1,900, הגם די אַרבייטער
האָבען פאַרדינט דורך דעם יאָהר נאָר 1,750. אַלזאָ, עס איז פאַ־
ראַן אויף 150 איבעריגע לעבענס־מיטלען פאַר אַרבייטער. ווי־זשע
וועט מען דערפון פּטור ווערען?
די אַרבייטער „ב“ וועלען מיט זייערע שכירות קויפען די 450
אין לעבענס־מיטלען, און וועלכע עס ליגען זייערע שכירות. די אַר־
בייטער „א“ וועלען מיט זייערע שכירות קויפען די 1000 אין לע־
בענס־מיטלען, און וועלכע עס שטעקען די מאַטעריאַלען „ב“. די
אַרבייטער „ג“ וועלען אָפּקויפען פון די קאַפּיטאַליסטען „ב“ 300
אין לעבענס־מיטלען פון זייערע 450 וואָס עס שטעקט אין זייער
מעהר־ווערט. עס בלייבט ביי זיי אויף 150 לעבענס־מיטלען פאַר

אַרבייטער, וואָס דערוויילע האָבען מיר נאָך פאַר זיי אויף דערויף קיין קויפער ניט.

די קאַפּיטאַליסטען „ב" נעמען די 300 וואָס זיי האָבען געלייזט פאַר אַ חלק פון די וואַארען, אין וועלכע עס ליגט זייער מעהר־ווערט, און קויפען דערמיט אויטאָמאָבילען און זיידענס, אין וועלכע עס ליי־גען די שכירות פון די אַרבייטער „ג". די קאַפּיטאַליסטען „ג" פאַר־צעהרען זייערע 300 מעהר־ווערט, וואָס איז פּראָדוצירט געוואָרען אין אַזוינע זאַכען, וועלכע זיי דאַרפען, דאָס הייסט, זיי קויפען עס אָפּ איינער ביי דעם אַנדערן. עס בלייבט נאָך צו פאַרקויפען די 500 לעבענס־מיטלען פאַר קאַפּיטאַליסטען, וואָס אין זיי ליגט דער ווערט פון דעם מאַטעריאַל, וועלכען די קאַפּיטאַליסטען „ג" האָבען נויטיג אין זייערע פאַבריקען. זיי פאַרקויפען עס צו די קאַפּיטאַליס־טען „א", וועלכע פאַרצעהרען 500 פון זייערע 1,000 מעהר־ווערט און זיי קויפען אָפּ ביי די קאַפּיטאַליסטען „א" מיט די געלט אויף 500 מאַטעריאַלען. מיט די אַנדערע 500 פון זייער מעהר־ווערט האַלטען זיך נאָך די קאַפּיטאַליסטען „א". ווייטער בלייבען נאָך די 4,000, וואָס אין זיי ליגט דער ווערט פון די מאַטעריאַלען פאַר די גאַנצע אָפּטיילונג „א", אָבער דאָס וועלען די קאַפּיטאַליסטען „א" איינער ביי דעם אַנדערן אָפּקויפען, ווארים זיי דאַרפען עס אין זיי־ערע פאַבריקען.

אַלזאָ, עס איז געבליבען אויף 500 מאַטעריאַלען און אויף 150 לעבענס־מיטלען פאַר אַרבייטער. דאָס רעפּרעזענטירט די 650 מעהר־ווערט, וואָס דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס וויל ניט פאַרצעה־רען, נאָר ער וויל עס אַריינלייגען אין נייע פּראָדוקציע. דערצו איז נויטיג מאַטעריאַלען אויף 500 און 150 דאַרף אַוועקגעהן אויף שכירות. אַלזאָ, די קאַפּיטאַליסטען פון דער אָפּטיילונג „א" וועלען איינער ביי דעם אַנדערן אָפּקויפען די מאַטעריאַלען, מיט די 150 וועלען זיי דינגען אַ גרעסערע צאָל אַרבייטער, און די נייע אַרבייטער וועלען נעמען די שכירות און אָפּקויפען די 150 לעבענס־מיטלען וואָס זיינען געבליבען ניט פאַרקויפט.

די פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוקציע אין דעם צווייטען ביי־שפּיעל באַשטעהט אין דעם, וואָס די קאַפּיטאַליסטען קויפען אויף 500 מעהר מאַטעריאַלען און דינגען אויף 150 מעהר אַרבייטער.

מיר זעהען אַלזאָ פון דעם חשבון, ווי אַזוי די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע קאָן זיך אויסברייטען פון איין יאָהר צום אַנדערן און די גלייכגעוויכט זאָל ניט געשטערט ווערען.

## VI. קריזיסען

אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, וואָס איז אויסגעוואַקסען נאָך מאַרקס'ן, איז זעהר פיעל אַרומגערעדט געוואָרען די פראַגע וועגען די גרענעצען פון דער אויסברייטונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. מען האָט געפונען אַ „ווידערשפּרוך" אין דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם, וואָס איינערזייטס האַלט די פּראָדוקציע שטענדיג אין וואַקסען און פון דער אַנדערער זייט וואַקסט אויך דער קלאַס פּראָלעטאַריער, וועלכע קאָנען מיט זייער שבירות ניט אָפּקויפען דעם גאַנצען פּראָדוקט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע. דער רעזולטאַט פון דער „אונטערקאָנסומפּציע" פון דעם אַרבייטער קלאַס איז אַ כראָנישע „איבערפּראָדוקציע" פון סחורות, וואָס פיהרט צו פּעריאָדישע אינדוסטריעלע קריזיסען. די קאַפּיטאַליסטען פון יעדער לאַנד זיינען דעריבער געצוואונגען צו זוכען אַ מאַרק אין אויסלאַנד, די קאָנקורענץ פון די קאַפּיטאַליסטען פון פאַרשיידענע מלוכות אויפ'ן וועלט־מאַרק פיהרט צו אימפּעריאַליזם און וועלט־קריעג.

די דאָזינגע אויסטייטשונג שטיצט זיך אויף די פאָלגענדע פאַרביינעהענדע באַמערקונגען, וועגען וועלכער ענגעלס זאָגט, אַז מאַרקס האָט איהר אריינגעשטעלט אין זיין מאַנוסקריפּט „כדי איהר שפּעטער ענטוויקלען אויספיהרליכער":

„ווידערשפּרוכען אין דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן: די אַרבייטער אַלס קויפער זיינען וויכטיג פאַר דעם מאַרק, אָבער די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט האָט אַ טענדענץ צו באַשריינקען זיי אויף דעם קלענסטען פּרייז אַלס פאַרקויפער פון זייער איינענער סחורה — אַרבייטס־קראַפט. אַ וויי טערער ווידערשפּרוך: יענע עפּאָכען, ווען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע שטריינגט אָן אַלע איהרע כחות, ווייזען זיך אימער אַרויס פאַר עפּאָכען פון איבערפּראָדוקציע, ווייל די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען קאָנען ניט אָנגעווענדעט ווערען אָהן דעם, אַז עס זאָל דערביי ניט נאָר פּראָדוצירט ווערען אַ גרעסערע ווערט, נאָר אַז ער זאָל אויך קאָנען רעאַליזירט (פאַרקויפט) ווערען; אָבער דער פאַרקויף פון דער וואַארע, די רעאַליזאַציע פון דעם וואַארען־קאַפּיטאַל, און ממילא אויך פון דעם מעהר־ווערט, איז באַשריינקט ניט דורך די גרענעצען פון די באַדערפניסען פון דעם פאַרברויך (קאָנסומפּציע) פון דער געזעלשאַפט, נאָר פון די באַדערפניסען פון דעם פאַרברויך פון אַזאַ געזעלשאַפט,

ווענעס גרעסטער טייל איז אָרעם און מוז שטענדיג בלייבען אָרעם. דאָס געהערט אָבער צום נעקסטען בוך.״ *)

אין דעם דריטען בוך חזר׳ט ער איבער דעמזעלבינען גערדאַנק:

„דער אמת׳ער גרענעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע איז דער קאַפּיטאַל גופא, ד. ה., אז דער קאַפּיטאַל און זיין זעלבסט־פּאַרוואַרטונג ערשיינען אַלס דער אויסגאַנג־פּונקט און דער ענד־פּונקט, אַלס דער מאָטיוו און דער צוועק פון דער פּראָדוקציע; אַז די פּראָדוקציע איז נאָר פּראָדוקציע פאַר דעם קאַפּיטאַל, און ניט פאַרקערט, ד. ה., אַז די פּראָדוקציאָנס־מיטלען זיינען ניט בלויז די מיטלען אויסצוגעשטאַלטען דעם לעבען פאַר די געזעלשאַפט פון פּראָדוצענטען. די גרענעצען, אין וועלכע עס קאָן זיך באַוועגען די אויפהאַלטונג פון דעם קאַפּיטאַל־ווערט, וואָס שטיצט זיך אויף דער עקספּראָפּריאַציע און פאַרמעהרונג פון דער גרויסער מאַסע פון די פּראָדוצענטען, — די דאָזיגע גרענעצען טרעטען דעריבער שטענדיג אין ווידערשפּרוך מיט די מעטאָדען פון פּראָדוקציע, וועלכע דער קאַפּיטאַליסט מוז אָנווענדען פאַר זיין צוועק און וועלכע זיינען גע־ריכטעט אויף די פאַרמעהרונג פון דער פּראָדוקציע, אויף די פּראָ־דוקציע אַלס אַ צוועק פאַר זיך אַליין, אויף די אומבאַדינגטע ענט־וויקלונג פון די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקטיווע קרעפטען פון דער אַרבייט.״ **)

אין אַן אַנדער שטעלע פון דעמזעלבען באַנד רעדט אָבער מאַרקס וועגען דעם גאָר אַנדערש. אָט איז וואָס ער זאָגט:

עס איז אַ ריינע טאַוטאָלאָגיע ***) צו זאָגען, אַז די קריזיסען קומען דערפון, וואָס עס איז אַ דוחק אין צאָהלונגס־פעהיגער קאָנ־סומפּציע (פאַרברויך) אָדער אין צאָהלונגס־פעהיגע קאָנסומענטען... וואָס די סחורות פאַרקויפען זיך ניט הייסט נאָר, אַז עס געפינען זיך ניט קיין קויפער, וואָס זאָלען קאָנען פאַר איהר באַצאָהלען. וויל מען אָבער דער טאַוטאָלאָגיע געבען אַ שיין פון טיעפער באַגרינדונג דערמיט, וואָס מען זאָגט, אַז דער אַרבייטער קלאַס קריגט אַ צו קליינעם טייל פון זיין אייגענעם פּראָדוקט, און אַז דער איבערשטאַנד קאָן דערלייכטערט ווערען אַזוי באַלד, ווי דער אַרבייטער קלאַס

*) צווייטער באַנד, זעכצענטער קאַפּיטעל, דריטע אָפּטיילונג (ענגלישע איבערזעצונג), ז. 363.

**) דריטער בוך, פופצענטער קאַפּיטעל, צווייטע אָפּטיילונג, ז. ז. 231־232 (דייטשע אויסגאַבע).

***) „טאַוטאָלאָגיע״ איז אַ גריכישער וואָרט, וואָס מיינט איבער־חזר׳ונג פון דעמזעלבען געדאַנק אי אַלס אורזאַכע, אי אַלס רעזולטאַט. אַ ביישפּיעל געפינט זיך אין דעם נעקסטען זאַץ.— אַנמערק. פון רעדאַקטאָר.

קריגט אַ גרעסערן חלק פון זיין פּראָדוקט, דאָס הייסט ווען זיינע שכירות וואַקסען, טו דאַרף מען האָבען אין זינען, אַז די קריזיסען ווערען יעדען מאָל צוגעגרייט גראָד דורך אַ פּעריאָד, אין וועלכער די שכירות שטייגען אין אַלגעמיין און דער אַרבייטער קלאַס קריגט אַ גרעסערן חלק פון יענעם טייל פון דעם יעהרליכען פּראָדוקט, וואָס איז באַשטימט פאַר קאָנסומפּציע. אַזעלכע פּעריאָדען האָבען געזאָלט, פאַרקערט, אָפּווענדען קריזיסען, פון דעם שטאַנדפּונקט פון די דאָזיגע ריטער פון דעם „פּראָסטען“ שכל.“ *)

ווען מען פאַרגלייכט די דריי שטעלען מיט מאַרקס'עס גאַנצער

*) צווייטער באַנד, צוואַנציגסטער קאַפּיטעל, פערטע אָפּטיילונג, ז. ז. 385—386 (עיימשע אויסגאַבע).

אויב מען וויל קלאָר ווערען וועגען דעם ווירקליכען אָדער שיינבנרען ווידערשפּרוך צווישען דער לעצטער שטעלע אין די צוויי פריהערדיגע, דאַרף מען האָבען אין זינען, אַז דער איינציגער טייל פון „קאַפּיטאַל“. וואָס איז ערשינען פאַר מאַרקס'עס לעבען, איז דער ערשטער באַנד. נאָך זיין טויט זיינען איבערגעבליבען אַ סך כתבים. וועלכע ער האָט נאָך געוואָלט איבעראַרבייטען. זיין לעבענס־פריינד ענגעלס האָט זיי צוזאַמענגע־שטוקעוועט, ווי עס האָט זיך געלאָזען, און האָט אַרויסגעגעבען דעם צווייטען און דעם דריטען באַנד.

די מאַנוסקריפּטען פון וועלכע ענגעלס האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם דריטען באַנד זיינען אַלע געשריבען געוואָרען צווישען 1861 און 1865. עס זיינען געבליבען פון דער זעלבער צייט מאַנוסקריפּטען, וואו עס ווערען באַהאַנדעלט די פראַגען, וואָס געהערען צו דעם צווייטען באַנד, אָבער מיט יענע מאַנוסקריפּטען האָט זיך ענגעלס ניט גענוצט, ווייל זיי זיינען פון מאַרקס'ן נאָך אַ פּאָר מאָל איבערגעאַרבייט געוואָרען. דער לעצטער מאַ־נוסקריפּט פון דעם צווייטען באַנד איז געשריבען געוואָרען אין 1878, ער איז אַריין אין יענע קאַפּיטלען, וועלכע באַהאַנדלען די רעפּראָדוקציע און די צירקולאַציע פון דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל.

ווען אַ מאַן ווי מאַרקס האַלט צוואַנציג יאָהר אין איין שרייבען און איבערשרייבען, טו איז לייכט צו פאַרשטעהן, אַז אין די איבערגעבליבענע פּאַפּירען זיינע מוזען זיך געפינען שטעלען, וואָס שטימען ניט איין מיט זיינע שפּעטערע געדאַנקען. ווען מאַרקס וואָלט זיין ווערק פאַרעפענטליכט אַליין, וואָלט ער אפשר אָנגענומען איין געדאַנק אַלס פונדאַמענט און אפשר דעם אַנדערן, אָבער זיין פריינד האָט זיך ניט געהאַלטען פאַר באַרעכטיגט צו זיין אַ צענזאָר איבער זיינע געדאַנקען. ער האָט געקלערט, אַז מאַרקס איז אַ מאַן, וואָס האָט דאָס רעכט, די וועלט זאָל הערען, וואָס ער האָט געהאַט אין זינען צו זאָגען, איידער עס האָבען זיך ביי איהם פאַרמאַכט די ליפּען אויף אייביג.

טעאָריע פון דער צירקולאַציע פון קאַפּיטאַל, ספּעציעל מיט זיין באַלאַנס פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, איז גאַנץ קלאָר, אַז די ערשטע צוויי שטעלען זיינען ניט מעהר ווי פאַרבייגעהענדע באַמערקונגען, ווי ברייט מען זאָל זיי ניט וועלען אויסטייטשען. דער עצם פון דער פראַגע איז די צירקולאַציע פון דעם מעהר־ווערט. מארקס זאָגט, אַז עס איז גאָר ניט שייך דערצו, צי דער קאַפּיטאַליסט פאַרלעבט זיין גאַנצען מעהר־ווערט, צי ער לייגט אריין אַ טייל דערפון אין געשעפט. די פּראָדוקציע ווערט אַנדערש איינגעטיילט צווישען די פאַרשיידענע צווייגען פון דער אינדוסטריע, אָבער אין דער צירקולאַציע איז נאָר קיין נפקא־מינה ניטאָ, זי געהט אָן אַזוי ווי ווען דער קאַפּיטאַליסט וואָלט פאַרצעהרט אליין זיין גאַנצען מעהר־ווערט. וויבאַלד עס איז פאַראַן אין דער געזעלשאַפט גענוג מטבעות אויף אויסצוטוישען די מאַסע פּראָדוקטען, וואָס ווערט געשאַפען אין דעם משך פון אַ יאָהר, טו מאַכט גאָר ניט אויס, וואָס אַ טייל פון דעם סחורה־ווערט רעפּרעזענטירט דעם מעהר־ווערט פון דעם קאַפּיטאַליסט:

„שטעלט זיך פאָר, אַז די גאַנצע פּראָדוקציע געהערט צו די ארבייטער אליין, דאָס הייסט, אַז זייער מעהר־ארבייט איז נאָר מעהר־ארבייט פאַר זיי אליין, ניט פאַר די קאַפּיטאַליסטען, — וואָלט די מאַסע צירקולירענדע סחורה־ווערטען בלייבען דיזעלבע און וואָלט פאַר איהר צירקולאַציע אונטער גלייכע אומשטענדען אריינגעבראַכט די זעלביגע סומע געלט.“*)

אויב דער מארק פאַר די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע וואָלט אָפּגעהאַנגען פון דעם פאַרברויך פון די ארבייטער, וואָלט דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם לחלוטין ניט געקאָנט עקזיסטירען, וואָרים דער ארביימער קאָן מיט זיינע שכירות קויפען נאָר אַ טייל פון דעם פּראָדוקט, וואָס ווערט באַשאַפען צו יעדער צייט. מען קאָן זיך געבען אַן עצה אויף אַ קורצע צייט: דעם טייל פון מעהר־ווערט וואָס דער קאַפּיטאַליסט פאַרלעבט ניט אליין, קאָן ער אריינלייגען אין די פּראָדוקציע פון נייע סחורות. אָבער אויב דאָס רוב פון די דאָזיגע סחורות דאַרף דינען דעם פאַרברויך פון דעם ארביימער קלאַס, טו בלייבט דאָך פאָרט אַ קשיא: ווי אַזוי קאָן דער ארבייטער קלאַס מיט זיינע שכירות, וואָס רעפּרעזענטירען נאָר אַ טייל פון דעם פּראָדוקט, קויפען דעם גאַנצען פּראָדוקט?

איז דער תירוץ, אַז דעם קאַפּיטאַליזם ראַטעוועט דער אויסלענדישער מארק: וואָס די קאַפּיטאַליסטען קאָנען ניט פאַרקויפען

---

* צוואַנציגסטער קאַפּיטעל, צוועלפטע אָפּטיילונג, ז. 552.

אין דערהיים, פיהרען זיי ארויס קיין אויסלאנד. אויף דערויף זאָגט מארקס:

„אָהן דעם אויסלענדישען האנדעל עקזיסטירט טאקע די קאַ־פּיטאליסטישע פּראָדוקציע ניט. אָבער אויב מיר נעמען אָן, אז די יעהרליכע פּראָדוקציע ווערט באנייט אויף א געוויסען מאסשטאב, נעמען מיר אָן ממילא, אז דער אויסלענדישער האנדעל בייט אויס די היימישע פּראָדוקטען אויף ארטיקלען, וואָס האָבען אנאנדער נעבראויך־ווערט, אָדער אנאנדער נאטירליכע פאָרמע, וואָס איז גאָר ניט שייך צו דעם ווערט־פארהעלטנים פון די צוויי קאטעגאָריעס— פּראָדוקציאָנס־מיטלען און ארטיקלען פאר דעם פערזענליכען פאר־צעהר, אָדער די פּראָפּאָרציע פון באשטענדיגען קאפּיטאל, פארענ־דערליכען קאפּיטאל און מעהר־ווערט, און אויף וועלכע די פּראָדוק־טען פון די ביידע קאטעגאָריעס קאָנען איינגעטיילט ווערען. דער־מיט וואָס מען ברייננט אריין דעם אויסלענדישען האנדעל אין די אונטערזוכונג פון דעם יעהרליכען ווידער־געשאפענעם ווערט פון די פּראָדוקטען, קאָן מען נאָר פארפּלאָנטערן די פּראגע.“ *)

עס איז דאָך קלאָר באשיינפּערליך, אז די קויפער אין אויסלאנד קאָנען ניט קויפען די אימפּאָרטירטע סחורה, אויב זיי עקספּאָרטירען ניט אויף א גלייכע סומע זייער אייגענע סחורה. דער אונטערשייד איז אלזאָ נאָר אין דעם מין סחורה, וואָס מוז פארקויפט ווערען אין דעם היימישען מארק: אנשטאט צו פארקויפען היימישע פּראָדוקטען וועט מען מוזען פארקויפען אויסלענדישע, אויף וועלכע מען האָט אויסגעטוישט די עקספּאָרטירטע פּראָדוקטען. „דער אויסלענדישער האנדעל... טראָגט נאָר אריבער די ווידערשפּרוכען אויף א ברייטערן שטח, עפענט פאר זיי א גרעסערען שפּיעלקרייז.“ **)

די פאלשקייט פון דער טעאָריע פון „אונטערקאָנסומפּציע“ באשטעהט אין דעם, וואָס זי חזר'ט איבער דעם אלטען טעות פון אדאם סמיט'ן און די אנדערע בורזשואזע עקאָנאָמיסטען, אז „דער גאנצער געזעלשאפטליכער ווערט פון דעם פּראָדוקט באשטעהט פון... שכירות און מעהר־ווערט.“ ***)

מען פארגעסט דערביי אין גאנצען אָן דעם באשטענדיגען קאַ־פּיטאל, וועלכער וואקסט שטענדיג אין פּראָפּאָרציע צו דעם פאר־

---

*) צווייטער באנד, צוואנציגסטער קאפּיטעל, צוועלפטע אפּטיילונג, ז. 548 (ענגלישע איבערזעצונג).

**) צווייטער באנד, צוואנציגסטער קאפּיטעל, עלפטע אפּטיילונג, צוויי־טע אונטעראפּטיילונג, ז. 444 (דייטשע אויסגאבע).

***) צוואנציגסטער קאפּיטעל, ניינטע אפּטיילונג . 329 (רוסישע איבערזעצונג).

ענדערליכען קאַפּיטאַל. דער יעהרליכער פּראָדוקט באַשטעהט ניט נאָר פון לעבענס־מיטלען, אָבער נאָך מעהרער פון פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס נאָר די קאַפּיטאַליסטען קאָנען קויפען, ניט דער אַר־בייטער קלאַס. מאַרקס ווערט ניט מיעד איבערצו'חזר'ען ביי יע־דער געלעגענהייט, אַז דער אונטערשייד צווישען דער קאַפּיטאַליסטי־שער פּראָדוקציע און דער פּראָסטער וואַארען־פּראָדוקציע, וואָס האָט עקזיסטירט פאַר דעם קאַפּיטאַליזם, באַשטעהט אין דערין גופא, וואָס דער ענד־צוועק פון דער פּראָסטער וואַארען־פּראָדוקציע איז דער גע־ברויך־ווערט פון דער וואַארע, וועלכע ווערט אויסגעטוישט אין מאַרק, בעת דער ענד־צוועק פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, פאַרקערט, אין דער מעהר־ווערט.

פון וואַנען־זשע נעמען זיך פאַרט קריזיסען? די אורזאַכע פון קריזיסען איז ניט, וואָס דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס קאָן ניט פּטור ווערען פון דעם מעהר־ווערט, וואָס ער קאָן אַליין ניט אויפ־עסען. מאַרקס ווייזט ווי אַזוי אפילו „ביי אַן אידעאַלער נאָרמאַ־לער פּראָדוקציע, ווען עס זאָל פון יאָהר צו יאָהר נאָר ווידער פּראָ־דוצירט ווערען דער אַריינגעלייגטער געזעלשאַפטליכער קאַפּיטאַל“, מוז מיט דער צייט געשטערט ווערען די פּראָפּאָרציע פון דעם פיק־סען און דעם פליסיגען קאַפּיטאַל. *)

מיר האָבען געזעהן אַ טייל פון דעם קאַפּיטאַל, דער פיקסער־קאַפּיטאַל, ווערט אַריינגעלייגט אין גרויסע סומען און קומט צוריק אין קליינע חלקים. די דאָזיגע חלקים ווערען אָנגעקליבען פון יעדען קאַפּיטאַליסט אַלס אַ רעזערוו־פאָנד, כדי, ווען עס וועט קומען די צייט אַרויסצוואַרפען די אַלטע מאַשינערי און צו קויפען נייע, זאָל ער האָבען מיט וואָס דאָס צו טאָן. ווען, צום ביישפּיעל, די מאַ־שינערי קאָסט 100,000 דאָלאַר און זי דינט 10 יאָהר, לייגט ער אַוועק אין אַ באַנק 10,000 דאָלאַר אַ יאָהר, און נאָך צעהן יאָהר נעמט ער אַרויס מיט אַמאָל די 100,000 דאָלאַר און גיט זי אויס אויף מאַשינערי. ווען די 10,000 דאָלאַר, וואָס ער שפּאָרט אָפּ יעהרליך, וואָלטען זיך געלעגען רוהיג ערגעץ אין אַ פּושקע, און די מאַשינען, וואָס ער וועט דאַרפען, וואָלטען זיך פאַמעלאַך געמאַכט אין דער צייט פון די צעהן יאָהר, וואָלט עס געווען אַזוי לייכט אויס־צופיהרען, ווי עס איז דאָס צו דערצעהלען. אין דער אמת'ן אָבער טראָגט ער אַריין די געלט אין די באַנק, די באַנק באָרגט עס אויס דערווייַלע אויף אַנדערע אונטערנעמונגען, און ווען עס קומט אַרויס־צוציהען מיט אַמאָל די 100,000 דאָלאַר אַנשטאַט, ווי געוועהנליך, 10,000 דאָלאַר, איז די באַנק קורץ אין געלט. נאַטירליך, האַנדעלט

---

*) צווייטער בוך, ז. ז. 442—225.

עס זיך אין דער ווירקליכקייט אום טויזענטער קאַפּיטאַליסטען און אום הונדערטער מיליאָנען. ניט אַלע דאַרפֿען זייער געלט צו דער זעלבער צייט. אָבער די אורזאַכע פֿון שטערונגען בלייבט, כל זמן די גאַנצע פּראָדוקציע פֿיהרט זיך ניט מיט אַ פּלאַן. עס איז אַזוי ווי ווען איהר וואָלט געהאַט אַ גרויסען געשעפֿט אויף מיליאָנען דאָלאַר אָהן אַ בוכהאַלטער. דער רעזולטאַט וועט זיין, אַז היינט וועט פֿעהלען וואַארע, מאָרגען וועט פֿעהלען געלט. מיר האָבען אָבער געזעהן, אַז די רעדער פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע און צירקולאַציע קאָנען זיך דרעהען ריכטיג נאָר דעמאָלט, ווען דער פּראָדוקטיווער קאַפּיטאַל געהט איבער אין וואַארען־קאַפּיטאַל, דער וואַארען־קאַפּיטאַל אין געלט־קאַפּיטאַל, דער געלט־קאַפּיטאַל ווידער אין פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל, אָהן אונטערברעכונג. שטעלט זיך אָפּ ערגעץ איין רעדעל, בלייבט די גאַנצע מאַשין שטעהן.

אמת, מאַרקס זאָגט אויך, אַז איבערפּראָדוקציע פֿיהרט צו קריזיסען. אָבער „איבערפּראָדוקציע“ איז ניט די זעלבע זאַך ווי „אונטערקאָנסומפּציע“. איבערפּראָדוקציע קומט ניט דערפֿון, וואָס דער אַרבייטער קריגט ניט דעם גאַנצען פּראָדוקט פֿון זיין אַרבייט, נאָר פֿון גאָר אַנדערע אורזאַכען. כל זמן איין קאַפּיטאַליסט פּראָדוצירט ניט וויסענדיג פֿון דעם אַנדערן, מוז אַמאָל זיין צופֿיעל וואַארען, אַמאָל צו ווענינ. דערמיט איז נאָך אָבער ניט ערקלערט, פֿאַרוואָס איבערפּראָדוקציע מוז פֿיהרען צו קריזיסען. אַ פּאַרצייטיגער פּריץ איז קיינמאָל ניט בדלות געוואָרען דערפֿון, וואָס ער האָט אָנגעקליבען צופֿיעל תבואה, צופֿיעל בהמות, צופֿיעל לייוועגט. פֿאַר וואָס־זשע איז עס פֿאַר דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס אַ צרה, ווען ער האָט פֿון יעדער זאַך צופֿיעל? וואָס איז די נפקא־מינה פֿון דער פּאַרצייטיגער פּריצ׳ישער ווירטשאַפֿט צו דער קאַפּיטאַליסטישער? דער אונטערשייד איז אין דער קאַפּיטאַליסטישער צ י ר ק ו ל א צ י ע. די איינפֿאַכע צירקולאַציע פֿון וואַארען אין די פּאַרצייטיגע יאָהרען האָט ניט געקאָנט פֿיהרען צו אַ קריזיס, ווייל יעדער איינצעלנער קויפֿער און פֿאַרקויפֿער איז געווען אָפּגעזונדערט פֿון אַלע אַנדערע. ווען איין וואַארע האָט ניט געפֿונען קיין קויפֿער, האָט דאָס ניט געשטערט צו פּראָדוצירען און פֿאַרקויפֿען אַנדערע. אָבער דער קאַפּיטאַליזם ציהט אַריין אַלע וואַארען אין דער צירקולאַציע און מאַכט די פּראָדוקציע אָפּהענגיג פֿון דער צירקולאַציע. ווען אַ טייל פֿון די פּראָדוצירטע וואַארען ווערט ניט פֿאַרקויפֿט, ווערט אָפּגעהאַלטען דער גאַנג פֿון דער צירקולאַציע, און דאָס ווידער שטעלט אָפּ די פּראָדוקציע, און מיר האָבען אַ קריזיס.

„לאָז אָבער דער קאַפּיטאַליסטישער אופֿן פֿון פּראָדוקציע אָפּגעשאַפֿט ווערען, קומט די גאַנצע פֿראַגע איינפֿאַך דערצו, וואָס די

גרויס פון יענעם טייל פון דעם פיקסען־קאַפּיטאַל, וועלכער האָט שוין אויסגעלעבט זיינע יאָהרען און מוז פּראָדוצירט ווערען פון דאָס נייע אין זיין קערפּערליכער געשטאַלט, איז ניט גלייך פון יאָהר צו יאָהר. אויב יענער טייל איז זעהר גרויס אין א געוויסען יאָהר (אי־בער דער דורכשניטליכער שטערבליכקייט ווי ביי מענשען), קאָן מען זיך ריכטען אויף זיכער, אז איבער א יאָהר וועט ער זיין אין ערך קלענער. די מאַסע פון רויהע, האַלב־אויסגעאַרבייטע און הילף־מאַטעריאַלען, וואָס זיינען נויטיג פאַר די יעהרליכע פּראָדוקציע פון אַרטיקלען פון פאַרברויך — אונטער גלייכע אומשטענדען — ווערט דערפון ניט קלענער. דעריבער מוז די גאַנצע פּראָדוקציע פון אינ־סטרומענטען פון פּראָדוקציע שטייגען איין יאָהר און זינקען דעם אַנדערן יאָהר. דערפון קאָן מען זיך אויסהעלפען דערמיט, וואָס מען וועט שטענדיג פּראָדוצירען מעהרער ווי מען באַדאַרף. פון איין זייט דאַרף זיין א גרעסערע מאָס פיקסען־קאַפּיטאַל, איידער עס איז נויטיג תיכף; פון דער אַנדערער זייט דאַרף זיך געפינען מעהר רויהע מאַטעריאַלען און דערגלייכען, ווי עס פאָדערט זיך פאַר די יעהרליכע פּראָדוקציע (בפרט לעבענס־מיטלען). אזא סאָרט איבערפּראָדוקציע מיינט די השגחה פון דער געזעלשאַפט איבער די מאַטעריעלע מיט־לען פון איהר אייגענער ווייטערער עקזיסטענץ. אין דער קאַפּיטאַ־ליסטישער געזעלשאַפט אָבער איז אזא איבערפּראָדוקציע אַן עלע־מענט פון אַנאַרכיע.‟ *)

## VII. מעהר־ווערט ראַטע און פּראָפיט ראַטע.

באהאַנדלענדיג די צירקולאַציע פון קאַפּיטאַל, האָבען מיר גע־האַט צו טאָן נאָר מיט דעם מעהר־ווערט, אלס א גאַנצען. מיר האָ־בען געזעהן, ווי דער קאַפּיטאַל בייט זיינע פאָרמען אין דעם גאַנג פון צירקולאַציע: געלט־קאַפּיטאַל ווערט פאַרוואַנדעלט אין פּראָדוקטי־ווען קאַפּיטאַל, פּראָדוקטיווער קאַפּיטאַל אין סחורה־קאַפּיטאַל, סחורה־קאַפּיטאַל ווידער אין געלט־קאַפּיטאַל א. א. וו. מיר האָבען אויך פאַרבייגעהענדיג באַמערקט, אז די אַלע דריי פאָרמען פון פאַרשידענע קאַפּיטאַלען עקזיסטירען איינע לעבען דער אַנדערער און אויף דעם אופן ווערט מעגליך פאַר יעדען איינצעלנעם קאַפּי־טאַליסט אָנצוגעהן מיט זיין געשעפט אָהן אונטערברעכונג, ניט וואַרטענדיג ביז וואַנען זיין אייגענער קאַפּיטאַל וועט דורכגעהן דורך די אַלע פאָרמען. דער געזעלשאַפטליכער קאַפּיטאַל ווערט איינגע־

*) צוואַנציגסטער קאַפּיטעל, עלפטע אָפּטיילונג, ז. 546 (ענגלישע אי־בערזעצונג).

טיילט אין דריי שטענדיגע אָפּטיילונגען: געלט־קאַפּיטאַל, דעם פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל און דעם האַנדעלס־קאַפּיטאַל. דורך דעם סיסטעם פון באַנקען און קרעדיט קריגט יעדערער פון זיי די מעג־ליכקייט אָנצוגעהן מיט זיינע געשעפטען אָהן אונטערברעכונג.

אזוי ווי דער קאַפּיטאַליסט פון דעם גאַנצען קאַפּיטאַליסטישען קלאַס איז צוטיילט אין דריי חלקים, וואָס באַלאַנגען צו באַזונדערע אָפּטיילונגען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, טו מוז דער גאַנצער פּראָדוצירטער מעהר־ווערט אויך איינגעטיילט ווערען אין דריי חלקים: דער געלט־קאַפּיטאַליסט קריגט אַ צ י נ ז אויף זיין קאַ־פּיטאַל, דער סוחר און דער פאַבריקאַנט קריגען יעדערער אַ פּ ר אָ־ פּ י ט אויף זייער קאַפּיטאַל.

עס פאָלגט דערפון, אַז אין דער צירקולאַציע פון סחורות צווי־שען די דריי אָפּטיילונגען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, קאָנען די דאָזיגע סחורות ניט אויסגעטוישט ווערען צו זייער פולען ווערט, ווי אין דער איינפאַכער צירקולאַציע פון סחורות. ווען דער פאַברי־קאַנט פאַרקויפט זיין סחורה, קאָן ער ניט קריגען אין איהר פּרייז דעם גאַנצען מעהר־ווערט, וואָס זיינע אַרבייטער האָבען פּראָדוצירט, ער מוז אָפּטרעטען אַ טייל פון דעם מעהר־ווערט דעם הענדלער, וועלכער איז בארעכטיגט צו אַ פּראָפיט אויף זיין קאַפּיטאַל. אזוי אָבער ווי דער ו ו ע ר ט פון דער סחורה שליסט איין דעם גאַנצען מעהר־ווערט, וואָס דער אַרבייטער האָט פּראָדוצירט, קומט אויס, אַז דער פאַבריקאַנט מוז פאַרקויפען זיין סחורה אונטער איהר ווערט. דאָס הייסט, אַז די פ אַ ר ק ו י ף־פּ ר י י ז ע ן פון די סחורות קאָנען ניט צוזאַמענפאַלען מיט זייערע ו ו ע ר ט ע ן.

ווייטער מוז נאָך אַראָפּגעהן דער צ י נ ז אויף דעם גע־באָרגטען געלט־קאַפּיטאַל, אויב דער האַנדעלס־קאַפּיטאַליסט קויפט די סחורה מיט געבאָרגטען קאַפּיטאַל, מוז ער אזוי בארעכנען דעם פּרייז וואָס ער צאָהלט, אַז עס זאָל איהם בלייבען אַ חוץ זיין פּראָ־פיט אויך דער צינז וואָס ער האָט צו באַצאָהלען.

לאָמיר איצטער באַטראַכטען די צירקולאַציע פון סחורות מיט די אויגען פון דעם פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַליסט. זיין קאַפּיטאַל באַ־שטעהט פון פיקסען־קאַפּיטאַל און צירקולירענדען קאַפּיטאַל. דער צירקולירענדער קאַפּיטאַל געהט אריין אין גאַנצען אין דעם פּרייז פון די פּראָדוצירטע סחורות, פון דעם פיקסען־קאַפּיטאַל געהט אריין נאָר אַ סומע, וואָס איז גלייך דעם אָפּגעניצטען טייל. ביידע צוזאַ־מען בילדען פאַר איהם דעם ק אָ ס ט פּ ר י י ז פון דער סחורה, דאָס וואָס זי קאָסט איהם אליין צו פּראָדוצירען. דער קאָסטפּרייז איז אלזאָ נאָר אַ טייל פון דעם ווערט פון דער סחורה, — דער גאַנ־צער ווערט שליסט איין דעם מעהר־ווערט. כדי צו מאַכען די זאַך

איינפאכער, לאָמיר דערווייל אָננעהמען, אז דער קאפּיטאַליסט פיהרט דעם גאנצען געשעפט מיט זיינע אייגענע געלט און אז ער פארקויפט אליין זיין סחורה דירעקט צום קאָנסומענט, — אזעלכע קאפּיטאליסטישע געשעפטען עקזיסטירען, זיי זיינען ניט קיין אויס־נאַם אפילו. לאָמיר ווייטער אָננעמען, אז אונזער קאפּיטאליסט פארקויפט זיין סחורה צו איהר פולען ווערט. ער באטראכט דעם גאנצען מעהר־ווערט, וואָס ער קריגט, פאר זיין פּראָפיט. לאָמיר זשע איצטער מאכען א חשבון, ווי עס פארהאלט זיך די ראטע פון מעהר־ווערט צו דער פּראָפיט־ראטע.

לאָמיר נעמען א קאפּיטאל פון 10,000 דאָלאַר, וואָס באשטעהט פון א פיקסען־קאפּיטאל פון 9,000 דאָלאַר, וועלכער ווערט אָפּגע־ניצט אין צעהן יאָהר, פון א צירקולירענדען באשטענדיגען (קאָנ־סטאנטען) קאפּיטאל פון 500 דאָלאַר (מאַטעריאלען, קוילען א. א. וו.), און א וואריאבלען קאפּיטאל פון 500 דאָלאַר (שכירות). לאָז זיין די מעהר־ווערט ראטע 100% און לאָמיר אָננעמען, אז דער ציר־קולירענדער קאפּיטאל קערעוועט זיך 10 מאָל א יאָהר. ווען דער צירקולירענדער קאפּיטאל האָט זיך אויסגעקערעוועט איין מאָל, קריגט דער קאפּיטאליסט צוריק די 500 דאָלאַר, וואָס ער האָט אריינ־געלייגט אין דעם וואריאבלען קאפּיטאל, צוזאמען מיט 500 דאָלאַר מעהר־ווערט, און א חוץ דעם די 500 דאָלאַר, וואָס ער האָט אריינגע־לייגט אין דעם צירקולירענדען קאָנסטאנטען קאפּיטאל (מאַטעריא־לען א. א. וו.), און איין צעהנט־חלק פון דער יעהרליכער אָפּניצונג פון דעם פיקסען־קאפּיטאל, דאָס הייסט 90 דאָלאַר, צוזאמען 1,590 דאָלאַר. דער פּראָדוקט פון א גאנצען יאָהר וועט ווערט זיין 10 מאָל אזוי פיעל, ד. ה., 15,900 דאָלאַר. דער קאָסט־פּרייז פאר דעם קאפּיטאליסט איז 10,900, דער מעהר־ווערט איז 5,000 דאָלאַר. ווען מען בארעכענט איהם אויף דעם אריינגעלייגטען וואריאבלען קאפּיטאל פון 500 דאָלאַר מאכט אויס די ראטע פון מעהר־ווערט 1000%. דער קאפּיטאליסט אָבער בארעכענט דעם מעהר־ווערט אלס זיין פּראָפיט אויף דעם גאנצען אריינגעלייגטען קאפּיטאל פון 10,000 דאָלאַר, ניט אויף דעם וואריאבלען קאפּיטאל אליין. די פּראָפיט־ראטע פאר איהם איז אלזאָ סך־הכל 50%.

די איינטיילונג פון דעם קאפּיטאל אין פיקסען און צירקו־לירענדען קאפּיטאל, די איינטיילונג פון צירקולירענדען קאפּיטאל אין קאָנסטאנטען און וואריאבלען, די צייט אין וועלכער דער צירקולי־רענדער קאפּיטאל קערעוועט זיך ארום, — זיינען ניט גלייך אין פארשידענע אינדוסטריען. די אלגעמיינע טענדענץ איז דער קאַ־פּיטאליסטישער אינדוסטריע איז איינצושפּאָרען ארבייט דורך מא־שינערי. דורך דעם ווערט דער קאָנסטאנטער קאפּיטאל (מאשינערי,

מאַטעריאַלען) פאַרגרעסערט אין פּראָפּאָרציע צו דעם וואַריאַבלען (שכירות). מיט דעם פאָרטשריט פון דעם פאַרקעהר (דורך אייזענבאַהנען און שנעלערע שיפען) הויבט אָן די צירקולאַציע פון קאַפּיטאַל צו געהן גיכער און דער קאַפּיטאַליסט דאַרף דעריבער אויסלייגען אַ קלענערן צירקולירענדען קאַפּיטאַל אויף מאַטעריאַלען און שכירות.

די אַלע ענדערונגען קומען ניט פאַר גלייכצייטיג אין אַלע צווייגען פון דער אינדוסטריע, און דערפון איז שוין קלאָר, אַז אויב אפילו די ראַטע פון מעהר־ווערט (דאָס הייסט דער גראַד פון דער עקספּלואַטאַציע פון דעם אַרבייטער) זאָל זיין אַ גלייכע אין אַלע צווייגען פון דער אינדוסטריע, וועט די פּראָפּיט־ראַטע אין פאַרשידענע אינדוסטריען ניט זיין קיין גלייכע.

אָבער די פּאָליטישע עקאָנאָמיע נעמט אָן, אַז די פּראָפּיט־ראַטע איז דורכשניטליך אַ גלייכע פאַר די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע. מיר קומען דאָ אַלזאָ צו אַן אינערליכען ווידערשפּרוך אין דער ווערט־טעאָריע, וועלכען מיר וועלען דאָ איבערגעבען אין מאַרקס'עס אייגענע ווערטער:

„מיר האָבען אַלזאָ געוויזען, אַז אין פאַרשידענע צווייגען פון דער אינדוסטריע הערשען אונגלייכע פּראָפּיט־ראַטען, אין הסכם מיט דער פאַרשידענער אָרגאַנישער צוזאַמענזעצונג פון די קאַפּיטאַלען און אויך — אין געוויסע גרענעצען — מיט די פאַרשידענע ציימען, אין וועלכע זיי קערעוועז זיך אַרום... דאָס גילט אויף דעם סמך, וועלכער איז איבערהויפּט ביז אַהער געווען דער סמך פון אונזער באַטראַכטונג: אַז די סחורות ווערען פאַרקויפט צו זייערע ווערטען. פון דער אַנדער זייט איז גאָר קיין ספק ניט, אַז אין דער ווירקליכקייט, אָפּגעזעהן פון אומוועזענטליכע און צופעליגע אונטערשיידען, אָדער אַזעלכע, וואָס גלייכען זיך אויס, עקזיסטירט ניט קיין פאַרשידענהייט פון די דורכשניטליכע פּראָפּיט־ראַטען פאַר די פאַרשיידענע צווייגען פון דער אינדוסטריע און וואָלט ניט געקאָנט עקזיסטירען אָהן דער אָפּשאַפונג פון דעם גאַנצען סיסטעם פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. עס שיינט אַלזאָ, אַז די ווערט־טעאָריע איז דאָ ניט פאַראייניבאַר מיט דער ווירקליכער באַוועגונג, ניט פאַראייניבאַר מיט די טאַטזעכליכע ערשיינונגען פון דער פּראָדוקציע". *)

*) Das Kapital. Dritter Band, erster Teil, s. 132.

אין אַנאַנדער שטעלע חזר'ט מאַרקס איבער דעמזעלבען געדאַנק בזה הלשון: „לאָמיר צוערשט אָנעהמען, אַז אַלע סחורות אין די פאַרשידענע

ווי זשע קאָן די ווערט־טעאָריע פּאָרט פּאַראייניגט ווערען מיט
דער אויסגלייכונג פון די פּראָפיט ראַטען? דאָס וועלען מיר בצ־
טראַכטען אין דעם פאָלגענדען קאַפּיטעל.

## VIII. די אויסגלייכונג פון די פּראָפיט ראַטען.

אויף דער ערשטער מדרגה פון דער געשיכטע פון האנדעל
ווערען די סחורות אויסגעטוישט צו זייערע ווערטען. „דאָס גילט
פאַר יענע צושטאַנדען, וואו דער ארבייטער איז אליין דער באַלעבאָס
פון זיינע מיטלען פון פּראָדוקציע. ד ע ם צושטאַנד געפינען
מיר אין דער אלטער אזוי ווי אין דער מאָדערנער וועלט ביי דעם
פּויער, וואָס באַזיצט זיין אייגענע שטיק לאַנד און ארבייט אויף
איהר אליין און ביי דעם בעל־מלאכה פאַר זיך. דער פּראָדוקט ענט־
וויקעלט זיך אין א סחורה פון אָנהויב דורך דעם אויסטויש צווישען
פאַרשידענע כללים, ניט צווישען די גלידער פון דערזעלבער קהלה.
ווי פאַר דעם גאָר ערשטען צושטאַנד, אזוי גילט דאָס אויך פאַר די
שפּעטערע צושטאַנדען, וואָס זיינען געגרינדעט אויף שקלאַפּעריי
און לייב־אייגענשאַפט און פאַר די צעכאָווע אָרגאַניזאַציע פון דעם
האַנדווערק, כל זמן די מיטלען פון פּראָדוקציע, וואָס געהערען צו
איין צווייג פון דער פּראָדוקציע לאָזען זיך נאָר מיט שווערינקייט
אריבערטראָגען אין אַן אַנדערען, און די פאַרשיידענע צווייגען פון
דער פּראָדוקציע פאַרהאַלטען זיך צווישען אנאַנדער ביז א געוויסען
גרענעץ ווי פרעמדע לענדער אָדער קאָמוניסטישע כללים.“ *)

די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע מאַכט אין דערין אַן ענדע־
רונג. דער קאַפּיטאַליסט בארעכענט דעם קאָסט־פּרייז פון זיין

*) דערזעלביגער באַנד, ז. 156.

ספּערען פון דער פּראָדוקציע וואָלטען פאַרקויפט ווערען צו זייערע ווירק־
ליכע פּרייזען. וואָס וואָלט דעמאָלט געווען? נאָך דעם ווי עס איז שוין
פריהער געוויזען געוואָרען, וואָלטען אין די פאַרשיידענע ספּערען פון דער
פּראָדוקציע הערשען זעהר פאַרשיידענע פּראָפיט־ראַטען. עס זיינען פון
אויבען אויף צוויי גאַנץ פאַרשיידענע זאַכען, צי די סחורות ווערען פאַר־
קויפט צו זייערע ווערטען (ד. ה. צי זיי ווערען צווישען אַנאַנדער אויס־
געטוישט אין דעם פאַרהעלטניס צו די ווערטען, וואָס זיינען אין זיי
ענטהאַלטען, צו זייערע ווערט־פּרייזען), אָדער צי זיי ווערען פאַרקויפט
צו אַזעלכע פּרייזען, אַז זייער פאַרקויף זאָל טראָגען גלייכע פּראָפיטען אויף
גלייכע מאַסען פון קאַפּיטאַלען, וואָס זיינען אַריינגעלייגט אין זייער פּראָ־
דוקציע“. (ז. 158)

סחורה און לייגט צו איהם צו אַ ד ו ר כ ש נ י ט ל י כ ע ן
פּ ר אָ פּ י ט. דער קאָסט־פּרייז צוזאַמען מיט דעם דורכשניטליכען
פּראָפּיט מאַכט אויס דעם פּ ר אָ ד ו ק צ י אָ נ ס ־ פּ ר י י ז, און
די סחורות ווערען אויסגעטוישט צו זייערע פּראָדוקציאָנס־פּרייזען.
אויף דעם אופן ווערען די פאַרשיידענע סחורות פאַרקויפט ענטווע־
דער אונטער זייערע ווערטען, אָדער איבער זייערע ווערטען. נאָר
ווען מען רעכענט צוזאַמען די פּראָדוקציאָנס־פּרייזען פון אַלע סחורות,
איז דער סך הכל גלייך צו דעם פּראָדוצירטען ווערט פון אַלע סחורות,
ד. ה., דער גאַנצער פּראָדוצירטער מעהר־ווערט האָט זיך פאַרטיילט
צווישען די איינצעלנע קאַפּיטאַליסטען אין פּראָפּאָרציע צו זייערע
קאַפּיטאַלען.

לאָמיר נעהמען אַ ביישפּיעל. לאָז זיין, מיר האָבען פינף קאַ־
פּיטאַלען: א, ב, ג, ד, ה, — פון 100,00 דאָלאַר יעדערער, וואָס
זיינען אָבער פאַרשידען איינגעטיילט אין קאָנסטאַנטען און וואַ־
ריאַבלען קאַפּיטאַל, אין פיקסען און צירקולירענדען קאַפּיטאַל, און
דער פיקסער טייל פון יעדען פון די דאָזיגע פינף קאַפּיטאַלען ווערט
אָפּגעניצט אין פאַרשידענע פּראָפּאָרציעס. לאָז זיין די עקספּלואַטאַ־
ציע פון דעם ארבייטער אין אַלע פינף אונטערנעמונגען אַ גלייכע
— 100%. דעמאָלט וועט אונזער חשבון אויסזעהן אַזוי (אין טויז־
זענטער דאָלאַר):

טויזענטער דאָלאַר:

| אריינגעלייגטער קאַפּיטאַל: | א | ב | ג | ד | ה | ס"ה |
|---|---|---|---|---|---|---|
| קאָנסטאַנטער — — — — | 80 | 70 | 60 | 85 | 95 | 390 |
| וואַריאַבלער — — — — | 20 | 30 | 40 | 15 | 5 | 110 |
| מעהרווערט (100%) — — — — | *20* | *30* | *40* | *15* | *5* | *110* |
| דורכשניטליכע פּראָפּיט־ראַטע (%) | .. | .. | .. | .. | .. | 22 |
| פאַרניצטער קאָנסטאַנטער קאַפּיט. | 50 | 51 | 51 | 40 | 10 | 202 |
| ווערט פון דער סחורה — — — | 90 | 111 | 131 | 70 | 20 | 422 |
| קאָסטפּרייז פון דער סחורה — — | 70 | 81 | 91 | 55 | 15 | 312 |
| פּראָפּיט — — — — — — — | *22* | *22* | *22* | *22* | *22* | *110* |
| פּראָדוקציאָנס־פּרייז — — — — | 92 | 103 | 113 | 77 | 37 | 422 |
| אונטערשייד צווישען דעם פּראָפּיט און דעם מעהרווערט *) — — | +2 | —8 | —18 | +7 | +17 | 0 |

ווען איהר קוקט זיך איין אין דעם חשבון, זעהט איהר, אַז דער
מעהר־ווערט פון די פינף קאַפּיטאַלען צוזאַמען באַטרעפט 110.000
דאָלאַר און דאָס איז אויך דער גאַנצער פּראָפּיט אויף ד י פינף

*) + הייסט מעהר, — הייסט וועניגער.

קאַפּיטאַלען, וואָס מאַכט אויס דורכשניטליך 22% אויף די אריינ־געלייגטע 500,000 דאָלאַר. דער ווערט פון די פּראָדוצירטע סחורות איז 422,000 דאָלאַר און דער פּראָדוקציאָנס־פּרייז פון די אַלע סחורות באַטרעפט צוזאַמען 422,000. אָבער ווען איהר נעמט יעדע סחורה באַזונדער, דאָ ווייכט שוין אָפּ דער פּראָפיט פון דעם מעהר־ווערט, אָדער דער פּראָדוקציאָנס־פּרייז פון דעם ווערט. אין דעם חשבון ווערט אָנגענומען, אז קאַפּיטאַלען פון גלייכער גרויס מוזען טראָגען אין דעמזעלבען משך צייט גלייכע פּראָפיטען.

„אין גרונט פון דער דאָזיגער השערה ליגט די פאַרשטעלונג, אז דער קאַפּיטאַל פון יעדען צווייג פון דער פּראָדוקציע קומט אין ערך צו זיין גרויס אַ גלייכער חלק פון דעם גאַנצען ווערט, וואָס דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער קאַפּיטאַל האָט אויסגעפּרעסט פון די ארבייטער; אָדער, אַז יעדער באַזונדער קאַפּיטאַל דאַרף באַטראַכט ווערען נאָר ווי אַ שטיק פון דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען קאַפּי־טאַל, און יעדער קאַפּיטאַליסט פּאַקטיש ווי אַ שותּף אין דער גאַנ־צער געזעלשאַפטליכער אונטערנעמונג, וועלכער קריגט אַ חלק פון דעם פּראָפּיט פון דעם כלל אין ערך צו דער גרויס פון זיין חלק קאַפּיטאַל.“ *)

ווי אַזוי אָבער איז די וועלט פון קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוצענ־טען געקומען צו דער דאָזיגער אויסגלייכונג פון פּראָפּיטען? אין דער געשיכטע ערשיינט דער קאַפּיטאַל פון אָנהויב אין דער פאָרמע פון האַנדעל־קאַפּיטאַל און צינז־קאַפּיטאַל. „דער צינז־טראָגענדער קאַפּיטאַל עקזיסטירט אין דער געשיכטע אלס אַ פאַרטיגע גע־ירש'ענטע פאָרמע און דורך דעם עקזיסטירט דער צינז אלס אַ באַר־טיגע פאָרמע פון דעם מעהר־ווערט, וואָס דער קאַפּיטאַל שאַפט, לאַנג איידער עס קומט אויף דער וועלט דער קאַפּיטאַליסטישער אופן פון פּראָדוקציע מיט די השגות פון קאַפּיטאַל און פּראָפיט וואָס ענטשפּרעכען איהם“. (ז. 361). דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל ערשיינט פון אָנהויב אלס געלט־קאַפּיטאַל. ווען דער האַנדלס־קאַפּיטאַליסט לייגט אריין זיינע געלט אין די פאַרמיטלערשאַפט צווישען די סחורות פון פאַרשידענע פּראָדוקציאָנס־לענדער, וויל ער אויסשלאָ־גען פון זיין געלט אַ באַשטימטען צינז. מיט דער וויטערער ענט־וויקלונג פונ'ם האַנדעל הויבט אָן דער האַנדעלס־קאַפּיטאַליסט אויס־צוטיילען מאַטעריאַל צו די בעלי־מלאכות, און זיי שטעלען איהם צו פאַרטיגע סחורה. דערפון ענטוויקעלט זיך מיט דער צייט אַ רעַ־געלמעסיגע פאַבריק־אינדוסטריע.**) דער באַגריף פון האַנדעל־

*) דאָסזעלבע ווערק, ז. 189.

**) אין דעם שניידער־פאַך אין אַמעריקאַ זיינען אויף דעם אופן

פּראָפיט ווערט אויף דעם אופן אריינגעטראָגען אין די קאַפּיטאַליס־טישע פּראָדוקציע, צו דערזעלבער צייט קאָנצענטרירט זיך דער געלט־קאַפּיטאַל פון דעם גאַנצען קאַפּיטאַליסטישען קלאַס אין די באַנקען, און אויף דעם אופן ווערט געשאַפען אַ גלייכער ציונ איבער דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע פון יעדער לאַנד. דער פּראָדוקטיווער קאַפּיטאַל האָט אַלזאָ פאַר זיך אַן איינהייטליכע מאָס פון פּראָפיט.

## IX. די ראָלע פון די אַקציען־געזעלשאַפטען.*)

מיט דער ענטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע ווערען די אונטערנעמונגען צו גרויס פאַר איינצעלנע קאַפּיטאַליס־טען. עס בילדען זיך אַקציען־געזעלשאַפטען. דער קאַפּיטאַל וואָס בארוהט ממילא אויף דעם געזעלשאַפטליכען אופן פון פּראָדוקציע און זעצט פאָראויס אַ געזעלשאַפטליכע קאָנצענטראַציע פון פּראָ־דוקציאָנס־מיטלען און ארבייט־קרעפטען, ערהאלט דאָ דירעקט די פאָרמע פון געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל (קאַפּיטאַל פון דירעקט פאַרבונדענע יחידים) אין געגענזאַץ צו דעם פּריוואַט־קאַפּיטאַל, און די דאָזיגע אונטערנעמונגען טרעטען אויף אלס געזעלשאַפטליכע אונטערנעמונגען אין געגענזאַץ צו פּריוואַט־אונטערנעמונגען. *דאָס איז די אָפּשאַפונג פון קאַפּיטאַל אלס פּריוואַט איינגענטום אינערהאלב פון די גרענעצען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען אופן פון פּראָדוקציע גופא.* דער קאַפּיטאַליסט וואָס איז ווירקליך טעטיג ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ פאַרוואַלטער פון דעם פרעמדען קאַפּיטאַל, און אויפ'ן פּלאַץ פון דעם איינגענטימער פון קאַפּיטאַל טרעטען אויף די בלויזע געלט־קאַפּיטאַליסטען. . . . די ראָלע פון דעם דיריזשענט ווערט אָפּגעטיילט פון דעם קאַפּיטאַל־איינגענטום. דער פּראָפיט ערשיינט איצטער אלס אַ פּשוט'ע אָנ־איינגענונג פון פרעמדער מעהר־ארבייט, וואָס שטאַמט דערפון וואָס די פּראָדוקציאָנס־מיטלען שטעהען אלס פרעמדער איינגענטום אַנט־

*) דער קאַפּיטאַל איז כמעט ווערטערליך איבערזעצט אין אַ פאַרקירצ־טער פאָרמע פון דעם דריטע באַנד, ערשטען טייל, ז. ז. 423—426.

---

אויסגעוואַקסען „אויטסייד שעפּער“, אין רוסלאַנד פלעגען נאָך ביז דער לעצטער צייט די גרויסע מאַגאַזינען אויסטיילען מאַטעריאַל צו די „קוסטאַ־רי“, די פּויערים, וואָס ארבייטען ווינטער־צייט ביי זיך אין דער היים אלס האַנדווערקער.

קענען אלע פערזאנען, וואס זיינעןווירקליך טעטיג אין דער פראָ־דוקציע, אנהויבענדיג פון דעם דירעקטאר ביז אראפ צו דעם לעצ־טען פראסטען ארבייטער. אין די אקציאָן־געזעלשאפטען איז יעדע פאָרמע פון טעטיגקייט אין גאנצען אפגעזונדערט פון דעם איי־גענטום אָן קאפיטאל, ד. ה., אָן די פראָדוקציאָנס־מיטלען און דער מעהר־ארבייט. דאס איז דער רעזולטאט פון דער העכסטער ענט־וויקלונג פון דער קאפיטאליסטישער פראָדוקציע, א נויטווענדיגער דורכגאנגס־פונקט צו דער פארוואנדלונג פון דעם קאפיטאל צוריק אין אייגענטום פון דעם פראָדוצענט, אבער ניט מעהר אלס דאס פריוואט אייגענטום פון פאראיינצעלטע פראָדוצענטען, נאָר אלס זייער אייגענטום אלס אסאָציאירטע, אלס דירעקטעס געזעלשאפט־ליכעס אייגענטום. פון דער אנדער זייט איז דאס א דורכגאנג־פונקט צו דער פארוואנדלונג פון אלע פאָרמען פון טעטיגקייט אין דער פראָדוקציע, וואס זיינען נאָך ביז אהער פארבונדען מיט דעם קאפיטאל־אייגענטום, אין געזעלשאפטליכע פונקציעס. דאס איז די אפשאפונג פון דעם קאפיטאליסטישען אופן פון פראָדוקציע אינערהאלב פון דעם קאפיטאליסטישען אופן פון פראָדוקציע גופא, דאס הייסט א ווידערשפרוך וואס שאפט זיך אליין אפ, וואס ווייזט זיך ארויס פון אויבען אויף אלס אן איבערגאנג־פונקט צו א נייער פראָדוקציאָנס־פאָרמע. ...ער שאפט אויף געווי־סע געביטען די מאָנאָפאָליע און פאָ־דערט דורך דעם די אריינמישונג פון דעם שטאאט.

דאס אקציאָן־וועזען איז די אפשאפונג פון דער קאפיטאליס־טישער פריוואט־אינדוסטריע אויף דעם יסוד פון דעם קאפיטאליס־טישען סיסטעם גופא און אין רעמזעלבען אומפאנג, אין וועלכען עס ברייט זיך אויס און פארכאפט נייע צווייגען פון דער פראָדוקציע פארניכטעט עס די פריוואט־אינדוסטריע.

## ביילאגע צום ניינטען קאפיטעל

## קאָאָפעראטיווע פאבריקען.

פון די פערציגער ביז די זעכציגער יאָהרען פון דעם נײנצעהנ־טען יאָהרהונדערט האָט מען אין דער סאָציאליסטישער באוועגונג זעהר פיעל געבויט אויף קאָאָפעראטיווע פאבריקען. עס זיינען גע־גרינדעט געוואָרען א גאנצע רייהע פון אזעלכע קאָאָפעראטיווע פאברי־קען מיט פריוואט מיטלען און לאסאל איז ארויסגעקומען מיט דעם פלאן צו גרינדען קאָאָפעראטיווע פאבריקען מיט דער הילף פון דעם

שטאַאַט. דאָס איז געוועזן איינער פון די שטריט־פּונקטען צווישען די לאַסאַליאַנער און די אייזענאַכער ביז זייער פאַראייניגונג אין דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטישער ארבייטער־פּאַרטיי ביי דעם צוזאַמענפאָהר אין גאָטאַ אין 1875. הגם אין דער ווייטערער ענט־וויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָבען די קאָאָפּעראַ־טיווע פאַבריקען פאַרלאָרען די באַדייטונג, וואָס זיי האָבען געהאַט אין איהרע קינדערשע יאָהרען, פונדעסטוועגען האָט עס אַ היס־טאָרישען אינטערעס צו וויסען, וואָס מאַרקס האָט וועגען זיי גע־שריבען צווישען 1836 און 1867 אין דעם מאַנוסקריפּט פון דעם דריטען באַנד.

„די קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקען פון די ארבייטער — זאָגט ער — זיינען דער ערשטער דורכברעכען פון דער אַלטער פאָרמע (אין וועלכער די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־מיטלען ערשיינען אַלס דאָס אייגענטום פון יחידים), הגם אין זייער ווירקליכער אָרגאַניזאַ־ציע רעפּראָדוצירען זיי נאַטירליך אומעטום און מוזען רעפּראָדו־צירען אַלע חסרונות פון דעם עקזיסטירענדען סיסטעם, אָבער דער געגענזאַץ צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט איז אינערהאַלב פון זיי אָפּגעשאַפט, הגם צוערשט נאָר אין דער פאָרמע, אַז די ארבייטער אַלס אַסאָציאַציע זיינען זייער אייגענער קאַפּיטאַליסט... זיי ווייזען, ווי אַזוי אויף אַ געוויסער מדרגה פון דער ענטוויקלונג פון די מאַטעריעלע פּראָדוקטיווע קרעפטען און פון די געזעלשאַפטליכע פאָרמען פון פּראָדוקציע, וואָס ענטשפּרעכען איהר, ענטוויקעלט זיך און בילדעט זיך אויס מיט דער נאַטור פון איין אופן פון פּראָדוקציע אַ נייער אופן פון פּראָדוקציע. אָהן דעם פאַבריק־סיסטעם, וואָס איז אויסגעוואַקסען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען אופן פון פּראָדוקציע, זאָלט זיך די קאָאָפּעראַטיווע פאַבריק ניט געקאָנט ענטוויקלען און גענקט אַזוי וועניג אָהן דעם קרעדיט־סיסטעם, וואָס וואַקסט ארויס פון דעמזעלבען אופן פון פּראָדוקציע. דער קרעדיט־סיסטעם, אַזוי ווי ער בילדעט דעם גרונט פאַר די פאַרוואַנדלונג פון קאַפּיטאַליס־טישע פּריוואַט־אונטערנעמונגען ביסלעכווייז אין קאַפּיטאַליסטישע אַקציען־געזעלשאַפטען, ליפערט פּונקט אַזוי אויך די מיטלען צו אַן אויסברייטונג פון די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען אויף אַ מעהר אָדער וועניגער נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב. די קאַפּיטאַליסטישע אַק־ציען־אונטערנעמונגען, פּונקט אַזוי ווי די קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקען, דאַרפען באַטראַכט ווערען אַלס איבערגאַנג־פאָרמען פון דעם קאַפּי־טאַליסטישען אופן פון פּראָדוקציע אין די אַסאָציאירטע.“ (ז. ז. 247—428).

# געלט און פרייזען

## אַ קצור הדבר פון „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע״.

די פראגע וועגען דעם צוזאמענהאנג צווישען געלט און פריי־
זען איז באהאנדעלט געוואָרען אין דער עקאָנאָמישער ליטעראטור
פון דער צווייטער העלפט פון דעם אכטצעהנטען יאהרהונדערט
ביז אונזער צייט. קארל מארקס האָט ניט געשאפען די טעאָריע
פון דעם צוזאמענהאנג צווישען געלט און פרייזען, וועלכע ער
וויקעלט פאנאנדער אין זיין בוך. ער ווייזט אָן די קוועלען, פון
וואנען ער האָט זי גענומען. נאָר ער האָט זי באפרייט פון דער
אומקלאָרקייט און פון די ווידערשפּרוכען, וועלכע עס געפינען זיך
ביי די עלטערע עקאָנאָמיסטען, און האָט זי געבראכט אין פאר־
בינדונג מיט זיין טעאָריע פון ווערט. אָבער בעצם איז זיין טעאָריע
איבער דעם געגענשטאנד גאנץ אומאָפּהענגיג פון זיין ערקלערונג,
ווי אזוי דער ווערט פון אַ סחורה ווערט געמאָסטען. צי די מאָס
פון דעם ווערט איז די ארבייט־צייט, וועלכע איז אין איהר אריינ־
געטאָן, צי עפּעס אַן אנדער זאַך, איינס איז זיכער, אז די סחורה
קומט אין מארק מיט אַ געוויסען ווערט. די קריטיקער פון מארקס׳ן,
וועלכע זאָגען, אז דער ווערט פון יעדער סחורה ווערט באשטעטיגט
אין מארק, אלס רעזולטאט פון אַ לאנגען דינגען זיך צווישען די
פארקויפער און די קויפער, לייקענען אויך ניט, אז זי האָט אַ
געוויסען מינימאלען ווערט פאר דעם פארקויפער, וואָס אונטער
יענעם ווערט וועט ער זי ניט פארקויפען. עס קאָן זיך טרעפען, אז
אַ געוויסע שטיק סחורה וועט גאָר קיין קויפער ניט געפינען. אָבער
ווען מען באטראכט דעם מארק אין גאנצען, קומען די פארקויפער
און די קויפער דורך צווישען זיך ווי עס איז. דער ווערט מעג זיך
ארויסווייזען אביסעל קלענער, ווי די פארקויפער האָבען ביי
זיך אויסגערעכענט, און אַ ביסעל גרעסער ווי די קויפער האָבען
געקלערט צו באַצאָהלען. אָבער דער ווערט איז שוין געלעגען אין
דער סחורה, איידער די פארקויפער און די קויפער האָבען זיך גע־
איינינגט אויף אַ מקח. צי די מאָס פון דעם ווערט איז די אריינ־
געלייגטע אַרבייט, צי די ניצליכקייט פון דער וואארע, ווי עס
באהויפּטען די היינטיגע עקאָנאָמיסטען, אָבער דער ווערט איהרער
ווערט ניט געשאפען אין מארק, ער ווערט דאָרטען נאָר אָבגעמאָס־
טען.

דער ווערט פון אלע וואארען ווערט אויסגעדריקט אין געלט. אונטערזוכענדיג געגוי דעם געברויך פון געלט ווייזט מארקס, אז געלט שפיעלט פארשיידענע ראלען אין דער צירקולאציע פון סחורות.

ערשטענס, איז געלט די אלגעמיינע מאס פון די ווערטען פון אלע סחורות. דער ווערט פון א סחורה, ווען ער איז אויסגעדריקט אין געלט, רופט זיך פ ר י י ז. אבער די סחורה האט א ו ו ע ר ט איידער זי איז פארקויפט געווארען. אין דער אמת'ען וואלט זי נאר ניט געקאנט פארקויפט ווערען, ווען זי וואלט ניט געהאט קיין ווערט. פאר א זאך, וואס האט קיין ווערט ניט וועט קיינער גארנישט־ניט געבען. *)

דער פראדוצענט פון דער סחורה דריקט אויס איהר ווערט אין געלט, דאס הייסט, ער גיט איהר א פרייז. עס קאן זיך טרעפען, אז ער זאל שטעלען א צו גרויסען פרייז אויף זיין סחורה, אבער ווען ער וועט קומען מיט איהר אין מארק, וועט ער אויסגעפינען, אז ער האט געמאכט א טעות אין חשבון, און ער וועט מוזען אראפלאזען פון זיין פרייז, אויב ער וועט וועלען פארקויפען די סחורה. אבער אזעלכע זאכען גלייכען זיך אויס. דורכשניטליך ווייס דער פראדוצענט אדער דער סוחר וואס פאר א פרייז צו שטעלען.

אין דער באשטימונג פון פרייזען דיענט געלט נאר אלס א מ א ס. צו באשטימען די פרייזען פון סחורות אויף א מיליאן דאלאר דארף מען אבער קיין איינציגען דאלער ניט האבען אין מזומנים.

ווען די סחורות זיינען שוין געבראכט געווארען אין מארק מיט זייערע פרייזען, דעמאלט ערשט מוזען די קויפער צושטעלען די געלט וואס איז נויטיג צו באצאהלען די פרייזען. עס איז דערי־בער קלאר, אז ניט די סומע געלט באשטימט די פרייזען, נאר דער סך־הכל פון אלע פרייזען באשטימט די סומע געלט, וואס דארף אריינטרעטען אין צירקולאציע.

„די במות געלט, — זאגט מארקס — פאר וועלבע די סחורה

---

*) א זאך קאן זיין זעהר ניצליך און פארט ניט האבען קיין ו ו ע ר ט, — דער בעסטער ביישפיעל איז לופט: אהן לופט קען א מענש ניט לעבען, אבער לופט אליין האט ניט קיין ווערט, ווייל יעדער קריגט עס פריי פון דער נאטור. דארטען, וואו די לופט דרינגט ניט אריין אליין, ווי צום ביישפיעל אין א קוילען גרוב, און מען דארף די לופט אריינפאמפען, קריגט זי יא א ו ו ע ר ט. דאס איז דער ווערט פון דער מאשין און דער פראדוקט פון דער אריינגעלייגטער ארבייט.

ווערט אויסגעטווישט אין דעם פּראָצעס פון צירקולאַציע, ווערט ניט באַשטימט דורך דעם אויסטויש, נאָר דער אויסטויש ווערט באַ־שטימט דורך דעם פּרייז פון דער וואַרע, דאָס הייסט, דורך דעם טויש־ווערט, אָפּגעשאַצט אין גאָלד." *)

ווען די סחורה ווערט פאַרקויפט, דעמאָלט טרעט די געלט אַריין אין צירקולאַציע. אין דער דאָזיגער פונקציע איהרער דיענט דאָס געלט אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל.

מיט דער ענטוויקלונג פון קרעדיט ווערט דער פאַרקויף פון דער סחורה אָפּגעטיילט פון דער איינצאָלונג פאַר איהר. פאַר די סחורות, וואָס דער סוחר פאַרקויפט היינט, וועט ער קריגען געצאָלט אין דריי חדשים ארום. די געלט, וואָס ער האָט געקראָגען היינט, קומט איהם פאַר סחורה, וואָס ער האָט פאַרקויפט מיט דרייסיג טעג צוריק, געלט דיענט דאָ אַלס אַ צאָהלונגס־מיטעל.

אין דעם איינפאַכען האַנדעל וואַנדערט דאָס געלט פון האַנט אין האַנט. דער פּויער האָט פאַרקויפט אַ זאַק בולבעס און האָט געקראָגען געלט, קויפט ער אַ פּאָאַר רעדער, דער פאַרקויפער פון די רעדער קויפט אַ פּאָר שטיוועל און אַזוי ווייטער. עס איז אָבער גאַנץ מעגליך, אַז דער פאַרקויפער פון ערגעץ אַ סחרה זאָל ניט אויסגעבען די גאַנצע געלט, וואָס ער האָט פאַר איהר געקראָגען, און זאָל אַ טייל לאָזען ביי זיך. דאָס האָט מען אין אַמאָליגע צייטען גערופען קלייבען אוצרות. מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קאַפּי־טאַליסטישער געזעלשאַפט האָט עס ניט אויפגעהערט, עס האָט נאָר אָנגענומען נייע פאָרמען. אַנשטאַט אַריינצולייגען די גאָלדענע מטבעות אין אַ זאַק אָדער אין אַ קאַסטען און באַהאַלטען עס אין אַ קעלער, טראָגט מען עס אַוועק אין באַנק. דער עיקר אָבער איז דער זעלבער. אין דער פאָרמע דיענט געלט אַלס אַן אוצר.

מיר האָבען אַלזאָ פיער פאַרשיידענע פונקציעס פון געלט: 1) אַלס מאָס פון ווערטען, 2) אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל, 3) אַלס צאָלונגס־מיטעל, 4) אַלס אוצר.

אויב איהר באַרעכענט, וויפיעל געלט מען דאַרף אין יעדען מאָמענט, דאַרפט איהר ערשטענס אויסרעכענען, וויפיעל עס באַ־טרעפען די פּרייזען פון די סחורות, וועלכע זיינען פאַרקויפט גע־וואָרען פאַר מזומנ'ע געלט; צווייטענס, די צאָלונגען, וואָס ווערען פעליג פאַר די סחורות, וועלכע זיינען פריהער פאַרקויפט געוואָרען אויף קרעדיט; און, דריטענס, וויפיעל געלט וועט אַרויסגעצויגען ווערען פון דער צירקולאַציע און וועט אַריינגעטראָגען ווערען אין

*) „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע", ענגלישע איבער־זעצונג, ז. 11.

די באַנקען (וועט ווערען אַן „אוצר“, בלשון מאַרקס). עס איז גאַנץ קלאָר דערפון, אַז די גאַנצע סומע געלט דעקט זיך ניט מיט דער סומע פּרייזען פון די סחורות.

ווען מען נעמט אַ לענגערע צייט, קאָן דיזעלבע מטבע איבער־בייטען צעהנדליגע הענט. דער פויער פאַרקויפט ווייץ פאַר צעהן רובעל, מיט די צעהן רובעל קויפט ער רעדער; דער פאַרקויפער פון די רעדער קויפט מיט דיזעלבע צעהן רובעל צוויי פּאָר שטיוועל; דער שוסטער קויפט מיט דיזעלבע צעהן רובעל אַ בגד ביי אַ טאַנ־דעטניק און אַזוי ווייטער. וואָס גיכער עס געהט אָן די צירקולאַ־ציע פון סחורות, אַלץ ווייניגער געלט דאַרף מען האָבען אין ציר־קולאַציע.

די סומע געלט, וואָס איז נויטיג אין דער צירקולאַציע, בייט זיך, — אַמאָל דאַרף מען מעהר, אַמאָל ווייניגער. ווען מען דאַרף מעהר, ציהט מען אַרויס אַ טייל פון דעם „אוצר“ (פון די באַנקען); ווען מען דאַרף ווייניגער, ציהט מען אַרויס דעם איבערפלוס און דעפּאָנירט איהם אין די באַנקען.

לאָמיר דיזעלבע געדאַנקען איבער׳חזר׳ן אין מאַרקס׳עס איי־גענע ווערטער:

„געלט צירקולירט סחורות, וועלכע האָבען פּרייזען. דאָס הייסט, וועלכע זיינען אין פאָראויס אין געדאַנק צוגעגליכען געוואָרען צו אַ באַשטימטער כמות גאָלד... די כמות גאָלד, וואָס איז נויטיג פאַר צירקולאַציע, ווערט באַשטימט קודם כל דורך דעם סך־הכל פון די פּרייזען פון סחורות, וועלכע מען מוז איינצאָלען. אָבער די סומע נופא ווערט באַשטימט 1) דורך דער הויך פון די פּרייזען, דורך דעם פאַרגלייכמעסיג הויכען אָדער נידריגען טויש־ווערט פון די סחורות, אָפּגעשאַצט אין גאָלד, און 2) דורך די מאַסע סחורות, וואָס צירקולירען צו באַשטימטע פּרייזען, ד. ה. דורך די צאָל פון איינ־קויפען און פאַרקויפען צו געוויסע פּרייזען“.*)

„די פּרייזען זיינען ניט הויך אָדער נידעריג דערפאַר, וואָס עס איז פאַראַן מעהר אָדער ווייניגער געלט אין צירקולאַציע, עס געפינט זיך מעהר אָדער ווייניגער געלט אין צירקולאַציע דערפאַר, וואָס די פּרייזען זיינען הויך אָדער נידעריג.“ **)

„דערפון וואָס די כמות גאָלד אין צירקולאַציע הענגט אָפּ פון דער פאַרענדערליכער סומע פון די פּרייזען פון אַלע סחורות און פון דער פאַרענדערליכער שנעלקייט פון דער צירקולאַציע, איז געדרונגען, אַז די מאַסע פון צירקולאַציאָנס־מיטלען מוז קאָנען פאַר־

*) ז. 183.

**) ז. 186.

קלענערט אָדער פארגרעסערט ווערען; קורץ געזאָגט, אז לויט נאָך די באַדערפענישען פון דער צירקולאציע, מוז גאָלד אין זיין ראָלע פון א צירקולאציאָנס־מיטעל אמאָל באטרעטען, אמאָל פארלאָזען דעם געביעט פון צירקולאציע". *)

מארקס רעדט דאָ נאָר פון מעטאלישע געלט. אָבער אויף אזוי ווייט ווי פאפירענע געלט איז נאָר א צייכען פון מעטאלישע געלט און קאָן צו יעדער צייט אויסגעביטען ווערען צו איהר פולען קורס אויף מעטאלישע געלט, איז גאָר קיין אונטערשייד ניטאָ צווי־שען פאפיער און גאָלד. ווען א רעגירונג גיט ארויס קרעדיט־געלט אויף אזעלכע סומען, וואָס זי קאָן ניט דעקען מיט גאָלד, פאלט דער פרייז (דער קורס) פון די פאפיערלעך און עס שטייגען נאטיר־ליך די פרייזען, אָבער דער שטייגען פון די פרייזען איז אין אזא פאל דער רעזולטאט ניט פון דער פארמעהרונג פון דער סומע געלט אין צירקולאציע, נאָר פון דעם זינקען פון דעם ווערט פון דאָס געלט.

מארקס גיט אן איבערזיכט פון דער געשיכטע פון דער טעאָריע פון געלט און פרייזען. דער ענגלישער פילאָסאָף היום, וועלכער האָט געלעבט אין'ם אכטצעהנטען יאָהרהונדערט, איז דער פאָטער פון דער „קוואנטיטאטיווער טעאָריע", לויט וועלכער די פרייזען ווערען באשטימט דורך די קוואנטיטעט (כמות) געלט אין צירקולא־ציע: ווען עס איז פאראן פיעל געלט אין צירקולאציע, שטייגען די פרייזען; ווען עס איז פאראן ווייניג געלט, פאלען די פרייזען. נאָך דער דאָזיגער טעאָריע, זאָגט מארקס, „טרעטען די סחורות אריין אין דעם פראָצעס פון צירקולאציע אָהן פרייזען און גאָלד און זילבער אָהן א ווערט". **) געגען היום'ס טעאָריע איז ארויסגע־טרעטען מיט א קריטיק דזשיימז סטיוארט, אן עקאָנאָמיסט פון דער זעלבער צייט. „ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט גע־שטעלט די פראגע: ווערט די סומע געלט אין פארקער באשטימט דורך די פרייזען פון די סחורות, אָדער ווערען די פרייזען פון די סחורות באשטימט דורך די סומע געלט אין פארקער?" ער ענט־פערט, אז די פרייזען ווערען באשטימט דורך די קאָנקורענץ און „הענגען בשום אופן ניט אָפּ פון דער מאסע גאָלד און זילבער אין לאנד". ***)

„אדאם סמיטה, וועלכען מען באטראכט פאר דעם גרינדער פון

*) ז. 138. זעה אויך ז. 182.

**) ז. 225.

***) ז. ז. 227—229.

דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, האָט אָנגענומען סטיוארט'ס מיינונג איבער דער פראגע.

„די כמות מטבעות אין יעדען לאנד", זאָגט ער, „ווערט רע־גולירט דורך דעם פרייז פון די סחורות, וואָס זי דארף ברייננען אין צירקולאציע... דער ווערט פון די ארטיקלען וואָס ווערען יעהר־ליך געקויפט און פארקויפט אין ערגעץ א לאנד, פאָדערען א גע־וויסע סומע געלט, כדי זיי זאָלען קאָנען צירקולירען און פארטיילט ווערען צווישען די קאָנסומענטען, און מעהר געלט קאָן ניט גענוצט ווערען דערצו. די קאנאלען פון דער צירקולאציע מוזען ארייכציהען אין זיך א סומע (געלט), וואָס איז גענוג אויף אָנצופילען זיי, און קאָנען קיינמאָל ניט ארייננעמען מעהר". *)

פארקערט, דער צווייטער פון די גרינדער פון דער בורזשוא־זער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, דוד ריקארדאָ, נעמט אָן היום'ס קוואָנ־טעטיווע טעאָריע. מארקס ווייזט, אז זיין טעות באַשטעהט אין דעם, וואָס ער נעמט ניט אין באטראכט, אז גאָלד ווערט באַנוצט ניט נאָר אלס מטבע, נאָר אויך אויף אנדערע אופנים, און דערי־בער קאָן די פארמעהרונג אָדער די פארמינדערונג פון דער סומע גאָלד אליין ניט העכערען אָדער פארקלענערען די פרייזען. דאָס האָט סטאטיסטיש באַוויזען דער ענגלישער עקאָנאָמיסט און סטאַ־טיסטיקער טאָמאס טוק, וועלכער איז פון אָנהויב געוועזען א תלמיד פון ריקארדאָ. שטודירענדיג די געשיכטע פון פרייזען, איז ער געקומען צום שלוס, אז די קוואנטיטעטיווע טעאָריע איז פאלש. זיין אונטערזוכונג האָט איהם געוויזען, אז די פארמעהרונג אָדער די פארקלענערונג פון דער סומע געלט אין צירקולאציע „איז אלעמאָל דער רעזולטאט, ניט די אורזאך, פון די ענדערונגען אין די פרייזען", און אז געלט נעמט אָן נאָך אנדערע פאָרמען אין דעם עקאָנאָמישען לעבען, א־חוץ די פאָרמע פון א צירקולאציאָנס־מיטעל. **)

טוק'ס „געשיכטע פון פרייזען" איז ערשינען מיט איבער זיבעציג יאָהר צוריק, אין 1848. מיט פינף און צוואנציג יאָהר שפעטער, נאָך דעם פינאנציעלען קריזיס פון 1873, האָט זיך אין אמעריקא געבילדעט די „גרינבעק פארטיי, ***) וועלכע האָט גע־זוכט אויסצוהעלפען דער פינאַציעלער נויט דורך די פארמעהרונג פון פאפירענע געלט. די קלאָגען אויף דעם „דוחק אין געלט" און די פאָדערונג פון דער פארמעהרונג פון געלט אין צירקולאציע זיינען

---

*) ז. 233.

**) ז. 260.

***) „גרינבעק" — א גרינער הינטען — איז געוועזען דער גאַס־נאָמען פון פאפירענע געלט ווייל זייער הינטערשטע זייט איז גרין.

גערוען די ברענענדיגסטע פראגע אין דער אמעריקאנער פּאָליטיק פאַר די נעקסטע פינף און צוואנציג יאָהר. אין 1876 האָט דער קאנ־דידאַט פון דער גרינבעק פּאַרטיי פאַר פּרעזידענט, פּיטער קופּער, געצויגען מעהר פון א מיליאָן וואוטס. נאָך דעם אונטערגאנג פון דער גרינבעק פּאַרטיי איז געקומען די פּאָפּוליסטישע פּאַרטיי (די פּאָלקס פּאַרטיי), וועלכע איז אַרויסגעטראָטען מיט דרעזעלביגער פאָדע־רונג נאָר אין אן אנדער פאָרמע. די פּאָפּוליסטישע פּאַרטיי איז גערוען א פאַרמערשע פּאַרטיי. די פאַרמערס האָבען געליטען פון נידעריגע פּרייזען אויף תבואה, די פּאָפּוליסטען האָבען עס ער־קלערט דורך „דעם פאַרברעכען פון 1873“, וועלכער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער קאָנגרעס האָט דעמאָנעטיזירט זילבער. ביז 1873 פלעגט די רעגירונג אויסבייטען פאַר יעדערען זיין זילבער אויף זילבערנע דאָלער נאָך דער פּראָפּאָרציע פון זעכצעהן אונצען זילבער פאַר איין אונץ גאָלד (16:1), וועלכער איז באַשטימט גערוען אין דעם געזעץ. אין 1873 האָט דער קאָנגרעס אָפּגעשאַפט דעם געזעץ און די רעגירונג האָט אויפגעהערט אָנצונעמען זילבער נאָך יענעם פּרייז. דער צופלוס פון נייע זילבער־דאָלאַרס אין די קאַנאַ־לען פון צירקולאַציע האָט אויפגעהערט. די פּאָפּוליסטען האָבען דאָס געבראַכט אין צוזאַמענהאַנג מיט די נידעריגע פּרייזען אויף תבואה: עס איז געוואָרען ווייניגער געלט אין צירקולאַציע, דערפאַר זיינען די פּרייזען געפאַלען, האָבען זיי גע'טענה'ט. לאָז די רעגי־רונג ווידער נעמען אויסבייטען פאַר יעדערען זיין זילבער אויף זילבערנע דאָלאַרס נאָך דער פּראָפּאָרציע פון זעכצעהן צו איינס, וועט דאָס אויפמונטערן די פּראָדוקציע פון זילבער, וועלכע איז געפאַלען זינט 1873, דער מארק וועט ווערען פול מיט געלט, וועלען אַלע פּרייזען שטייגען. ווען עס וועט זיין א סך געלט, וועט מען זוכען וואו אריינצוליינען דאָס געלט, וועט לייכט זיין צו קריגען קרעדיט. עס וועלען זיך גרינדען נייע פאַבריקען, דער פאַרלאַנג אויף אַרביי־טער וועט וואַקסען און דער אַרבייט־לוין וועט שטייגען. די פּאָ־פּוליסטישע פּאַרטיי האָט ביי דער וואַהל פאַר פּרעזידענט אין 1892 געקראָגען מעהר ווי א מיליאָן וואוטס, און די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, אונטער דער פיהרערשאַפט פון ברייענען, האָט די דאָזיגע פאָדערונג אריינגענומען אין איהר פּלאַטפאָרמע ביי די פּרעזידענט־שאַפטס־וואַהלען פון 1896 און 1900.

די דאָזיגע טעאָריע האָט פאַראייניגט די אָרגאַניזירטע פאַר־מערס און די אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון יענער צייט. די געלערנ־טע עקאָנאָמיסטען האָבען דעמאָלט באַהויפּטעט, אז די קוואַנטיטאַ־טיווע טעאָריע פון געלט איז פאַלש. זיי האָבען ניט געלייקענט, אז אויב די רעגירונג זאָל אָפּדרוקען א סך פּאַפּירענע געלט, וואָס

זי זאָל ניט מחויב זיין אויסצובייטען אויף גאָלד, וועלען די פּרייזען שטייגען, ווי אין דער צייט פון דעם בירגער־קריעג. אָבער דאָס וועט קומען דערפון, וואָס דער ווערט פון די דאָזיגע פּאַפּירענע געלט וועט פאַלען. דאָס זעלבע וועט זיין, אויב די רעגירונג זאָל ארויסגעבען זילבערנע דאָלארס, וואָס זיינען ווערט אין זילבער נאָר פופציג סענט. קיינער וועט ניט וועלען אוויסבייטען פינף זילבערנע דאָלאר, וואָס זיינען ווערט אין זילבער $2.50, אויף א פינף־דאָלאר־דיגע אין גאָלד. גאָלד וועט עקספּאָרטירט ווערען. די איינציגע מטבע, וואָס וועט בלייבען אין אמעריקא, וועט זיין זילבער. אַלע פּרייזען וועלען טאקע ווערען דאָפּעלט אזוי הויך, אָבער קיינער וועט דורך דעם ניט געווינען, ווייל דער פּארקויפער, וואָס וועט קריגען צוויי מאָל אזוי פיל פאַר זיין סחורה, אָדער דער ארבייטער, וואָס וועט קריגען דאָפּעלט באצאָלט פאַר זיין ארבייט, וועט מוזען דאָ־פּעלט באצאָלען פאַר אַלצדינג וואָס ער וועט קויפען.

די אָנהייננגער פון דער קוואנטיטאטיווער טעאָריע האָבען פאַר־לאָרען זייער קאָפּ. די פאַראייניגטע שטאאטען זיינען געבליבען ביי דעם „גאָלד סטענדארד“, דאָס הייסט, גאָלד אַליין ווערט אנ־ערקענט פאַר געלט. די זילבערנע דאָלארס, אזוי ווי די ניקעלס און די קופּערנע פענים, זיינען ניט מעהר ווי צייכענס פון געלט און זיי צירקולירען נאָר דערפאַר, ווייל זיי קאָנען צו יעדער צייט אויסגעביטען ווערען אויף גאָלד. אזוי איז אויך מיט די אַלערליי סאָרטען פּאַפּירענע געלט.

דערווייל אָבער האָט זיך אָנגעהויבען א נייע באוועגונג אין אַלע פּרייזען. ביז 1896 האָבען די פּרייזען געהאלטען שטענדיג אין פאַלען, פון 1897 הויבען זיי אָן גיך צו שטייגען. דער ארבייט־לוין אין אמעריקא שטייגט טאקע, אָבער ער קאָן ניט דעריאָגען די שטייגענדע פּרייזען. עס הויבט זיך אָן אן אומצופרידענהייט אין לאנד. מען באשולדיגט דעם הויכען פּראָטעקציאָניסטישען טאריף אויף פרעמדע סחורות, אז ער גיט די אמעריקאנער פאַברי־קאנטען די מאכט צו העכערן די פּרייזען אָהן א מאָס. מען באַ־שולדיגט די טראָסטס, אז זיי טרייבען דאָס אין דער הויך די פּרייזען. זיינען געקומען די זעלביגע געלערנטע אמעריקאנער פּראָ־פעסאָרען פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע און האָבען געגומען דערוויי־זען, אז די הויכע פּרייזען קומען דערפון, וואָס עס ווערט היינט פּראָדוצירט א סך מעהר גאָלד, ווי מיט צוואנציג יאָהר צוריק. מען האָט געפונען א בעמישען מיטעל ארויסצוציהען גאָלד פון דעם אָפּוואָרף פון די שמעלצערייען, מען האָט ערפונען א מאשין, וועלכע קאָן אויסוואשען ברעקלעך גאָלד פון אזעלכע זאמד, וואָס אנטהאלט אזוי ווייניג גאָלד, אז עס האָט זיך פריהער ניט באצאָלט צו פאַר־

לירען צייט אויף דעם. די איינפיהרונג פון עלעקטרישער קראפט האָט מעגליך געמאכט אויסצופּאָמפּען וואסער פון די טיפע מעטאל־גרובען און האָט געעפענט נייע קוואלען פון גאָלד, וואָס דער מענש האָט צו זיי פריהער קיין צוגאנג ניט געהאט. דעריבער איז דער מארק פארפלייצט געוואָרען מיט גאָלד. דאָס, וואָס די בימעטאַליסטען *) האָבען פריהער פארלאנגט איז מקוים געוואָרען דורך דעם פאָרטשריט אין דער גאָלד־אינדוסטריע, — עס האָט זיך פארמעהרט די מאַסע מעטאלישע געלט, און דעריבער זיינען אלע פרייזען געשטיגען. די אמעריקאנער אָרטאָדאָקסאלע עקאָנאָמיסטען האָבען אלזאָ אָנגענומען די זעלבע קוואנטיטאַטיווע טעאָריע פון געלט, וועלכע זיי אליין האָבען ענטשיידען פארוואָרפען אין דער צייט פון דער בראַיעניסטישער באוועגונג.

עס איז אָבער געקומען אן אַמעריקאנער אינזשעניער, ניט קיין עקאָנאָמיסט, מר. אינגאָלז, און האָט, אין זיין זשורנאל „דהי ענדזשענירינג ענד מיינינג דזשורנאל“, באוויזען מיט ציפערן און קארטען, אז די מאַסע גאָלד איז ניט מעהרער אויסגעוואקסען, ווי די מאַסע אנדערע מעטאלען — אייזען, קופער א. אז. וו. — וועלכע בילדען דעם פונדאַמענט פון דער מאָדערנער אינדוסטריע. אויב מען זאָל אפילו אָננעמען, ווי די קוואנטיטאַטיווע טעאָריע באהויפּטעט, אז די גאנצע מאַסע סחורות, וואָס זיינען פאראַן אין מארק, ווערט אויסגעטוישט אויף די גאנצע מאַסע גאָלד, וואָס איז פאראַן אין דער וועלט אין דערזעלבער צייט, איז דאָך פאָרט קלאָר, אז כל זמן די פּראָפּאָרציע צווישען גאָלד און אנדערע סחורות בלייבט דיזעלבע, וועלען זיך די פרייזען ניט ענדערן.

דער יקרות, וואָס איז געקומען מיט דעם איצטיגען וועלט־קריעג, האָט ווידער אַרויסגערופען אלערליי פירושים אין דער וועלט פון די געלערנטע עקאָנאָמיסטען. די לעצטע ערקלערונג איז, אז דער יקרות קומט פון דער פינאנציעלער „אינפלעישאָן“ (אויפגעבלאָזענקייט): די הלוואות פאר דעם קריעג האָבען געשאפען אן אומגעהייער גרויסען פאַפּירענעם קאפּיטאל, און די ערפאהרונג לערנט אונז, אז

---

*) „בימעטאַליזם“ איז די טעאָריע, וואָס פאָדערט, אז ביידע מעטאַלען — גאָלד און זילבער — זאָלען אנערקענט ווערען פאר געלט. „מאָנאָמעטאַליזם“ — הייסט, אז נאָר איין מעטאַל זאָל אנערקענט ווערען פאר געלט. אין דער אַמעריקאַנער פּאָפּולערער ליטעראַטור (און אויך אין דער וויסענשאַפטליכער) רופט מען עס „דאָבל סטענדאַרד“ און „סינגעל סטענדאַרד“ — אַ דאָפּעלטע מאָס (פון געלט) און אן איינציגע מאָס.

אַלע מאָל, ווען עס נעפינען זיך אַ סך ווערט־פּאַפּירען אין דעם פינאַנץ־מאַרק, שטייגען די פרייזען. *)

ווען מען זאָל זיך גוט אריינטראַכטען אין די דאָזיגע טעאָריע, טאָ דאַרף מען קומען צום שלוס, אַז די אמת'ע אורזאַכע פאַרוואָס די פרייזען שטייגען, איז וואָס עס וואַקסט דער פאַרלאַנג אויף סחורות, ניט וואָס עס איז פאַראַן מעהר געלט. עס איז דאָך קלאָר, צום ביישפּיעל, אַז די איצטיגע „אינפלעישאָן" אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען איז ניט די אורזאַכע פון אַ גרעסערען פאַרלאַנג אויף סחורות, נאָר פּונקט פאַרקערט — איהר רעזולטאַט. די רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען האָט געדאַרפט געוועהר, קליידער פאַר סאָלדאַטען, קאַזאַרמעס (קאַנטאָנמענטס) אין די לאַגערען, שיפען אריבערצופיהרען די סאָלדאַטען, די געוועהר און שפּייז אויף יענער זייט, קויהלען אויף צו הייצען די שיפען און אַזוי ווייטער. אָט דאָס איז געווען דער פאַרגרעסערטער פאַרלאַנג אויף סחורות אין מאַרק. די רעגירונג האָט נויטיג געהאַט מיטלען אויף צו באַצאָלען פאַר די אַלע פּראָדוקטען, וועלכע זי האָט פאַרלאַנגט, האָט זי געמאַכט הלואות און האָט אַרויסגעגעבען שטר־חוב'ס אויף די געבאָרגטע סומע. לויט דעם געזעץ מעגען די באַנקען פאַר'משכונ'ען די רעגירונגס־פּאַפּירען טאַקע ביי דער רעגירונג גופא און אויף די סומע לאָזען אָפּדרוקען פּאַפּירענע געלט. דאָס הייסט, סוף כל סוף האָט די רעגירונג געדרוקט אַזוי פיעל פּאַפּירענע געלט, וויפיעל זי האָט נויטיג געהאַט אויף צו דעקען איהרע הוצאות אויף די פאַרשיידענע פּראָדוקטען, וואָס זיינען נויטיג געווען פאַר די מלחמה. אלזאָ, ניט די פאַרגרעסערטע סומע געלט האָט נעשאַפען דעם פאַרלאַנג אויף די אַלע סחורות, נאָר פאַרקערט, דער נייער פאַרלאַנג אויף די סחורות האָט פאַרגרעסערט די סומע געלט אין דער צירקולאַציע.

דאָס זעלבע איז אויך אין אַלע אייראָפּעאישע מלחמה־לענדער. אָט וואָס עס האָט וועגען דעם געשריבען די לאָנדאָנער בערזען־צייטונג, די „סטאַק עקסשעינדזש גאַזעט":

מען דאַרף ניט קיין פאַרטיפטע אַרגומענטען צו באַווייזען, אַז

---

*) די אונטערזוכונג, וואָס די רעגירונג האָט געמאַכט, האָט באַוויזען מיט ציפערען, אַז די אָרגאַניזירטע קאַפּיטאַליסטען האָבען אַרויפגעשרויפט אַלע פרייזען אַזוי הויך, אַז דער אַרבייטער און דער מיטעל־קלאַס־מענש קענען ניט לעבען אַזוי ווי זיי זיינען צוגעוועהנט געווען, די געלערנטע אַמעריקאַנער פּראָפעסאָרען ווילען אָבער איינ'טענה'ן מיט דעם עולם, אַז דער יקרות קומט דערפון, וואָס עס איז פאַראַן אַ גוזמא געלט אין צירקולאַציע.

די פאַרמעהרונג פון דער מאַסע געלט אין דער לעצטער צייט אין גרויס־בריטאַניען (אַזוי ווי אין אַלע אַנדערע לענדער,, וואָס זיינען אין קריעג אָדער נייטראַל); איז דער רעזולטאַט און ניט די אורזאַך פון הויכע פּרייזען. די אמת'ע אורזאַך פון דעם שטייגען פון די פּרייזען איז דער דוחק, צי אַן אמת'ער, צי אַ קינסטליכער, וואָס דער מלחמה־צושטאַנד האָט געבראַכט...

„די סטאַטיסטיק ווייזט, אַז בעת אַ מאָנאַט פאַר דעם אויס־ברוך פון דער מלחמה איז אין גאַנצען געווען 28.000.000 פונט (איבער $136.000,000) אין צירקולאַציע, איז די סומע געשטיגען ביז 276.000.000 פונט (איבער $1.344.000.000) ענדע לעצטען יוני, דאָס הייסט אין פיער יאָהר איז זי פאַרצעהנפאַכט געוואָ־רען... פאַרגלייכענדיג ענדע יוני 1915 מיט ענדע יוני פון היינ־טיגען יאָהר, באמערקען מיר אַ צוואוואוקס פון אַן ערך צוויי הונ־דערט און פופציג פּראָצענט (250%). אין דער זעלבער צייט, לויט דעם חשבון פון דער צייטשריפט „עקאָנאָמיסט", זיינען די פּרייזען פון די סחורות געשטיגען מיט זיעבען און אכטציג פּראָצענט. דער פּראָצענט פון דעם צוואוקס אין די פּרייזען, הגם ער איז הויך, איז אַ סך קלענער ווי דער פּראָצענט פון דער אויסברייטונג פון דער מאַסע געלט אין צירקולאַציע.

צו וואָס פאַר אַ שלוס פיהרען אונז די אַלע באַטראַכטונגען? מיר זעהען אין דער געשיכטע פון דעם קאַפּיטאַליזם צוויי פּעריאָ־דען: אין דער צייט פון דער ערשטער פּעריאָדע האָבען די פּרייזען שטענדיג געהאַלטען אין פאַלען. אין דער צייט פון דער צווייטער, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַ יאָהר צוואַנציג צוריק, האַלטען זיי אין איין שטייגען. די ערקלערונג פאַר דעם פאַלען פון די פּריי־זען אין דער ערשטער פּעריאָדע איז געווען וואָס דער טעכנישער פּאָרטשריט, וועלכער האָט כאַראַקטעריזירט די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע, האָט פאַרקלענערט די קאָסטען פון פּראָדוקציע און די קאָנקורענץ צווישען די איינצעלנע קאַפּיטאַליסטען האָט זיי גע־צוואונגען צו פאַרקויפען זייערע סחורות צו דעם קאָסט־פּרייז מיט אַ דורכשניטליכען פּראָפיט. דער פּאָרטשריט אין דער טעכניק האָט פאַר די לעצטע צוואַנציג יאָהר ניט אויפגעהערט. עס האָט אָבער אויפגעהערט די קאָנקורענץ צווישען די איינצעלנע קאַפּיטאַליסטען. עס האָבען זיך אָרגאַניזירט פאַראייניגונגען פון קאַפּיטאַליסטען אונ־טער פאַרשיידענע נעמען — טראָסטס, קאָלאָסאַלע קאָרפּאָריישאָנס, סינדיקאַטען, קאַרטעלען, פּולס א. אז. וו., וואָס האָבען אָפּגעשאַפט די קאָנקורענץ. און איינגעפיהרט אַ סיסטעם פון רעגולירונג פון פּריי־זען. פון יענער צייט אָן הויבען די פּרייזען אָן צו געהן באַרג־ארויף. דאָס איז די אמת'ע ערקלערונג פון דעם שטייגענדען יקרות.

